פ. גלאַדקאָוו

# צעמענט

(ראמאן)

אידיש — ש. גאָדינער

פארלאַג „שול און בוך", מאָסקווע, 1927

# I

# דער פאַרוויסטער זאַוואָד

## 1

## באַם שוועל פונם נעסט

פונקט ווי מיט דריי יאָר צוריק, האָט אויך איצט, אין דערדאָזיקער פרימאָרגנדיקער שאָ, דער יאַם הינטער די דעכער פון די קאזארמעס און הינ־טער די ארקאדן פון זאַוואָד געקאָכט און געבראָזט ווי הייסע מילך און גע־שפּיגלט מיט זון־שערבלעך, און די לופט צווישן די בערג און דעם יאַם איז געווען ווייניק און אין פלאַמענדיקן גלאַנץ (דער כוידעש מאַרט האָט זיך אין די ווילד־געוויקסן נאָך ניט געקרייזלט). אי די בלויע קוימענס, אי די אייזן־בעטאָנישע קאָרפּוסן פונם זאַוואָד, סאַי די אַרבעטער־הייזלעך פון דער אויוט־נער קאָלאָניע, סאַי די בערג־רוקנס אין זייער קופּערנער צעגליטקייט האָבן אַף דער זון זיך געשמאלצן און זיינען אייזיק־דורכזיכטיק געווען.

דריי יאָר אוועק — און פונקט ווי נעכטן: ס'האָט זיך גאָרנישט ניט גע־ביטן. דידאָזיקע רויכיקע בערג אין וואסער־געשווילעכצן, אין אָפּפּאַלעכצן, שטיינברוכן און פעלזן זיינען פונקט אַזעלכע, ווי זיי זיינען געווען אין דער קינדהייט. פונדערווייטס זעען זיך די באקאנטע פאַנאַנדעראַרבעטונגען אַף די באַרג־שיפּועים, די ברעמסבערגן *) אין שטיינער און אין קוסט־בוימלעך. די בריקן און די ליפטן אין די שמאָלע בערג־שפּאַלטן. און דער זאַוואָד אונטן איז דער זעלבער: א גאַנצע שטאָט פון קופּאָלן, טורעמס און צילינדרישע דעכער, און דיזעלבע אויטנע קאָלאָניע, מיט דארע אקאציעס און הויפעלעך פון צוויי קוואַדראַט־קלאַפטער די גרויס באַ יעדן גאַניקל, שטייט אַפן שיפּוי פונם באַרג, איבערן זאַוואָד.

אויב מע זאָל אריין אינם לאָך פון דער בעטאָן־וואַנט, וואָס טיילט אָפּ די זאַוואָד־טעריטאָריע פון דער פאָרשטאָט (געווען א טירל, איצט — א לאָך), איז אין דער צווייטער קאזארמע גליעבס דירע.

אָט וועט אים באַגעגענען דאָס ווייב זיינס, דאשע, מיט דער טאָכטער

*) די שאַכטע־איינריכטונג, דער וועג, וואָס פירט אין דער שאכטע אריין.

זיינער, מיט ניורקען, זי וועט א געשריי טאָן און אַוועקפאַלן אַף דער ברוסט באַ אים א דערשיטערטע פון פרייד. זי, דאַשע, דערוואַרט אים ניט און ער וויסט ניט, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט דאָ אָן אים פאַר דידאָזיקע דריי יאָר. ניטאָ אין דער רעפּובליק אַזעלכע שטעגן און וועגן, וועלכע זאָלן פאַר דידאָזיקע דריי יאָר ניט געווען באַנעצט ווערן מיט מענטשלעך בלוט. צי איז דאָ דורכגעגאַנגען דער טויט נאָר איבער דער גאַס, פאַרביי די אַרבעטער-לעכער, אדער אין פייער און שטורעם האָט ער אויך זיין נעסט צעשליידערט?

געגאַנגען איז גליעב אין געדיכטן ווייניקן גלאַנץ, אַפן שטעגל, וואָס פירט איבערן באַרג-שיפּוע דורך קופּקעלעך ווינטערדיקע נאָך קוסט-בוימלעך און אין אַטשערעס, וואָס זיינען געווען אין געלע פונקען פון בליען, און עס האָט זיך געדוכט: עס זינגט און גראַגערט די לופט, און די לופט אַליין איז מיט פערלמוטערנע פליגל.

הינטער דער וואַנט, אַף דער פּוסטקע, האָבן שמוציקע קינדערלעך געשפּילט, בייכיקע ציגן מיט שלאַנגישע אויגן האָבן אַרומגעבלאָנקעט און געגריזשעט די קוסטן און אַקאַציע-בוימער.

און די הענער האָבן פאַרכידעשט זייערע רויטע קעפּ אַנטקעגן אים אויפגעריסן מיט א בייזן געפּילדער:

— ווער איז דאָס, אָט דער?

און אין דעם פּולבלוטיקן האַרץ זיינעם האָט גליעב געהערט, ווי אַי די בערג מיט די רואינירטע שטיינברוכן, אַי די קוימענס, אַי דאָס אַרבעטער-שטעטל רודערן מיט א טיפן אונטערערדישן גערודער... דער זאַוואָד. דיזעל-מאָטאָרן. בּרעמסבערגן. צעכן. זיך דרייענדיקע אויוון-צילינדערס.

פון באַרג זעט זיך, ווי עס ציען זיך צווישן די אַשיקע קאָרפּיסן פונם זאַוואָד און פליסן אַראָפּ צום יאַם, צו די „פּירסן"*), ווי טריומף-טויערן אין דער פאָרם פון א ריזיקן בוכשטאַב H, די בעטאָנישע זיילן פון דער קאַנאַט-באַן. ווי סטרונעס זיינען אַף די זיילן אָנגעצויגן די שטאָלענע קאַנאַטן מיט די וואַגאָנעטקעס, וואָס זיינען פאַרגליווערט אין געפלי, און אונטער זיי — דאָס פאַרזשאַווערטע אייזערנע געוועב פון דער שוק-נעץ. און דאָרט, אַפן עק פון קאַבאָטאַזש, איבערן דורכזיכטיקן טורעם — צעשפּרייטע פליגל פונם עלעקטרישן קראַן.

ס'איז גוט. ווידער — מאַשינעס און מי. נייע מי — פרייע מי, מי דערגאַבערטע אין קאַמף, אין פייער און בלוט. ס'איז גוט.

די ציגן — ווי מיידלעך לאַכן זיי און שטיפן צוזאַמען מיט די קינדערלעך. צעפּריעטער סאַלמיאַק פון די כאַזער-שטאַלן טראָגט זיך אין דער לופט. ווילד-גראָז, געסעלעך פאַרמיסטיקטע מיט הינערשער צויע.

וואָס טוען דאָ עפּעס ציגן, כאַזיירים און הינער? פריער איז עס אַפן שטרענגסטן אויפן פאַרווערט געווען דורך דער דירעקציע.

בעטאָן און שטיין. קוילן און צעמענט. שלאַק און געברענטס. דורכזיכטיקע טורעמס פון די עלעקטריע-איינריכטונגען. קוימענס הכער פון די בערג

*) האַפן-איינריכטונגען.

אָן א צאָל דראָטן-סטרונעס. און צוזאַמען דערמיט—שטוב-כאַיעס פון פויער-שע שטאַלן. טייוולשע יונגאַטשעס! זיי האָבן דאָס דאַרף פאַרן עק געבראַכט צו שלעפן אהער, און עס פּרוכפּערט זיך דאָ אין שימל.

אנטקעגן, אפן שטעגל זיינען איינע הינטער דער אַנדערער דריי ווייבער פון דער אויוטנער קאלאניע געגאַנגען מיט בעבעכעס אונטער די אָרעמס. פאַרויס—אַן אַלט-ינקע מיט א פּאָנים פון א מאַכשייפע, און צוויי פון הינטן—יונגע, מיט א לאַבוסאַוואַטן אויסזעען: איינע—איינגאַנצן א פולינקע, א ברוסטיקע, די צורע האַלט אין איין צאַפּלען זיך פון געלעכטער, און די ליפּן פאַרדעקן ניט די ציין; באַ דער צווייטער זיינען די אויגן רויט, און די וויעס רויט און אָנגעשוואָלן, און אַף דער צורע איז דאָס טיכל ווי א דאַשעק אַראָפּ-געדרוקט—זי וויינט, אָדער זי איז קראַנק?

ער האָט גלייך דערקענט: די אַלטע—דאָס איז לאָשאַק, דעם שלאָסערס ווייבל, די הינטערשטע, וואָס בליט מיט געלעכטער, איז גראַמאַדע דעם שלאָסערס ווייב, און די מיטלסטע—א פרעמדע, קיינמאָל ניט געזעען.

ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, איז ער זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג, פאַר-קערעוועט אינם ווילד-גראָז אַריין און אַפן מיליטערישן שטייגער די האַנט צום דאַשעק צוגעלייגט:

— אַ גוט-העלף אייך, כאַווערטעס פרויען!

און זיי, די ווייבער, האָבן אַף אים א קוק געטאָן, ווי אַף א שעדלעכן שלעפּער, פונדערווייטנס, שטום, צום וועג אָפּגעטראָטן און אויך פאַרקערעוועט אין ווילד-גראָז אַריין. און נאָר די הינטערשטע,—די לאַכנדיקע—האָט א לאַך געטאָן, ווי אַ דערשראָקן הינדל:

— אַנו, טראָג זיך ווייטער! אַסאַך אַזעלכע, טייוולאָנים, פּראָווען דאָ הינטישע שטיק: ווערסט זיך ניט אָנגוטהעלפן מיט אַלעמען...

— וואָס איז דאָס מיט אייך, טייוולשע ווייבער? איר האָט מיך ניט דערקענט, צי וואָס?

לאַשאַקס אַלטינקע האָט פינסטער (אַזוי קוקן אַלטע מאַכשייפעס) א לאַך געטאָן מיט די ווייסלעך און מיט א באַס אַרויסגעזאָגט ניט אים, נאָר פאַר זיך:

— דאָס איז דאָך גליעב. מיצקע דרינען פון יענער וועלט אַראָפּגע-פאַלן, ניט גוטער...

און איז אַוועק רואיק און פינסטער איר וועג.

און גראַמאַדעס ווייבל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און גאָרנישט ניט געזאָגט. פונדערווייטנס נאָר, פון דער סאַמע וואַנט, האָט זי זיך אומגעקוקט, זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך צעלאָזט ווי א גראַגערנדיקע סאַראַקע:

— אייל זיך, מאַנערע, צום ווייבל. האָסטו פאַרלאָרן—געפין, און ווערסטו געפינען, וועט איר צוריק כאַסענע האָבן...

גליעב האָט אַ קוק געטאָן אַף די ווייבער און האָט ניט דערקענט אין זיי די פריערדיקע צוגעלאָזענע שכיינעס. היפּש, אפּאָנים, האָט דאָס לעבן א טרייבער געטאָן די ווייבער פון די זאַוואָד-אַרבעטער!

דאָזעלבע פּאַרקנדל באַם הויפּל פון צוויי קוואַדראַט-קלאַפּטער און דאָס-זעלבע אָפּטרעט-ביידל צו דער גאַס. עס האָט נאָר אונטערגעפּרעסן דעם פּאַרקן אי די צייט, אי די ווינטערדיקע נאָרד-אָסטן, און מיט באַזילבערטער שימל-שאָלעכץ האָבן זיך די ברעטלעך באַדעקט. און אַז ער האָט זיך א נעם געטאָן פאַרן טויערל, האָט דער גאַנצער פּאַרקן זיך א טרייסל געטאָן.

אָט וועט באַלד מיט א געשריי דאַשע ארויסלויפן. נאָך א דריי-יאָריקער צעשיידקייט — ווי וועט זי אים, דעם געקומענעם פון פייער און טויט, מעקאַבל, פּאָנים זיין? עפּשער האָלט זי אים פאַר אַן אומגעקומענעם אָדער אַז ער האָט זי אף שטענדיק פאַרגעסן, און עפּשער וואַרט זי אף אים אַלע טאָג פון יענער שאָ אָן, זינט ער האָט זי איינע אליין מיט ניורקען איבערגעלאָזט דאָ אין דעם קעמערל, א פאַרבאָרגענער אוועק אין דער פיינטלעכער נאַכט?

ער האָט א וואָרף געטאָן דעם שינעל אַפן בעטאָן, אין הויפּל באַם פּאַרקנדל. האָט אָפּגעשפּיליעט דעם רוק-זאַק פון די פּלייצעס און אוועקגע-וואָרפן אים אַפן שינעל, אַראָפּגעוואָרפן דעם העלם מיטן רויטן פליגלדיקן שטערן. געשטאַנען א ווײַלע, איין מאָל נאָכן אנדערן די פּלייצעס צו די אויערן אויפגעהויבן, אַ וואָרף געטאָן אף פאָרויס און אף הינטן די הענט (מע דאַרף זיך די ביינער אויסגלייכן און באַרואיקן זיך), און נאָך יעדן מאַך מיט די הענט האָט ער מיט די אָרבל פונם העמדל דעם שוויס פונם פּאָנים געווישט און בעשום אויפן ניט געקאָנט אָפּווישן, ווי דאָס וואָלט זיין ניט א פּאָנים, נאָר א רעשעטע, ער האָט געקוקט אַפן גאַניקל, וואו די טיר האָט אויסגע-סקריפּעט א רעטעניש אין שליסל-לאָך פון אינעווייניק.

און ער האָט קוים פון זיך אראָפּגעוואָרפן דאָס העמדל און אויסגע-גלייכט די אָרעמס, — ווי די טיר האָט א זינג געטאָן און —

איז דאָס דאַשקע, אָדער ניט דאַשקע?

א ווייבל אין א רויט טיכל, אין אַ מאַנסבילשן העמדל איז געשטאַנען אין שוואַרצן קוואַדראַט פון דער טיר און האָט געקוקט אף אים מיטן פעסטן ברעמען-קנופּ איבער דער נאָז און אין די אויגן האָט אויפגעציטערט פאַר-וואונדערונג און אויסגעשריי. און ווען זי האָט באַגעגנט גליעבס שמייכל, האָבן זיך אויפגעריסן און אויפגעפלויגן די ברעמען און אין די אויגן האָבן שטראַמעלעך א שפּריץ געטאָן.

איז דאָס דאַשקע אדער ניט דאַשקע?

אי דער פּאָנים (א ביין-פּינטעלע אַפן קין און די נאָז ווי אַן עפּעלע), אי דער דריי מיטן קאָפּ אַן א זייט בעשאַס א שטאַרקן בליק — דאָס איז זי, דאַשקע. און אַל דאָס איבעריקע (דאָס, וואָס מע קאָן פונקט צו דער מינוט ניט אויסרעכענען) איז פרעמדס, ניט ווייבערשעס, ניט געזעענעס באַ איר קיינמאָל פריער.

— דאַשע, ווייבעלע... אך דו, טייבעלע!.. נו!...

און האָט א שפּאַן געטאָן צו איר, שאַרנדיק מיט די באָטן איבערן בע-טאָן, און די הענט פאַנאַנדערגעשפּרייט אַף ארומכאַפּן דאַשען. און ער האָט

בעשום אויפן ניט געקאָנט איינהאַלטן דאָס האַרץ און די ציטערדיקע האַר־מאשקעס אף די באקן.

און דאַשע ווי זי איז געשטאַנען אין טיר, אַפּן אויבערשטן טרעפּעלע פון בריקל, ווי זי האָט אויפגעציטערט פון גליעבן, אַזוי איז זי געבליבן פאַר־גליווערט אין דראנג צו אים און אין קאַמף מיט דער ווייבערשער שוואַכ־קייט אירער. און זי איז בלויז אימשטאַנד געווען אַרויסצושעפּטשען דורך די בלוטשטורצן אין איר פּאָנים:

— דאָס ביסטו?.. אוי, גליע־עב!..

און אין די אויגן, אין דער שוואַרצער טיפעניש ווייערדער האָט ווי אַ פייערדיק טראָפּנדל אויפגעבליצט אַ ניט באַנומענער נאָך פּאַכעד.

און ווען גליעב האָט זי אַ כאַפּ געטאָן מיט די פויערשע און מאַנסבילשע ארעמס, אַז די ביינדעלעך אַף דער פּלייצע האָבן אַ קנאַק געטאָן, האט זיך אַ שטאָך געטאָן מיטן שטעכיקן געגאָלטס איר אין די ליפּן אריין—האָט זי זיך אונטערגעגעבן זיין ווילן, און דער קאָפּ איז ווי מיט אַ שיקערן געטראנק אָנ־געפילט געוואָרן.

— נו, אָט... ביסטו לעבעדיק און געזונט, טייבעלע?.. איז ווי־האָסט אַף מיר געוואַרט אָדער פאַר אַן אַלמאנעלע זיך גערעכנט און געהו־ליעט?.. אך דו, טייערע מיינע!..

און זי האָט זיך פון אים ניט געקאָנט אָפּרייסן און זינגעוודיק ווי אַ קינד אַלץ געשעפּטשעט:

— אוי, גליע־עב... ווי זשע ביסטו דאָס עפּעס אַזוי?.. איך האָב גאָר־ניט געוואוסט אוי, גליע־ע...

נאר דאָס האָט זיך ארויסגעריסן פון האַרץ בלויז אין איין רעגע, און אין דערדאָזיקער רעגע האָט דאַשע דערפילט גליעבס געוועזענע מאַכט איבער איר.

און דאַמאָלסט (דריי יאָר צוריק), ווען זי איז געווען אַ שטוב־ווייבל און האָט געבליט ווי אַ קאַלע צוזאַמען מיט די בלומען אַפּן פענסטער, איז דידאָזיקע מאַנסבילשע מאַכט געווען איר זיס און ליב און עס איז געווען רואיק צו פילן זיך אַ ווילנלאָזע און פאַרפאַלענע באַ אים אין די הענט.

אָבער נאָך האָט גליעב ניט באַוויזן ארומצוכאַפּן זי מיט אַלע זיינע אָדערן, אַרויפוואַרפן זי אַף די הענט, ווי אַ קינד און אַוועקטראָגן זי אין צימער, ווי אַמאָל, אין די ערשטע טעג נאָך דער כאַסענע,—ווי דאַשע האָט שוין פעסט, מיט אַ מאַנסבילשער באַוועגונג די הענט זיינע פון זיך אַראָפּגע־וואָרפן און מיט אַ פאַרוואונדערטן שמייכל אַ קוק געטאָן אַף אים פון הינטער די ברעמען אפער, פון דער זייט, פאַרפרעמדט.

— וואָס איז מיט דיר, כאַווער גליעב? בונטעווע זיך ניט—באַרואיק זיך...

און אַראָפּ נידעריקער אַף איין טרעפּ. פאַנאַנדערגעלאַכט זיך.

— דו האָסט זיך צופיל צעלאָזט באַ פרידלעכע אומשטענדן... דער שליסל איז אין שלאָס געבליבן. דו קאָנסט זיך אויפזידן וואַסער אַף דער

באַפּט-מאַשינקע—קיין טיי און צוקער איז ניטאָ... און קיין ברויט אויך ניט. גיי אַריין אין זאַווקאָם און פאַרשרייב זיך אַף אַ ראַציאָן.

און אַראָפּ אַף נאָך אַ טרעפּל. געקוקט אַף אים און באַהאַלטענערהייט געשמייכלט און אַפן פּאָנים באַ איר איז געלעגן אַ פרעמדע, ניט דאַשקעס אַ זאָרג.

דאָס איז ניט קיין באַליידיקונג. דאָס איז א קלאַפּ. געגאַנגען צו אַ מענטשן און מיטן קאָפּ זיך אָן וואַנט א קנאַק געטאָן, — אי אַ ביזאָיען, אי אַ ווייטיק. די הענט זיינען נאָך געווען צעשפּרייט און די הארמאשקע האָט אַף די באַקן אָן אויפהער געציטערט.

— אָט אַ מאיסע, צום טייוול!.. ווי איז דאָס גאָר מיטאמאל—„כאַוועך״?... אָט דאָס הייסט געדעקט איבערן קאָפּ, טייוולש ווייבל.

דאַשע איז שוין אַראָפּ פון די טרעפּ און געבליבן שטיין באַם טירל. און אַלץ געקוקט אַף אים פון הינטער די ברעמען אפער און געשמייכלט.

איז עס דאשקע אָדער ניט דאשקע?

— איך עס מיטאָג אין שטאָט אין דער קיך פון פּאָלקסנערונג *) און מיין ראציאָן ברויט באַקום איך אין פּארטקאָם. און דו. גליעב, גיי אריין אין זאַווקאָם און פאַרעגיסטריר זיך אַף אַ ברויט-קאַרטל. צוויי טעג וועל איך ניט זיין—איך ווער קאמאנדירט אין דאָרף אַריין... און דו רו זיך דערווייל אויס פון וועג.

— אבער וואַרט נאר אַ ווײילע... איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין... זינט ווען ביסטו מיר גאָר אַ כאַוועך געוואָרן? דערצייל מיר כאָטש, אין וואָס פאַר אַ צאָרע בין איך דאָס אַריינגעפאַלן.

— איך בין אין פרויען-אָפּטייל; קאָנסטו דען דאָסדאָזיקע ניט פאַר-שטיין?

— און ניורקע?.. וואו זשע איז דאָס טעכטערל?

— אין קינדערהיים. גיי, רו זיך אַויס... איך האָב קיין צייט ניט, גליעב. אַ שמועס וועלן מיר האָבן דערנאָכדעם... רו זיך אויס!

און אוועקגעשפּרייזט מיט ברייטע, פעסטע טריט, ניט אומקוקנדיק זיך, און דאָס רויטע טיכל אף דער פּאטיליצע האָט ביז דעם סאַמע וואַנט פאַר-אַקשנט געררייצט זיך מיט אים און גערופן נאָך זיך און געשפּעט.

און דערנאָך, באַם לאָך אין וואַנט, האָט דאשע זיך אומגעקוקט און צו אים מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן.

גליעב איז געשטאַנען אַפן גאַניקל און אַ געפּלעפּטער געקוקט אַף דער אַוועקגייענדיקער דאַשע: ער האָט אַלץ ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

געקומען אַהיים, באַגעגנט דאָס ווייב, דאשען. ניט געזען זיך דריי יאָר—ער איז דידאָזיקע דריי יאָר דורכגעגאַנגען אין מילכאָמע-געדונער. אויך דאשע איז דורכגעגאַנגען דורך דידאָזיקע דריי יאָר. וואָס פאַר אַ וועג איז דאשעס געווען—ווייסט ער ניט. און אָט האָבן ווידער די וועגן זייערע זיך באַגעגנט

*) „נארפּיט״

אין אַ מאָדנער איבערקרייצונג. ביז דער כאַסענע זיינען זייערע וועגן איינער נעבן דעם אַנדערן געלאָפן, צונויפגעפּלאָנטערט און צונויפגעגאָסן זיך אין איין שטעגעלע. דערנאָך האָט עס זיי דורך די געשעענישן אָפּגעשליידערט איינער פונם אנדערן אין פארשיידענע זייטן און זיי זיינען אוועק אַף ניט איינגע-טראָטענע שטעגן, ניט וויסנדיק גאָרניט איינער פונם אנדערן. איז זי, דאַשע, ווייטער אוועק, אָדער זיי זיינען פרעמדע געוואָרן און האָבן דורך דער פריער-דיקער ליבע זייערער איינער דעם אנדערן ניט דערקענט.

דריי יאָר. וואָס איז דאָ פאָרגעקומען מיט דער פרוי אָן אַ מאַן אין דידאָזיקע דריי יאָר? דידאָזיקע דריי יאָר, וואָס פאַר גליעבן זיינען זיי געווען אַ שטורעם פון גרויזאַמע געשעענישן—וואָס זיינען זיי געווען פאַר דאַשען?

אָט איז ער געקומען צו זיין נעסט, פון וואַנען ער איז אמאל, אין אַ מענטשנלאָזער נאכט אוועק. אָט איז ווידער יענער זאַוואָד, וואו ער האָט זיך אלס קליין שנעקל נאָך אין מעטאַלישן שטויב, אין רויך און אין אייל זיך אויסגעווייקט. און די נעסט איז פוסט, און דאָס ווייב, דאַשע, וואָס באַם צע-שיידן זיך האָט ער זי אָפּרייסן פון זיך ניט געקאָנט, האָט אים באַגעגנט ניט ווי קיין ווייב, און איז פאַרביי אים אדורכגעגאנגען ווי אַ קאַלטער און פינס-טערער געשפענסט פון אַ בייזן כאַלעם.

גליעב האט זיך צוגעזעצט אַף אַ טרעפּל פון בריקל און האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ער איז זייער מיד. און ניט דערפון איז ער מיד, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען פיר וויאָרסט פונם וואָקזאַל אַהער, נאָר מיד איז ער געוואָרן פון דידאָזיקע דריי יאָר און פון דערדאָזיקער אומפאַרשטענדלעכער באַגעגעניש מיט דאַשען, וואָס האָט אים מיט אַן אומדערוואַרטן ווייטיק דאָס הארץ פארוואונדעט.

פאַרוואָס הערשט דאָ דידאָזיקע אומגעוויינלעכע שווערע שטילקייט? פארוואָס גראגערט אזוי פליגלדיק די לופט און דער הינער-געדויש קריכט ארום איבער דער אויוטנער קאָלאָניע?

ס'איז ניט קיין קאָרפּוסן, נאָר צעגייענדיקע שטיקער אייז, און די קוי-מענס בלויען זיך, ווי גלעזערנע צילינדערס. אַף די שפּיצן זייערע איז שוין ניטאָ קיין סאַזשע: די בארג-ווינטן האָבן אַראָפּגעבלאָזן, און אַף איין קוימען איז די פייל פונם בליק-אָפּציער מיטן וואָרצל אַרויסגעריסן. ווער האָט זי אַרויסגעריסן? דער שטורעם? זשאָוועער? מענטשלעכע הענט?

דאָ האָט קיינמאָל ניט געשמעקט מיט פויערשן מיסט, און דאָ האָט צוזא-מען מיטן גראָז, וואָס קריכט פון די בערג, צוזאמען מיטן שימל זיך צעבליט דער צעפריעטער פּי-געשטעל.

אין יענעם קאָרפּוס, וואָס שטייט גלייך הינטערן בארג—דער שלאָסער-צעך — פלעגן אמאָל די דרייקלאפּטערדיקע פענסטער אין דידאָזיקע שאָען פלאַמען מיט זון אין די אומצאָליקע איבערפלעכטן פון זייערע ראמען, און איצטער פאלט ווי שווארצע פוסטקייט אין די צעבראָכענע שויבן דאָס אינ-געווייט פונם קאָרפּוס.

און די שטאָט הינטער דער בוכטע, אפּן בערגל—איז אויך אַן אַנדערע:

גראָ געװאָרן, מיט שימל און שטויב זיך באַדעקט, אָפּן שיפּוי פון באַרג זיך אַרונטערגעלאָזט—ניט קיין שטאָט, נאָר עפּעס אַ פאַרוואָרפענער שטיינבראָך.

...כּאָוועד גליעב... די אָפענע טיר, וואָס דאַשע האָט געלאָזן צעפּראַלט אין פוסטן כיידער אַריין... דער פאַרלאָשענער, פאַרגעסענער זאַוואָד... געווען אַמאָל אַ זאַוואָד-אַרבעטער—איז ער געוואָרן אַ מיליטערקאָם פון אַ פּאָלק, אַ העלד פון דער רויטער פאָן...

אַ האָן איז צוגעשפּרונגען צום פּלויט, פאַריסן דעם קאָפּ און מיט איין אויג אַ קוק געטאָן אױף אים בייז און מענטשנפיינטלעך.

— וועךער איז דאָס אָט דער?

און די ציגן האָבן מיט גייגיר געפינטלט מיט די שלאַנגישע אויגן און האָבן געמורמלט מיט די מײַ־לשע ליפּן קלאַנגלאָזע פוסטע מאַיסעס.

— ש-שאַ, מיעסע באַשעפעניש!.. כ'וועל צעשיסן, אין דר'ערד מיטן קאָפּ זאָלסטו גיין!...

2

# פּ ע ס ט

אַנטקעגן, איבער דער גאַס, האָט זיך אין דער שטיקענישׁ געריסן פון אַן אָפענעם פענסטער אין דער קאַזאַרמע אַ שיקערער סקאַנדאַל. דאָס האָט גע-דונערט מיט זיין באַס סאַווטשוק דער באָנדער און אין הינערשער היסטעריקע—מאַטיאַ—זיין ווייבל.

גליעב האָט געלאָזן זיינע בעבעכעס באַם פּאַרקנדל און איז אוועק צו סאַווטשוקס דירע.

אין צימער—פאַרויכערטע ווענט. אָפּן דיל ליגן צעוואָרפן טאַבורעטן און מאַלבושים. ס'וואַלגערט זיך אַן איבערגעקערטער בלעכענער טשאַיניק און אומעטום, ווי העלע פונקען—צעשאָטענע מעל.

מיט זון אין די אויגן האָט ער ניט גלייך די מענטשן געקאָנט געפינען, אָבער ער האָט געזען—עס האָבן זיך געקוילערט פאַרשמוציקטע, אין קראַמפּן געבראָכענע קערפּערס.

ער האָט זיך צוגעקוקט און געזען — זיי, די סאַווטשוקעס. באַ אים איז דאָס העמד געווען צעפיצלט, און פון די גאַטקעס ביזן האַלז האָט זיך דער רוקן ווי אַ ראָד געבויגן און די ריפּן האָבן הויט געקנאַקט, ווי רייפן. באַ מאַטיען האָט זיך דאָס קליידל ביזן בויך אַרויפגעריסן און די ברוסט האָט זיך ווי אַ פּענכער געשלאָגן אונטער אייגענע און פרעמדע הענט.

גליעב האָט סאַווטשוקן הינטער די פּאַכוועס אַ כאַפּ געטאָן און אַ דריק־אָן געגעבן אָף די ריפּן. אָף דער פּלייצע, באַ די קסלבלעטער, האָבן אַ קנאַק געטאָן די ביינער.

— יאָלר! ביסט מעשוגע פון אָנשטרענגונג, הונט איינער?.. רו אָפּ אַ ווײַלע. שטיי אײַן אָף די פיס...

די מוסקלען האָבן באַ סאַווטשוקן געציטערט. ער האָט געקראַצט די לופּס מיט די פינגער ביז קנאַק אין די געלענקן.

מאַטיא האָט פאַרגעסן, אַז די פיס זיינען באַ איר ביז די לענדן נאַקעט. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף אַ האַנט און מיט דער צווייטער האָט זי זיך געוועדט און אַלץ געוואָלט אַ געשריי-טאָן מיטן צעעפנטן מויל און — ניט געקאָנט.

— סאַווטשוק, שטיי אַף די פיס, פּערעאָדעם! זיי אַ מענטש!

גליעב האָט ווידער ביז קנאַק אין די ביינער אַ דריק געטאָן סאַווטשוקן און אַריינגעשטעקט אים אין דיל אַריין מיט די מאַזאָליעדיקע פּיאַטקעס.

— כ'על דיר באַלד אַ שמיר טאָן איבערן קאָף-טעפל, שעד איינער!.. ביסט פון זינען, קלאָץ דו?... שטיי אויף, מאַטיא! די ביינער אַביסל אויס-געגלייכט — זיי אַביסל פריילעכער! שעם זיך ניט — מעגסט בלייבן אין דער פריערדיקער פּאָזע.

און גליעב האָט זיך צעלאַכט, ווי אַן אייגענער מענטש.

אבער מאַטיאַ האָט אויסגעשריען ווי אַ פאַרשעמט מיידעלע: זי האָט אָנגעהויבן שאַרן דאָס קליידל, באַהאַלטן די פיס אונטערן אָנטועכץ און צונויפ-געדרייט זיך ווי אַ שטעכערל—געוואָרן קליין, דערשראָקן, דערשלאָגן, פאַרוקט זיך אין אַ ווינקל און פאַנאַנדערגעוויינט זיך.

מיט בלוט אנגעגאָסענע אויגן האָט סאַווטשוק אף גליעבן אַ קוק גע-טאָן, ניט דערקענט אים. זיך אָפּגעקערט, אַ פאַרמאַטערטער האָט ער קוים מיט שלוקעכצן אַרויסגערעדט:

— דער טייוול האָט דיך געבראַכט צו שלעפן ניט צו דער צייט, יאָלד... זשוש! טראָג זיך אָפּ מיט דיינע ביינער, קאָלזמאַן איך האָב דיר נאָך ניט געגעבן אין צורע... נו, היילעך!..

גליעב האָט זיך ווידער צעלאַכט, ווי אַ היימישער מענטש.

— סאַווטשוק, פריינט מיינער פאַרשטויבטער!.. איך בין געקומען צו דיר צו גאַסט — נעם אויף, כאַווער. מיר האָבן דאָך עפּעס מיט דיר אזויפיל יאָרן די הויקערס געבראָכן אין דעמדאָזיקן גענעם... וואָס פאַר, אַ מעשוגענער הונט האָט דיך אַ ביס געטאָן, באַנדער?

סאַווטשוק האָט ווידער אַ קוק געטאָן מיט די אָקסענע אויגן אף גליעבן, האָט א שמיר געטאָן איבערן דיל מיט דער שמוציקער פוס און אַמאַך געטאָן מיט די הענט. די שמאַטעס האָבן זיך אף אים געבאָמבלט, ווי אף אַ פּודעלע,— ניט קיין העמד איז עס געווען, עפּעס לופּעטעס אַזעלכע זיינען אף אים גע-האַנגען און די מוסקלען הינטער דער הויט האָבן געציטערט ווי קנופּן און ווי אָנגעצויגענע שטריק.

— האָ, אוילעמאַטויעניק!.. גליעב, ברודער מיינער טשומאַלאָוו!.. וואָס פאַר א שעד האָט דיך געבראַכט צו טראָגן פון יענער וועלט?... צום הינטישן ביין!.. גליעב!.. דו גיב נאָר אַ קוק אף מיר, אף מיין מיעמן פּאַרצעף... נאַ, קוק און דעק דעם מיעסן כוימער מיינעם...

און אָנגעהויבן אַרומנעמען גליעבן קלעפּיק און שווייסיק.

— מאטקא, שטיי אויף !.. טרייסל זיך אָפּ. איצט, אין דער מינוט, בין איך אַ שטילער און שוואכער. מיר וועלן עס אף אן אַנדערש מאָל אָפּלייגן. איך וועל זיך צוזעצן מיט אים, מיטן אוילעמאטויעניק, מיט גליעבן, איך וועל זיך אויסוויינען אַביסל, צערודערן זיך דאָס איינגעווייט... שטיי אויף, מאטקא — שפּרינג אהער... שאָלעם !.. קוש דעם כאַווער-פריינט גליעבן, און דאָס איבע-ריקע — אף אַ צווייט מאָל...

אי די האָר, אי די באָרד, ווי דעמבבענע סטרוזשקעס בא א באָנדער ; קודלעס, קאפויר, קאלטענעס.

מאָטיא איז געזעסן ווי א שטעכערל און געוויינט. זי האט זיך אַלץ גע-האלטן אין איין צורעכט מאַכן—שעמעוודיק געצויגן דאָס קליידל אף די פיס.

און גליעב האט צו איר אַ לאַך געטאָן, ווי אן אויפגעלייגטער פריינט.

— מאטיא, סאווטשוק איז דיך ניט בייגעקומען. פאַרפאַלן! א פרייע פרוי ביסטו איצטער, און פאר דיינע ווייבערשע רעכט שלאָגסטו זיך גאנץ נישקאָשע. טייל אריין און הויב אָן פון דאָסניי.

און מיט דידאָזיקע ווערטער איז ווי ער וואָלט א שניט געטאָן מאטיען איבערן הוילן האַרצן. ווי א יאשטשערקע האט זי זיך אף די קני א ריס גע-טאָן צו גליעבן, און די אויגן האָבן זיך אויפגעשרויפט בא איר ווי צעגליטע דראָטלעך.

— וואַרף זיך ארויס און גראבל ניט. אף כאַפּן יענעם באַם גאָרגל וועט צווישן אייך, מיעסע מענטשן, קלעקן געגוג באַלאָנים. פייניקער !

זי איז דערקראָכן ביז די זוניקע פלעקן אַפּן דיל און אויפגעפלאַקערט ווי פייער אין די בלויע פאַסן ליכט, אין צעשפּריצטן זוניקן שטויב. די האָר האָבן זיך געדויכערט אין די קוטשמעס און זיינען אַראָפּגערונען אף די נאַ-קעטע פלייצעס דורך די לעכער פונם קאָפּטל.

— כ׳וועל ניט אוועק, מאטיאַ: כ׳וויל זיצן בא אייך צוגאסט. זיי מע-כאַבעד מיט פאַנטשקעלעך, מיט געפּרעגלטס, מיט טיי מיט צוקער,—דו ביסט דאָך אַ זעקלערין...

גליעב האָט געלאכט, געשפּילט מיט מאָטיען—געכאַפּט אירע הענט, מילד אונטערגעשטעלט זיך אונטער אירע קלעפּ.

— מאטיא, דערמאָן זיך: וואָס פאַר א קאָזאק א מויד דו ביסט עס גע-ווען !... איך האָב געוואָלט כאַסענע האבן מיט דיר, האט סאָוועטשוק דיך באַ מיר אָפּגעשלאָגן, אָט דער פאַרשאָלטענער באָנדער.

סאווטשוק האט זיך צעברומט און מיט די ציין א סקריפּע געטאָן.

— דאָס איז דאָך—ניט קיין נעקייווע, נאָר אַ זשאַבע, אויב דו ביסט מיר א פריינט—דערשיס זי פון דיין קוילנווארפער... פאַרוואָס האב איך קיין לעבן ניט, און זי האט איר לעבן אין זעקל באהאלטן?... פאַרוואָס דערגייט זי מיר די יאָרן מיט דאַיגעס וועגן שטוב און בעבעכעס, אז איך האב גאָר קיין שטוב ניט און מיינע הענט דאַרף מען אף קאַפּאָרעס?... ניטאָ קיין לעבן, גליעב... און איך בין ניטאָ, כאַווער... דער זאַוואָד איז ניטאָ, געציישע בע-שאָמעס !...

מאטיא איז אויפגעשטאנען און האט זיך מיטאַמאָל איבערגעבעטן: אַן אנדערע איז זי געוואָרן, מאָטיאַ — אַן אויסגעמאטערטע, א דערשלאָגענע, א קראַנקע.

— אָבער זע נאָר, סאווטשוק, נו, גיב אַ קוק: בא מיר זיינען דאָך אַלע קרעפטן אויסגעטריקנט געוואָרן... איך האָב זיך דאָך אונטערגעריסן, סאַוו־טשוק... צי דען האב איך ניט באַראבעוועט אונזער נעסט און ניט געבליבן קיין נאַקעטע, ווי א שלעפערין, נאָר קעדיי צו קריגן אַ הייפל מעל?... איך וועל איינגיכן מיין שאַנד ווי אַ נאַקעטע נעקייווע אַף דער זון פארברענען... איך האָב דאָך געהאט קינדער, אינגעלעך, און איך בין דאָך געווען א רייכע, גיריקע מאַמע... וואו זיינען זיי, גליעב?... פאַרוואס בין איך ניט קיין מאַמע? איך וויל אַ נעסט, איך וויל אויפעלעך, ווי אַ קוואָטשקע—נאָר זיי זיינען דאָך אומגעקומען... וואָס נוץ איך אזאַ?... זאָלן פארברענט ווערן מיינע אויגן: אויגן זיינען ניט פאַר נאַכט, נאָר פאַר העלער ליכט, גליעב...

די באַקן און די ליפּן האָבן געציטערט בא מאָטיאן. און געקוקט האָט זי אַף אים מיט אויגן פאַרטונקלטע פון טרערן. זי האָט געהאַלטן אין איין ציען דאָס קליידל אַף די קני און האָט געצופּט דאָס קאַפּטל אַף די ברוסטן.

יאָ, שוין ניט די אַמאָליקע מאטיא איז דאָס — אַן אויסגעמאָטערטע און בייזע איז זי איצט. אי אין די אַראָפּגעלאָזענע מויל־ווינקלען, אי אין די אויגן, פון ווייטיק אָפּגעבריטע, האָט ווי אין פיבער געברענט א גייע, נאָך אומבאַקאַנטע קראַפט. גליעב האָט זי געדענקט אין איר רוישיק געזינדל פון קליינע אויפעלעך, — באַ דער ברוסט, באַם קליידל און ווי העזלעך אין די קינדערשע שפּילן, — און געווען איז זי צווישן זיי אַ פאַרשמאַיעטע, אַ וואָר־טשנדיקע קוואָקע. און אין די אויגן בא איר האָט זיך געלייכט דעמאָלט א שטילע פרייד און מוטערלעכער זעלבסטאָפּפער.

סאווטשוק האָט מיט אַ ריס אַוועקגעכאַפּט דאָס בענקל פון דיל און אַ זעץ געטאָן דאָס באַם טיש. אַנידערגעזעצט זיך ווי אַ צעפּריעטע שטיק פלייש און אַ קנאַק געטאָן מיטן פויסט אפן טישטוך.

— דערלעבט, אין מאַמען אייערעד, דערטאַנצט זיך!... מענטשן!... ברודער מיינער לייבלעכער, גליעב — איך גיי אויס... פוסטקייט און קייוער... איך שטאַרב פון קויעך, געשאָמע מיינע, גליעב, — כ'וועל פּלאַצן פון קראַפט... אָבער עס גרוילט מיך, גליעב... זאג, פאַרוואָס גרוילט דאָס מיך אַזוי?... ניט פאַרן טויט גרוילט דאָס מיך: איך בין צום טויט — אַ בלינדער, דער טויט נעמט מיך ניט. פאַרן אוילעמאַטויע גרוילט עס מיך און פאַר דעם פאַרווילדע־וועטן אָרט. וואו זאָל איך אהינטאָן מיין קויעך, וויבאַלד ס'איז אַן אוילעמאַ־טויע און אַ בייסוילעם?... אָט איז ער — זע... ניט קיין זאַוואָד, נאָר אַ מיסט־קאַסטן, אַ ציגן־נעסט... ניטאָ אים... און וויבאַלד ער איז ניטאָ — איז וואו בין איך, גליעב?...

מאטיא האָט געקוקט אַף אים מיט אַ שוואַרצער טרער אין די אויסגע־

פּיניקטע אויגן, און אַף איר געזיכט האָט גליעב געזעען אַן אויסגעווייטיקטע ליבע צום מאַן.

— נו, טו זיך שוין אָן, בופלאַקס... שעמסט זיך גאָרניט מיט דײַן באַסיאַקישן אויסזעען? און די צורע דיינע איז אַ מיעסע צעטראַסקעטע וואַש-מולטער. מיין צורע איז אַ צענעריקטע און דיינע פּונם טייוול אַ פּאַרפּאַ-סקודיעטע...

און אין געבראָכענעם געשריי מאַטיעס איז שוין קיין בייזקייט ניט געווען — געשפּילט האָט זי בייזקייט, אָבער די שטים אירע האָט זיך געבראָכן פון ליבשאַפט.

גליעב האָט זיך צעלאַכט.

— מעשוגאָים זייט איר, כעוורע!

— מאַטקאַ, קום אַהער, צו מיר — איך וויל זיך צערטלען... ווייב מיינס.

סאַווטשוק האָט אַף די הענט אויפגעהויבן מאַטיען און ווי אַ קליין מיידעלע אַראָפּגעלאָזט זי נעבן זיך.

פון הינטערן באַרג זיינען די רויכלאָזע שפּיצן פון די קוימענס דורכ-זיכטיק אַרויסגעטראָטן ווי קרישטאָלענע ליידיקע גלעזער. אַף די ריפּן פון דעם באַרג-מאַסיוו, אַ האָריקער פון ווילדגעוויקסן און טויעס *), אַפּן פאַרזשאַ-ווערטן ברעמסבערג האָבן ווי טויטע שילדקרויטן זיך געוואַלגערט די ליידיקע שעפלעך פון וואַגאָנעטקעס.

— דער זאַוואָד... וואָס איז געווען און וואָס איז געבליבן, גליעב? דערמאָן זיך, ווי אין די באַנדאַרניעס פלעגן די זעגן זינגען ווי מיידלעך אום פרילינג... עך, כאַווער ליבער!... איך האָב זיך דאָך דאָ אַרויסגעפּיקט פון דעם איי... איך האָב דאָך קיין אַנדער לעבן ניט געוואוסט אויסער דאָס לעבן אין דעמדאָזיקן גענעם...

ס'האָט סאַווטשוק געבענקט נאָכן אַמאָליקן גערודער פונם זאַוואָד, ער האָט באַווײַנט דעם קייווער פון דער געוועזענער מי, און די אויגן זיינע זיינען באַגאָסן געוואָרן מיט טרערן. אין זיין טרויער נאָכן פריערדיקן גערויש פון די מאַשינעס איז ער ענלעך געווען אַף אַ בלינדן, מיט דעמזעלבן פאַר-טרערטן שמייכל און מיט דעם הויך-פאַריסענעם קאָפּ.

נעבן אים איז געשטאַנען מאַטיאַ און זי איז אויך געווען אַזוי ווי ער — אַ בלינדע און פאַרטרערטע. אַ מאַמע, וואָס באַ איר ליבע צו אַ היימישער נעסט האָט זי אירע פויגעלעך פאַרלאָרן.

— סאַווטשוק, נו, שלאָג מיך... איך טויג אינגאַנצן נאָר פאַר אַ הייב, סאַווטשוק... זיי זשע דו אויך אַביסל שענער פאַר דער היים...

— מאַטקאַ, דו ווילסט, איך זאָל טאָן דאָס, וואָס אַנדערע טוען?... צינדערלעך מאַכן? אָדער ביגנייווע פעסלעך פאַר פויערים שלאָגן?... און ווער איז עס געגאַנגען איבער די דערפער מיט שמאַטעס, מיט בעבעכעס, ניט דו?... דו — שלעפּערשע, געשלאָגענע צויג!...

*) בוימער.

ער האָט די פויסטן מיט בלוט אָנגעגאָסן און מיט די ציין אַ קריץ געטאָן.

און מאטיאַ איז געשטאנען און געפּלאָנטערט מיט דער צונג, ווי פון שלאָף:

— געווען דאָך באַ אונז אַ רייכע נעסט, סאַוווטשוק... און די קינדער־לעך אונזערע זיינען געווען ווי ליבע שטאָרעלעך... דאָס איז דאָך געווען דיין און מיין בלוט... איז לאָמיר אָנהויבן פלעכטן אַ נייע נעסט, סאווטשוק... איך קאָן דאָך ניט, איך קאָן ניט, סאווטשוק! איך וועל אוועק איבער די וועגן און קלייבן פרעמדע פויגעלעך אָן טאַטעס און מאַמעס...

פון איין זייט — מאטיאַ, פון דער צווייטער — גליעב.

גליעב איז אויפגערודערט געוואָרן, אוועקגעלייגט סאווטשוקן אַ האַנט אַפן אַקסל.

— דו ביסט מיין אַלטער כאַווער, סאַוווטשוק. קינדווייז נאָך זיינען מיר צוזאמען מיט דיר אַוועק אַף דער ארבעט. און צי דען איז ניט מאטיא געווען אונזער כאַווערטע? דו ביסט דאָ געזעסן ווי אַ סאָווע און באַווינט דעם אומגליק אין די נעכט, און איך האָב זיך געשלאָגן מיט די סאָנים און מיט בלוט זיך באגאָסן... און אָט בין איך געקומען — און די נעסט מיינע איז ניטאָ, און דער זאַוואָד איז ניטאָ... מאטיא איז אַ גוט ווייב. לאָמיר מער קויכעס קלייבן, סאַוווטשוק... מיר זיינען געשלאָגענע, אָבער מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אויך יענעם שלאָגן... שוין איינמאָל, צו אַלדי שווארץ יאָר, זיך אויסגעלערנט, סאַוווטשוק... גיב אהער דיין לאַפּע, נאַרישער באָנדער...

ווי אַ מעטורעפּער האָט אַף אים סאווטשוק געקוקט און געדרייט מיטן קאָפּ. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס גליעב האָט צו אים גערעדט, — האָט ער געקוקט אַף אים ווי אין אַ בלוטיקן טשאַד.

מאָטיאַ איז צוגעפאלן צו גליעבן, ארומגעכאפּט אים דעם האַלז — ניט געשעמט זיך.

— גליעב, טייערער... סאַוווטשוק איז אַ וואוילער... ער מאָרדעוועט זיך נאָר פון קויעך... איך, גליעב, איך באַדאַרף קיין זאך ניט, ווען איך וואָלט נאָר געווען אַ מאַמע... סאַראַ מאַזל, גליעב!...

— מאטקא, שאַר זיך ניט צו אים ווי אַ קאַלע־מיידל: ער איז נאָך ניט דיין קאַוואַליער...

ווי אַ ליבלעכער שטיפער האָט גליעב געשפּילט מיט מאטיעס האנט און האָט געלאכט.

— מעשוגאָים זייט איר, כעוורע!...

3

# מאַשינעס

פון אויוטנע קאָלאָניע צום זאַווקאָם קאָן מען גיין מיט צוויי וועגן: מיטן שאָסיי, פּאזע די זאַוואד-קאָרפּוסן, און מיט געדריידלטע שטעגעלעך אַף די פּאָרבעריקע וואַלגע־ן, דורך די קוסטן וואלגערשטיינער און ברייטע פּלעצער פון די גע־ועוענע שאַכטן-גרובן.

פון דאַנען האָט זיך דער זאַ־ואָד געזען אין דער גאַנצער מאַסע פון קאָמפּליצירטע אנהויפּונגען: וואַן-טורעמס, אַרקעס, וויאַדוקן, אייזן-בעטאָנישע און שטיינערנע געביירעס-מאסיוון, דאָס לופּטיק-לייכטע, ווי ריזיקע פּענכערס, דאָס קוביש-שטרענגע אין זייער איינפּאַכקייט און ארכיטעקטישער שווערקייט. זיי האָבן זיך געהויכט, צונויפּגעגאָסענע איינע מיט די אַנדערע, אָדער ווי מאנאליטע אָפּריסן זיינען זיי דאָ און דאָרט באַזונדערע אַרויסגעוואקסן פון דעם באַרג אַף פּאַרשיירענער הויך. און אין די בערג-שפּאַלטן, איבער די צעשטערטע ברעמסבערגן, וואָס זיינען מיט שטיינער פּאַרוואָרפן, מיט וואגאנעטקעס פּארוואַלגערט, איבער די פון שטויב פּאַרגרויטע קוסטן, איבער די פעלזן, אונטער די פעלזן, האָבן זיך צעווארפן דאָ און דאָרט ווי אומדערוואַרט, איינזאַם, הייזלעך פון בלויען צעמענטשטאָף אויסגעהאַקט. די שטיינבראָכן האָבן זיך אין פילפּאַרביקע טעראַסעס געטרעפּלט אין דער נידער, אַראָפּ, אין די באַרג-שפּאַלטן אַריין און פּאַרשוואונדן געוואָרן אין די צעלאָזענע ווילדגעוויקסן פון א יונגן וואלד. און דער יאַם הינטערן זאַוואָד, אין די רויכן פון די ווייטע באַרגיקע קאָפּן איז ווי א פול אָנגעגאָסענע שיסל, און דער האָריזאָנט האָט מיט שפּיגל-בלוי זיך בוילעט געצייכנט אין מיראַזשן פון קאָפּ צו קאָפּ העכער פּאַר די דעכער און טורעמס, און פּונקט אַזוי, אויך העכער פּאַר די דעכער, האָבן זיך פון שטאָט, פון יענער זייט יאַם-אויסגוס און זאַ־ואָד צו דער יאַם-בוכטע געצויגן ווי דאָס שנירל פון פּיילנבויגן צוויי מאָלן מיט ליכט-טורעמס אַף די עקן. און עס זעט זיך, ווי צום זאַוואָד, צו די האַפּנס שלאָגן די אומענדלעכע האַלב-קריינן פון די כוואַליעס און צעשיטן זיך באַ די ברעגן אין שנייאיקע שטורעמס.

פּונקט ווי מיט דריי יאָר צוריק. נאָר דאַן האָבן אי דער זאַוואָד אי די בערג זיך געטרייסלט פון אינעווייניקסטן פּייער. און פון באַהאַלטענעם קנאַלן פון די מאַשינעס און פונם עלעקטרישן ברילן זיינען די בערג, די זאַוואָד-פּאַלאַצן, די קוימענס און די פּירסן געווען לעבעדיקע, אָנגעזעטיקטע מיט קראַפט פון וואולקאַנישער אָנשטרענגונג.

גליעב איז געגאַנגען איבערן שטעג, געקוקט אַראָפּ, אַפן זאַוואָד, געהערט די אונטדיקע אויסגעצויגענע שטייענדיקע שטילקייט מיטן גריל-געמורמל פון די טייכלעך און האָט געפילט, אז אויך ער איז געוואָרן א שווערער, אַן אונטריקער, א באַדעקטער מיט שטיינערנעם שטויב.

שוין זשע איז עס דערזעלבער זאַוואָד, וואו ער געדענקט זיך נאָך פון

די קינדערשע יאָרן, וואו ער איז אַליין געוואַקסן אין פייער און געקנאַל און וואו ער איז געוואוינט געווען צו גיין איבער די שטעגן און וועגן פון דער טעריטאָריע, וואָס ציטערן פון דער טיף אַרויס אונטער זיינע פיס? צי איז ער עס טאַקע, גליעב טשומאלאוו, דער אַרבעטער פון שלאסער-צעך, דער בלאָ-העמדלדיקער, דער, וואָס גייט איצט איינזאַם איבער דעם אַלטן ווילד-געוואַ-רענעם שטעג, א פרעמדער לויטן אויסזעען און גאנג, מיט אַן אומגעוויינלע-כער פאַרומערטער פראַגע און שטוינונג אין בליק?

פריער פלעגט ער גיין ניט ראַזירט און די סאַזשע און די אייזערנע שטויב פלעגן פון פּאָנים ניט אַראָפּ (דערפון פלעגט ער אויסזעען טונקל), און איצט איז ער געגאָלט און די הויט איז אויסגעבלייכט געוואָרן און די באַקן-ביינער און די נאָז זיינען גרוי, פאַרווינטלט און שיילן זיך. צי איז דאָס ער דען, טשומאלאוו, וויבאַלד עס שמעקט שוין ניט פון אים מיט רויך און מיט אייל און די פלייצע בויגט זיך ניט פון אַרבעט? צי איז דען ער דאָס, דער שלאסער טשומאלאוו, וויבאַלד ער האָט אַ בראַוון מיליטערישן געשטעל און אָפן קאָפּ—א גרינער העלם מיט א רויטן שטערן און אָף דער ברוסט—אַן אָר-דען פון דער רויטער פאָן?

עס האָט פּאַסירט עפּעס אַ מאָיסע סאָטן. ס'איז געשעען א מאָדנער קער: פון זיין אָנשפּאַר האָט זיך דער באַרג א ריס געטאָן און איז אַוועק קאַפּאַקאַל.

ער איז געגאַנגען, געקוקט אַפן זאַוואָד, אָף די באַרג-גרובן, אָף די קוי-מענס דערשטיקטע אין דער שטילקייט, האָט זיך אָפּגעשטעלט, געטראַכט:

— עך, טייוולאָנים פאַרשאָלטענע!.. צו וואָס זיי האָבן דערפירט!.. צע-שיסן—איז ווייניק, די אויסוואורפן... און וואָס פאַר אַ באַרימטן זאוואָד זיי האָבן דאָס באַגראָבן און פאַרפאסקודיעט, מענואוואלים!..

איינס האָט ער געוואוסט: ס'איז א קייווער, א ריזיקע רואינע און א שוידער. און אין דעמדאָזיקן קייווער געפינט ער זיך איצטער אַן אָפּגעריסע-נער פון דער אַרמיי, און דערדאָזיקער גרויסער שוידער געפינט זיך אין זיין האַרצן. פאַר דעמדאָזיקן קייווער האָט ער זיך דערשראָקן, און דערדאָזיקער שוידער האָט אים דעם קאָפּ צעמישט און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך.

ער איז אַראָפּ אונטן, צום זאַוואָד, צום ליידיקן פלאַץ, שווארצן פון קוילן און באַוואָקסענעם מיט שימל פון קריכנדיק גראָז. אַמאָל זיינען דאָ גע-שטאַנען הויכע פּיראַמידעס אנטראציט, זייערע קריסטאלן האָבן געבליט מיט פּעכנע דימענטן. איבערן פלאַץ אַן אפּהענגענדיקער פעלז אין געלע און ברוינע פלאסטן. ער ווערט באשאטן מיט א מאבל פאַלנדיקע שטיינדלעך און פרעסט אויף די לעצטע רעשטלעך פון דער מענטשלעכער מי. פוןביידע זייטן, ווי א האַלבקרייז—פארצווייגטע רעלסן. גלייך, הינטערן פּאראפּעט*), רייסט זיך ארויף פון אָפּגרונט ארויס אָף 80 מעטער די הויך דער בקויער אבעליסק פונם קוי-

*) באלוסטראדע, פאַרקנדל.

מען, און הינטער אים פאַרייסט זיך ווי א באַרג די ריזיקע געביידע פונם עלעקטראָמעכאַנישן קאָרפּוס.

ווי א פאַרלאָשענע וועלט איז פאַרזונקען דער זאַוואָד אין ליידיקגייער-שע טעג. נאָרד-אָסטן האָבן צעפּרעסן די אייזיקע שויבן, באַרגיקע שטראָמען האָבן אנטבלויזט די אייזערנע ריפּן פונם בעטאָן און די הויפנס אַלטער אָפּ-געאַרבעטער שטויב, וואָס אף די קאַרניזן, האָט זיך צוריק אין שטיין פאַר-וואַנדלט.

ס'איז פאַרבייגעגאַנגען דער וועכטער קליעפּקע. א לאַנג העמד פון א זאַק ביז די קני און אָן א גאַרטל איז אף אים געווען. אף די באָרוועסע פיס — שקראַבעס. דידאָזיקע שקראַבעס זיינען ווי פון צעמענט און אין צעמענט האַלט ער די פיס זיינע. ער ווערט שוין מער ניט אַלט און ווי ער וואַלט דאָ זיין פון אייביק אָן. ער איז א ווילדע געשטאַנען, געוואָרפן אַף גליעבן א בליק פון א ניטגוטן און איז זיך ווייטער אַוועק, א פאַרווילדעוועט בראַכשטיק פונם אַמאָל.

— היי, דו... בראַכוואַרגן.. וואָס בלאַנקעסטו אַרום דאָ ווי א נעשאָמע אָן א טיקון?.. פאַרשלאָפן, אַלטער שעד!..

שטוינונג און אומרו האָבן זיך א צאַפּל געטאָן אין דער בערדיקער לופּעטע.

— פאַר זייטיקע פּערזאָנען איז דער אריינגאַנג שטרענג פאַרבאָטן.

— טיפּעש! באַ וועמען זיינען די שליסל פונם זאַוואָד?

— די שליסל — צו וואָס נוצן זיי? קיין שלעסער ניטאָ... אָפּגעקראַכן... שפּאַציר זיך אַרום מיטן ווינט... אין זאַוואָד — א ציג איז יאָ אין זאַוואָד... און שטשורעס... אָבער א מענטש — דאָס ניט... פאַרפאַלן געוואָרן...

— ביסט אַליין אָן אַלטער שטשור. פאַרקראָכן אין די לעכער, ווי קרעבסן און קריכן אַרום פּוסט און פּאַס, ניט געדאַכט זאָלט איר ווערן.

קליעפּקע האָט מענטשנפיינטלעך, צעשויבערט א קוק געטאָן אף אים און א שאָקל געטאָן מיט די פאַסמעס האָר, ווי מיט הויפנס צעמענט.

— א היטל מיט א קנעפּל. טייוולשער האָרן... רעטעך... דאָ איז ניטאָ וועמען דוירעס צו זיין... דער מענטש איז פאַרפאַלן געוואָרן...

און אַוועק, שמאַרענדיק מיט די שקראַבעס.

פונם פּלאַץ האָט אין הויפּט-קאָרפּוס פונם זאַוואָד געפירט א הויכער וויאַדוק אף שטיינערנע אַנשפּאַרן. אין די בעטאָנישע ווענטלעך — דורכבראַכן, לעכער פאַר קוילנוואָרפערס. דער זאַוואָד האָט געדינט אַלס פעסטונג פאַר די ווייסגוואַרדייער. דעם זאַוואָד האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין פערד-שטאַלן און באַ-ראַקעס פאַר די קריגס-געפאַנגענע. דידאָזיקע באַראַקעס זיינען אין די אינטער-ווענציע-טעג שוידערלעכע קוואַרים געווען.

מע דאַרף אַקערשט אַ קוק טאָן, ווי זעט דאָס איצטער אויס דאָס אינ-געווייט פונם זאַוואָד.

קיין טירן ניטאָ — אַראָפּגעריסן פון די קריוקן. דאָס שפּינוועבס, באַ-דעקט מיט צעמענט-שטויב, פלאַטערט שטיל, ווי צעפּוילטע שמאַטעס. און פון

דאָרטן, פון דער פינסטער פונם ריזיקן בויך, טראָגט זיך אַ שימל־איפּעש און אַלטער אָפּגעאַרבעטער שטויב.

געוויגט זיך און געבּרומט האָט דער האַלבשיין, ווי אַ הילכיקער ווידער־קאָל פון אַ פאַרגעסענער כורווע. בריקלעך, לייטערס, גאַלערייען, טראַנסמיסיעס, הויבערס, רערן, דראָטן, — דאָס אַלץ ווי הויפנס אָנגעוואָרפן מיסט. און — אַ ברויזלעכער, זויערער צעמענט-געדוך. אַ ריזיקער מאַמיוו פונם קוימען מיט אַן אויסגעריסן פאַרשטעק־טירל באַם לאַך. די לופט רייסט זיך, ווי א וואַסערפאַל אין דעם פאַרשטויבטן קוימען-לאָך אַריין, שווענקט זיך ווי אַ פּאַסמעסדיקער שטורעם, שטויסט און רייסט גליעבן אין דעם טרומייטנדיקן פּיסק אַריין. אַמאָל פלעגט דאָס טשוהונענע פאַרשטעק-טירל פאַרהאַקן דעם ברילנדיקן גאָרגל, ווי מיט אַ פעסטן פאַרשטעקל, און די טרויב פלעגט מיט אַן אומגעהויערן קנאַלן און געדונער זויגן פון אינעווייניק די פייערדיקע אָנגעגליטקייט פון די בייכיקע צילינדערס אין די דרייענדיקע זיך אויוונס.

איבער ווי צין קנאַקנדיקע טרעפּ האָט ער זיך געלאָזט אַראָפּ און איז מיט זינגענדיקע טריט אַוועק פאַרביי די פענסטער, וואָס זיינען מיט שטויב, ווי מיט פראָסט, באַדעקט. און נאָר איינס האָט אים געדריקט ביז צו נישט מאַכן, ביז צום מאַכן אים פילן זיך ווי אַ ליאַלקע-שאָטן, דאָס זיינען די ריזיקע ציסטערנעס פון די זיך דרייענדיקע אויוונס. אַמאָל פלעגן זיי מיט קרעכץ און אַ מין קאָסמישן געפייף, סאָפּענדיק מיט דאָמנע-פלאַם, דרייען זייערע צעגליטע קערפּערס פון אומגעהויערע כאַיעס, און אונטער זיי פלעגן מיט פייער באַגאָסענע מענגעס מענטשן אויסזעען ווי קאָמישע פּיצינקע מוראַשקעלעך. ווי טשוהונענע דויעס און קאַקטוסן האָבן איבער די קערפּערס פון די אויוונס, באַ די זייטן זייערע און פון אויבן געפלאָכטן זיך אין געפלאָנטערטע קנופּן און ספּיראַלן די דיקע טרויבן. און ווידער—טראַנסמיסיעס, וואָס קריכן אַף די ווענט און פליען אין דער לופטן.

— אַך, אויסוואָרפן!... אַך, מענואוואַלים!... וואָס זיי האָבן דאָס געמאַכט פון אַזאַ רייכער קראַפט... צו וואָס זיי האָבן דאָס דערפירט, טויגעניכטסן!...

דורך לאַנגע נאַכט-טונעלן איז ער אַרויס אין דער מאַשין-אָפּטיילונג. דאָ איז געדיכטע, באַרוטע הימלישע ליכט און שטרענגער מאַשינען־טעמפּל. דער דיל — פון קאָלירטע שטיינערנע קאַכליעס, ווי אַ שאַכמאַט-מאָזאַאיק אויסגעלייגט. און ווי אָפּגעטער פון שוואַרצן מירמל, באַגילדעטע און באַזילבערטע, שטייען די דיזעלן. זיי שטייען פעסט און בוילעט אין לאַנגע רייען אין די קוואַרטאַלן, אינגאַנצן גרייטע צו דער אַרבעט: גיב אַ שטויס — און זיי וועלן זיך צעטאַנצן, זיך צעשפּילן מיט שפּיגלדיקן מעטאַל. און די פליגל-רעדער — לעבעדיקע, ווי אין געפלי, און עס דאַכט זיך: אין הייסע כוואַליעס שטראָמט גליעבן אַנטקעגן די פעטע לופט, מיט אייל און שוועבל אַן אָנגעזאַפּטע. אין רייען שטייען אויסגעשטעלט די דיזעלן, ווי מיזבייכעס — קאָרבּאָנעס פאָדערן זיי. און די פליגל-רעדער שטייען און פליען. אַ פּראָוו געטאָן מיט דער האַנט—

פעסט שטייען זיי, ארייננגעוואקסענע אין דער ערד. ווי מעכטיקע קריסטאלן שטייען זיי, גרייטע צום אויפרייס.

דאָ איז ווי אַמאָל געווען אַלץ צוגעקליבן, ריין, און אין יעדער מאשין־דעטאל האָט מיט וואַרימקייט געאטעמט אַ ליבעפולע און זאָרגנדיקע מענטש־לעכע האַנט. ווי פריער האָט דאָ דער דיל געגלאנצט מיט די וואקסענע קאכ־ייעס, און דער שטויב אף די פענסטער האָט זיך ניט געדרויכערט; די שויבן (אַ שלאל שויבן) ציטערן ווי בלויע און בורשטייניקע ליכט־זיגזאגן. דאָ האָט פאַראַקשנט געלעבט דער מענטש, און דורכן מענטשן האָבן געלעבט און אין דערוואַרטונג זיך אָנגעשטרענגט די מאַשינעס.

און דערדאָזיקער מענטש, אין אַ בלאָ העמדל און אַ קעפּי, איז אַרויס־געלאָפן פונם געסעלע, וואָס צווישן די דיזעלן, געווישט די הענט מיט קלאָטשע און געשפּילט מיט די ווייסלעך און מיט די ציין. און די קעפּי איז בא אים ווי אַ פּלעצעלע צו דער נאָז צו, און די נאָז איז ענלעך אף דער קעפּי, און ווי רויטע בערשטעלעך די וואָנסן, — אַ פלינקער, אַ שטעכיקער, אַן אָנגע־שטרענגטער.

— כאַ־כאַ, גוטער ברודער!... דו?... וואָס פאַר אַ בראַוווער קאָמאַנד־אַרם דו ביסט... איך האָב געפילט, אז דו לעבסט און ביסט צווישן די לע־בעדיקע... אָט, טראַכט איך, וועסטו קומען און מיר וועלן מיט דיר לאָזן די אלטע קארוסעל... נו, וואָס זשע מאכסטו?... דאָס הייסט, דערפרייט מיך, גוטער ברודער!... לאָז, וועל איך דיך מיט אונזער מאשינען־זאַפּט באַ־שמירן...

דאָס איז ער. דאָס איז דער מעכאניק ברינזאַ, אַן אלטער כאַווער.

דאָ איז ער געבוירן געוואָרן (דער פאָטער איז אויך געווען אַ מעכאַניק), אויסגעוואַקסן צווישן די מאַשינעס, און די וועלט האָט פאר אים עקזיסטירט נאָר אין מאַשינען־קאָרפּוס. ברינזא און גליעב האָבן צוזאַמען די קינדער־יאָרן פאַרבראכט און צוזאַמען אַלס קליינע שנעקלעך נאָך אין די זאַוואָד־קאָרפּוסן אַוועק.

— נו, אַ קריגס־מאַן!... אַנו, לאָז זיך נאָר אָנקוקן... אנגעפרינדעט דעם העלם, — זיינען אויסגעוואַקסן נאָר די נאָז און דער שטערן אַפּן העלם... די הענט און די פיס דיינע דערקאָן איך אויך — שפּאַרן נישקאָשע.

גליעב האָט פריידיק אַ ברום געטאָן און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַן אַלטן כאַווער אַרומנעמען.

— ברינזא... פריינט! ביסט נאָך דאָ?.. פאַרוואָס האָסטו זיך ניט אָנגע־זאָטלט מיט זעק ווי די גאנצע כעוורע אַפּן זאַוואָד?.. אָדער דו זעגסט דאָ די מאַשינעס אף צינדערלעך?.. באַ דיר זעט דאָ אַלץ אַזוי אויס פּונקט ווי דו וואָלסט זיך געקליבן אין אַ מינוט אַרום א לאָז טאָן הוליען אָט די גאַנצע טייוולשע מאכערייקע...

ברינזא האָט גלייך אַ כאַפּ געטאָן גליעבן פאַר דער האַנט און אַוועק־געשלעפּט אים אין דער טיף פון שמאָלן דורכגאַנג צווישן די דיזעלן.

— זע, גוטער ברודער, סאַראַ שיידים... דו זעסט, ווי זיי זעען אויס?

זיי זיינען בא מיר ווי מיידלעך — ציכטיקע... און מע דאַרף נאָר אַ פּיפּס טאָן: „ברינזא, הייב אָן!״.. און דידאָזיקע גאנצע פריילעכע מעכאַניקע וועט זיך אָנהויבן דרייען און אויספּויקן אַן אייזן־מאַרש... מאַשינעס פאָדערן פּונקט אַזא דיסציפּלין און לעבעדיקע האנט, ווי דיין אַרמיי... בין איך נאָר מיט א מאַשין, בין איך אַליין אַ מאשין... און גייט צו אלדי רוכעס מיט אייער גאנ־צער פּאָליטיק, מיט די גאָרגל־רייסערייען און ציין־ברעכעריי. שלאָגט זיך דאָרטן, קנאַקט די שאַרבנס, פאַרכליניעט זיך אַפילע מיט בלוט — כאַפּט אייך דער טייוול: דאָס גייט מיך ניט אָן. איך האָב מיר איינס: די מאַשין און איך — אף שטענדיק צו זיין איין נעשאמע...

— ברינזא!.. איך קען דייבע הענט: דיינע הענט זיינען גאָלדענע. אוך, סארא שיינקייט!.. ציגן פאראַן? דריי מאָל קאפּאַקאל!.. זאָלן זיך מיט זיי ארומשלעפּן טיפּשים און פוסטאונפּאַסניקעס... אָבער הער נאָר, פערעאָדאם! האָסט זיך פאַרגראָבן דאָ אין דיינע מאשינעס און פילסט אַפילע קיין טראָפּן ניט פון אונזערע צאָרעס און מאַטערנישן. דאָ וועט מען דיך אפילע מיט הארמאַטן ניט דורכנעמען.

ברינזא האָט זיך מיטאמאָל אָפּגעשטעלט און אויסגעשטעלט די אויגן אף גליעבן.

— סטאָפּ... ביסט געקומען מיט אגיטאציע, מיט א מיטינג? דערמיט, ברודער, וועסטו מיך ניט נעמען. דאָ שטייסטו נעבן מאַשינעס און ניט אַף אן אסיפע. דאס בעסטע אָרט פאר פּלוידער־זעק איז דער זאַווקאם. אַהער וועסטו מיט קיין פּויקנדיקע ווערטער ניט צוקומען — ניין: דאָ, ליבער, געפינען זיך מאשינעס, און מאַשינעס — דאָס זיינען ניט קיין ווערטער, דאָס איז — הענט און אויגן.

גליעב האָט מילד אַ גלעט געטאָן די גלאנצנדיקע טיילן פון די מאַשי־נעס און שטאַרק זיך איינגעקוקט אין ברינזען מיט פייכטע, עטוואָס פארשי־קערטע אויגן.

— סאראַ לעבעדיקע אָרגאַניזאַציע איז דאָ בא דיר — אוועקגיין ווילט זיך ניט! און ווי פארפאַרשיוועט דער זאוואָד איז דאָס געוואָרן... און ווי פארפאַרשיוועט די מענטשן זיינען דאָס געווארן!.. צו וועלכן שווארצן יאָר שטעקסטו נאך דאָ און רייסט זיך די הענט בא די מאַשינעס, ווייבאלד דער זאוואָד איז אַ שטאל מיט מיסט און די אַרבעטער זיינען גאָרנישטן, שלעפּער און ציטערן נאָר פאר זייער אייגענעם פעל?.. אנטלוף אויך דו, קאלזמאַן דו ביסט נאך ניט געפּייגערט...

ברינזא האָט דערפילט קראמפּן פון דער קעפּי ביז די קנאפּלעך. די מוסקלען אפן פּאָנים זיינען אין גרימאסן זיך צעשפּרונגען. פּונקט ווי דאָס הארץ וואָלט בא ברינזען אויפגעריסן און דאָס בלוט האָט אים פאַרשיקערט מיט מעשוגאס. ער האָט א קנאַק געטאן מיטן פויסט איבערן גלאַנצנדיקן דיזעל־פאנציר און האָט זיך פארכליניעט:

— דעם זאוואָד דארף מען אַ לאָז טאן גיין, גליעב... דער זאַוואד קאַן ניט שטאַרבן... ער פּאָדערט פּאַר זיך לעבן, אַז ניט וועט ער אונז אויפרעסן...

דו ווייסט ניט ווי מאַשינעס לעבן?.. ניין, דו ווייסט ניט... מע קאָן פון זינען אראָפּ, ווען מע זעט עס און מע פילט עס. ווער ווייסט עס? איך ווייס עס... נאָר איך!..

אזאַ מין געבראָכנקייט איז אין ברינזען פריער ניט געווען. ער איז געבליבן מיט די מאַשינעס און צוזאמען מיט די מאַשינעס זיך אָפּגעשטעלט. ווען די דיזעלן זיינען אנטשוויגן געוואָרן און מענטשן זיינען פאַרביי זיי מאַסנווייז פאַרבייגעגאַנגען צו דער רעוואָלוציע, צום בירגער-קריג, צום הונגער און ליידן, — איז ער פאַרבליבן אין דעם שטילשווייגן פון די מעכאַנישע קאָרפּוסן. ער האָט געלעבט, פונקט אַזוי ווי עס האָבן געלעבט די מאשינעס, און איז געווען פונקט אַזוי איינזאַם, ווי דידאָזיקע שטרענגע, בלישטשנדיקע מעכאַניזמען.

— דער זאַוואָד מוז אַוועק, גליעב. וויבאַלד ס'זיינען דאָ מאַשינעס, פריינט, קאָנען זיי ניט ניט ארבעטן: זיי, ברודער, אַרבעטן אַפילע דאַן, ווען זיי שטייען... עך, ווען דו וואָלסט דאָס געקאָנט וויסן!.. פילסטו דאָס ניט, נאָר דו דאַרפסט טאָן אלסדינג אַף אָנצינדן דאָס ערשטע שוועבעלע... דאָס האָב איך זינען און געדענק עס יעדע מינוט...

גליעב האָט גענומען ברינזעס האַנט און אַ טרייסל געטאָן זי מיט פריידיקער אויפגערעגטקייט.

— פריינט! ריכטיק!.. דער זאַוואָד מוז אַרבעטן, וויבאַלד ער איז אַ זאַוואָד. אָט האָסטו מיין האַנט — מיר וועלן לאָזן דעם זאַוואָד! שטארבן וועל איך, אַ קאַליקע וועל איך ווערן און דעם זאַוואָד וועלן מיר אַ דעק טאָן... פאַקט! זאָלן בלייבן שטיין דיינע דיזעלן אין שפּאַן... מירן דעקן, ברודער, מיט אלע אייוורים...

4

## כ ע ו ו ר ע

אין קעלער-שטאָק פון דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג, אין אַ שמאָלן טונקעלן קאָרידאָרל, אין זיס-טשאַדיקע דאַמפּן פון פייכטן צעמענט, האָבן ארומגעבלאָנקעט און געטומלט ארבעטער. דאָ האָט מען זיך געפּריעט ווי אין אַ באָד, און ס'איז געשטאַנען אַ ברוינער מאַכאָרקע-טשאַד. און אין דעמדאָזיקן שמוציקן רויך זיינען אויך די מענטשן, שמוציקע פון גרויען שטויב פון די שטיינבראָכן און ווענט, ווי דאָס גרינס און די געביידעס פון דער זאַוואָד-טעריטאָריע — געווען מוטנע, צעשווענקטע און האָבן אלע געהאַט איין פּאָנים, ווי אָוונטיקע שאָטנס. און אַ געפּילדער פון דעם מאַרק-הוהאַ און אקסענער געלעכטער ביזן ציטערן פון די ווענט, און גארגל-רייסענישן מיט קלאָלעס און זידלערייען וועגן ראַציאָנען, וועגן שראַפּנעל*) אין דער קיך, וועגן קעראָסין, וועגן די

*) האָרטן אַרבעס.

ציבדערלעך און ציגן, וועגן דעם אָרימען אַרבעטער-פּאָלק, אַף וועמעס רוקן עס רייט יעדער, דער רואַך ווייסט ווער.

און די טיר אין זאַווקאָם איז אָפן, און אויך דאָרטן — אַ דורכנעמעג-דיקער רויכיקער שמוץ, אַרטעל-געזאַמל און שטינקענדיקער שוויס פון איינגע-שטאַנענעם פּוסט און פּאַס.

מען האָט גליעבן ניט דערקענט, ווען ער האָט זיך דורכגעקליבן דורכן געשפּאַר, מען האָט בלויז פיינטלעך און כמורנע און מיט אַ באַהאַלטענער סינע געשטאַרצעט די ווייסלען אַף זיין העלם מיטן רויטן שטערן און אָפן אָרדען פון דער רויטער פאָן. און מע האָט זיך ניט אומגעקוקט אַף אים — גלייכגילטיקע צו מענטשן, האָבן זיי אָן אים פאַרגעסן. ווייניק שלעפן זיך ארום אין זאַווקאָם פאַרשיידענע גלאַטע צינגלעך קאָמיסאַרן און פאַרשיידענע פאַרשווינען מיט פּאָרטפעלן און אָן פּאָרטפעלן?

באַ דער טיר האָט פאַרשיידענע שטיק געפּראַוועט אַ באָכער אין אַ ווייס הויב-טיכל, אין אַ קאָרסעט אפן רעקל, מיט וואָנצן-פּרעסער אַף די געגאָלטע ליפּן. די מענגע מענטשן, צונויפגעשלאָגענע אין איין קופּע, האָט אים געהאלטן אין צונויפקוועטשן, און ער האָט געאַרבעט מיט די עלנבויגנס און האָט גע-שריען מיט אַ ווייבערשן קוויטש און געקרימט זיך אַף אַ באַלאַגאַנישן שטייגער.

— אַך, דע—ערלויבט זיך פּאָרצושטעלן... א פּאָר הויזן ריקאָפּע!... אנט-שולדיקט!... — אַך, בירגער, איך בין דאָך אַן אָרנטלעכע סאָוועטישע פּראָלעטאַריכע... אַך, טאַפּט נאָר ניט ביז צום קיצלען זיך!...

אי—אָך, דו, ע-עפּעלע, וואוהין קייקלסטו זיך,
דו פאלסט אריין אין זאַווקאָם — איז אַ בראָך צו דיר...

און דער אוילאָם האָט געדעקט זיינע אויסגעשרייען און לידער מיט אַן אנטציקטן אין מאַמע-אריין און געלעכטער.

— אָט אַ מענואוול! מיטקא!... צעמענטהעקער, טייוול!... הארמאָניסט! אַז עס נעמט אים גאָרניט, דעם היצעל איינעם: ניט דער טייוול, ניט דער טאַטע, ניט ראַטנמאכט...

אין טיר האָט געצאַפּלט און געדרייט זיך ווי אַ שנעק — אַ קורצינקער — עפּעס אַ שוואַרצע פעגירע, מיט בלויז פלאַמענדיקע אויגן אין די שטערן-ביינער און באַק-ביינער. דער שלאָסער גראָמאַדאַ... און גליעב האָט זיך פאַר-וואונדערט, ווי עס האָט אַביסל אַ טאַכלעס געמאכט פון אַ מענטשן פאַר די-דאָזיקע דריי יאָר.

— כאווײרים, געווג דיסקוסירט!... ס'איז ניט קיין יוישער פון אייער זייט און אפילע אַ כאַרפּע ארויסצושטעלן זיך אָט אזוי אָ און אזוי און ווי-טער... וועגן זיך אליין קאָנען מיר באוואוסטזיניק ניט פאַרשטיין...

און האָט ניט געקאנט פאַרענדיקן — מיטקא האָט אים איבערגע-ריסן:

— אַך, כאַווער זאַווקאָם, אנטשולדיקט, פּארצייט, שמייסט צונויף די נערוון אין אַ קניילעכל און שפּיליעט זיי צו צום פּופּיקל מיט אַ שפּילקעלע... געשטאָרבן! געפּיגערט! געריירט און ערשיטערט!...

און ווידער אפן באַלאַגאנישן אויפן זיך געבראָכן, און, ארבעטנדיק מיט די עלנבויגן, אוועק אן איבערגעטאָנענער צום ארויסגאנג צו, און נאָך אים איז פון קאָרידאָר, פון צימער אוועק אן אוילאָם, אַ פּארכאפּטער פון דעם בייז וואונדער.

גליעב איז אריין אין צימער און אנידערגעשטעלט זיך בא דער וואנט, הינטער די אַרבעטער. באַם זאַווקאָמישן טיש איז געזעסן דער הויקער לאָשאַק, דערזעלבער שוואַרצער פּארזשאַווערטער שלאָסער ווי אמאָל, און דער קורצינקער גראָמאַדאַ. באַ לאָשאַקן האָט די ברוסט ארויסגעשפּארט אפן טיש ווי אַ שטיק אַנטראַציט, און ווי אַ שטיק אַנטראַציט איז געווען דער קאָפּ אינם היטל, וואָס האָט שוין אַזש געגלאַנצט פון אָפטן פּאַרען עס מיט די פינגער. און אפן פּאָנים — אַ צעקוועטשטע נאָז און אָנגעשוואָלענע ווייס-לען. ער איז געזעסן ווי אַ שטומער שטיינערנער אָפּגאָט, און גראָמאַדע האָט זיך געריסן, געשפּריצט מיט שפּייעכץ, אויפגעשפּרונגען, געזוצט זיך, געקנאקט מיט די ביינער (דאָס האָט געקנאַקט דער שטול אונטער אים, וואָס האָט ניט געקענט איינזיצן) און האָט זיך געהאלטן אין איין אָפּשרייען און איין אָפּ-טרייסלען זיך פון אלעמען מיטאמאָל.

א ברייט-הינטנדיקע פרוי האָט זיך געריסן אפן גאָרגל און ווי פּעטשא האָט זי זיך געטרייסלט פון די באוועגונגען.

— מע האָט אייך, פּוסט-און-פּאסניקעס, אָנגעזעצט אף אונזער קאַרק, ימאַכשמויניקעס... זאָלן אפילו די אָרימעלייט אויסשטאַרבן — וועט צו אייער טרעלבוך נאָר צוקומען... גיב נאָר אַ קוק, סאַראַ מאָרדעס זיי האָבן זיך עס אויסגעכאָליעט!... מיין שלימאַזל האלט אין איין קראַצן באַ דער ציג דעם ווידל און איך דאַרף גיין דאָ זיך אויסטאַינענען מיט אָט די גראָבע הינטנס...

און די אַרבעטער האָבן זי געשטויסן אין דער פּלייצע אריין און גע-שטיקט זיך מיטן געלעכטער און מיטן האַנאָעדיקן אין דער מאַמען אריין...

— שנייד שטארקער, מומינקע אַוודאָטיע!... דעק מיטן בויך — דער הינטן וועט אויפרעסן...

— שווייגט, פּאסקודניאקעס!... צו וואָס האָט מען אייך, זאַווקאָמצעס, פאר קאָפּ געמאכט? דאָס זייט איר — די לויפער? דאָס זייט איר — די גייער? דאָס קאָן פון אייך דעם ארבעטסמאן עפּעס ארויסקומען?

זי האָט ברייט א מאך געטאָן מיט דער פּוס און א קנאַק געטאָן מיט אַ שקראַבע אפן טיש. דאָס קליידל האָט זיך בא איר פאריסן איבער די קני און אָפּגעדעקט די בלוילעך אָנגעדראָלענע פוס פון די שקראַבעס ביז דער לענד.

דער אוילאָם האָט ווידער אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און זיך צעפּליעס-קעט מיט די הענט.

— בראַוואָ, מומינקע אוודאָטיע!... באוויזן אַ קונץ — ניט ווי אַנדערע

באַ אונז... צי דעם פּאָרהאַנג העכער — ווייז די סאַמע הויפּט-שפּיל... דעק!...

לאַשאַק איז געזעסן מיט די ווייסלען, ווי אַ שטיינערנער, און גראַמאַדא איז אויפגעשפּרונגען, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַ פּעגירע, אַ דערני-זעקטער פון שווינדזוכט.

— בירגערין!... כאַוועדטע!... דו ביסט דאָך עפּעס אַן אַרבעטער-פרוי... דער זאַווקאָם פּילט אויס זיין אויפגאַבע... און אזוי ווייטער... דו דארפסט דאָך פּאַרשטיין...

— דעק, מומינקע אַוודאָטיע... רעכן זיך אָפּ פּאַר אַלעמען!...

— טרייב ארויס צו אלדי שווארצע יאָר אָט די שליאמפּערין! וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַיסע?... דאָ איז כאַווער לענין אפן וועגטל און זי, אויסוואורף, פאַרייסט דאָס קליידל ביזן פּופּיק...

— שווייגט, ווייבערשע היצלס!... וואו זיינען מיינע באָטן, וואָס איר, זאַווקאָם, האָט מיר אלס גאָב געגעבן?... איך בין בעסאַכאַקל זיך דורכגעגאַנ-גען איין מאָל אין דאָרף מיט אַ זעקל, דערנאָך דריי מאָל אין קיך נאָך שראָפּ-בעלן אַף האָדעווען די כאַזיירים... און וואו איז שוין באַ זיי די דראַטווע אפן קעפּל?... אזאַ גאָב פּרעסט אליין... שלינגט!...

זי האָט ארויסגעשלעפּט די פּוס פונם שוך, מיטן נאַקעטן קנאַפּל האָט זי אַ זעץ געטאָן אָן דער ערד, און דער שוך מיטן אָפּענעם מויל האָט אַ פּלי געטאָן צו לאַשאַקס ברוסט.

אָבער לאַשאַק איז ווי פריער געזעסן ווי אַ שטיק אנטראַציט. ער האָט רואיק גענומען דעם שוך און אוועקגעשטעלט אים אנטקעגן זיך.

— אַנו, ווייבערוק, לייג נאָר ווייטער אוועק דיין איניען ווי ס'דארף צו זיין. מירן אויסהערן.

גראַמאַדא האָט ניט אויסגעהאַלטן, איז אויפגעשפּרונגען און האָט זיך צעמאַכט מיט די הענט. די לעצטע טראָפּנס בלוט האָבן בלייך זיך צעצאַפּלט אַף די טונקעלע ערדיש-בלייכע באַקביינער זיינע.

— איך קאָן ניט ליידן, כאַווער לאַשאַק... ווי די בירגערין זאָל ניט באַ-וואוסטזיניק באַנעמען... נאָר דאָס איז פון איר זייט — אַ כאַרפּע און אַ שאַנד... אַ זאַווקאָם איז עפּעס ניט אַ מין דער רואַך ווייסט וואָס... דאָס באַדאַרף מען גלייך אָפּוואַרפן, אַזאַ פּראָוואָקאַציע.

— האָב געדולד, גראַמאַדא!... אַ גוטע שוויץ-באָד איז צו געזונט... נאָר אָט וועלן מיר באַלד דעמדאָזיקן איניען אַ שטעל טאָן ווי ס'באַדאַרף צו זיין. אַנו, יעסוימיטלע און באַליידיקטע, האַק: פאַר וואָסער מין אַרבעט דאַרפסטו דאָס באַקומען אַזעלכענע שיך?

— דו פּאַרשמיר מיר ניט די אויגן, הויקערדיקער שלימאזל... יאָ גע-אַרבעט, ניט געאַרבעט—באַקומען בין איך אויך אַ באַלן...

— טסס!... טראַסקע ניט מיטן צונג, נאָר קנאַק מיטן שאַרבן, איך פרעג: פאַר א וועלכער אַרבעטס-פּליכט ווילסטו דאָס באַקומען קיסעל מיט מילך—און מיט צוקער באַשאָטן? אַנו?... גיב אַהער דעם צווייטן שוך. די

שיך האָט מען דיר געגעבן אומזיסט און אומנישט. אַלפּי טאָעס... און די כאַזיירים וועלן מיר רעקוויזירן פאַר דעם שראַפּנעל פון קיך, וואָס האָסט אַליין געדאַרפט פרעסן אַף אַ ליידיקן בויך... דערוויי! ווּעסטו דערווייזן—באַקומסטו דיין גאָב... דעק ווי ס׳געהער צו זיין...

אוודאַטיע האָט אַ שפּאַר געטאָן אַף די אַרבעטער און אויפגערודערט דעם גאַנצן אַרטעל, ביז צו די לעצטע רייען.

— טיו — אין דר׳ערד זאָלסטו גיין!.. האַלט זיך, כעוורע, היט די שטוקאַטורקע!..

לאַשאַק האָט מיט דערזעלבער פאַרכוישעכטער רואיקייט גענומען דעם שוך (און באַם שוך איז אַ זויל—ווי אַ צונג פון אַ קו) און אויפגעהויבן אים איבערן טיש.

— נא, נעם, ווייבל!.. זעץ אַנידער דעם מאַן דיינעם, זאָל ער פאַריכטן, און טראָג. און אַף פריילעך מאַכן ווּעסטו אהער קומען אַן אַנדערש מאָל. אַז מירן לאָזן דעם זאַוואָד, וועלן מיר דיך שיקן אין די שאַכט-גרובן: ווּעסט אָן דינאַמיט אויפרייסן די פעלזן...

אוודאַטיע האָט געכאַפּט דעם שוך, געזעצט זיך אַפן דיל און אָנגעהויבן אַרויפשלעפּן אים אַף דער דיקער פוס מיט די אנגעדראַלענע אָדערן און געקלאַפּט אין שוך אַריין א מעוואולוועלן זידל-געפּלאָנטער:

— הערט, גוילעמס: גיט מיר צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַרום פירט עס די ראַטנמאַכט די געשעפטן... באַם פויער האָט זי צוגענומען דאָס ברויט אַף פירן אַ מילכאָמע מיט די בורזשויעס, באַ די בורזשויען — די זאַוואָדן, אָט, לאָמיר זאָגן, ווי אונזערן... און קיין אַרבעט איז ניטאָ. זי האָט צוגענומען פאַרשיידענע בעבעכעס דאָרטן באַ די בורזשויעס און זאָגט: טיילט זיך איין, אַרבעטער-אַרטעל, עס זאָל קיין זאַך ניט פאַרלאָרן גיין. וואוהין דו ווילסט אהין, טו עס אַהין... און אַז מיר וועלן לאָזן דעם זאַוואָד, וועט אַביסל אַנדערש זיין. גייט שלאָפן, גוילעמס!..

באַם טיש האָט גליעב די האַנט צום העלם צוגעשטעלט און זיך צעלאַכט.

— גוט מאָרגן, כעוורע! לאַנג זיך ניט געזעען. כ׳בין געקומען צו מיין ווערקשטעטל, און באַ אייך איז ניט קיין זאַוואָד, נאָר עפּעס א שעכטהויז... צו וואָס פאַר אַ פּאַסקודסטווע האָט איר די פּראָדוקציע דערפירט, פריינט מיינע!.. צעשיסן דאַרף מען אייך, כאַווירים טייערע...

אַפילע דער שטול, אַף וועלכן גראַמאַדע איז געזעסן, האָט זיך ווי א פויק צעפּייקלט און איבערגעדרייט זיך מיט אלע זיינע פיר פיסלעך קאַפּויר.

— גליעב!.. כאַווער!.. לאַשאַק, צי דערקענסטו דען ניט?.. גליעב טשומאַלאָוו... א געהאַרגעטער און א לעבעדיקער... זע נאָר, לאַשאַק!..

לאַשאַק איז געזעסן ווי אַ שוואַרצער אָפּגאָט און האָט געקוקט אַף גליעבן מיט די ווייסלען פונקט אזוי פאַרפינסטערט, ווי אַף די אַרבעטער, ווי אַף אוודאַטיען, ווי אַפן גאנצן אַרטעל-ערעווראַוו, וואָס איז יעדן טאָג פון איינדערפרי ביז באַנאַכט דורכן זאַווקאָם דורכגעגאַנגען.

— אזוי, די זאך ווערט קלאָר. דו, שלאָסער, ביסט געווען אַ קריגסמאַן. איז שטעל איך דאָ אוועק די זאך ווי ס'באַדאַרף צו זיין... האָסט געזעען, סאַראַ ווילדע כעוורע? דער שלאָסער-צעך איז פאַרפוילט געוואָרן, גליעב: דאָרט פיילט מען צינדערלעך... א פאַרשאָלטן אָרט!

פון אונטערן טיש האָט ער מיט מאָטערניש ארויסגעשלעפט אן אומגע-ווײַנלעך לאַנגע און שווערע האַנט און פאַמעלעך זי אויסגעצויגן איבערן טיש, גליעבן. און ס'איז מאָדנע געווען צו זעען, ווי דידאָזיקע האַנט (גרעסער פאַר גליעבס האַנט)—איז לאַשאַקס האַנט.

צום טיש האָבן א שפּאַר געטאָן אַרבעטער פון פאַרשיידענע צעכן. זיי האָבן געקוקט אויף גליעבן מיט פאַרוואונדערונג און פאַרלאָרנקייט, ווי אויף אַ באַרמינען, וואָס איז אויפגעשטאַנען טכיאַסהאַמייסים, זיי האָבן זיך איבערגע-קוקט, געשטויסן און געברומט און שטויסנדיק איינע די אַנדערע, פּלאָנטערנ-דיק מיט די הענט, געכאַפּט ביידע גליעבס הענט.

און ס'איז שוין געווען שטיל, מע האָט נאָר געאָטעמט טיף און איינע-ווײַניק. דער געפּילדער און געטומל איז צוזאַמען מיט מיטקען און אוודאַטיען פאַרשוואונדן געוואָרן.

— אָט, כאַווער טשומאַלאָוו... נעם דיר עס אַלס צילבערט—זע... געננו-מען, הייסט עס, אין די אייגענע הענט... אָט ווי אַזוי דאָס זעט אויס... ארויס-געיאָגט אַלע באַלעבאַטים... איז זע נאָר, דער רואַך זאָל עס נעמען... אַ טילטעל!.. ווער עס שלעפּט א קלעפּקע, ווער עס צופּט די מעש פון די מאַשינעס, ווער עס שניידט דעם לעדער... אַנגעהערשעוועט זיך!..

ס'איז שווער געווען צו כאַפּן, ווער עס האָט זיך באַקלאָגט — אַלע האָבן איינע די אַנדערע איבערהאַקנדיק זיך באַקלאָגט. יעדערן האָט זיך גע-דאַכט, אַז נאָר ער באַקלאָגט זיך.

און גליעב האָט זיך איינגעקוקט אין אוילאָם און פריידיק מיטן העלם געגעניגט זיך:

— אַ-אַ, באָנדאַרעס... שמידן... עלעקטריקער... שלאָסערס... כעוורע ברידער!...

גראַמאַדאַ האָט זיך דורכגעריסן דורכן אוילאָם מיטן שטול אין די הענט, און, אַ קליינינקער, איינגאַנצן פון דינע ביינדעלעך, האָט ער אַ קנאַק געטאָן מיטן שטול אָן דיל.

— גיט זיך אַ רוק, כאַוויירים!.. מאַכט אן אָרט דעם כאַווער טשומאַ-לאָוו! דאָס איז אונזער קריגער פון דער רויטער אַרמיי... און אַזוי ווי ער איז אַן אַרבעטער פון אונזער פּרעכטיקן זאַוואָד, דאַרפן מיר באַ יעדן פאַל מיט אים זיך גרויסן. ווען דער כאַווער טשומאַלאָוו זאָל פאַקטיש ניט געווען האָבן געליטן דורך די גריגע אין דער רויטער אַרמיי און אַזוי ווייטער, וואָלטן עפּשער אַסאַך ניט געגאַנגען אויף אַזאַ זאַך, ווי אַריינטרעטן אין די רייען פון דער רעקאָפּע... אָט, כאַוויירים, ווער עס איז פאַר אונז, אָט א דער סאַמע כאַווער טשומאַלאָוו...

און פונם אוילאָם אַרבעטער — ווידער שטימען:

— לעבן געבליבן, גוטער ברודער?.. גוט, וואָס לעבן געבליבן... הייסט עס, הוליע דאָ. ווי ווערסטו דאָס, ברודערל, א הוליע טאָן דא?.. מיט אונזער זאך האלט עס שמאָל... מיטן זאַוואד — אַ שלעכטע מאַיסע... דיזן-דאַזן... אין דר'ערד!..

און גראמאדאַ האָט זיך שוין זיי אנטקעגן פאַנאַנדערגעמאַכט מיט די הענט און געריסן זיך אַף זיין אַנבּרוסטיקער פויגלדיקער שטים:

— כאווײרים, מיר אַלע, דער אַרבעטער-קלאַס, שלאָגן זיך אַף באַהערשן די פּראָדוקציע, אָבער עס איז אַ כאַרפּע און אַ שאַנד, כאווײרים, ווי מיר זײַנען פּעאיק אַף אַזאַ מין דעמאַגאָגיע... מיר האָבן געזיגט אַף די פראָנטן און אַלץ ליקווידירט, ניט שוין זשע קלעקט באַ אונז ניט קיין קישקע אַף ווירטשאַפטלעכע מי?..

גליעב האָט געשוויגן, געקוקט אַף די טיפאָזע פּענימער פון די אַרבעטער, אַף דער פּעגירע גראמאדא, אַף לאָשאַקן, וועלכער האָט זיך פאַרוקט הינטערן טיש אונטער דער שווערקייט פון זיין ווינקלדיקן שטיינערנעם קאָפּ. אין דעם מאָמענט, ווי נאָר גליעב האָט זיך געזעצט אַפן שטול, האָט ער אין זיין שטילשווייגן און פאַרמאַטערטקייט ווידער מיט ווייטיק דערפילט, אז זיין לעבן האָט באַקומען אַ נייע ווענדונג, און פון היינטיקן טאָג וועט עס גיין מיט נייע וועגן. אַלץ איז געווען קלאָר און פּאָשעט: אַלע געשעענישן האָבן באַקומען זייער געוויינלעכע פאַרענדונג, און ערגעץ נאָענט אינעווייניק האָט זיך איבלדיק געוויקלט אַ בענקשאַפט.

...דאָס ווייב דאשע, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי אים ווי אַ פרעמדע און אַ קלאַפּ געטאָן איבערן הארצן... די ליידיקע היים... דער וויסטער זאַוואָד אין שטויביקן שפּינוועבס... די לייבלעך-נאָענטע אַרמיי...

— יאָ, פריינט... אַ לעבן איז דאָ באַ אייך — ערגער פאַר ראַשטשינע... ווי אזוי זשע האָט איר עס, צו אלדי שווארצע יאָר, דערפירט צו אַזאַ מין מיעסער מיסט-גרוב? מיר האָבן זיך דאָרטן געשלאָגן, אומגעקומען, בלוט פאַרגאָסן... וואָס זשע האָט איר דאָ געטאָן, כעוורע? וואָס פאַר א קאַמף האָט איר דורכגעפירט דאָ? נו, וואָס פאַר אַ פאַרשוין אַ זאַוואַד איז עס, עך!.. וואָס טוט זיך דאָ מיט אייך?.. פון זינען אַראָפּ, כעוורע?.. וואָס זשע האָט איר עס אָנגעמאַכט?

גראמאַדאַ האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און האָט ניט געקאָנט בייקומען די גרויסע ווערטער. די אַרבעטער האָבן עפּעס געוואָלט אויסשרייען אַלע צוזאַמען, נאָר דער געשריי איז פאַרשטיקט געבליבן אין די קרעכצן. און נאָר איין אַרבעטער, וואָס מע האָט ערגעץ פון הינטן ניט אַרויסגעזען, אַ הייזעריקער פון שטויב, האָט זיך געוואָרגן פון געלעכטער.

— מיר זאָלן געווען, לאָמיר זאָגן, אין זאַוואַד זיך נאַריש מאַכן, וואָלטן מיר צו אלדי שווארצע יאָר אַלע אויסגעפּייגערט ווי די פליגן... אַף וואָסער טײַוול דארף מען אים, אָט דעם זאַוואַד?..

גליעב האָט אַ קנאַק געטאָן מיט די קינבאַקן און אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבער דער קני.

— נו, וואָלט איר געפּייגערט!.. איר האָט געדאַרפט פּייגערן, אָבער דעם זאוואד האלטן אף דער וואך... וואָלט איר געפּייגערט, אָבער דער זאוואָד וואָלט געלעבט...

— אָ-האָ, אונז האָבן שוין גענוג אָנגערעדט פארשיידענע גלאטע צינ-געלעך אכוץ דיר. דו בעסער שיט אויס, גלאט צינגעלע, ווי מע האָט אן אונז פארגעסן, אין דיין מאמען אריין, די שאָ זאָל ניט זיין...

פון אינעווייניק, פון הויקער ארויס האָט לאָשאק מיט אַ באס ארויסגע-ברילט.

— געקומען אין זאוואָד—דאָס איז גוט, גליעב. וועסט זיך שטעלן צו דער אַרבעט. מע דארף אַ שטעל טאָן דעם איניען אַף די פיס. דאָס איז—גוט.

גראמאדא האָט געקוקט אף גליעבן מיט פלאקערדיקע, אנטציקטע אויגן און אלץ געריסן זיך צו זאָגן אזוינע גרויסע, ניט פאר זיינע קויכעס, ווערטער.

גליעב האָט אַראָפּגענומען דעם העלם פון קאָפּ, אנידערגעלייגט אים אַפן טיש נעבן לאָשאקן.

— געקומען אַהיים, דאָס ווייב איז אדורך פארביי. איצטער וועסטו דאָס אייגענע ווייב פון ערשטן בליק ניט דערקענען. אין דער נעסט — ווערים, און קיין ברויט איז ניטאָ. קראַץ אָן אַ ברויט-קארטל אף דורכצושפּייזן זיך, פריינט לאָשאַק.

און ווי נאָר גליעב האָט דאָס אַרויסגערעדט, האָבן די אַרבעטער גלייך ארונטערגעריסן מיט אַ געלעכטער דאָס שטילשווייגן.

— אָ-אָ-אָ!.. ריידן רעדט עס שיין דאָס גלאט צינגעלע, אָבער דער בויך וויל עסן... דאָס איז שוין אַף אונזער אויפן... דערפון האָסטו געדארפט אָנהויבן... האידא, כעוורע!... געקומען, ברודער, צו אונז—קריך אונטערן מיצל ארונטער... און דער בויך וויל עסן...

— כאָוויירים, אזוי ווי דער כאווער טשומאַלאָוו איז אונזער אלעמענס ארבעטער, נאָר ער איז אויך אַזאַ אונזערער... ער האָט דאָך געליטן אין די שלאכטן און אזוי ווייטער...

— און וועגן וואָס ריידן מיר דען?... דער בויך וויל עסן... האידא אַהיים, כעוורע!..

גליעב איז אויפגעשטאנען און ווידער אַ שמיץ געטאָן דעם העלם אַפן קאָפּ.

— כעוורע!..

ער האָט אַ ברום געטאָן—פון דער גאנצער ברוסט אַ ריס געטאָן, ווי אַמאָל אין דער ארמיי. די ארבעטער זיינען שטיין געבליבן, ווידער אין אַ קופּקעלע זיך צונויפגעזאמלט, צוגעטשוועקלטע צום אָרט.

— ברידער! זאָל זיין... ריכטיק: דער בויך וויל עסן... איך האָב ד אָ ר ט מילכאָמע געהאלטן—וויל איך דאָ אויך מילכאָמע האלטן. לאָמיר זיך שלאָגן פארן זאוואָד, כעוורע! שטארבן וועל איך, פּלאצן וועל איך, פון זינען וועל איך אראָפּ, און דעם זאוואָד וועלן מיר גיין לאָזן... איך וועל זיך פאר=

ברענען און דער זאוואָד וועט דאָך אָנהויבן רויכערן, וועט זיך צערודערן מיט אַלע מאַשינעס... איך גיב מיין קאָפּ!..

די אַרבעטער האָבן צעמישט און דערשטוינט געקוקט און געשטויסן זיך אַפּן אָרט.

— שטעל די זאך ווי ס׳באדארף צו זיין, גליעב. אזוי איז מיין מיינונג... ריכטיק!.. האק, כאוזער!.. און מיין הויקער וועט אויסהאלטן... ריכטיק!

גראמאדא האָט געלאכט, געלאַפן ארום טיש און געברענט ווי אין פיבער.

גליעב האָט אויפגעציטערט און זיך אַ ווארג געטאָן מיט אַ קראמף אין גאָרגל. הינטערן פענסטער, אַפּן בעטאָן-שטעגעלע, שווער זיך אָנשפּארנדיק אף אַ שטעקן, איז געגאנגען אַ סוטולעוואטער, אַ פּריציש-כאַשעווער אלטער, ניין, — דאָס איז ניט קיין אלטער: דאָס איז אַ הויכער מאַן מיט אַ זילבערן בערדל. דאָס איז — אינזשענער קלייסט... פּונקט, ווי דאמאלסט האָט ער זיך ווידער געשטעלט גליעבן אין וועג.

II

# דאָס רויטע טיכל

1

## דאָס פאַרלאָשענע היים-פייערל.

גערוט האָט גליעב ניט אין דער היים: דערדאָזיקער פאַרוואָרפענער ווינקל מיטן שטויביקן פענסטער (אָפילע פליגן האָבן זיך אָן די שויבן ניט געקלאַפּט), מיטן ניט געוואַשענעם דיל און אָנגעוואָרפענער קופּע שמאַטעס איז געווען פרעמד, ניט היימלעך, ענג: די ווענט האָבן געשטיקט און עס איז ניט געווען וואו א דריי צו טאָן זיך. צוויי שפּאַן פארויס—וואנט, רעכטס—וואַנט, לינקס—וואַנט. אין די אָוונטן פלעגן די ווענט ענגער זיך צונויפרוקן, און די לופט פלעגט געדיכט ווערן ביז צום אָנטאַפּן. און דעריקער — מייז און שמוץ. און דאָס ווייב, דאַשע, איז ניטאָ.

גליעב פלעגט רוען אפן אויסגעלאָשענעם זאַוואָד, אין די שאַכט-גרובן, באוואַקסענע מיט קוסטן-בוימלעך אוןווילדגראָז. אַרומגעבלאָנקעט, געזעסן, געטראַכט...

באַנאַכט פלעגט ער קומען אהיים און דאַשען ניט געפינען—זי האָט אים ניט אָפּגעוואַרט אַפן שוועל פון זייער וואוינונג, ווי דאָס איז געווען אמאָל, מיט דריי יאָר צוריק, ווען ער פלעגט קומען פון צעך. דאמאָלסט איז געווען היימלעך און ליבלעך אין צימערל. אין פענסטער האָט זיך געררויכערט א מוסלינען פאָרהאנגל און פון די בלומען-טעפלעך אַפן פענסטער האָבן די בלומען מיט רויטע פייערלעך געוואונקען פון דערוויטנס נאָך אים אנטקעגן. דער געפאַרבטער דיל האָט אין דער עלעקטרישער ליכט מיט זיין גלאַנץ זיך געשפּיגלט, און דאָס ווייסע בעט און דער זילבערנער טישטוך האָבן געפינקען מיט זייער פראָסטיקן גלאַנץ. און דער סאַמאָוואַר, און דער זינגענדיקער געקלאַנג פון געפעס... דאָס האָט אינגאַנצן אין אלע אירע טיילן זיין דאַשע געלעבט—געזונגען, געוואָרט, געלאַכט, געטראַכט וועגן מאָרגנדיקן טאָג, געשפּילט זיך מיט דער לעבעדיקער פּופּע—מיטן טעכטערל, מיט ניורקען. ארום די ברעמען איבער דער נאָז פלעגן שוין אויך דאַן אף אַ מינוט זיך צונויפקניפּן און

דורך דער ליבע אירער צו אים פלעגט זיך אין די ברעמען דורכשניידן א פאַראַקשנטער כאַראַקטער.

אַמאָל. געווען. און דאָס געוועזענע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א כאָלעם, וואָס האָט זיך ניט לאַנג געכאָלעמט.

און עס האָט ווי געטאָן דערפון, וואָס דאָס איז געווען. און ניט גוט איז געווען דערפון, וואָס די נעסט איז פאַרלאָזט און פאַרשמיסן מיט שימל.

דאָרט, וואו מייז וואַרפן אַרויס זייער קויט, דאָרט קאָן מען ניט רוען. דאָרט, וואו ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס היימישע פייערל, דאָרט קריכן ארום און שטינקען נעכטלעך.

דאַשע איז געקומען נאָך האַלבער נאַכט—זי האָט קיין מוירע ניט אַרויס-צוגיין באנאכט אין די פוסטע הינטער-געסלעך פונם זאַוואַר.

טונקל און פרעמד האָט געלויכטן הינטערן גלעזל מיט שמוציקע פינגער-שטעמפּלען דאָס פאַרויכערטע פייער-ציגל אין לאָמפּ, און די מאַטאָווע ראָ-זעטקע איז ווי אן אייז-בלום אין דער לופטן א פארוועלקטע געהאנגען אַפן שוואַרץ געוואָרענעם דראָט.

גליעב איז געלעגן אַפן בעט. פון צווישן די ברעמען האָט ער פאַר-דרימלט אַף דאַשען געקוקט.

ניין, ס'איז ניט יענע דאַשע, ניט די פריערדיקע דאַשע — יענע דאַשע איז געשטאָרבן. די — איז אַן אנדערע, מיט א פאַרברענטער צורע, מיט א פאַראַקשנטן האַרטן קין. פונם רויטן טיכל קומט אויס דער קאָפּ — א גרויסער און פייערדיקער.

זי האָט זיך אויסגעטאָן נעבן טיש — די האָר געשוירענע—האָט געקייט א סקאָרינקע ראציאָן-ברויט און ניט געקוקט אף אים, און ער האָט געזעען איר פּאָנים, אַן אויסגעמאַטערטן, אָבער אָנגעשטרענגט-פאַרכמורעטן, ווי זי וואָלט מיט די ציין פארקריצט. צי ער האָט זי זשענירט אָדער זי האָט ניט געוואָלט זיין אָפּרו שטערן, אָדער זי האָט ניט געפילט יענע ענדערונג, וואָס האָט געזאָלט פּאַסירן אין איר לעבן און צוזאַמען מיט זיין קומען, — נאָר א פרעמדע און ווייטע איז געווען זיין דאַשע.

האָט ער באַשלאָסן צו נעמען זי אפן צימבל.

— דו גיב מיר צו פאַרשטיין, דאַשע, אזא מין זאַך. איך בין געווען אין דער ארמיי — איינס. כ'האָב גענוג אריבערגעטראָגן, ניט געהאַט ניט קיין אייגענע נעסט, ניט קיין אייגענער שאָ — דאָס איז צוויי. און אָט בין איך בעקומען אַהיים, צו מיין אייגן ווינקל — און ס'איז דיין זייכער דאָ ניטאָ. איך וואַרט און שלאָף ניט גאַנצענע נעכט, ווי א הינטישער ביין. מיר האָבן זיך דאָך ניט געזעען דריי יאָר.

זי האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר זיין שטים — געבליבן דיזעלבע, ווי זי איז געווען, ווען זי איז אין שטוב אַריין. און ווען זי האָט גערעדט — האָט זי ניט געקוקט אף אים.

— יאָ, דריי יאָר, גליעב.

— אהאַ, — און דו האָסט זיך מיט מיר ניט דערפרייט. וואָס איז די

מאַיסע?.. געדענקסטו די נאַכט, ווען מיר האָבן זיך געשיידט? איך בין געווען א צענעריקטער און האָב ניט באַוויזן צו זיך קומען. דו געדענקסט, ווי דו ביסט אַפּן בוידים ארום מיר, ווי ארום א קליין קינד, ארומגעגאַנגען? און ווען מיר האָבן זיך געשיידט — האָסטו געוויינט. וואָס זשע האָסטו דאָס איצטער זיך אזוי פאַרטאיעט?

— עמעס, פאַרטאיעט זיך, גליעב. איך בין שוין מער ניטאָ אין דער היים—אַן אנדערע געוואָרן.

— נו, אָט... און איך זאָג דאָך אויך דאָסזעלבע...

— און יענע היים אונזערע, גליעב, האָב איך פאַרגעסן. און ס'טוט מיר ניט באַנג. איך בין דאָך דאמאָלסט געווען א בעהיימעלע.

— אהא! און וואו זשע וועט די היים זיין? שוין זשע דערדאָזיקער מייזן-לאָך.

דאַשע האָט שטאַר א קוק געטאָן אף אים, מיט די ברעמען די אויגן צוגעדעקט, מיט די פויסטן אפן טיש זיך אָנגעשפאַרט (קיין טישטוך איז אַפן טיש ניט געווען: דער טיש איז געווען שוואַרץ און פאַרסמאָלצעוועט פון שמוץ).

— דו וואָלסט וועלן, גליעב, אז אַף די פענסטערלעך זאָלן זיך בלימעלעך קרייזלען און דאָס בעט זאָל געשוואָלן זיך בלאָזן מיט פוכאָווע קישנס? ניין, גליעב: ווינטער וואוין איך אין א ניט געהייצטער קאַמער (זיי וויסן: ס'איז בא אונז א הייצוואַרג-קריזיס), מיטאָג עס איך אין דער קיך פון פאָלקנער*). ווי דו זעסט, בין איך א פרייע סאָוועטישע בירגערין.

און האָט ניט געקוקט אף אים, ווי אַמאָל, ווען זי איז ענלעך געווען אף א קאַלע. אָט איז זי, אָן אָדערדיקע, א שטייפע, אזא, וואָס ווייס זיך איר פרייז.

גליעב האָט זיך אפן בעט אַנידערגעזעצט און אין די אויגן זיינע, וואָס האָבן שוין טויט און בלוט געזעען, האָט זיך דער אומרו א צאַפּל געטאָן. א רואך א ווייבל, מיט איר דאַרף מען זיך האַלטן עפּעס גאָר אַנדערש.

— און ניורקע? עפשער האָסטו אויך דאָס טעכטערל אַרויסגעוואָרפן פאַר די כאזיירים צוזאַמען מיט די בלימעלעך? א שיינע מאַיסע...

— אוי, סאַראַ נאַר דו ביסט, גליעב!.. און האָט זיך אָפּגעקערט פון אים, אַוועק פון טיש, ווי זי וואָלט איינגאַנצן פאַרגעסן אָן אים.

אין דער פינסטער, הינטער די פענסטער, אין די בערג-שפּאַלטן האָט קינדערש געזיפצט אַ נאַכט-פויגל: כליפּ-כליפּ... און אונטערן דיל האָבן מיט זאַמד און שטיינדעלעך געשפּילט די הונגעריקע טשורעס.

— אזוי, איז ניורקע אין קינדערהויז. נו, מאָרגן גיי איך און ברענג זי צו שלעפּן אַהיים.

— גוט, גליעב. איך האָב גאָרניט קעגן: דו ביסט דאָך אַ טאַטע. און אַזוי ווי איך האָב קיין צייט ניט, וועסטו דאָך דאָ זיצן מיט איר און דאיגען פאַר איר? אַזוי מיסטאָמע?

*) נאַרפּיט—פֿאָלקס-דערנערונג. — איבערז.

— און דו ווערסט גאָר פאַר איר קיין לאַסקע ניט האָבן?

— אַנו, גליעב, לאָמיר נאָר זיך צעטיילן מיטן בעטגעוואנט: איך האָב גאָרניט וואָס אונטערן קאָפּ אונטערצולייגן.

— נו, מיילע! אויב אזוי — עפּענען מיר דעבאטן. איך נעם אַ וואָרט!...

— פון וואָס פאר אַ הימל ביסטו עס אַראָפּגעפאַלן, גליעב? קיינע דע־באטן און קיינע ווערטער. האלט ס׳מויל!

גליעב האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט און איז אוועק צו דער טיר. און ווידער האָט ער דערפילט, אז אים איז ענג: עס האָבן געשטיקט די ווענט, און דער דיל האָט זיך געוואקלט און געקנאקט אונטער זיינע שטיוול.

ער האָט נאָכגעשפּירט נאָך דאשען. זי האָט געשיקט און פלינק געטרוי־בערט דאָס בעטגעוואנט און געוואָרפן זיך אף די הענט פאַרשיידענע בעבעכעס. ניט קוקנדיק אין זיין ווינקל, האָט זי זיך געמאכט אַ פלאַטשיק ניט היימיש געלעגער אין אַ ווינקל. און אז זי האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס קליידל, האָט זי אַף אים אַ וואָרף געטאָן אַ כויזעק־שמייכעלע — אזוי האָט זיך גליעבן אויס־געוויזן.

ס׳איז נויטיק געווען צו לייזן די פראַגע, צי האָט זי אים געליבט ווי פריער מיט אַ ווייבערשער ליבע, אָדער דידאָזיקע ליבע איז אָפּגעשטאָרבן און צוזאמען מיט דער ליבע איז אוועק אין דער פארגאנגענהייט אויך זי אַליין, דאשע?

און ס׳איז אומעגלעך געווען צו פאַרשטיין, וואָס איז אין איר איצטער מער פאַראַן: פרויען־שפּיל צי פיינטלעכע פאָרזיכט? אַ רעטעניש: צי האָט זי אים איצטער גערופן צו זיך, ווי אַ זאכער, אָדער זי האָט געריסן צווישן זיך און אים די לעצטע פעדים?

אַ פרוי האָט געוואָרפן די קיך, אוועק פון דער היים, און דער וואַרימער גערוך פון ווייבערשן קערפער האָט זיך אויסגעהויכט צוזאַמען מיט דער היימ־לעכקייט און מיט דער קיך. וועמען האָט זי געוואַרימט און געלאַשטשעט מיט איר קערפער אין דידאָזיקע דריי יאָר? אַ געזונטע און ביינערדיק־שטאַרקע פרוי קאָן ניט לעבן ניט באפרוכפּערט, עלנט, ווען טעג און נעכט פלעכט זי זיך איבער אין דער ארבעט מיט מאנסבילן. ניט פאַר אים האָט זי געהיט איר ווייבלעכע און ווייבישע ליבע־בענקשאפט: זי האָט עס פאַרשווענדעריש צע־טרענצלט אין צופעליקע גלוסטעניש. צי ניט דערפון נעמט זיך עפּשער איר איצטערדיקע שטרענגע פארפרעמדטקייט און קאלטבלוט? גליעב האָט וועגן דעם אַ טראכט געטאָן, און די נעשאָמע האָט זיך בא אים ווייטיקדיק פאַר־כלינעט און פון זיינע אויגן מיט אַ כאַיעשער בייזקייט אַרויסגעפּראלט.

— יאָ, בירגערין, געווען אַמאָל אַ מאיסע... באם שיידן זיך — טרערן, באם באגעגענען זיך — ניטאָ וועגן וואָס אַ וואָרט אויסצוריידן. דריי יאָר האָב איך געטראכט: דאָס ווייב, וואָס איז דאָ געבליבן... דאשקע... וואָרט, אוכע־דימע... געקומען צו פאָרן — געטראָפן אַ פאַרשאָלטן אָרט, און ווי איך וואָלט אַ באַווייבטער זיין בלויז אין כאָלעם. מענער זיינען געווען — נאָר ניט איך. ס׳איז דען ניט אזוי?

דאשע האָט זיך אומגעדרייט צו אים אַ דערשטוינטע און אין די אויגן אירע האָבן ווידער אַ פינקל געטאָן קאַלטע טראָפּנס.

— און דאַרטן האָסטו דען ניט געהאט קיין ווייבער כוץ מיר? זיי זיך מוידע, גליעב. איך ווייס דאָך נאָך ניט: ביסטו אַ געזונטער איצטער געקומען, אָדער פאַרפלוכט בלוט געבראכט אין די אָדערן. זיי זיך מוידע...

און זי האָט ניט אויסגעלאָשן איר כויזעקל, און דאָס כויזעקל האָט זיך אָפּגעשפיגלט פון וואנט אַראָפּ צוריק אַף איר פּאָנים, און דער פּאָנים אירער האָט געפלאמט מיט אַ פאַרטונקלטער צעגליטקייט צווישן די שווארצע פלעקן פון די אויגן-לעכער. די ווערטער האָט זי ארויסגערעדט צווישן די ציין, נאָכ-לעסיק, ווי מע רעדט וועגן שוין דערעסענע זאַכן. און אַף דידאָזיקע ווערטער דאשעס האָט זיך גליעב אָנגעשטאָכן ראפּטאם, שלאַבעריק, אָן ווידערשטאנד. דאָס, וואָס איז בא אים געווען פאַרבאָרגן אין נאַכט-סוידעס, דאָס האָט דאשע געוואוסט: זי האָט אים געקאָנט בעסער, איידער ער זי. און דערפון, וואָס ניט אָנרירנדיק זיך אָן אים, האָט זי אים געזעען אַף דורך און דורך די קראַפט זיינע, ווי אַ נאַסע שמאטע, אויסגעדרייט—דערפון איז ער, דער קריגס-מאן, אָפּגעשוואכט געוואָרן און ניט גוט זיך אויסגעגליטשט.

ער איז אָבער צו זיך געקומען, און דאָס אייגענע האַרץ צעקוועטשט. אַליין מיט כויזעק אַ שמייכל געטאָן און מיט דער שפּייעכץ דערשלונגען.

— נו, זאָל זיין, מירן זאָגן, איך בין זיך מוידע: געווען כאטאַאים... אַפּן פּראָנט טראָגט דער פויער דעם טויט אַף די שפּיץ-פינגער... אָבער אַ פרוי האָט דאָך אַן אנדער אויספירנדיקע ראָלע, אַ ווייב האָט אַן אַנדער גוירל און אַן אַנדער זאָרג.

דאשע האָט זיך אויסגעטאָן, אָבער ניט געלייגט זיך — אָן וואַנט זיך אָנגעשפּארט, ניט געשעמט זיך. אונטער דער העמד האָבן שטייף זיך גערונדיקט און געאטעמט די ברוסטן און דער בויך. פון דער זייט האָט זי מיט אַ געניטן בליק שאַרף און ווייטיקדיק אַ שניט געטאָן איבער גליעבס פיגור. געענטפערט ווידער, ווי ניט ווילנדיק, צווישן די ציין:

— אַ שיינע מאיסע: אַ פרוי האָט אַן אַנדער זאָרג, אַ וואוילן שיקזאל— זיין אַ שקלאַף און ניט וואַגן צו האָבן אַן אייגענעם ווילן; זיין ניט דער איקער, נאָר אַ צוגאב. לויט וועלכן אַלעפּבייס פון קאָמוניזם האָסטו דאָס זיך אַזוי גע-לערנט, כאַווער גליעב?

און ווי נאָר דאשע האָט עס אויסגערעדט, האָט מיטאַמאָל דאָס בלוט אין קאָפּ אַ זעץ געטאָן. דאָס, וואָס ער האָט כוישעד געווען, איז ניט קיין פּוסטע אויסטראכטעניש. זי, זיין דאשע, זיין ווייב... עמיצער האָט זיינע נעכט מיט זיין דאשען פאַרשיקערט, און זי האָט איר בלוט שיקער געמאכט מיט שיקערן בלוט פון אַן אנדערן...

מיט אַ שווערן, מיט בליי אָנגעגאָסענעם טראָט איז ער צו דאשען צו. מיט אַ פינסטערן בליק—אַ בליק פון אַ כאיע—האָט ער גלייך אין איר פּאָנים אַריינגעקוקט, אין איר פּאָנים, געשוואָלענעם מיט אַ ביינערדיקן כויזעק-שמייכל.

— איז, הייסט עס, רייד קיין רייד ניט, נאָר טאַקע אַן עמעס? האַ?

און דאָס הייסע בלוט פון האַרצן האָט קאָנוואולסיוו די מוסקולן געריסן.

זי, זיין ווייב, דאַשע...

הינטערן פענסטער — אַ שטיקנדיקע שטילקייט מיט שטערן, מיט גרילן און נאַכט-גלעקעלעך. דאָרט, הינטערן זאַוואָד, באַ די פירסן, איז דער יאַם אין פאָספאָרישן רויך. דאָרט זינגט ער מיט אַן עלעקטרישן זשום, און פונקט ווי ניט דער יאַם וואָלט דאָס געברומט אף זיין נידעריקן טאָן, נאָר די לופט און די בערג, און די קוימענס פונם זאַוואָד.

— נו, רייד, מיט וועמען האָסטו שלייפן געקניפט? וועמען האָסטו אין די נעכט מיט דידאָזיקע הענט אַרומגענומען?

— וועגן דיינע נעקייוועס אפן פראָנט פרעג איך דיך ניט אויס, גליעב. וואָס איז דיין אייסעק צו מיינע ליבהאָבער? אוועק פון מיר און קום צו זיך.

— איז געדענק זשע, דאַשקע: איך וועל דערגיין... געדענק.

זי איז אָפּ פון דער וואַנט און אַ גלאַנץ געטאָן מיט די ווייסלען.

— נעם צו דיינע אויגן, גליעב. איך קאָן שפילן מיט די ברעמען ניט ערגער פאַר דיר. גיי דיר אַף דיין אָרט. און שטעל ניט ארויס דעם קויעך דיינעם.

סאָנים. זי — מיט אַ גליענדיק קוילעכל אין די אויגן, ער — אַ ביינער-דיקער, בראַוועך, מיט צונויפגעפרעסטע ציין ביז גריבער אין די באַקן.

צי קוקט דאָס אף אים דאַשע, ווי אַ בייזע, ניט באַזיגטע נעקייווע, אָדער ער האָט פריער ניט דערשפירט אין איר די עמעסע נעשאָמע אירע, וואָס האָט זיך פאַר די דאָזיקע דריי יאָר אויסגעפיקט און געוואָרן פאַר-אַקשנט און ניט נאָכגיביק.

וואו האָט זי דאָס, דאַשע, זיך אָנגעזויגן מיט אזא קראַפט?

ניט אף דער מילכאָמע, ניט מיט אַ זאַק אַפן הויקער, ניט אין ווייבערשע זאָרג: דידאָזיקע קראַפט איז אויפגעוועקט געוואָרן אין איר און ווי אַ סטרונע זיך אָנגעצויגן דורך דעם גייסט פון קאָלעקטיוו, דורך ווייטיקן אין די פייערדיקע יאָרן, דורך גרויזאַמע ניסיוינעס אונטער דער לאַסט פון דער פריי-הייט ניט קויט די ווייבערשע קויכעס. זי האָט אים צעריבן מיט האָזע פון ווילן, און ער, דער מיליטקאָם, איז צעמישט געוואָרן און זיך פאַר-לוירן.

ס'איז פון זיך אַליין געשעען: ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן און צונויפ-געדריקט ביז קנאַק אין די רוקן-ביינער.

— בעט: לעבן אָדער טויט?

— נעם אוועק די הענט, גליעב. מיך וועסטו מיט די הענט ניט נעמען. ביסט דאָך עפּעס א מענטש, גליעב?

אירע מוסקולן האָבן ווי שלאַנגען זיך געדרייט אונטער גליעבס הענט. און אינגאנצן איז זי געווען אין אַ פאַרצווייפלטן דראַנג אַ שפרונג צו טאָן.

— נו, זאָג זשע, וואו האָסטו צעווייעט דיין ליבע צום מאַן? נו, זאָג...

— דאָס לעצטע מאָל פאָדער איך, גליעב: לאָז אָפּ, אניט וועל איך זיך שלאָגן... שלאָגן וועל איך זיך, גליעב!...

אַן אויפגעבראויזטער פון בלוט־שיקרעס האָט ער זי צום בעט אוועקגע־טראָגן און געפאַלן צוזאַמען מיט איר, — געריסן אף איר דאָס העמד און ווי אַ שפּין אַרומגעקלאַמערט איר קערפּער, וואָס האָט זיך פון אים געגליטשט. זי האָט זיך געדרייט, זיך געוואָרפן, אַן אויסגעשריי, בלויז מיט אַן אָנגע־שטרענגטן ציין־שטשיר, — און דער נאקעטער קערפּער אירער, אַ געבראָכענער, צונויפגעדרייטער — האָט אומפאַרשעמט זיך געריסן אין געדראַנג. מיט אַ שטייפן שטויס מיט די פיס האָט זי אים אראָפּגעשמיצט אפן דיל און ווי אַ קאַץ צו דער טיר אַ שפרונג געטאָן, און שוין ווידער ניט געקוקט אף אים, שווער געעטעמט און צורעכט געמאַכט אף זיך די העמד.

— קריך אקערשט ניט, גליעב, — עס וועט זיין שלעכט. איך האָב זיך גוט אויסגעלערנט מיין שטעטל באשטיין. לייג זיך אנידער און קום צו זיך. מיט מיר טויג ניט אזאַ לאָשן, גליעב. אַ קריגס־מאַן — און קיין מויעך אין קאָפּ ניט אויסגעקריגט.

אַ פאַרטויבטער, האָט גליעב געפילט, ווי אין האַרץ באַ אים פּלאַצן בלאָטערן און דער ווייטיק אין האַרצן איז געווען שטאַרקער פאַר דער באַ־ליידיקונג.

מע טאָר זי ניט שלאָגן, שלאָגן דארף מען אף דער מילכאָמע, און אינ־דערהיים — אַנדערע זאָרגן. וואו ליגט אין איר פאַרשטעקט דער סוינע, אַזאַ שטאַרקער און באַהאַלטענער?

ער איז געזעסן אַפן דיל, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן רוקן אָן בעט, און, אַ באַזיגטער, האָט ער מיט די ציין געקריצט פון אַ שטאָך אין מאַרך.

דאַשע האָט אַ ציטער געטאָן מיט די ברעמען, אַ שמייכל געטאָן און איז אַוועק אין ווינקל, צו איר געלעגער.

— פאַרלעש די ליכט, גליעב, און לייג זיך: דו דאַרפסט אָפּעטעמען, עס דרייט דיך דער שיגאָען פון איבערגעמאַטערטקייט.

— דאַשע, טייבעלע, וואו זשע איז אונזער ליבע? עפּשער ביסטו פון געשעפטן גאָר אויס מענטש און פרוי געוואָרן?

— לייג זיך און בארואיק זיך, גליעב. איך בין פאַרמאַטערט געוואָרן אף דער ארבעט. מאָרגן ווער איך ווידער אין דאָרף קאָמאנדירט אָרגאַניזירן די פרויען, און ארום זיינען די באנדיטן. מיר זיינען דען פאַרסטראַכירט פון טויט? פאַרנעם זיך ניט מיט קיין נארישקייטן, גליעב.

זי איז צו צום טיש און האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ. האָט זיך אנידער־געלייגט, אַ שאַר געטאָן מיטן צודעקעכץ און אנטשוויגן געוואָרן, און גליעב האָט ניט געהערט איר אָטעם.

איז ער געזעסן אין דער פינסטער און געוואַרט.

א ווייטיק און אַ באַליידיקונג. אַן אָפּגעבריט האַרץ. דאַשע — אַזאַ איי־גענע און ווייטע.

ער האָט געוואַרט אַף איר קאָל און אַף איר האַרץ. ער האָט געוואַרט: אָט וועט צו אים דאַשע צוגיין און ווייך, ווי אַמאָל, וועט זי צודריקן זיין קאָפּ צו איר ברוסט און וועט שטיל פּליסטערן, ווי אַ מאַמע, ווי אַ פריינט.

אָבער זי ליגט, אַ פרעמדע, מיט אַ פאַרשלאָסן האַרץ. און ער איז עלנט מיט זיין בענקשאַפט און ווייטיק.

ער איז שטיל צו איר צוגעגאַנגען, אַנידערגעזעצט זיך נעבן איר און אַרויפגעלייגט אַ האַנט אַף איר אַקסל.

— דאַשע, נו, גיב מיר אַ צעטל, ווי אַמאָל. איך בין דאָך געווען אין פייער און בלוט און זייער לאַנג האָב איך שוין קיין צערטלעריי ניט געהאַט...

איז אָט האָט זי גענומען זיין האַנט און צוגעלייגט צו איר ברוסט.

— סאַראַ נאַר דו ביסט, גליעב... אַזאַ שטאַרקער, און אַ נאַרישער... מ'דאַרף ניט... איצטער דאַרף מען ניט, גליעב! איך האָב איצט קיין קויעך ניט פאַר צערטלערייען. באַרואיק זיך. ס'וועט קומען אַ שאָ אי פאַר דיר, אי פאַר מיר... מיין האַרץ איז אַ שטיינערדיקס פאַר צערטלען, און דו ביסט אַ צו הייסער, און איך האָב נאָך פאַר דיר קיין לאָשן ניט. גיי, שלאָף...

ער האָט געקוקט, אַן איינזאַמער, אין דער בלויער שויב אַריין. דער הימל האָט מיט שטערן געקלונגען, און ערגעץ וואו, ווייזט אויס, אין די בערג, האָט מיט אַ צעקייקלטן ווידערקאָל געראָדערט פון די ערד-טיפענישן זייער אַ ווייטער געדונער. דאָס האָט דער וואַלד אין די באַרג-שפּאַלטן געזונגען מיט נאַכטישן נאָרד-אָסט.

ער איז אויפגעשטאַנען, אַ פּאָך געטאָן מיטן פויסט און איז שוואַך געפאַלן אַפן בעט.

— אָבער איך וועל זיך דערוויסן... איך וועל ניט איך זיין, אויב... היט זיך!... איך האָב זיך נאָך קיינמאָל ניט אונטערגעגעבן ביז היינטיקן טאָג. געדענק...

דאַשע האָט געשוויגן, אַ קאַלטע, אַ נאָענטע און פרעמדע.

2

# דאָס קינדער־הויז

אינדערפרי האָט גליעב דורכן שלאָף דערפילט: דער צימער איז קיין צימער ניט, נאָר עפּעס אַ פוסטע לאָך. פון פענסטער צו דער טיר און פון דער טיר צום פענסטער פלעכט זיך, וויקלט זיך, פּאַכט ווי מיט ליילעכער אַ לופט אַ דורכגעזאַפּטע מיט פרילינג. ער האָט געעפנט די אויגן — און ריכטיק: די זון פלאַמט אין פענסטער. דאַשע איז געשטאַנען באַם טיש און אָנגעטאָן אַפן קאָפּ דאָס פייערדיקע טיכל.

זי האָט אַ קוק געטאָן אַף אים און געשמייכלט מיט בורשטינענע אויגן-פונקען.

— באַ אונדז שלאָפֿט מען ניט ביז האַלבן טאָג, גליעב. די זון דונערט ווי אַ פּויק. איך האָב שוין אָנגעאַרבעט אַ באַריכט אין פֿרויען־אָפּטייל וועגן די פּיצלקינדער־היימען און אַ סמעטע אויף וועש און מעבל. אָנגעאַרבעט — און וואו צו קריגן דאָס איז ניטאָ, אַזעלכע אָפּגעשליסענע זיינען מיר. אונדזער פּאַרטקאָם דאַרף מען מיט אַ דעמבל אין קאָפּ פּויקן, אַז ער זאָל די בורזשואזיע אַ קוועטש טאָן. פֿון היינטיקן טאָג אָן וועל איך קלאַפּן מיט אַלע פֿיר טלאָען... דערמאָן זיך נאָר, דו האָסט דאָך נאָך ניורקען ניט געזען—אויב דו ווילסט, וועלן מיר צוזאַמען אין קינדערהויז גיין. ס'איז דאָ גלייך, אַ טראָט.

— גוט, מיר שפּאַנען צו ניורקען... פּאַרטיק! אַנו, דאַשאָק, גיב נאָר אַ שפּאַן אַהער אויף אַ ווײַלע...

דאַשע האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן, צוגעגאַנגען מיט אַ פֿראַגע אין די פֿרימאָרגנדיקע אויגן.

— נו, אַ שפּאַן געטאָן... און וואָס ווייטער?

— גיב די האַנט. אָט. מער גאָרניט. אַ נעקייוועס אַ פֿריערדיקע און אַ דאַשקע אַ נייע. און עפּשער בין איך אַליין אויך גאָר ניט קיין שלאָסער? נו, מײַלע...

— איך וואַרט, מאַך עס גיכער.

ביזן קינדערהויז איז דאַשע געגאַנגען פֿאָרויס. אויפֿן שטעגעלע צווישן די טויעס און קיזעל־קוסטעס פֿלעגט זי פֿאַרשוואונדן ווערן און דערנאָך ווי־דער אויפֿבליצן מיטן רויטן טיכל, און גליעב האָט געפֿילט, אַז בעקיוון אַנט־לויפֿט זי דאָס פֿון אים—האָט זי אים גערייצט? אָדער זי האָט מוירע געהאַט פֿאַר אים?

דאַשע, אין וועלכער עס איז פֿאַרבאָרגן עפּעס אַ רעטעניש.

דאָס קינדערהויז אויפֿן נאָמען פֿון כ־טע קרופּסקאַיאַ איז אָן, דאָרטן, אין באַרג־שפּאַלט, אין די קופּעס סאָד־בוימער. די ווענט זיינען פֿון ווילדן שטיין און געלייגט זיינען זיי גראָב און פֿעסט, מיט אַ מאַסע צעמענט. די פֿענסטער זיינען גרויסע, ווי טירן אָפֿענע, און פֿון די פֿינסטערע פֿוסטקייטן— אַ פֿויגלשער פֿאַרשיידנשטימיקער געפֿילדער. אַ געפֿילדער, אַ געמורמל טראָגט זיך אויך פֿון צווישן די גרינע געוויקסן אויפֿן הויף. צוויי שטאָק — און די שטאָקן זיינען פֿול מיט באַלקאָנען, מיט מאַסיווע טרעפּ אין פּעלז־דיק אויסגע־האַקט, מיט וועראַנדעס און גריכישע וואַזעס. און אָן, דאָרט, אויף דער וועראַנ־דע, ווי צייטיקע קירבעסלעך, בלאַנקען אויף דער זון קינדערשע קעפּלעך, און די פּענימלעך—פּונדערווייטנס זעט זיך עס—הויט און ביין... ווער זיינען זיי— אינגעלעך? מיידעלעך?—ניט צו פֿאַנאַנדערקלייבן זיך: אַלע גייען זיי אָנגעטאָן אין גרויע לאַנגע העמדער, און די אַמען — אויך גרויע אין ווייסע קאָפּ־טיכ־לעך,—גייען אום פֿאַרכאַלעשטע אונטער דער זון.

און רעכטס, הינטער די געביידעס, איבער די געביידעס, קאָכט מיט הימלישער בלויקייט און שפּריצט מיט בלענדנדע פֿונקען דער יאַם. ווי אַ שוואַרץ שווים־זשוקל לויפֿט פֿון די פּירסן און קאַבאָטאַזשן אַ פּאָרט־קאָטער און צווישן אים און די קאַבאָטאַזשן ציען זיך אָן ווי פֿעדים פֿון אַ דרייעק.

און די שטאָט, און די בארג-ווייטן זײַנען בוילעט און נאָענט. די פײַערדיקע לופט קלינגט מיט די גאָלדענע סטרונעס—זוממ... דאָס פליען בינען, ווי שטערן, און די פליגן שפילן זיך מיט זײערע קלינגענדיקע פליגל.

ניט געטראכט,—פון זיך אליין האבן אין גליעבן פליגל זיך צעשפרייט און ברייט זיך צעפאָכט. אָט איז עס—די בערג, דער יאם, דער זאוואָד, די שטאָט און די ווייטן, וואס לויפן הינטער די האָריזאָנטן — גאנץ רוסלאנד — מיר... דידאזיקע אלע קאָלאסן—אי די בערג, אי דער זאוואד, אי די ווייטן— זיי אלע זינגען אין זײערע טיפענישן וועגן גרויסער מי... ציטערן דען ניט אונזערע הענט אינם פאָרגעפיל פון פאראקשנטער גיבערשער ארבעט? רייסט זיך דען ניט דאס הארץ פון די בלוט-שטויסן? דאָס איז דאס ארבעטער-רוס-לאנד, דאָס—זײַנען מיר, דאס—איז די נייע פלאנעטע, וועגן וועלכער עס האט פון דוירדוירעס געטרוימט די מענטשהייט... דאס איז דער אָנהויב. דאס איז דער ערשטער לופט-שעפ פארן ערשטן קלאַפּ. פאָראָן. ס'וועט זײַן. די דונערן הערן זיך שוין...

דאַשע איז געשטאַנען בא די טרעפ מיט די וואַזעס — געוואַרט אף אים און ברייט געאָטעמט.

— סאַראַ גוטע לופט, גליעב, — ווי דער יאַם... ניורקע וואוינט אַפן צווייטן שטאָק.

און איז ווידער אָוועק אַף א פּאָר טרעפלעך פארויס. און געגאַנגען איז זי, ווי אהיים, און געווען איז זי דאָ, ווי אַן אייגענע, ווי בא זיך אינדער-היים.

פון דער ווערענדע אַראָפּ האָט גליעב דערזען נאָך קינדער, — אונטן, אין די קוסטן, אין דער געדיכטעניש פון שווינדזיכטיקע בוימלעך, פאַרוי-כערטע מיט פרילינג. זיי האָבן געבלאָנקעט, ווי די ציגן אפן זאַוואָד, האָבן זיך געשלאָגן, געוויינט... קופּקעלעכווייז האָבן זיך געפּאָרעט אין זאַמד — איילנדיק געגראָבן, זשעדנע, גנייוויש מיט א הינטער-בליק. זיי גראָבן, גראָבן — און אַלע מיטאַמאָל רייסן זיי איינע באַ די אַנדערע דאָס געפינס. ווער עס איז שטאַרקער און פלינקער, יענער גיט א שפרונג אָפּ אָן דער זייט פון קופּקעלע און גריזעט—גיריק, קייט און פאַרכלינעט זיך אין אייגענער סלינע. און די הענטלעך האַלטן אין איין ארבעטן אַרום מיילכל. און אָן, דאָרטן, נעבן פלויט גריבלען זיך קינדערלעך אין מיסט.

גליעב האָט צונויפגעפרעסט די ציין און א קנאַק געטאָן מיטן פויסט איבער די פארענטשעס.

— זיי וועלן דאָך דאָ אלע אויספּייגערן פון הונגער, דידאָזיקע הינטע-לעך, דאַשקע. שיסן דאַרף מען אייך אלעמען פאַר אייער ארבעט...

דאַשע האָט פארוואונדערט א וואָרף געטאָן אף אים מיט די ברעמען און א קוק געטאָן אונטן אַראָפּ. זיך צעשמייכלט.

— אַ, ערד-אַרבעט?.. דאָס איז נאָך ניט אַזוי געפערלעך: ס'פּאַסירט ערגערס. ווען מע זאָל קיין אויג ניט האַלטן, וואָלטן זיי דאָ אַלע אויסגעפּיי-גערט, ווי די פליגן. אָנגעעפּנט קינדערהיימען, און וואָס צו געבן עסן איז

ביטאָ, און דער פּערסאָנאַל — דו לאָז אים נאָר, וועט ער די גאָרגלען באַ די קינדער איבערגריזען. כאָטש אַנדערע זיינען פאַראַן — מאמעש גאָלד... שוין פון אונזער כיידער...

— און ניורקע — אויך אזוי?.. אונזער ניורקע — אויך אזוי?..

דאַשע האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן און רואיק באגעגנט גליעבס בליק און די בלייכקייט אף זיין פּאָנים.

— מיט וואָס זשע איז דאָס ניורקע בעסער פאַר אַנדערע? די פלאָג האָט ניורקען אויך ניט געמיטן. ווען ניט די פּרויען, וואָלטן די לייז און די קרעץ די קינדער אויפגעפרעסן און פון הונגער וואָלטן זיי די פּיסלעך אויס-געצויגן.

— דו וועסט עפשער זאָגן, אז מיטן ווייבערשן געפילדער און מיט אזעלכע געניג האָסטו אויך ניורקען געראטעוועט?

— יא, כאווער גליעב, טאַקע אזוי: מיט אזעלכע געניג — ניט אַנדערש...

ווען זיי זיינען געגאַנגען פון באַרג, זיינען די קינדער געווען אף דער וועראַנדע, און ווען זיי זיינען ארויף אף דער וועראנדע — זיינען אי די קינדער, אי די אַמען פאַרפאלן געוואָרן. אַפּאָנים, אוועקגעלאָפן איבערגעבן די בסורע וועגן די געסט...

אין זאַל — די זון, די לופט — א געדיכטע, הייסע און שמעקט מיט שלאָף. הילצערנע טאַפּטשאַנעס שטייען אין צוויי רייען און זיינען פאַרבעט מיט ווייסע און ראָזעווע דעקעס אין לעכער און לאַטעס. און די קינדער זיינען אָדער אין גרויע כאַלאטלעך אדער גאָר אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. פאַר-וועלקטע פּענימלעך און אַרום די אויגן — בלויע גריבעלעך. די אַמען גייען איינציקווייז פאַרביי דעם זאַל פון טיר צו טיר. אף די ווענט — שמירעכצן: קינדערשע קלוב-אַרבעט.

די אַמען גייען פאַרביי און שטעלן זיך אָפּ מיט דערעכערעך.

— גוט מאָרגן, כאווערטע טשומאַלאָוואַ! די פאַרוואלטערין וועט באַלד אריין.

דאַשע איז ניט פאַרשלאָסן אין זיך: זי איז דאָ א באַלעבאָסטע.

— ניורקע, איך בין דאָ!..

אַ מיידעלע אין א כאַלאטל (א קליינינקע — קלענער פאַר אלע) צע-שמיצט שוין די קינדערלעך און לויפט אנטקעגן מיט א קוויטשעריי און גע-לעכטער. און די קינדער זיינען אין געדראנג, קוויטשען און קוליען זיך. און די אויגלעך — ווי העזלעך.

— די מומע דאַשע איז געקומען!.. די מומע דאַשע איז געקומען!..

ניורקע. אָט א וואָסערע זי איז. אָט דאָס שעדל, איינגאַנצן ניט צו דער-קענען: א פּרעמדע, אָבער עפּעס אייגנס זעט זיך דאָך.

זי פליט צו און וואַקסט אריין אין דער מאַמען, צאַפּלט באַ איר, ווי א פויגעלע, און שרייט, און לאַכט, און טאַנצט.

— מאַמע, מאַמע!.. מיין מאַמע!

דאַשע לאַכט אויך, כאַפּט זי אָף די הענט ארויף, דרייט זיך, קושט און שרייט אויך, ווי ניורקע.

— ניורעלע מיינע! מיידעלע מיינס!..

צוריק די פריערדיקע דאַשע — יענע, וועלכע איז אַמאָל געווען אינדער-היים, ווען זי פלעגט מיט ניורעלען באַגעגענען אים אינאָוונט, בעאיים ער פלעגט קומען פון צעך. די צאַרטקייט און די מילדקייט זיינען פריערדיקע, און די אויגן זיינען מיט א טרער, און דער זינגעוודיקער קאָל איז מיט א נערוועזן ציטער.

— און אָט איז דיין פּאַפּאַ, אָט איז ער... געדענקסט דיין פּאַפּאַ?..

ניורקע האָט אין שרעק א פּאָך געטאָן מיט די אויגן, פאַרוועלקט גע-וואָרן — געקוקט אָף גליעבן מיט מענטשנפרעמדער נייגיר.

ער האָט זיך צעלאַכט, א האַנט אויסגעצויגן און דערפילט, ווי דער האַלז האָט זיך בא אים אין א שטריקל צונויפגעדרייט.

— נו, גיב מיך א קוש, ניורעלע. סאַראַ גרויסע דו ביסט עס!.. ווי די מאַמע א גרויסע...

נאָר זי האָט זיך אָן א זייט אָפּגעוואָרפן און ווידער אריינגעוואַקסן אין דער מאַמען מיט א שטאַרן בליק.

— דאָס איז דאָך דער פּאַפּאַ, ניורעלע.

— ניין, דאָס איז ניט דער פּאַפּאַ. דאָס איז א רויטאַרמייער.

— איך בין דער פּאַפּאַ און טאַקע רויטאַרמייער אויך.

— ניין, דער פּאַפּאַ איז ניט קיין פּאַפּאַ. א פּאַפּאַ איז ענלעך אָף א פּאַפּאַ, און ניט אָף א פעטער.

בא דאַשען לייכט די אויגן דורך א טרער. בא גליעבן רייסט דער גע-לעכטער דאָס שטריקעלע אין האַלז.

— נו, מיילע, בין איך דערווייל ניט פּאַפּאַ. אבער דו ביסט פּאָרט מיין טעכטערל. לאָמיר זיין כאַווער: איך וועל דיר דאָס צווייטע מאָל ברענגען צוקער. פון אונטער דער ערד וועל איך אויסגראָבן און ברענגען. אָבער מיט וואָס איז די מאַמע בעסער פאַר מיר? דו ביסט דאָ און זי איז דאָרטן.

— די מאַמע איז דאָ: אי באַטאָג דאָ, אי ניט באַטאָג דאָ. און דער פּאַפּא איז ניטאָ. איך ווייס ניט, וואו דער פּאַפּא איז, נאָר דער פּאַפּאַ שלאָגט זיך מיט די בורזשויעס...

— אָ-וואַ, אָט אָפּגעליימערט אביסל!.. נו, גיב זשע, איך וועל דיך א קוש טאָן...

די קינדער האָבן זיך געפּלאָנטערט אין א קאַראַהאָד, פאַרוועלקטע בליקן געוואָרפן אָף גליעבן און דורשטיק געוואַרט אָף דאַשעס קאָל און דאַשעס האַנט. מיידעלעך, געשוירענע ווי אינגלעך, האָבן זיך שטויסנדיק איינע די אנדערע געצויגן זיך צו דאַשען מיט בינטלעך געקרייזלטע פּיאַלקעס אין די הענטלעך, און יעדע איינע האָט דאַפּקע געוואָלט די ערשטע אריינשטופּן דא-שען אין האַנט אַריין א בינטל בלומען.

— מומע דאַשע!.. מומע דאַשע!..

ערגעץ ווייט, אין די צימערן, האָט מען געפּויקט אַף א קלאַוויר און אַף פֿאַרשיידענע שטימען ביז צום אונטעררייסן זיך ארויסגעשריען דעם „אינ-טערנאַציאָנאַל" פֿאַר קינדער:

שטייט אויף, איר קינדער פון באַנייאונג,
פון אלע לענדער קליינוואַרג פרייעס...

דאשע האָט געלאַכט, געגלעט די קינדער איבער די קעפּלעך, און ס'האָט זיך געזעען, אז די קינדער זיינען צו דערדאַזיקער צערטלעריי געוואוינט געווען און געוואַרט אַף דעם, ווי זיי פלעגן וואַרטן אַף זייער פּאָרציע עסן.

— נו, קינדערלעך, וואָס האָט איר געגעסן, וואָס האָט איר געטרונקען, בא וועמען איז דער בויך א פולער, בא וועמען א ליידיקער ?.. זאָגט !..

און זיי האָבן אלע מיטאמאָל ארויסגעשריען זייער ענטפער. געקראַצט זיך די קעפּלעך און אונטער די פּאַכוועס. און אָט שמארעט מיט דער נאסער נאָז א פאַרשמירט יאַטל, שלינגט דעם סמארק און מיט ארויסגעסטאַרטשעטע אויגן קרעכצט ער און קראצט דאָס שמוציקע ברוסט אונטער דער העמד. גליעב איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט דאָס העמד אויפגעהויבן. בלוטיקע ביילן. קרעץ. דאָס יאַטל האָט זיך צעשריען און אין שרעק אנטלאָפן און זיך באַהאלטן אין ווינקל, הינטער די טאַפּטשאַנעס. פון הינטער די טאַפּטשאַנעס האָט זיך נאָר געזעען דער קאָפּ זיינער מיט די אויסגעסטאַרטשעטע אויגן.

— אַ-טא-טא-טא !.. אָט אַ וויסטער העלד, שנעק, — גלייך אנטלויפט דאָס אַף די באַריקאדן !..

אי ער אַליין, אי דאַשע, אי די קינדער האָבן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. און די זון האָט אויך געשפּילט מיט געלעכטער אין די אָפענע פענסטער — גרויסע, ווי טירן.

פאַרויס, מיט ניורקען פאר אַ האַנט, איז דאַשע אוועק און האָט קיין איין מאָל זיך ניט אומגעקוקט אַף גליעבן. און דערפון האָט גליעבן ווייגעטאָן: דאַשע און ניורקע — דאָס איז איינס, און ער איז זיי אַ פרעמדער און ערגעץ ווייט. דאַשע איז דאָ מיט ניורקען האנט אין האנט — אַ מאמע, און אַ מאמע איז זי דאָ נאָך מער ווי אינדערהיים. און ער איז אי דאָ, ווי אינדערהיים, עלנט און אָן קינדער.

יאָ, מע דארף אויך דאָ זיך אויסקעמפן דאָס לעבן.

זיי זיינען געווען אַף אַלע שטאָקן: געווען אין עס-צימער, וואו עס זיינען געווען געפעס און קינדער; געווען אין קיך, וואו עס איז געווען דאמף, שראפּנעלן-רייאַך און ווידער קינדער; און אין קלוב זיינען זיי געווען, וואו ס'איז געווען ליידיק, און די ווענט זיינען באדעקט מיט שימל און שמירעכץ. דאָ האָבן דאָס אַ קופּקעלע קינדער אַרום אַ געשוירן מיידל מיט אַ ברוינעם פלעק אַף דער גאַנצער באַק מיט פאַרשיידענע שטימען און הילכיק געזונגען דעם קינדער-אינטערנאציאָנאַל.

...שטייט אויף, איר קינדער פון באַנייאונג,
איר — שעפער פון אַ העלער וועלט...

דאמאכע און ליזאַוועטע—שכײנעס—זײנען אויך דאָ. אויך אין זײ האָט גליעב דערזעען עפּעס נײס, נאָך קײנמאָל ניט געזעענעס. בײדע פילן זײ זיך אויך װי אינדערהײם. דאמאכע איז געװען אַף דער קיך און האָט געהאָלפן קאָכן. אַ צעפּאַרעטע, מיט פאַרשאַרטע אַרבל, האָט זי געאַרבעט, װי בײ זיך אין צימער. און דאַשען האָט זי מיט קושן באַגעגנט.

— נו, אָט, געקומען אונזער אטאמאַנשע. דו נעם נאָר אין דער אַרבעט אַרײַן דאָרטן דעם פאַרכװאַטן פּאָלקבילד: מע דאַרף פירן אַן אַרבעט און ניט בלויז שנײַצן זיך די נעזער אין נאָז-טיכעלע אַרײַן. און דעם נערקאָם קומט אַ באַזונדער כײלעק מיטן קאָפּ אָן װאַנט: װאו איז דאָס געזעען געװאָרן, אַז מע זאָל קינדער נערן מיט װערים און מײַזנקױט?.. װאָס, װידער ט'זיך דער באַשערטער צוגעקלעפּט? יאָג אים צום טײַװל — אַף װאָסערע קאַפּאָרעס באַדאַפסטו אים האָבן?.. מײַנער איז ניט געקומען—איז מײלע: כאַפּט אים דער טײַװל. מע קאָן זײ געפינען די הינט װיפל מע װיל. אַף אויסקלײַבן—נאַ!.. נו, נו, סטאַרטשע נאָר ניט די קוקערס—ניט פון די שרעקעדיקע... שרעק ניט מיט דײַן מיצל... און אין נערקאָם װעל איך אַלײן אװעק און װעל זיך שוין אַרײַנכאַפּן אין פּאָלקבילד און װעל זײ די צורעס צעפּאַטשן...

דאַשע האָט איר אַ פּאַטש געטאָן איבער די ברײטע פּלײצעס און האָט זיך צעלאַכט.

— נו, צעגאָרגלט זיך, גאַנז... נו, ביסט אַ ברען אַ װײַבל ביסטו, דאַמאַכע, אוף!..

— די צורעס דאַרף מען זײ אַלעמען צעפּראַסקען... אַלע, דער רואַך זאָל זײ נעמען, האָבן אין זינען אַבי זיך אין טרעלבוך אַרײַן. איך װעל זײ אַלעמען דאָרטן די הויזן אַראָפּלאָזן...

בײַ גליעבן אין האַלז האָט זיך געריסן אַ געלעכטער.

— אָט, אַ מאַרשאַס אַ װײַבל!.. דעקט אַף װאָס די װעלט שטײט, אין אײן אָטעם...

און ליזאַװעטען האָט מען געפונען אין שפּײַכלער, בײַ דער פּאַרװאַלטערין מיט דער װירטשאַפט. אי די פּאַרװאַלטערין, אי ליזאַװעטע, בײדע זײַנען זײ הױכע, שטאַלצע, בײדע—רײן אָנגעטאָן, ענלעך אַף באַרמהערציקע שװעסטער. נאָר די פּאַרװאַלטערין איז אַ שװאַרצכײנעװדיקע, מיט אַרמענישע װאַנצעלעך, און ליזאַװעטע איז אַ העל-ברעמיקע, מיט װײכע קישעלעך באַװאַקסן (הונגער, כורבן, און זי איז אַ געפּאַקטע). זײ האָבן אָפּגעװאויגן פּראָדוקטן, קאָנטראָלירט, פאַרשריבן.

דאַשען האָט ליזאַװעטע באַגעגנט שטאָלץ און אַ שמײכל געטאָן האָט זי נאָר מיט אַ בליץ אין די אויגן.

— גײ אַרײַן, דאַשע, צו דער װעש-װירטין, נאָכן געװעש — בלײַבט שמאַטעס. די קינדער האָבן ניט װאָס איבערצובײטן. מאָרגן װעלן מיר זײ אין אַ דעמאָנסטראַציע פירן, די נאַקעטע הינטנס. װעמען דאַרף מען איבער די קעפּ קנאַקן? די קינדער גײען אין די בערג נאָך הײצװאַרג, נאָר די גאַנצע

אָפּפּאַלעכץ האָבן די אַרבעטער אויפגעראמט — ניטאָ מיט וואָס דאָס ביסל שראַפּנעל אָפּצוקאָכן.

דאשע האָט דאמאכעס און ליזאוועטעס ווערטער פארשריבן.

— דו, כאווערטע ליזאוועטע, ווערסט קאָמאנדירט אלע הייזער אויסצו־פּאָרשן און דערנאָך—אין פרויען-אָפּטייל. די ערד דארף מען גראָבן — ריכטיק. און קנאקן דארף מען—אויך עמעס.

און ליזאוועטע האָט גליעבן נאָר איין מאָל מיטן בליק באַרירט, און דערנאָך מער שוין אים ניט באמערקט.

און ווידער—פרויען אין ווייסע טיכלעך און אָן טיכלעך און אַלע זיי שמייכלען מיט דערעכערעץ און כניפעדיק צו דאשען.

און אף גליעבן ווארפן זיי בליקן פון דער זייט פּאָרזיכטיק און שרעקע־דיק. ווער איז ער? עפּשער איינער פון די דערעסענע רעוויזאָרן, צו וועמען מע דארף זיך צוקוקן און דערטאפּן זיינע שוואכע זייטן.

גליעב האָט אלץ געוואָלט ניורעלען פאר אַ האנט נעמען און האָט אלץ געמורמלט צו איר:

— ניורעלע, נו, גיב זשע אַ הענטעלע — דו ביסט דאָך מיין טעכטערל.

און זי האָט זיך אלץ געזייטיקט און די הענטלעך באהאלטן. און אַז ער האָט זי אומגערן א קוש געטאָן און אויפגעהויבן אף די הענט, האָט זי זיך מיטאמאל אונטערגעגעבן און צום ערשטן מאָל פון זיינע הענט ארויס שטאר און פארטראכט אַ קוק געטאָן אים אין פּאָנים.

— אייער ניורעלע איז אַ וואויל מיידעלע...

דאָס האָט געזאָגט די פארוואלטערין, אַ פלינק מיידל, אַ בונט-פּאר־ביקס, מיט פונקעלעך, מיט גאָלדענע ציין.

דאשע האָט געקוקט פארביי איר אַף די ווענט און אף די פענסטער און איר פּאָנים איז ווידער געוואָרן שטרענג און הארט.

— ניורעלע—ווי ניורעלע... דאָ זיינען אלע גלייך. און אלע דארפן זיין וואוילע.

— יאָ, געוויס, געוויס!.. מיר טוען אלץ פאר די פּראָלעטארישע קינ־דער... איצטער דארפן די פּראָלעטארישע קינדער זיין אין צענטער פון אונזער אויפמערקזאמקייט. די ראטנמאכט זאָרגט זיך אזוי פיל...

באַ גליעבן איז אין די ציין אזש פארגאנגען.

זי לייגט. מע דארף אויספּאָרשן, וואָס פאר א עלעמענט איז דאָ.

דערנאָך—אנקלאגעס, אנקלאגעס, אָנקלאגעס...

און אַף דידאָזיקע אנקלאגעס האָט דאשע מיט ווערטער דער פארוואל־טערין אין פּאָנים אריין געשמיסן (אזא שטים האָט גליעב פריער ניט געהערט):

— ווייַנט נאָר ניט, איך בעט אייך, כאווערטע הויז-פארוואלטערין!.. איר באווייזט בעסער ארבעט און ניט באקלאָגן זיך. קלאָגן — דאָס איז נאָך ניט דאָס סאמע וויכטיקסטע...

— נו, געוויס, געוויס דאָך, כאווערטע טשומאַלאָווא... מיט אייך איז אזוי גוט און פריילעך צו ארבעטן!..

און בא גליעבן איז אין די ציין פארגאנגען.

דאשע איז געקראָכן אין אלע ווינקעלעך, געשמעקט, פראגן געשטעלט. האָט זיך ניט איינגעהאלטן—אריין אין צימער פונם פערסאָנאל.

— אַזוי גאָר!.. פאַרוואָס זשע שטייען דאָס די שטולן, סאָפּקעס און דיוואַנען אין דידאַזיקע צימערן? דאָ איז אי וואזאנדעלעך, אי בילדער, אי סטאַטועטקעס... און אלערליי קלאפערגעצייג... איך האָב דאָך געזאָגט; מע טאָר ניט אפנעמען באַ די קינדער... דאָס איז דאָך אַ מיעסע זאך!... זיי וואָלט דאָך גאָר ניט געשאדט אמאָל זיך אַ וואַלגער טאָן אף די דיוואַנען און טעפּיכן, און זיי האָבן דאָך אויך ליב בילדער... מע טאָר אַזוי ניט!..

— זעט איר, כאַווערטע טשומאלאווא... איר—זייט, פאַרשטייט זיך, גערעכט... נאָר די דערציאונגס-פּראַקטיק... די פּעדאלאגיע... דאָס איז שעדלעך: ס'אנטוויקלט פוילקייט—פאַרשיידענע שטויב און אנשטעקענישן...

בא דער פאַרוואַלטערין אין די אויגן האָבן נאדלען געציטערט, און דאשע, ניט קוקנדיק אף איר, האָט גערעדט מיט דערזועלבער שטימע, מיט רויטע טראָפּנס אף די באַקן:

— איך שפּיי אף אייער פּראַקטיק! אונזערע קינדער האָבן געלעבט אין לעכער ווי כאַזיירים... גיט זיי בילדער, און ליכט, און ווייכע מעבל... אלץ דאַרף מען זיי געבן, וואָס מיר קאָנען... צוקלייבן, באפוצן דעם קלוב... זיי דאַרפן עסן, שפּילן און גוט זיך פאַרנעמען מיט דער נאַטור. אונז—גאָרניט, זיי—אַלץ: שעכט זיך, דערשטיק זיך, אבער—גיב... און קעדיי דער פּערסאָנאַל זאָל זיך ניט פוילן, דאַרף מען אים פאַריאָגן אין צעפּליקטע בוידעמלעך... איר שיט מיר ניט קיין שטויב אין די אויגן, בעט איך אייך, כאַווערטע הויז-פאַרוואַלטערין: איך פארשטיי גאָר גוט אויסער אייער פּראַקטיק נאָך עפּעס אַנדערש אויך...

און דאָס פלינקע, בונט-פאַרביקע מייזל האָט געבלאנקט מיט די גאָלדענע ציין און געלאַכט אין אנטציקונג (און אין די אויגן האָבן שאַרפע נאָדעלעך געשפּילט).

— נו, ווער צווייפלט דען דערין, כאַווערטע טשומאלאווא?.. לויט אייער כּוש און אויפמערקזאַמקייט זייט איר אַ זעלטענע פּרוי. אונטער אייער אָנפירונג וועט אלץ זיין גוט, אַלץ אויסגעצייכנט...

און איידער זיי זיינען אוועקגעגאַנגען, האָט דאשע ווידער געלאַשטשעט זיך צו ניורען, און ווידער האָבן צו דאשען זיך געקלעפּט די קינדערלעך מיטן פויגלשן געשריי אף פאַרשיידענע קוילעס.

און ווידער האָט ניורקע לאנג, פאַרטראַכט געקוקט אַף גליעבן.

— אהיים ווילסטו, ניורעלע? וועסט זיך ווידער שפּילן, ווי פריער... טאַטע—מאַמע...

— וואסערע היים? מיין בעטל איז אָן דאַרטן. מיר האָבן איצט געטרונקען מילך און באלד וועלן מיר גיין אונטער מוזיק.

און צום ערשטן מאָל האָט זי ציטערדיק און ווייך ארומגענומען גליעבן, און אין די אויגעלעך (דער מאַמעס אויגעלעך) האָט געגליט אַ פונק פון אַ ניט געלייזטער פראַגע.

פון קינדערהויז ביזן שאסיי האָט דאשע געשוויגן, און איר פּאָנים האָט געשפּילט מיט ניט אפגעקילטן צערטל. אפן שאסיי האָט זי געזאָגט, ווי ניט צו גליעבן, נאָר צו זיך:

מיר, דער פרויען-אָפּטייל, דארף אַסאַך צו אַרבעטן. ניט די קינדער באַ-ארבעטן... אונזערע פארשאָלטענע ווייבער באארבעטן... ווען ניט די אויגן און די הענט—וואָלט מען אלץ צעראבעוועט, ביזן לעצטן ברעקל... אליין... ווי די שקלאפן... אָך!.. אומעטום—סאָנים... אוי, סארא סאַך סאָנים!.. יענע, די גאלדנ-ציינערדיקע, זיי קומט דאָס שוין אזוי פון דער נאַטור... אָבער די אייגענע... אייגענע, גליעבו!.. שקלאפיש!.. וואָס טראכטסטו וועגן אַ קוועטש טאָן די בור-זשואזיע, גליעב?..

---

III

# דער פּאַרטקאָם

1

## דער כאַוועך זשוק, וואָס דעקט

דער אַרבעטס-פּאַלאַץ איז געשטאַנען ווי אַ ציגלנע קאַזאַרמע אין צווייי שטאָקן אויפן ברעג-פּאַס בא דער לאַנגער דורכזיכטיקער עסטאָקאַדע, וואָס איז געלאָפן מיט אירע שוואַרצע דאַמבעס און איבערפלעכטונגען אין דער בוכטע אַריין. אַ בעטאַנישע וואַנט איז ווי אַ געבראָכענע סטענגע געגאַנגען פון ביידע זייטן פּאַסאַד און האָט אָפּגעשניטן דעם ברעג-פּאַס פון דער אייזנבאַן-טעריטאָריע. אין די לעכער און שפּאַלטן פון דער וואַנט האָט זיך געזען ווי ס'האָבן זיך איבערפלעכטנדיק אויסגעצויגן, ווי סטרונעס, און האָבן זיך פאַרצווייגט די אייזערנע אָדערן פון די פאַרזשאַווערטע אַנגעוואַלצטע רעלסן. ווי שטאַלן האָבן זיך געשפּרייט די קלייטן ביזן סאַמע וואָקזאַל, און ווייט אויף די שטיצפּונקטן פונם פאַרבאַרג האָבן, ווי פאַרצייטיקע טורעמס, שטרענג געקוקט די שפּיצן פונם עלעוואַטאָר. און ער, דער עלעוואַטאָר, אַ פייערדיקער, אונטער די בערג, איז אַליין געווען ווי אַ באַרג, ווי אַ ריזיקער ניט צוטריטלעכער טעמפּל.

אויפן ברוק, לענגאויס דער וואַנט, האָבן ווי באַמבעס-אויפרייסן וועגענער געדונערט, און גרויע מאַסיוון פון די האַפן-דאַמבעס מיט ציקלאָפּישע רינגען פאַרן צושטיין פון יאַם-אָקרענטן, מיט קלינגענדיקן גלאַנץ פון די רעלסן-באַנען, פולע מיט מיסט פון וואַגאַן-בראַכוואַרג, מיט פאַררוויסטע מאָלן האָבן געשניטן די בוכטע אויף שטיינערנע קוואַרטאַלן. און אין דער ווייט, אין רויך פון פרילינג-כאַשכעס שפּילט דער האַפן מיט רעגנבויגנדיקע הייטלעך, און ווי מעוועס פינקלען די ווייסזעגלדיקע פישער-שיפלעך. מיט די אַקסענע רוקנס וואַרפן זיך די פעטע דעלפינען און דער קעפּאַל שפּריצט מיט זילבער אויף דער זון.

בענקענדיקע האַפן-דאַמבעס, הונגעריקער יאַם... אין וועלכע וואַסערן און לענדער בלאָנדזשען די געפאַנגענע אָקרענטן?..

באַם ארבעטס-פּאַלאַץ, פאַרן פּאָרטאַל מיט דער הויכער טרעפּ-פּיראַמידע,— אַ בלומען-גארטן און קאשטאַן-בוימער. נאָר קיין בלומען איז ניטאָ, די קאַש-טאַן-בוימער—זיי זיינען פארזעעניש, און דער פּארקאַן איז אף הייצן צענומען געוואָרן.

אנשטאָט בלומען—זון-קערלעך, אין שאָטנס אונטער די בוימער—ברוינע צעריבענע שוואָמען. נאָר עס זעט זיך גוט, ווי הויך, איבערן דאַך, אַפן רויטן פלאַטער פון דער פאָן ציגדן זיך אָן און לעשן זיך אויס ווייסע בלימעלעך: ר. ס. פ. ס. ר.

צוויי קארידארן האָבן אין אַ קרייץ זיך געשניטן: איינער—גלייך, אין זיצונג-זאַל (רויטע פאָנען בלוטיקן זיך אין די אפענע טירן), דער צווייטער רעכטס און לינקס ווי פינסטערע לעכער. רעכטס איז געווען דער פּארטקאָם, לינקס—דער פּראָפּראַט. פון באַד-מוטנעקייט איז דער טאבאַק-רויך געווען שמוציק. די ווענט זיינען אויך שמוציק, פארפלעקט און פארשפּריצט מיט אַ צעקאַלופּעטער שטוקאַטורקע. פלאַקאַטן. מענטשן אין שווארצן און געלן לעדער, מיט פארטפעלן, און מענטשן—סטאַם מענטשן, אפּגעריסענע, אין שיך און אָן שיך (פון די בערג האָט נאָר וואָס מארט געגידערט,—אבער ווארים איז שוין). ווייט און נאָענט, אין די קארידארן, אין די צימערן—זינגענדיקע שטימען הילכן, פּיש-טופּעריי, שמאָדערניש פון באַרוויסע פיס און קנאַקעריי פון ביקסן-שלעסער אין שטאַב פונם אפּטייל פאַר באַזונדערע שליכעסן.

גליעב איז אוועק מיטן קאָרידאר אף רעכטס.

באַ די גלעזערנע טירן פונם פּארטקאָם זיינען געשטאַנען צוויי מענטשן. ביידע האָבן זיך רעליעף אויסגעשניטן מיט זייער פלאַכע פּראָפילן אפן מאַ-טאָווען גלאָז. איינער—א פליכעוואַטער, מיט א טערקישער נאַז. די אויבערשטע ליפּ א קורצינקע, און דאָס מויל איז האַלב אָפן און שמייכלט. דער צווייטער—א קורנאַסער. א קליינער שטערן מיט א קנייטש אינמיטן און א דיקער קין ווי א פויסט.

— א כאַרפע און א שאַנד, כאַוויירים טייערע!.. א כארפע, אַ שאַנד און א ביזאַיען!..

דאָס האָט גערעדט דער קורנאַסער און ניט גערעדט, נאָר ווי גע-האווקעט:

— טשינאָווניקעס געוואָרן... ביוראָקראַטיזם—נאָך ניט באוויזן די קער-פּערס פון די כאַוויירים מעקאַבער צו זיין... דאָס בלוט איז נאָך ניט אויס-געטריקנט געווארן, יאָ!.. און מיר—אין קאַבינעטן און פאָטעלן... און די פיס מאַיסע גענעראַל... גאַליפע... און פאָרמאַליסטיק... און פאַפּירן מיט נומערן... און ניט געמעלדעטערהייט דערוועג זיך ניט אריינצוגיין. אין קורצן וועלן מיר זיך צו אייער עקסצעלענס דערקלייבן... געוועזן כאַוויירים... וואו זיינען זיי?.. איך פיל, ווידער איז דער ארימער ארבעטער-קלאַס—אין לייד און אונטער-דריקונג...

— איר מאַכט א טאָעס, כאַווער זשוק. ס'איז ניט אזוי. אייער שטאַנד-פּונקט איז אין גרונט ניט ריכטיק. אזוי טאָר מען ניט אורטיילן. ניט דאָס איז

וויכטיק... סאָנים אסאך, כאווער זשוק... עס איז נויטיק אַן אומראַכמאָנעסדיקער טעראָר, אנדערש וועט די רעפובליק זיין צווישן לעבן און טויט... אט וועגן וואָס מע דאַרף טראַכטן. איך פאַרשטיי אייך. כאווער זשוק, אבער די ראטנ-מאַכט מוז האָבן א פעסטן, בוילעטן, אויסגעפרואווטן אפאראַט... זאָל זיין א ביוראקראטישער אפאראט... אבער ער דארף ארבעטן אף זיכער.

— אויך דו ציסט אהין... אלע ציט איר אהין... טאָ וואו זשע זאָל זיך דער ארבעטער־קלאס אהינטאָן?.. עך, כאווער טייערער, סעריאזשע! דאָס אינגעווייט טוט ווײ... קיין וואָרט איז ניטאָ מיט וועמען אויסצורעדן...

— איצטער איז נאָר איינס, כאווער זשוק: ארבעט צווישן די מאַסן... ארבעט, ארבעט און ארבעט... די מאַסן דארפן גלייך אנזעטיקן דעם גאַנצן אפאראט פון דער רעפובליק ביזן סאַמע אויבנאָן. דאָס שלאָגוואָרט פונם כא-ווער לענין וועגן דער קעכין דאַרף ווערן א פעסטער שטייגער־פאַקט... אין דעם ליגט אַלץ... און איר גרייזט... איר ברעכט זיך אין אן אפענע טיר...

— עך, דו, סעריאזשע!... הייסט אַן איבערגעגעבענער קאָמוניסט און ביסט בלינד... דעם ארבעטער-קלאס איז נויטיק אביסל מער האַרץ, און וועגן די סאָנים—כאפּט זיי דער רואך: מיר האָבן געשטיקט און וועלן שטיקן... אבער ווי זאָל מען קוקן אַף די פּאַרטיי-טוער און די ארבעטער? זיי זיינען ארויף אַף הויכע שטעלעס און פון פריינט-כאווירים זיינען זיי געוואָרן הינט... אָט, וואו די סאָנים זיינען, כאַווער טייערער!..

און אין דערדאָזיקער בילנדיקער קלאָגעניש און אין געבראָכענעם פּראָפיל האָט גליעב דערקענט זיין אמאליקן גוטן ברודער, דעם טאָקער זשוק פונם זא=וואָד „שיפּשטאָל”. ער האָט זיך ניט געביטן. אויך איצטער שרייט ער און בא-קלאָגט זיך, ווי מיט דריי יאָר צוריק.

ער איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אים א דריק געטאָן דעם אקסל.

— א גוט מאָרגן, פריינט!.. שרייסט? דעמאסקירסט?.. ווען וועסטו שוין אויפהערן דעמאסקירן? קאמאנדעווען דאַרף מען און אקערן מיט דער נאָז די ערד. און דו כניקעסט, קורנאָסער.

זשוק האָט פאַרכידעשט אויסגעשטעלט א פּאָר אויגן, און דער פּאָנים זיינער האָט אַן אָכקע געטאָן און צעשפּאָלטן זיך אף שערבעלעך. מיט א פייף האָט ער אריינגעאטעמט און ארויסגעאטעמט לופט:

— כאווער טייערער!.. גליעב!.. קריגסמאַן!.. מאַמע מיינע!..

ער האָט אים ארומגענומען, א הויב געטאָן מיט היץ און מיט באָד=שווייס.

— וואָס מאכסטו עפּעס, א?.. פריינט!.. אָט וועלן מיר ביידע דאָ באלד אַלעמען אריינטיילן... אלע אַף די ערטער צעשטעלן... וואָס פּאַר א מאזל האָט דיך געבראַכט, א?.. סעריאזשע, אָט האָסטו—מיין סאַמע געטריי-סטער פריינט... פון מי און בלוט...

— פויק ניט פוסטע מאַיסעס, זשוק... קלאָגעניש איז פּאַר אונז ניט קיין וועג צו זיג.

— אָ-אָ, געהערט, סעריאָזשע?.. די הויט וועט דאָס אראָפּשינדן, כּעוורע־מאַן!.. אָט וועט עס האָט אונז אויסגעפּעלט, סעריאָזשע... דריי און דרייסיק בערג וועלן מיר איבערקערן...

גליעב און סערגיי האָבן זיך מיט די הענט באַרירט, צונויפגעפלאָכטן די פינגער אַף א רעגע, פּאָרזיכטיק, פּארפרעמדט. און אין סערגייס פינגער האָט גליעב דערפילט א ווייכקייט און א מיידלשע ציטערדיקייט.

— אַ אינטעליגענט... די דלאָניעס, ווי לעפּעלעך... דעליקאַטע...

ער האָט אים א קוק געטאָן אין געזיכט. קרייזן—געלע, ווי בורשטין, אויגן—געלע, מיט א שמייכעלע, און א שמייכל שטעקט אויך אין די עטוואָס אונטערגעהויבענע מויל־ווינקלען, א שמייכל,—דאַכט זיך, א כויזעקדיקער און דאָך איז דארטן פאַראַן עפּעס צערטלדיקס און א פראַגע.

— איך קען אייך שוין, כאַווער טשומאַלאָוו. איך האָב אייך געזעען דאָס פּאָריקע מאָל, ווען איר האָט זיך רעגיסטרירט. ווען אייך איז געשטעלט גע־ווארן די פראַגע אין פּרעזידיום פון קאָמיטעט. איר זייט געקומען צו דער צייט.

— דו זעסט? זיי, די גענעראַלן אונזערע, האָבן גלייך דערפילט א הענט. דו באַגיי זיך מיט זיי אַף א מיליטערישן אויפן, אניט וועלן זיי דיך לעבן ניט לאָזן. מיך האָבן זיי אויך געוואָלט אין דער פאַסטקע פאַרנאַרן, אונ־טערן קנאַפּל האַלטן, בין איך אבער כיטרער פון זיי פון אלעמען און ווייס מיר איין זאַך... איך וועל זיי אלעמען ארויסברענגען אַף דער ליכטיקער שיין ארויס...

— נו, אינפּאָרמיר, וואס האָסטו זיך אזוי צעבייזערט, זשוק?

— איך גלויב זיי ניט אַף קיין שמעק־טאַבאַק. מיטן מויל קעסיידער—דער אַרבעטער־קלאַס, און מיטן האַרצן—דער רואך ווייסט וואָס, ציטערן פאַר דער אייגענער פעל!.. באַלגאַיוועניקעס און פאָרן רייטנדיק אַף אַלעמען!

— נו, לאָמיר אָנקוקן דיינע גענעראַלן, זשוק. פיר!

— גייט ארייַן צום סעקרעטאַר, כאַווער טשומאַלאָוו. דאָרט גייט א זי־צונג, נאָר דער סעקרעטאַר האָט באַפוילן אייך גלייך ארויסרופן דורך א טע־לעפאָנאָגראַמע. גייט אַריין... זשידקי איז זיין פאַמיליע...

— ניין, פיר שוין דו בעסער, סעריאָזשע: דיר איז עס לייכטער. און איך וועל שוין צום רומל זיך אויך ארייַנכאַפּן, איך וועל זעען, ווי אזוי וועלן זיי אים מיט די הוילע הענט נעמען...

— איך בין פאַרנומען, כאַווער זשוק. איצט האָב איך א באַראַטונג אין אַגיטפּראָפּ, דערנאָך—א זיצונג אין דער קאָלעגיע פון פאָלקבילד, דערנאָך—אַן ארויסטרעטונג...

— עך, סעריאָזשע!.. אַ געבילדעטער מענטש ביסטו, און ערגער פון אַ מאָנאַך: גרויסע דוויקעס און האכנאָע.

דער ערשטער איז אַריין אין צימער ניט סערגיי, נאָר גליעב. צי דער־פאַר ווייל דער צימער איז געווען אַ קליינער, אָדער עפּשער גאָר דערפאַר, ווייל דאָרט זיינען געווען בלויז פרויען, נאָר גליעב האָט דערפילט, אַז ער

האָט מיט זיך אָנגעפּילט דעם גאַנצן צימער און ער האָט זיך ניט וואו אַ קער צו טאָן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער העלם האָט זיך איינגעשפּאַרט אין באַלקן אַריין און קראַצט דאָרטן די שטוקאַטורקע מיט זיין שפּיץ.

אנטקעגניבער, נעבן פענסטער, באַם טיש איז געזעסן אין אַ בלוי העמדל און מיט אַ בלייפעדער אין האַנט די פּאַרוואַלטערין פון פרויען-אָפּטייל, די כאַווערטע מעכאָווא. פון הינטער דעם רויטן טיכל האָבן ווי הובל-שפּענדלעך לאָקעלעך זיך געקרייזלט און געשפּילט זיך אַף דער זון מיטן טיכל. די אוי-בערשטע ליפּ איז געווען באַ איר מיט אַ לייכטן פוך באַשאָטן, ווי באַ אַ אינגל, און די ברעמען האָבן זיך געכוואַליעט און געשטויבט מיט פונקען. זי האָט אַף גליעבן אַ קוק געטאָן מיט איין פּאָך פון אירע קיילעכדיקע אויגן אונטער לאַנגע וויעס, און די ברעמען האָבן זיך באַ איר אַ צאַפּל געטאָן, ווי די פליגעלעך באַ אַ ליבעלע. די באַקן זיינען באַ איר געווען פוכקע און רויטע, ווי באַ אַ יונגלינג, און אין די באַקן האָט זי כיין-גריבעלעך געהאַט.

אָן א זייט, באַם טיש, איז געשטאַנען דאשע און גערעדט פלינק און הילכיק. אַף גליעבן האָט זי געוואָרפן נאָר א קורצן אויפגעפלאַמטן בליק, אָבער דער פּאָנים איז געבליבן פרעמד און זאַכלעך ניט צוטריטלעך. נעבן איר און באַ די ווענט—אויך פרויען. אַלע אין פאַרשלייפטע טיכלעך. געהערט דאַ-שעס פּאָרטראַג.

און די כאַווערטע מעכאָווא האָט געקוקט איבער אַלעמען און ווי זי וואָלט ניט געהערט—ווי אַ קאַץ האָט זי זיך אַף דער זון געוואַרימט.

זשוק האָט זיך צעלאַכט, אָנגעכאַפּט גליעבן פאַר אַן אַרבל,

— אַ געפערלעך אָרט, פריינט גליעב,—ווייבערשער פּראָנט: זיי וועלן פאַרפּיקן, צעדראַפּען, פאַרשמייסן מיטן גאָרגל... היט זיך!..

סערגיי האָט פאַרשע:ט געשמייכלט.

גליעב האָט אַ פּאַטש געטאָן מיטן הויפּן איבערן העלם.

און די פרויען האָבן גלייך ווי פון דער קייט זיך אַראָפּגעריסן און צע-פּילדערט זיך אַף זשוקן, און פון די געשרייען איז שווער געווען צו פאַר-שטיין וואָס באַטייט עס—א בונט, אָדער אַ ווייבערשע שטיפעריי אַזאַ.

— אָ-אָ, זע... שיירים-ראַט... קיין איינע וועט איצטער מער ניט וועלן האָבן קיין קינדער. דידאָזיקע ווייבער, דער רואך זאָל זיי נעמען, וועלן מיט באָיקאָט אונזערע ברידער דעקן... צום טייוול!..

דאשע האט דעם קאָפּ אויפגעהויבן, אנטשוויגן געוואָרן און צונויפגע-לייגט די הענט אַף דער ברוסט. געוואַרט ביז די מאַנסלייט וועלן אַוועק. און ווידער אַמאָל מיט א קורצן אויגן-בליק אַף גליעבן אַ קוק געטאָן. און אין דעמ-דאָזיקן בליק האָט גליעב גאָרנישט ניט געזען אויסער שטרענגער פאַר-פרעמדקייט.

די כאַווערטע מעכאָווא האָט א פּאַטש געטאָן מיטן הויפּן איבערן טיש:

— גענוג!.. פאַרנעמט אייערע ערטער, דעלעגאטקעס. צו אָרדענונג! גייט אַרויס, כאַווירים מענער, שטערט ניט. רייד, דאשע.

אָבער דערנאָך האָט זי אַליין אַפּן ערשטן וואָרט איבערגעשלאָגן דאשען.

— כאווער טשומאלאוו, צוריקוועגס גייט אַריין צו מיר. איך וויל זיך מיט אייך דורכשמועסן.

— פאראן!

די ברעמען אירע האָבן מיט פונקען אַף דער זון געשפּילט. און די אויגן — קיילעכדיקע, דורכזיכטיקע, קינדערשע, נאָר אין די אפּלען ציטערן מיט א באַהאַלטענעם ווייטיק עפּעס ווי טראָפּנדלעך.

— ניט געשעפטלעך: איך וויל זיך באקענען מיט אייך.

— פאראן!

דאשע האָט פאַרגעסן איר פאָרטראג וועגן דער שטאָט־שער נעץ פון פיצלקינדער־היימען.

2

## קאָנקרעטער פאָרשלאג

ווי נאָר מע האָט די טיר פון זשידקיס צימער אויפגעמאַכט — האָט גלייך פון דאָרט אַ זעץ געטאָן מיט א שווייסיקער דומפּיקייט און מיט א טאַבאַק־טשאַד.

אויך דאָ איז געווען זון — ניט אין די גאָלדענע לאָקן, ווי בא מעכאווען, נאָר זון אין גרינע פעדים פון פענסטער ביז איבערן טיש. עס האָבן אויפגעפינקלט פייער־ספּיראַלן, און אין רויך האָט זיך פונקענווייז שטויב געצונדן.

דער צימער איז אויך א קליינינקער. מענטשן באַם טיש האָבן זיך געבראָטן אין כוואַליעס טשאד פון דער רויכיקער זון. צעכראַסטעטע לעדער־רעקלעך בא זשידקין און בא טשיביסן — דעם פאָרזיצער פון טשעקא. זשידקי איז אַ געגאָלטער, טשיביס — אַ געגאָלטער. בא טשיביסן איז דער פּאָנים מיט אַ שטויב־הייטל און הינטער די ווייסע ברעמען פינקלען שטאָלענע נאָדלען. ער זיצט באַם טיש פּאָנים על פּאָנים מיט זשידקין און ווי ער וואָלט גאָר אָפּרוען. באַ זשידקין אף די באַקן — ווערטיקאַלע קנייטשן, און די נאָז — אַן אויזאַטישע, מיט שפּרינגענדיקע נאָזלעכער. ער גיט אַ מאַך אויף די אויגן — גיט אַ כאַפּ, און צוזאַמען מיט די אויגן שפּרינגען און כאַפּן לופט די נאָזלעכער.

אַפּן פענסטער, זיך אָנשפּאַרנדיק מיט די פיס אָןביישטידל, איז געזעסן אַ ביינערדיקער, אַן אָנגעצויגענער ווי אַ פיילנבויגן, אינגאַנצן א שוואַרצער (אי דאָס העמדל, אי דער פּאָנים פון קאָווע־קאָליר, אי די האָר), ווי מיט אַ מין פיבערדיקן דיבעק אין די אויגן, אַ יונגלינג — פאָרזיצער פון פראָפּראַט לו־כאַוואַ. געזעסן, געשוויגן און געהערט. געהערט און געעקבערט מיטן קין די קני.

גליעב האָט מיט אַ ברייטן פּאָך מיט דער האַנט צוגעלייגט די האַנט צום העלם, נאָר זשידקי האָט קיין אַכט דערויף ניט געלייגט: ווייניק קומען

צו אים פּאַרטיי-מיטגלידער—ניטאָ קיין צייט צו וויטען זיך מיט יעדערן. ער האָט נאָר פאַרוואונדערט אויסגעשטעלט די ווייסלען און מיט די נאָזלעכער די לופט געכאַפּט.

— נו, איז פאַראַן וואלד צום האַקן. נו, איז פאַראַן א ראַיאָנער וואַלד-קאָמיטעט, א ראַי-וואַלד. נו, פאַרגרייטונגען.

ער האָט געשטעלט פּונקטן מיטן פויסט.

— וואָס זשע ווייטער?.. די גאַנצע זאַך באַשטייט דאָך דערין, אַף צו-שטעלן דאָס האָלץ. ס'געפינט זיך אַף יענער זייט באַרג, אַפן ברעג. די האָלץ-פליכט פאַלט דורך. מע דאַרף געפינען א פלינק און זיכער מיטל, ווי אַזוי צו ברענגען דאָס האָלץ ביז ווינטער. צום טייוול דאָס קוסטאַרעווען און די פּאַ-ליאַטיוון: מע דאַרף נעמען דעם אָקס פאַר די הערנער אין ברייטן מאַסשטאַב. דאָ דאַרף זיין אַ ריזיקע אָנשטרענגונג. אַהער דאַרפן געוואָרפן ווערן אלע קויכעס. ראַי-וואַלד האָט ניט אויסגעפילט די אויפגאַבע, וואָס מע האָט אַף אים אַרויפגעלייגט: דאָרט האָבן זיך באַזעצט פאַרשיידענע כעוורע, וואָס האָבן נאָר זייער פעל אין זינען, און מענואַוואַלים, וואָס מע דאַרף זיי אַלע שיסן. די אַרבעטער וועלן דאָרט אין קורצן אַ בונט אויפהויבן, ווייל זיי גייען שוין אויס פון הונגער. גיט האָלץ, אַז ניט וועלן מיר די קינדער און ארבעטער אין שטאַבעלן אויסלייגן. אין אַ וואָך אַרום—די זיצונג פון דער עקאָנאָם-באַראַטונג. און מיר דאַרפן זיין גרייט. רייד, לוכאַוואַ.

דאָס באַכעראל אַפן פענסטער האָט ניט געהערט זשידקיס ווערטער. אין אים האָט דער פיבער געבערנט.

טשיביס האָט אַף קיינעם ניט געקוקט און דורכן שטויב אין דורך דער מאַסקע פון זיין געזיכט איז שווער געווען צו דערקענען, צי טראַכט ער, צי רוט ער אָפּ, לאַנגווײלנדיק זיך.

זשידקי האָט אַ קנאַק געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש.

— צום טייוול!.. אונז דאַרף מען גלייך דערציילן די מאַיסע, ווי אי-דיאָטן און דעזאָרגאַניזאַטאָרן. אויס!.. אַ העק, קיין אויסוועג, כעוורע.

לוכאַווא האָט שטייף צוגעשפּיליעט מיט די ביינערדיקע הענט די קני צו דער ברוסט און פון דערדאַזיקער קראַמפּנהאַפטער באַוועגונג האָט ער זיך ווי פאַרשרויפט אַף זיין אָרט און האָט זיך צעשאָטן אין אַ אינגלשן געלעכטער: שטויסנווייז און מיט פאַרכלינען זיך.

— וואָס איז עס מיט דיר, זשידקי, ביסט פון זינען?.. וואָס הייסט אַ העק, קיין אויסוועג?.. אויב, דער רואך זאָל דיך נעמען, דו ביסט אריין אין אַ העק, דאַרפסטו אַליין דורכקלאַפּן די וואַנט מיטן אייגענעם שאַרבן. אנדערש דאַרף מען דיך ווירקלעך שיסן און טשיביס וועט דאָס אויספילן, מיין איך, אָן שוואַכקייטן. ניטאָ און עס קאָן ניט זיין קיין העק, — ס'זיינען פאַ-ראַן נאָר אויפגאַבן. איך האָב געלייזט דיין אויפגאַבע.

— דיין קאָנקרעטער פאַרשלאַג?..

זשידקיס נאָזלעכער האָבן געציטערט און געכאַפּט לופט, און דעריבער האָט זיך געדאַכט, אז ער אַליין לאַכט אויך און קאָן ניט איינהאַלטן זיין היספּאַילעס.

— מען דאַרף אויסנוצן די מעכאַנישע קראַפט פונם זאַוואָד...

סערגיי האָט אויסגעצויגן אַ האַנט און געבעטן אַ וואָרט.

— איך האָב געוואָלט, אַגעוו... וועגן לוכאוועס פאָרשלאַג...

די קנייטשן אויף זשידקיס באַקן האָבן ווי ריטעלעך זיך צעבראָכן פון שמייכל, און גליעב האָט אין דעמדאָזיקן שמייכל דערזעען אַ פּוניבנאַראָפּיקן און מילדן כויזעק.

— סעריאָזשע האָט אַ קאָנקרעטן פאָרשלאַג, כאַווײרים. פאָרמוליר...

— איך האָב געוואָלט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאָרשלאַג פונם כאַווער לוכאווע, אָנווייזן אויפן כאַווער טשומאַלאָוו. די באַטראַכטונג פון דערדאָזיקער פראַגע קאָן אויסשפּילן אין צייט, אויב דער כאַווער טשומאַלאָוו וועט אַרויס-זאָגן וועגן דעמדאָזיקן איניען זיין מיינונג, ווי אַן אַרבעטער פונם זאַוואָד... און איצט מוז איך...

זשידקי האָט אים איבערגעשלאָגן אין מיטן וואָרט.

— סטאָפּ, סטאָפּ!... סעריאָזשע דעקלאַמירט, ווי שטענדיק, מיט געפיל און דער פּליך רויטלט זיך בא אים...

— איך מוז איצטער איילן אויף דער באַראַטונג פונם אַגיטפּראָפּ, דער-נאָך—אין דער קאַלעגיע פון פּאַלקבילד, דערנאָך...

טשיביס האָט אַ לאַך געטאָן און פויל געזאָגט, מיט אַ שטאַרן בליק אין סערגייס פּנים:

— אינטעליגענט... דערדאָזיקער „דערנאָך" קלינגט אין זיין מויל, ווי אַ טפילע. און ער שלאָפט קיין נעכט ניט פון פאַרשאָלטענע פראַגן... די אינ-טעליגענטן זיינען שטענדיק די האַכנאָעדיקסטע אייזלען אין דער פּאַרטיי; זיי פילן זיך שטענדיק דערדריקט און שולדיק. און ס'איז גוט, וואָס מע האַלט זיי אין קלעם, שטענדיק אַפן צימבל.

סערגיי איז געדיכט רויט געוואָרן און האָט זיך פאַרלאָרן, און די געלע פּליסיקייט אין די אויגן האָט מיט טרערן אויפגעגלאַנצט.

— איר זייט דאָך אויך אַ אינטעליגענט, כאַווער טשיביס...

— יאָ, איך בין אויך אַ אינטעליגענט.

זשידקי האָט געשמייכלט מיט אַ כויזעקדיקען, מילדן שמייכל.

— אַנו, כאַווער טשומאַלאָוו... שפּאַן נעענטער אַהער. עס וועט אויס-קומען צו שטיין — ניטאָ קיין שטולן...

גליעב איז צוגעגאַנגען צום טיש און איז מיליטעריש געבליבן שטיין.

— דעמאָביליזירט געוואָרן ווי אַ קוואַליפיצירטער אַרבעטער. געפין זיך אין רעשוס פון פּאַרטקאָם.

ניט אָפּרייסנדיק די אויגן פון גליעבס פּנים, האָט זשידקי דערלאַנגט אים די האַנט, און דריקנדיק גליעבס האַנט, האָט ער זי פרייינטלעך אַ טרייסל געטאָן און געמאַכט מיט די נאָזלעכער.

— דו ביסט באַשטימט געוואָרן, כאַווער טשומאַלאָוו, אַלס סעקרעטאַר פונם זאַוואָד-קעמערל. ס'איז דעזאָרגאַניזירט. זעקלער און ספּעקוליאַנטן.

אלע זיינען זיי מעשוגע געוואָרן אף ציגן און צינדערלעך. פאר אלעמען אין די אויגן ווערט דער זאוואָד צעראבעוועט. דו ביסט שוין, ווארשיינלעך, אין קורס פון דער זאך. מאך דאָס קעמערל פאר אַ פעסטעס, ארבעטס־פעאיקס — אפן מיליטערישן שטייגער.

גליעב האָט ווידער צוגעלייגט די האנט צום העלם.

— פאראן, כאווער זשידקי!

לוכאווא האָט ווידער אָנגעהויבן פיקן מיטן קין די קני, געקייט אַ פּאַפּיראָס אין א מויל־ווינקל, געקוקט אף גליעבן, זשמורענדיק די אויגן, און אין די אויגן בא אים האָט געברענט א פיבער און אַן אַנגרייפנדיקע שארפע פראגע, און דערדאָזיקער בליק האָט גליעבן ווי געדראַפּעט די נעשאָמע. און נאָר אלס ענטפער אף גליעבס ווערטער האָט ער נאכלעסיק און קאלט צו זשידקין אויסגעשריען:

— שיקן דעמדאָזיקן כאווער אין אָרגאינסטרוקטאָרשן... מיר קאָנען ניט איבערייסן די זיצונג מיט זייטיקע קלייניקייטן. פארשליסן די טיר און קיינעם ניט ארייַנלאָזן.

און אלץ געקוקט פארזשמורעט אף גליעבן, געקוקט דורכן פּאַפּיראָס־רויך. גליעב האָט זיך א ריס געטאָן מיטן קאָפּ, באגעגנט זיך מיט די אויגן מיט לוכאָוועו, נאָר גאָרניט געזאָגט. ער האָט נאָר געפילט אַ טויבן שטויס אין דער ברוסט: לוכאָוועס אויגן האָבן אים גערודערט מיט אַן אומדייטלעכן ארויס־רופערישן רעמעז...

טשיביס האָט שנעל א קוק געטאָן אף אים דורך דער געדיכטער ברע־מען־נעץ.

— איר זייט — אַ קוואַליפיצירטער ארבעטער... אַ מיליטקאָם... פּארוואָס זשע האָט איר געוואָרפן די ארמיי, וויבאַלד דער זאוואָד איז אָפּגעקילט גע־וואָרן אף יאָרן?

גליעב האָט זיך אויסגעדרייט צו טשיביסן, געענטפערט אלעמען מיט־אַמאָל:

— וואָס פאר רייד — אָפּגעקילט! א פּאסקודנע אָרט געוואָרן, אַ מיסט־גרוב, אָפּטריט, פּי־הויף. לאָמיר אָפּן ריידן, כאַוויירים. סאַראַ זאַוואָד ס׳איז געווען — אַ ריז, אַ שיינהייט... אַ וועלט־זאַוואָד... איר ווילט אָנעמען פארן גאָרגל די ארבעטער און צעטרייבן די ציגן? און וואו איז פּראָדוקציע? מע דאַרף זיך לאָזן אַלע אָדערן צעטרענען און דעם זאוואָד לאָזן גיין. אַניט וועלן די ארבעטער זיין קיין ניט קיין ארבעטער, נאָר כאַזיירים־פּאסטוכער.

און ווידער האָט ער זיך מיט די אויגן מיט לוכאווען באַגעגנט, און ווידער האָט ער אין יענעמס זשמורען זיך דערזעען דעם ארויסרופערישן רע־מעז, און נאָך עפּעס האָט ער דערזעען — אַ בריענדיקן כויזעק און א סינע. גליעב האָט אליין אויך שארף אַ קוק געטאָן אף אים, און פון לוכאָוועס בליק האָט ער נאָכאַמאָל דערפילט א טויבן קלאַפּ אין דער ברוסט.

— אויסער העלדישקייט דארפן נאָך העלדן פון דער רויטער פּאָן זיך אויסלערנען רעאַל זאַכן צו באנעמען.

טשיפיס איז געזעסן, אָנשפּארנדיק זיך אָן ווענטל פון שטול, אַ קאלטער און פארשלאָסענער, און דורך דעם שטויביקן הייטל אפן פּאָנים איז שווער געווען צו דערקענען, צי שפּירט ער נאָך דעם געשפּרעך אָדער ער רוט, לאַנגווײַלנדיק זיך.

זשידקי האָט פאנאנדערגעבלאָזן די נאָזלעכער, געצאפּלט שמייכלענדיק מיט די קנייטשן אף די באקן און גרייט געמאכט דעם פויסט אף אַ קנאַק צו טאָן איבערן טיש.

— איך האָב דיר ניט געגעבן קיין וואָרט, לוכאווא. זיץ. מיר וועלן פאַר-זעצן באטראכטן די פראַגע וועגן הייצוואַרג.

און פון לוכאוועס ווערטער, אַזעלכע אנגרייפנדיקע, ווי זיין כויזעק-שמייכל און אומקלאָרער רעמעז אין דעם זשמורען זיך, האָט גליעב אויפגע-ציטערט: דאָס האַרץ האָט זיך בא אים מיט בלוט פאַרכלינעט.

— כאווער טשומאלאוו, מיר פאַרמאָגן קיין איין שייטל האָלץ ניט. מיר גייען אויס פון הונגער. די קינדער אין די קינדערהיימען שטאַרבן אויס. די אַרבעטער זיינען דעזאָרגאַניזירט. וואָס פאַר אַ זאוואָד איצט, צום טייוול? וואָס האָקסטו אַ טשאיניק? ניט וועגן דעם האנדלט זיך. וואָס קאָנסטו זאָגן וועגן ברענגעכן האָלץ פון די דעליאנקעס? ווי קאָן מען אויסנוצן דעם זאַוואָד צוליב דעמדאָזיקן ציל? רייד צו לוכאוועס פאַרשלאג.

— הייצוואַרג? גוט. זאָל זיין אַלס אָנהויב הייצוואַרג. אין אַ כוידעש אַרום, קאַוויר איך, וועט זיין האָלץ!

— דו זאָג, ווי אַזוי גייט מען צו דערצו פּראַקטיש, אָן הויכע פראַזן.

— מירן דעקן פּראַקטיש.

גליעב האָט אַראָפּגעריסן דעם העלם פון קאָפּ און אַ שמיץ געטאָן אים אַפן טיש.

— אָט ווי אַזוי: דעם ברעמסבערג—צום בארג. די וואגאנעטקעס — ביזן סאמע פּירס. אָנלאדן די וואגאנעס ביז דער שטאָט און ביזן וואקזאל. דורכ-פירן די אָרגאַניזירונג פון אַרבעטס-זונטיקן פון אַלע פראָפאריינען. מער האָב איך ניט וואָס צו זאָגן.

זשוק האָט זיך געווארגן, זיך געקאָכט, מיט שווייס זיך באַגאָסן, געצופּט גליעבן און געשטשירעט די ציין פון פרייד.

— איר זיצט זיך דאָ, העלצלעך... זאלצט און שמאלצט... און ער — אָט ווי... ער וועט אַלץ איבערקערן און וועט אוועקשטעלן ווי ס׳באַדאַרף... דעק זיי, כאווער טייערער!..

מע האָט זיך צו אים ניט צוגעהערט, און ער אַליין, אינגאנצן אזא גע-וויינלעכער, אַלטעגלעכער איז פארשוואונדן געוואָרן אין דעם וואָכעדיקן, ווי אַ קלייניקייט. ער איז שטענדיק געווען פאר די אויגן, נאָר מע האָט אים קיינ-מאָל ניט באַמערקט, און זיינע געשרייען פון דער טיפעניש פון האַרץ זיינען קיינעמס געהער ניט דערגאנגען.

זשידקי האָט די באַקן אין פאלדן געשניטן, האָט ניט געשריבן, נאָר געצייכנט גלײַכע און קרומע ליניעס אָפּן פּאַפּיר און צעהאַקט זיי אַף טײלן. און דערפון, וואָס זײַן פּאָנים איז געוואָרן רואיק און וואכעדיק, איז ער מיטאַמאָל אַלט געוואָרן און ערגער אויסגעזען.

— דו האָסט, דאכט זיך, געוואָלט עפּעס זאָגן וועגן דעם, לוכאווא?

לוכאווא איז ווי אַ פעדער פון פענסטער אַראָפּגעשפּרונגען, פאַרבײַגעגאַנגען פארבײַ גליעבן און צוריק זיך אומגעקערט צום פענסטער.

— איך בין געווען נאָענט צום געדאנק פונם כאווער טשומאלאוו. ער האָט אים פאָרמולירט בעסער פאַר מיר. אָנעמען זײַן פאָרשלאג אָן דעבאַטן און אײַנלאדן אים אַף דער זיצונג פון דער עקאָנאָם-בּאראטונג אַף צו רעפערירן וועגן דעם.

זשידקי האָט אַ שמיץ געטאָן דעם בלײַשטיפט אָפּן טיש, און דער בלײַשטיפט האָט זיך אָפּן פּאַפּיר איבערגעקוילערט און אָוועקגעשפּרונגען צו גליעבן אונטער די פיס. זשידקי האָט זיך אויפגעהויבן, אַ רײַב געטאָן אין די הענט און באַהאַלטן זיי אין די קעשענעס.

— אַן אוטאָפּיע, כאווער טשומאלאוו. הער אויף צו פּלאפּלען וועגן זאַוואָד: דער זאוואָד איז אַ שטײַנערנער קײַוועך. ניט קײן זאוואָד באַדאַרף מען איצט, נאָר — האָלץ. קײן זאוואָד איז ניטאָ, ס'איז אַ לײדיקער שטײנברוך געבליבן. פאַר אונז איז דער זאַוואָד אָדער פאַרגאַנגענהײט, אָדער צוקונפט. לאָמיר רײדן נאָר וועגן צושטעלן די האָלץ.

— איך ווײס ניט, וואָס הײסט בײַ אײַך אוטאָפּיע, כאווער זשידקי. וועט איר ניט זאָגן דאָס ערשטע וואָרט — זאַוואָד, וועלן די ארבעטער דאָס זאָגן. וואָס האָקט איר מיר: דער זאַוואָד איז אי פאַרגאַנגענהײט, אי צוקונפט... ווי־באַלד די ארבעטער שלאָגן זיך מיטן קאָפּ אָן זאַוואָד — איז פאַראַן אַ זאַוואָד, און ער וואַרט אַף די אַרבעטס־הענט. איר שפּאַסט, כאַוויירים, צי וואָס? איר זײַט געווען אָפּן זאַוואָד? איר האָט געשמעקט די דיזעלן און די אַרבעטער? דער זאַוואָד איז אַ גאַנצע שטאָט, די מאַשינעס זײַנען גרײט צום טאַנץ. פאַרוואָס גריזשען רעגנס און ווינטן דעם אײַזן און בעטאָן? פאַרוואָס ווערט דאָס אַלץ רואינירט און עס וואַקסט די מיסטגרוב? פאַרוואָס איז דאָס דער אַרבעטער מעכויעוו זיך פאַרנעמען מיט דער רואך ווײסט וואָס? שפּײען אַף דאָס נוצלאָזע און ניט נויטיקע האָב און גוטס? דער ארבעטער איז ניט קײן קוואָטשקע: ער וועט זיך דאָך ניט אָנידערזעצן אַף אײער הינדעלעך אויסזיצן. און דאָ האָקט איר אים אַ טשאַיניק, אז דער זאוואָד איז קײן זאוואָד ניט, נאָר אַ פאַרלאָזטער שטײנברוך. שפּײט ער אַף אײַך און האַקט אין דער מאמען אַרײַן. און ווי זאָל ער טאקע אנדערש טאָן מיט אײַך? און גוט טוט ער, וואָס ער באַרײַסט דעם זאַוואָד און שלעפּט צו זיך אַהײם: אַלצײנס וועט עס אַרײַנפאַלן צום טײוול אין די צײַן אַרײַן... איר קנאַקט אים פאַרשײדענע פּוסטע מאַיסעס — און וואָס האָט איר געטאָן, אַז ער זאָל ניט זײַן קײן נידערטרעכטיקער באַלטאַכלעסניק, נאָר אַ באוואוסטזיניקער פּראָלעטאריער? אָט ווי מע דאַרף די פראַגע שטעלן, טײַערע כאווײרים...

דער ווייטיק, וואָס האָט גליעבן געשטיקט אינדערהיים און אין די זאַוואָד-קאָרפּוסן, איז אויך דאָ געווען אַ ווייטיק. און פון ווייטיק האָט ער ניט געקאָנט שווייגן. און דערדאָזיקער ווייטיק האָט דאָס געזונטע בלוט מיט קאַס פאַרגיפטעט.

זשידקי האָט אויפגעציטערט און די ווייסלען אויסגעשטעלט.

— דעם זאַוואָד מאַכסטו פאַר דיין אָפּגאָט, כאַוועד טשומאַלאָוו. צו וואָס פאַר אַ טייוול דעם זאַוואָד, ווען בא אונז איז באַנדיטיזם, הונגער און אין די ראַטן-אַנשטאַלטן ווימלען פאַרעטער און פאַרשווערער? ווער באַדאַרף איצט אייער צעמענט מיט די פאַרשיידענע צעכן? אף ברידער-קוואָרים? איר אַגי-טירט באַהערשן די פּראָדוקציע, און דער פּויער שפּאַרט אף דער שטאָט, ווי א טאַטערשע מאַכנע...

— כאַוועד זשידקי, דאָס פאַרשטיי איך ניט ערגער פון אייך. מע טאָר ניט צוגיין צו דער אַרבעט הויל-נאַקעטע און בויען די אַרבעט אַף נאַקעטע מענטשן. דידאָזיקע מעטאָדן פון אייער הויל-נאַקעטן גריבלען זיך דאַרף מען שיקן צום טייוול: מע דאַרף שלאָגן מיט בויאונג און מיט קאַמף פאַר אויפ-שטעלן די ווירטשאַפט. אָט ווי מע דאַרף די פראַגע שטעלן... אַז ניט—דאַרף מען אַלץ ווארפן און אוועקקייקלען זיך אין די לאַפּעס פון דעם פּויערשן העפּ-קער-געריכט.

טשיביס האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק צו דער טיר. דורך דער מאַסקע אפן פּאָנים האָט מען ניט געקאָנט זעען קיין אָפּשפּיגלונג פון זיין געדאַנק. בא דער טיר איז ער שטיין געבליבן, געזאָגט איינטאָניק מיטן טראָפּ אף די פונקטן:

— אונזער אָטריאַד פאַר באַזונדערע שליכעסן טויג ניט. אויב ריידן וועגן זאַוואָד, איז פאַרוואָס טאָר מען ניט ריידן וועגן קאַזאַרמע-צושטאַנד? וועגן צוקוועטשן? גוטע ווערטער, נאָר סמאַקעווען זיי האָב איך קיין צייט ניט. דערנאָך.

געעפנט די טיר און אוועק—ניט אומגעקוקט זיך.

זשידקי האָט געקוקט אף דער טיר און געשמייכלט מיט פאַרשטאַנ-דיקע אויגן.

— לאָמיר זיך ניט אַמפּערן, כאַוועד טשומאַלאָוו. די זאַך באַשטייט ניט אַזוי אין לאָזן דעם זאַוואָד, ווי אין אָרגאַניזירן די מאַסן. ריכטיק.

זשידקי האָט מיט די נאַזלעכער געלאַכט און פעסט געדריקט גליעבן די האַנט.

— אַגעוו, דרעסיר שוין אַביסל אויס אויך זשוקן, כאַוועד טשומאַלאָוו, ווייל ער זעט אויס ווי אַ הונגעריקער שטשור.

גליעב האָט געגומען זשוקן אונטערן אָרעם און איז אוועק מיט אים צו דער טיר, און זשוק האָט זיך געסטאַרעט אַרומכאַפּן גליעבן פאַר דער פּלייצע און האָט ניט געקאָנט.

— מיר וועלן מיט דיר, פריינט, דאָך אַלע בערג איבערקערן...

און פון הינטן—ווידער זשידקיס שטים:

— כאווער טשומאלאוו, עס וואָלט ניט געשאדט גוט זיך דורכשמועסן מיט באַדינען, דעם פאָרזיצער פונם אויספירקאם, און מיט לוכאווען דערפיקן זיך ביז פייער, קעדיי צו ווערן גוטע פריינט.

אין טיר האָט לוכאווא צונויפגעדריקט גליעבן דעם אָרעם. אין די אויגן און אין די ווערטער זיינע איז געווען פיבער.

— איך האָב וועגן אייך געהערט פון דאַשען. אייער פלאן וועלן מיר צוזאַמען באטראַכטן און מיר וועלן אים אָנעמען אלס די גרונט-אויפגאבע פון אונזער ארבעט. מע דארף ווירקן ניט מיט ווערטער, נאָר מיט פאקטן. די צו-קונפט ליגט אין מאַרך, אין געגנווארט ווערט זי פארוואנדלט דורך די מוסקולן...

זיי האָבן שארף, אויג אין אויג, אַ קוק געטאָן איינער אפן אַנדערן, און גליעב האָט ווידער דערפילט, ווי לוכאוועס אויגן און ווערטער האָבן אים אַ ראַק געטאַן בײַ דער נעשאמע.

דאשע... לוכאווא... פארוואס זאל לוכאווא ניט זיין אַ קנופ אין דעם-דאזיקן פארפלאָנטערטן שלייף?..

3

## אַ פרוי מיט לאקן

גליעב איז צוגעגאנגען צו מעכאווא. ער האָט ניט ווילנדיק אנגעשפארט זיך אפן טיש און דער טיש האָט אַ סקריפּ געטאָן ווי אַ מעשענער טרומייט. מעכאווא האָט, איינהאלטנדיק דעם געלעכטער, ניט מילד און פאַרוואונדערט זיין פיגור אָנגעקוקט.

— האלט איין אביסל אייער דראנג, כאַווער טשומאלאָוו. דאָס איז ניט קיין הארמאָט. מיר אַרבעטן דאָ אין פרידלעכע אומשטענדן.

— אנטשולדיקט. איך בין געוואוינט געווארן צו אַ ברייטן טראָט, און דאָ איז אַ הינער-שטייג.

— געוואוינט זיך צו צו אַן אַנדער טראָט. דאָ וועט מען אייך גיך פאַר-שטופן אין אַ לאָך, אף ראַטן-ארבעט, און איר וועט, ווי אַלע, שלעפּן דעם יאָך פון אַן אדמיניסטראַטאָר. איר וועט גיך פאַרגעסן דעם פולווער-גערוך און די ראָמאנטיק פון שלאכט-פּאַסירונגען און העלדנטאַטן. איר וועט צעווייקט און פאַרוועלקט ווערן, כאַווער. איר זייט, דוכט זיך, באַשטימט אלס סעקרעטאַר פונם זאַוואָד-קאָמערל? מיר וועלן זען, ווי איר וועט זיך ספּראַווען מיט אייער ערעווראַוו. צו אייערע פרויען איז ניטאָ קיין שום צוטריט: זיי שמעקן בלויז מיט כאַזיירים, ציגן און מיסט. אין יעדער שטוב איז אַ קרעמל און אַ לאַגער פון געגאַנווענע כפייצים. עס וועט דורכגיין נאָך איין האלב יאָר, און דער זאַוואָד וועט אַף שערבלעך צעגראַמירט ווערן. און וואָס פאַר אַ זאַוואָד!..

— אהא! און מיר אָט קלייבן זיך דעם זאַוואָד לאָזן גיין. מיר לאָזן די

דיזעלן און דינאַמאָס, בויען ברעמסבערגן באַם בארג אַף טראַנספּאָרטירן הייצווארג.

— איר אַלע פּלאַפּלט איינע און דיזעלבע ווערטער. אַפּן וואָרט זייט איר אלע העלדן, און אין טאַט צילט איר אַלע, ווי אזוי באקוועמער זיך אנידערצוזעצן און פּארוואַנדלען זיך אין סאָווּבורן. דער אינדערוואָכן איז דאָ זייער אן אומעטיקער. אין דער אַרמיי איז בעסער. איך האָב זיך אהין געבעטן, — לאָזט מען ניט אפּ. אָט בלויז אייער וויב נאָר פּילט ניט דידאַ־זיקע וואָכעדיקייט, און אין יעדער קלייניקייט געפינט זי אַ גרויסע זאַך.

דאשע איז געשטאַנען באַ דער וואַנט און האָט געשמייכלט, נאָר אין די באַוועגונגען אירע איז געווען אומגעדולד.

— איך פאַרשטיי ניט, כאַווײרים, פון וואס איר רעדט. פּאַרוואָס אזעלכע רייד און צו וואָס אזעלכע רייד? גיי זיך, קריגסמאַן. דו שטערסט אונז... טראָג זיך אָפּ, קאַלומאַן ביסט נאָך א לעבעדיקער.

און געלאַכט, און אליין געשפּילט.

— אָט איר זעט? א געשעפּטלעכע און שטרענגע פרוי.

— דאָס איז ריכטיק. דאשע איז ניטאָ אינדערהיים און סאבאָטירט גאַנץ היפּש.

מעכאווא האָט זיך צעלאַכט און אַ טרייסל געטאָן מיט די לאקן.

— פּילט ניט אויס די ווייבערשע און אנדערע פליכטן? א ביטערער ראכמאָנעס: איבערגעפירט געוואָרן דאס ווייבל דורך דער רעוואלוציע...

בא דאַשען האָט זיך א געלעכטער ארויסגעריסן, אָבער אין דעמדאָזיקן געלעכטער האָט גליעב ווידעראמאָל ניט דערהערט דעם פריערדיקן ליבן קאַלע־געלעכטער.

די פרויען האָבן געלאכט. זשוקן האָבן זיי מיט די פויסטן אין דער פּלייצע ארויסגעשטופּט און נאָכגעשריען אים אין קאָרידאָר ארײַן איינע העכער פאר דער אנדערער:

— אַוועק אייער מאַכט, געגאָלטע בעק! די ווייבער האָבן אָנגעהויבן זיך פירן ווי מאַנסבילן. אייער פריערדיקע וואוילקומעניש וועט איר שוין צוריק ניט קריגן.

מעכאווא האָט ווידער שטאַרק באַקוקט גליעבס פיגור, און אים האָט זיך געדאכט, אַז זי האָט אים גיריק אַרומגעשמעקט.

— איר האָט זיך נאָך דערוויל ניט אָנגעזאַפּט מיט אונזער קלימאַט: איר זייט אינגאַנצן פון דער אַרמיי און פון דער מילכאָמע. און עס דאַכט זיך, אַז אָט נעמט איר מאָרגן און לאָזט זיך אַוועק אין אייער שלאכט־פּאָלק. דערציילט מיר וועגן אייערע גוואורעס. ווען האָט איר דאָס באַקומען דעם אָרדען פון דער רויטער פאָן? ווען איר וואָלט געוואוכט, ווי איך ליב די ארמיי... איר ווייסט, אַ שטיקל צייט האָב איך זיך אפילע געשלאָגן אין די שויץ־גראָבנס... דאָס איז געווען אונטער מאַניטש.

זי האָט געשמייכלט, און דערדאזיקער שמייכל איז געווען אירער אַן אייגענער, — ניט פאַר גליעבן, — און כאָטש אירע אויגן האָבן געקוקט אַף אים,

אָבער אין זיי, ווי אויך אין די ברעמען, האָבן געפינקלט טראָפּנדלעך פּאַר־באָרגענע פרייד.

— גוט !.. דאָס איז געווען אומפאַרגעסלעכע טעג... ווי די מאָסקווער אָקטיאַבר־טעג... אפן גאַנצן לעבן... הערא̈יזם — אָט וואָס עס איז דער פייער אין דער רעוואָלוציע...

— דאָס אַלץ איז וואויל און גוט, כאַוועראַטע מעכאווא. אָבער אויך דאָ, אף די אַרבעטער־פּאָזיציעס דאַרף מען קלאַפּן מיט הערא̈יזם. דאָ איז שווער: כורבן, טויהואוואָואויהו, מיסטגרוב, הונגער... ריכטיק ! ס׳האָט זיך אַ בארג אַ וואַלגער געטאָן — און דעם מענטשן ווי אַ זשאַבע פאַרשאָטן. איז שטרענג זיך אָן, קריך פון דער הויט — שטעל אוועק דעם באַרג צוריק אף זיין אָרט. אומעגלעך ? אָט דאָס איז דאך עס טאַקע... הערא̈יזם איז דאָך טאַקע פּונקט דאָס, וואָס איז אומעגלעך...

— יאָ, יאָ!.. איך וויל מיט אייך ריידן, כאַווער טשומאלאָוו. ווירקלעך הערא̈יזם—דאָס איז אַ האַרמאָניזירטער, צוזאַמענדיקער דראנג... און דאַן איז קיין אומעגלעכעס ניט פאַראַן.

זי האָט זיך ווידער צעלאַכט און קלאָר האָבן זיך צעפינקלט די פונקען בא איר אין די אויגן און אַף די שפּיץ ברעמען.

— קריכן פון דער הויט, יאָ ?.. דאָס איז גוט !.. נו, האָט איר עס ווערטער!.. אָנשטרענגען אלע צעלן פונם קערפּער... איך וויל מיט אייך זיך דורכריידן, כאַווער טשומאלאָוו... איך וואוין אין ראַטן-הויז.

דאַשע האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען און האָט פאַרשנדיק געקוקט סאי אַף מעכאווען, סאַי אף גליעבן. דערנאך איז זי צו אים צוגעגאַנגען, אים אָנגענומען פאר די אקסלען, אומגעקערט צו דער טיר און אים צו איר אַ שטופּ געטאָן.

— אנו, אוועק פון דאַנען, קריגסמאַן! דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן...

גליעב האָט זיך אומגעדרייט, אַרומגעכאַפּט זי און אַוועק פון צימער. עס האבן געלאַכט די פרויען, געלאַכט האָט אויך מעכאווא. און פון דער ניטשעמעוודיקער צערטלעריי גליעבס פאר אַלעמען אין די אויגן האָט דאשע אַ געשריי געטאָן און גליעבן פעסט מיטביידע הענט אַרומגענומען. און אַף איין אויגנבליק האָט גליעב דערפילט דאָס אמאָליקע הארץ דאשעס אין איר, זיין ווייבס, נאָענטן געלעכטער, וואָס מיט אַ פּאָשעט וואָרט קאָן מען אים ניט איבערגעבן, ווייל דערדאָזיקער געלעכטער גיסט זיך פון בלוט אין בלוט אריין.

— כאַווער טשומאל וו, איר ווייסט, וואָס איז אַזוינס אייער דאשע ? זי האָט אייך ניט דערציילט אירע פּאַסירונגען? זי האָט דאָ געהאט אלץ, וואָס אייך אליין איז, עפּשער, ניט אויסגעקומען איבערצולעבן...

דאַשע האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און מיט איין שפרונג פון גליעבס הענט זיך אַרויסגעריסן.

— איך וויל ניט, כאַווערטע מעכאווא, דו זאָלסט וועגן מיר דערציילן אין אַ גוטער אָדער שלעכטער שאָ. מאך ניט קיין שטיק, כ־טע מעכאוואַ, און מיך צערודער ניט...

— אַזוי גאָר? און איך האָב ניט געוואוסט, אז דו האָסט דערויף געלייגט
אַ פאַרבאָט.

...פאַרוואָס האָט זי אויפגעציטערט? פאַרוואָס האָט זי זיך דערשראָקן
און פארמאכט דאָס מויל מעכאווען? פאַרוואָס ווייסן אלע אירע יאָרן, וואָס
זי האָט אָן אַ מאַן פאַרבראַכט, און אים האָט זי קיין וואָרט ניט דערציילט?

אין די אָפענע קאָרידאָר-טירן איז געשטאַנען לוכאווא און האָט געקוקט
אַף גליעבן מיט ברענענדיקע אויגן.

ער איז פאַרביי לוכאווען דורכגעגאַנגען, אויסמיידנדיק זיך צו אים צו-
רירן. נאָר לוכאווא האָט פאַרקנייפּט אין זיינע פינגער דעם אַרבל פון גליעבס
העמדל און אַרונטערגעריסן זיין טראָט.

— כאַווער טשומאַלאָוו, רופט צונויף אַן עקסטרא-פאַרזאַמלונג פונם קע-
מערל: איך וועל קומען, האלטן אַ פאָרטראַג. מאָרגן קומט אַריין צו מיר אין
פּראָפּראַס, מירן זיך פאַרשליסן און צוזאַמען באַטראַכטן. אַ גראַנדיעזער פּלאַן
פאָדערט קוידעמקאָל בוילעטע דעטאַלן. איך רייד ניט נאָר וועגן הייצוואָרג,
נאָר אויך וועגן דעם זאַוואָד. איך האָב געטראַכט וועגן דעם. מיר וועלן קעמפן
מיט אלע מיטלען, וועלכע מע קאָן נאָר געברויכן. פאַרגעסט ניט, אז דאָס
וועט זיין אַ קאַמף און אַן אָנגעשטרענגטער קאַמף. און וויסן דאַרפט איר, אז
דערדאָזיקער קאַמף איז עטוואָס אַ פריצייטיקער: דאָס איז אַ קאַמף אַפן כעשבן
פון דער צוקונפט, דעריבער ווייזט ער זיך אויס פאַר אומגעלומפּערט און
אוטאָפּיש. נאָר מיר ווייסן, אז די צוקונפט קומט צו נעענטער צו דער געגנ-
וואַרט דורך דרייסט און קראַפט. מיר הויבן אָן אַרבעטן.

ער האָט אים פעסט אַ דריק געטאָן די האַנט און פלינק פאַרשוואונדן
הינטער דער טיר פון דעם פּרויען-אָפּטייל.

אין קאָרידאָר האָט גליעבן דעריאָגט מעכאווא.

— וואַרט צו, כאַווער טשומאַלאָוו. איר האָט ניט דערציילט, וואָס זשע
האָט איר דאָרטן באַ זשידקין אויסגעפּלאַנעוועט? איך וויל גלייך זיין אין קורס
פון דער זאַך. אין דעמדאָזיקן לאָך הויבן מיר אָן פאַרשימלט צו ווערן, און
די וואָכעדיקע ארבעט פאַרוואַנדלט אַלעמען אין מוילוואורפן. די רעוואָלוציע
דולדעט דאָס ניט. אויב איר וועט וועלן אַביסל אויפרודערן אונזער סאָוועט-
טישן און פאַרטייאישן אינדערוואָכן, וועט אייך אויסקומען זיך צו באוואפענען
מיט שאַרפע ציין. איך בין מיט אייך, כאַווער טשומאַלאָוו. וואָס איר זאָלט
ניט טאָן—בין איך מיט אייך. איך פיל, אַז איר קאָנט ניט צערונען ווערן אין
וואָכעדיקייט: איר זייט געווען אין דער ארמיי. און אָט וואָס נאָך, כאַווער
טשומאַלאָוו: איר רודערט דערוויילן ניט דאשען... איך האָב נאָר וואָס נאַריש
געהאַנדלט... זי וועט אליין צו אייך צוקומען — איר וועט זעען... וואָס ווילט
איר טאָן?

— אַלץ, ביז דעם זאַוואָד לאָזן איינגעשלאָסן, אויב מיר וועלן מיט גאנצע
ביינער בלייבן.

— נו, גוט, — מער דאַרף איך גאָרניט.

זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן מיט די גאָלדענע לאָקן און מיטן טראָפּן-גלאַנץ אין די אויגן און איז אוועק צוריק מיט אַ לויפנדיקן טראָט.

און אויף דער גאַס האָט אים ושוק באגעגנט מיט אַ שטיפערישן מאַך מיט דער האַנט:

— נו, אַוועלכע זיינען אייערע טרומפן? דאָס איז דאָך עס!... איך וועל זיי אַלע, ברודער, אַף דער ליכטיקער שיין אַרויסברענגען. איך וועל זיך אַוועקלאָזן אין אַלע גאַסן און הינטערגעסלעך פון דאָרטן דעם ניטגוטן אַרויס-צוטרייבן. זיי קענען מיך אויסגעצייכנט, איך בין באַ זיי אַלע טאָג, באַ די-דאָזיקע פערעאדאמס, לעבן לאָז איך זיי ניט, בענעמאנעס... איצט וועלן מיר מיט דיר אַלע בערג איבערקערן, די גאַנצע ביוראָקראַטיע מאַכן אויסצודרייען...

IV

# אַרבעטער-קלוב „קאָמינטערן“

1

## קעמערל פון ר. ק. פּ.

דער אַרבעטער-קלוב „קאָמינטערן“ האָט זיך געפונען אין דעם געוועזענעם דירעקטאָר-הויז פון אַ פּעסטן דייטשישן שניט, געבויט פון ווילדן שטיין אין דריי קאָלירן: געל, בלוי, און גרין. מיט צוויי שטאָק איז דאָס הויז פעלזנארטיק אַרויסגעוואַקסן פונם ריפּ פון באַרג, וועלכער איז באַוואַקסן מיט קופּקעס טויע-בוימער, און ס׳איז געווען שטרענג און פּוריטאַניש פּראָסט אין דער אַרכיטעקטור, ווי אַ קירך, נאָר רייך און פאַרשווענדעריש אין דורכזיכטיקע ווערענדעס און באַלקאָנען, אין הויף-געביידעס (אויך פון אַזאַ פּעסטן און ציכטיקן געבוי), אין בלומען-גערטנדלעך און שפּיל-פּלעצער. און אינעווייניק — אַ מאַסע צימערן, געפּלאַנטערטע, האַלב-טונקעלע קאָרידאָרן און טרעפּ מיט דעמבענע אבעליסקן און מאַזאַאישע לאַמטערנעס. אין יעדן צימער — די ווענט געדעקט מיט שטאָף-טאַפּעטן, באַהאַנגען מיט קינסטלערישע פּאַנאָס, מיט בילדער פון די בעסטע מאַיסטער, ריזיקע שפּיגלען און שווערע דעמבענע מעבל פון אַלערליי סטילן.

פאַר דעם פּאַסאַד, אַפן שיפּוי פון באַרג, — אַ פּרוכט-און בלומען-סאָד, אַ פאַרשמוצטער, פון ציגן צעפּרעסענער, מיט פאַרווילדעוועטע שטעגעלעך, און אַרום — אַ טשוהונענער פאַרקאַן אַף אַ שטיינערנעם פונדאַמענט. רעכטס, הינטערן באַרג-זוים — ריזיקע בלויע זאַוואָד-קוימענס, לינקס — אויך קוימענס, און הויך, אין די באַרג-פּאַלדן — שטיינגרובן און רואינירטער ברעמסבערג.

אַמאָל האָט דאָ געלעבט אַ געהיימניספולער אַלטער, וועמען די אַרבעטער פלעגן זעען נאָר פונדערווייטנס און האָבן קיינמאָל ניט געהערט זיין אַלמעכטיקע שטים. און ס׳איז וואונדערבאַר געווען, וואָס דערדאָזיקער כשיוועסדיקער און אַלטער דירעקטאָר האָט אָן פּאַכעד געקאָנט וואוינען מיטאַמאָל אין אַלע דרייסיק צימערן פונם פּאַלעץ אָן קאָשמאַרן, אָן שוידער פאַר דעם דאַלעס, שמוץ, געשטאַנק, כאַיעשער עקזיסטענץ פון די אַרבעטער-לעכער אין אַלגעמיינע קאַזאַרמעס.

און אָט: מילכאָמע — רעוואָלוציע — אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע...
ראַטעוועדיק זיך פון אונטער דעם בראכוואַרג, איז ער, דער דירעקטאָר, אַן
אומבאַהאָלפענער און נעבעכדיקער אנטלאָפן. מיט אים זיינען אויך אנטלאָפן אי
די אינזשענערן, אי די טעכניקער, אי די כעמיקער. געבליבן איז נאָר איינער,
דער עלטסטער בויער פונם זאַוואָד, דער אינזשענער קלייסט, וועלכער האָט זיך
באַגראָבן באַ זיך אין ארבעטס-קאַבינעט, אין דער הויפט-געביידע פון דער
פאַרוואַלטונג, הינטערן שאַסיי, אין דער נידער, קעגן דעם פאַלעץ, וואָס איז
געווען זיין לעצט ווערק.

...אין אַ פרילינגס-טאָג, ווען ס'האָבן די וואָלקנס, דער יאַם און די בערג גע-
ברענט, און די לופט האָט געשטאָכן די אויגן מיט זוניקע נאָדלען, האָבן די
ארבעטער זיך צונויפגעקליבן אין שלאָסער-צעך. אין געדרענג, געפילדער און
טאַבאַק-רויך האָט דער שלאָסער גראמאדע אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג:

— דעם מערקווירדיקן פאַלעץ, וואו עס האָט געוואוינט דער בלוטזויגער
דער דירעקטאָר, פארוואַנדלען אין אַן אַרבעטער-קלוב און געבן אים אַ נאָמען
„קאָמינטערן"...

דעם אונטן האָט מען אַוועקגעגעבן דעם קלוב און די קעמערלעך ר.ק.פ.
און ר.ק.י.פ., און דעם אויבן—דער ביבליאָטעק, שפּיל-צימערן און דעם אָפּטייל
פאַר באַזונדערע שליכעסן.

און דאָרט, וואו פריער האָט געהערשט שטרענגע שטילקייט, וואו די
אַרבעטער האָבן, גייענדיק פון דער ארבעט, ניט געטאָרט דורכגיין פארביי דעם
פאַלעץ אַף די בעטאָן-שטעגלעך (די דירעקציע האָט עס שטרענג פאַרבאָטן),
איז איצט, אין די אָוונטן, ווען די שפּיגל-שויבן האָבן געפלאַקערט אין סרייפע-
פלאַם פון דער פאַרגייענדיקער זון, — האָבן די קלוב-קלעזמער, ווי אָקסן, גע-
טרומייטערט אין די מעשענע קיילים און ווי אויפרייסן האָבן געטראַסקעט די
פויקן. פון די דירעס פון די אנטלאָפענע אינזשענערן האָט מען אַלע ביכער גע-
בראַכט צו פירן אין דעם דירעקטאָרס ביבליאָטעק אריין און פאַנאַנדערגע-
שטעלט אין די שאַפעס. די ביכער זיינען געווען שיינע, האָבן געגלאַנצט מיט
זייערע גאָלד-שניטן אַף די איינבונדן, נאָר זיינען געווען געהיימניספול פרעמד:
אַלע זיינען זיי געווען אַף דער דייטשישער שפּראַך.

גראַמאַדען האָט מען אויסגעקליבן פאַר אַ קלוב-פאַרוואַלטער, און ווען
ער האָט אַף דער פאַרזאַמלונג פון די ארבעטער אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן
דער קלוב-אַרבעט, האָט ער וועגן דער ביבליאָטעק אַזוי געזאָגט:

— כאַווײרים, אָט ווי באַ אונז איז פאַראַן אַן אויסגעצייכנטע ביבליאָ-
טעק, און וועלכע ביכער זיינען קאָנפיסקירט און נאַציאָנאַליזירט באַ דער בור-
זשואַזיע און קאַפּיטאַליסטן, נאָר זיי אַלע זיינען פון דער דייטשישער פּראָדוק-
ציע. און מיר אַלע, לויט דער אָרדענונג פון פּראָלעטאַרישער דיסציפּלין, זיי-
נען מעכויעוו צו לייענען, און, נעמענדיק אין אכט, אַז מיר, ארבעטער, זיינען
אַ צווישנפעלקערלעכע מאַסע, דאַרפן מיר אַלציינס בייקומען איעדער שפּראַך.
די ביבליאָטעק איז אָפן פאַר אַלפאַבעטן און אַנאַלפאַבעטן... איך רוף, כאַ-
ווײרים, צו גיין באַהערשן די קולטור און ניט סאַבאַטירן...

אַרבעטער-קלוב „קאָמינטערן". ניט קיין דירעקטאָר-הויז, נאָר אַ קאָמ-קעמערל.

די אַרבעטער זיינען געבליבן וואוינען אין זייערע לעכער און אין די קאַזאַרמעס. די הייזער פון די אינזשענערן האָבן געקרעכצט מיט זייער פוסט-קייט און האָבן געשראָקן מיטן שוידער פון זייערע אנפילאַדעס.

די אַרבעטער פלעגן אין שלאָסער-צעך צינדערלעך מאכן, און אין די אָוונטן אין די בערג זייערע ציגן זוכן. די ווייבער פלעגן גיין איבער די סטא-ניצעס און דערפער—האָבן געזעקלט.

ווי אָקסן פלעגן ברומען די טרומייטערס אַפן אויבערשטן שטאָק און דער פויק האָט געדונערט.

און אַף די זיצונגען פונם קעמערל פון ר. ק. פּ. איז יעדן מאָנטיק (פּאַרטיי-טאָג) געשטעלט געוואָרן אין דער טאָג-אָרדענונג אַזעלכע פראַגן: 1) וועגן גאַנוועגען אייל און שראַפנעל אין דער קיך פון פּאָלקנער, 2) וועגן דאָס האָדעוועו כאַזיירים מיט די מיטאָגן פון קיך, 3) וועגן דער רעליגיע פון די מיטגלידער פון קעמערל, 4) וועגן ראַבעווען דעם זאַוואָד אַף צו זעקלען מיטן אָנגעראַבעווען...

אין דעם אַרבעטער-קלוב „קאָמינטערן" האָט גליעב געעפנט אַן עקסטרא-זיצונג פונם קעמערל.

דער צימער—א געריימער, מיט הויכע געזימסן פון קאַרעלער בערעזע, און פון קאַרעלער בערעזע איז אויך געווען דאָס קוסטאַר-מעבל. און די ווענט און דאָס מעבל האָט, אונטערגעצונדן דורך דער אוונט-זון, מיט גאָלד געפינקלט.

מע האָט געבראַכט גראָבע בענק פון דעם צושויער-זאַל.

גליעב איז געזעסן באַם טיש און האָט אַלעמען מיטאַמאָל געזען און אַלע זיינען געווען ענלעך איינער אַפן אנדערן. די פּנימער, ווי פאַרשיידענע, נאָר עפּעס איז אין זיי פאַראַן ענלעכס, אַזוינס, וואָס גיסט זיי צונויף אין איין אַלגעמיינעם פּאָנים. אָט איז עס. דאס איינס — עס בליט און רויכערט זיך, שטויבט ווייטיקדיק די אויגן, און עס ווילט זיך דאָס אנרופן באַם נאָמען, אפקומען מיט אַ וואָרט—און דאָסדאָזיקע פעלט אַפן צונג. שפּעטער האָט ער פאַרשטאַנען: דאָס איז—הונגער.

אַסאָך מענטשן האָבן גליעבן דאָ דערזען צום ערשטן מאָל זינט זיין צוריקומען, אבער באַגריסט האָבן זיי זיך מיט אים פויל און גלייכגילטיק, ווי זיי וואָלטן זיך ניט געהאט געשיידט מיט אים. צום לעצטן מאָל האָבן זיי אים געזען אין יענעם אונטערגייענדיקן אָוונט, ווען אָפיצערן האָבן אים גע-כאפּט בא די טויערן פון זאַוואָד, ארויסגעריסן פון די רייען אויסגעשטעלטע אַרבעטער און געשלאָגן אים צוזאמען מיט די אַנדערע.

און אנדערע האָבן שטייף געטרייסלט זיין האנט, אָנגעשטרענגט גע-קנייטשט די הויט אין א שמייכל און ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן—געקאָכקעט און גענוקעט.

— נו?.. וואָס ברודער?.. ווי זשע איז דאָס, א?..

און זיינען אוועק אַף זייערע ערטער, ניט אומקוקנדיק זיך. און ווען זיי האָבן זיך אויסגעזעצט, האָבן זיי ווידער געשאָסן אַף אים מיט די אויגן אין אַ ניטווילנדיקן שמייכל.

און אָט איז געקומען גראמאדע, האָט זיך צעלאכט און צעכליפּעט מיט דער שווינדזוכטיקער ברוסט:

— דאָס איז אינגאַנצן עפּעס אַנדערש, כאַווער טשומאַלאָוו, אַף מיין וואָרט... בראָק!.. ווי מיר, קאָמוניסטן, האָבן זיך דעזאָרגאַניזירט איבער אַ ציג און איבער אַ ציגדערל, נאָר דערלויב ניט צו דיסקוסטירן... שנייד אין ריפּ אריין — אָן שום מאַינעס !..

ער האָט זיך אומגעדרייט צו די אַרבעטער און האָט זיך פאַרכליניעט אין אנטציקונג.

— אט האָט איר אייך דער רואך ווייסט וואָס, ליידיקגייער !.. ר'האָט בעעמעס געזעען דעם טויט אין די אויגן און אַזוי ווייטער... און איך מעלד: איך נעם ניט קיין וואָרט צו אָרדענונג, נאָר איך בראָק לעכאַטכילע, אז ער, כאַווער טשומאַלאָוו, האָט מיין גאַנץ אינגעוויט אין אַ קניילעכל צונויפגע-וויקלט... דורך אים בין איך טאַקע בעעמעס אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער רעקאפּע...

מע האָט גראמאדען געהערט און געלאַכט,—ניט גראמאדע דאַרף אַזעלכע ווערטערריידן. און ניט אומזיסט האָט טשומאַלאָוו אַליין פון הינטער די ברעמען אפּער געשמייכלט צו אים, ווי צו אַ שנעקל. און די אַרבעטער האָבן זיך געצאפּלט אין די קנוילן טאַבאַק-רויך און אונטערגעהיצט :

— דעק, גראמאדע !.. דריי די בערג ווי דריידלעך, צינד מיט טראַסק, כאַוועֶר... אונזער צאַד געווינט...

לאשאק איז געזעסן אין אַ ווייטן ווינקל. אַ שוואַרצער און הויקערדיקער, האָט ער אַרויסגעשטארצט פון צווישן די שטויביקע און צעמענט-גראָע אָר-בעטער, ווי אַ שטיק אַנטראַציט. ער איז געזעסן און האָט געשוויגן, געווען קלענער פאַר אַלעמען, נאָר אַ מערקלעכער און דריקנדיקער, מיט אַ כמורנער אנווערטערדיקער פראַגע אין די אויגן-ווייסלען. לאָשאק האָט געקוקט פאַרביי אַלעמען, נאָר עפּעס האָט מען זיך ווי געריכט, אז אָט וועט ער באַלד אַ זעץ טאָן אלעמען איבער די קעפּ מיט אַזא שווערצן וואָרט, ווי ער אַליין איז, ווי זיין פּאָנים דער דורכגעזאפּטער מיט רויך און מעטאלישן שטויב איז, און אַלע וועלן פון דעמדאָזיקן וואָרט דאָס לאָשן פאַרלירן און וועלן צעריבן ווערן פון זיין שווערקייט.

די ווייבער האָבן, ניט איינזיצנדיק אַף אן אָרט, אומרואיק געצופּט זייער אָנטועכץ, געשטשירעט די ציין, געפלאַפּלט, ווי שפּארבערלעך. און אלס ווײַ-בערשע פירערין, אָפּגעזונדערט פון די ווייבער, אָבער בא אַלע ווייבער פאַר די אויגן, איז געשטאנען באַ דער וואַנט דאַשע. דאָס רויטע טיכל האָט מיט אַ רואיקן פלאַם געברענט אַפן קאָפּ אין דערוואַרטונג פון טאַט. אַמאָל פלעגט זי צוגיין צו די ווייבער און זיי פלעגן זיך צונויפהויפן אין אַ געדיכט קופּ-

קעלע, פלעגן זיך קלאַפּן מיט די קעפּ און סוידען זיך אַלע מיטאמאָל, און אלע מיטאמאָל זיך שטיקן פון געלעכטער.

מע האָט געוואָרט—אָט-אָט וועט אַריין לוכאווע און האלטן דעם פאַר-טראג זיינעם ווען קאמף מיטן כורבן און מיט דעם הייצווארג-קריזיס. עס האָט זיך די טיר געעפנט, אָבער ס׳איז אַריין ניט לוכאווע, נאָר דער צעשוי-בערטער סאָוטשוק, אַ באָרוויסער, מיט בלוטיקע אויגן.

אַ פאַרשוואָלענער, מיט פאַרהאלטענער קראַפט אין די מוסקלען, האָט ער זיך אַ שאָר געטאן מיט דער פלייצע אָן דער וואַנט און האָט זיך ווי א זאַק אַ זעץ געטאָן אף דער ערד באַ דער טיר און אַרויסגעשטעלט די אויפ-געהויבענע פעטע קני אין ביילן און וואונדן. טיף אונטער די ברעמען-ביינער, אין פארטשאַדעטן כוישעך פון באַזיגטע אויגן האָט זיך מיט פארגיפטעטער מוטנעקייט אומעט אָנגעגאָסן.

דאשע איז צוגעגאנגען צום פענסטער און אן עפן געטאָן ביידע העלפטן, שווערע העלפטן, ווי טירן.

— פאַרשאָלטענע מענטשן אָט דאָס קעמערל: די זאך לאָזן זיי מיטן רויך. פאַר אַ ליידיקגייערשן מויעך איז טאַבאַק אן אַרבעט...

און ווי נאָר דער פענסטער האָט זיך געעפנט, האָט דער צימער גלייך אָנגעהויבן טראסקען, ווי אַ פאס: אַף דער אויבערשטער ווערענדע האָבן ווי אָקסן געברילט די מעשענע קיילים, און ווי אן אויפרייסנדיקע באָמבע האָט געדונערט דער פויק.

...צעווארפענע איבער זייערע היימישע לעכער, פאַרגעסנדיק דעם זא-וואָד—דאס קנאלן, דעם רויך, שטויב און גערוך פון די מאשינעס,—באשאָטענע מיט אן אנדער שטויב — שטויב פון די באַרג-ווינטן, — זיינען די זאַוואָד-לייט, די מענטשן פון צעכאווער ארטעל-מי, מיט זעקלעך אף די פלייצעס געקראָכן באנדעסווייז אף די בערג. אַף די הינטערבארגיקע און סטעפּ-וועגן און שטעגן זיינען זיי געגאנגען אין די כוטאָרס און סטאניצעס, ווי אין דער עפּאָכע פון דעם נאטוראלן אויסטויש, געטריבענע פון הונגער און פרימיטיווער גייציקייט. מענטשן פון זאוואָד-פראצע, וואָס פלעגט זיי וועקן אין די פרימאָרגנס ניט מיט האָנען-קריי, נאָר מיטן מעטאלישן געבריל פונם פייפער, האָבן אין דידאָ-זיקע יאָרן פאַרזוכט דעם זיסלעכן טאָם פון כאזער-און ציגן-שטאַלן, די גע-ווירצעדיקע שאַרפקייט פון בעהיימישע עקסקרעמענטן און די פרייד פון וואַ-רימע הינערשע נעסטן. און מענטשן פון מאשינען מיט יאָרן, פאַרבראכטע אין די צעכן, האָבן זיך אויסגעלערנט שרייען צוזאמען מיט די כאַזיירים און העגער איבער כאזיירים, איבער הענער, איבער די ציגן, איבער „נארפיטישן" שראפּ-נעל, וואָס עס האָט אויפגעפרעסן אַ פרעמד כאזערל. ס׳איז אויסגעלאָשן גע-וואָרן די עלעקטריע אפן זאוואָד און אין די קאזארמעס, פון שטויב האָבן זיך די מעטאַלישע פייפערס געוואָרגן,—אין שטילשווייגעניש און מילאָזיקייט האָט זיך צעקוואקעט און צעכריוקעט אַ דאָרפישע אידיליע. און פאַרפּ-נסטערט האבן זיך פארשטיקט און פאריגלט בא זיך אין די היימישע שטייגן דער באלעבאָס דער מאַן מיט דער איישעסכאיל דעם ווייב.

און ערשט אָט דאָ, אין קלוב „קאָמינטערן״, אין קעמערל, רייבן זיך די קאָמוניסטן די אויגן, און פון די ניט געוואַשענע הענט און פון דער האַלבאָשע שמעקט מיט הינערקויט און מיטן שאַרפן גערוך פון כאזער-און ציגן־שטאַלן. מע זיצט, ווי אן ארטעל, איינע נעבן די אנדערע, און דער הילכיקער קלאנג פון די טרומפייטערס און אנדערע, ניט-שטוביקע ווערטער שלעפן אַרויס פון דער געוועזנהייט אן אנדער, שוין פאַרגעסן לעבן. און אָט איז גליעב אויך פון דער פארגאנגענהייט (פונקט ווי ערשט נעכטן וואָלט ער דאָ געווען) און פון אים האָט אַ שמעק געטאָן פעט מיט אייל, מיט צעגליטן אייזן און מיט שוועבל־רויך פון די אָפּקילנדיקע זיך שלאַקן. און ווידער —

...זאוואד... פּראָדוקציע... ברעמסבערג... צעכן...

דאשע האט ניט באוויזן אָפּצוטרעטן פונם פענסטער, ווי אין צימער איז אריין סערגיי מיט זיין שעמעוודיקן פליך אַפן קאָפּ, וואָס רינט פון הינטן אַראָפּ מיט לאָקן. ער איז צוגעגאנגען צו גליעבן און האט זיך אָנגעבויגן צו זיין אַקסל מיט געשעפּטלעכן געפליסטער.

גליעב איז אויפגעשטאנען, האט ארונטערגעריסן דעם העלם פון קאָפּ און מיט אַ פלינקן קער א ווארף געטאָן אים אַפן פענסטער.

— כאוויירים, אָט איז אנשטאט לוכאווען דער כאווער איוואגין: דער כאווער לוכאווע איז בא די לאָדער: זיי האבן זיך צעבונטעוועט, צו אלדי שווארצע יאָר, צוליב די ראציעס... מיר עפענען די פארזאמלונג... שווייגט שוין אַמאל, גוילעמס!.. נו, און נאך עפּעס וועל איך אייך זאגן: אזוי האב איך מיט אַ שפּיץ אויער געהערט און וועגן דעם רעדט אויך דער ראדיא... אויסלאנד, די אנטאנט שאַרט זיך צו אונז מיט האַנדל און שיקט שיפן... כ׳מיין, אז דערויף וועלן מיר זיך ניט שטארק באליידיקן—אדעראבע, מיטן גרעסטן קאוועד!.. מיר קאָנען אויך עפּעס וואָס פארשרייבן און פארגעדענקען...

ער האָט אויסגעדרייט מיט אַ וויץ און האָט זיך אליין צעלאַכט.

גראמאדע האט זיך מיט די הענט צעמאכט, און די אויגן האָבן באַ אים מיט שווארצן גלאנץ אָנגעהויבן פינקלען.

— כאוויירים, אזוי ווי מיר זיינען ארבעטער פון אַ גרויסארטיקן זאוואָד, נאָר מיר האָבן זיך באלאדן מיט כאזיירים, ציגן און אזוי ווייטער... קריך אַרויס פון די נאָרעס, כאוויירים!.. איך לייג פאָר אף אזא אויפן אלע רעשט־לעך לעקווידירן אף איבערגעבן אונזער קינדערהיים... און ווי מיר זיינען דער אַרבעטער-קלאס...

פויק, געפילדער אין רויך און שטויב.

— ...טאקע דיזעלבע כאזיירים... אַסאַך באלאָנים וועלן זיך געפינען אַף פרעמדן האָב און גוטס... ווער האָט געשלעפּט פון די דערפער און סטאניצעס!.. ער נעמט זיך איבער מער ווי עס קומט אים... אַלעמען וועסטו ניט דעקן... גראמאדעס ווייב אליין האָט אויך דאָס קליידל איבער די כוטארס אויסגע־טריפעט...

— ליקווידירן... צום טייוול!.. באשטים, טשומאלאוו, דורכן קעמערל...

— נו, דאָך, כעוורע!.. ניטאָ דאָך וואָס צו פרעסן... איבער וואָס טרייבט איר די שיידים צו געשלעג? כעוורע!..

גליעב האָט אַ קלונג געטאָן מיטן גלאָק און אַ קאמאנדעווע געטאָן „רואיק".

— אַנו, ווערט אנטשווייגן, כאַוויירים! דערווייל איז נאָך אַף כאַזיירים און ציגן קיין גזיירע ניטאָ אַ דריק צו טאָן אייך... שלעפט זיך אַרום מיט זיי, אויב איר האָט דערצו כיישעק. ס'וועט קומען אַ שאָ, וועלן מיר זיי אַפּן פראַ-לעטאַרישן שטייגער פלינק אַ טרייבער טאָן, ווי די בורזשואזיע...

און ווידער מיטן אויסגעדריי אַף אַ וויץ און אַף אַ געלעכטער האָט ער אַנידערגעזעצט זיי אַלע אַף די ערטער, איינגעשטילט און אָרדענונג איינגע-שטעלט.

— איך לייג פאר, כאַוויירים, אויסקלייבן אַ פּאָרזיצער.

און ער האָט נאָך ניט באַוויזן אַרויסצוזאָגן דאָס לעצטע וואָרט, ווי די ווייבער פון זייער ווינקל (און פריער פאר אַלעמען דאָמאַכע און ליזאוועטע) זיינען מיטאמאָל אַרויסגעשפּרונגען העכער פון אַלעמען, מיט די הענט אָנגע-הויבן שיסן, צעגארגלט זיך און צעשריען איינע העכער פאַר דער אנדערער און אַלע זיי האָבן אנגערופן איין נאָמען, און דערדאָזיקער נאָמען האָט גע-קלונגען ווי אַסאַך נעמען:

— דאַשען... דאַשע טשומאַלאָווע!.. דאַשע...

און די מאנסלייט האָבן אויך געשריען, אָבער ניט מיטאמאָל האָבן זיי די ווייבער געקאָנט אַריבערשרייען.

— גראמאדע!.. טשומאלאָווע!.. סאַווטשוק!..

און דאָס וואָרט „סאַווטשוק" האָט פון געלעכטער געפלאצט.

גראמאדע איז צוגעשפּרונגען צום טיש און האָט זיך ווידער מיט די הענט צעמאכט. געפּאַכט אַף די ווייבער און ווייבעריש געשריען צו די מאנסלייט:

— כאַוויירים!.. מיקויעך ווייבער קרענק איך אַף קיין זאַך ניט. נו, די פרויען זיינען גלייכבארעכטיקטע באשעפענישן און אַזוי ווייטער... נאָר יונגע זאָלן שוין פירערקעס ווערן... זאָלן זיי נאָך אביסעלע זיך אָפּזיצן... דאָ דארף מען אַ באָרד פאַר אַ פּאָרזיצער.

— אָבער וואו האָט דען טשומאַלאָוו אַ באָרד? און דו אויך האָסט מאנסבילשע האָר קוים אַף האָמויצע.

און די ווייבער האָבן, ווי צעווילדעוועטע, גערעקט מיט גאָרגלדיקע אויסגעשריען:

— דאַשע טשומאַלאָווע!.. דאַשע!.. אַ שנעק איז קעגן איר גראמאדע... סאַווטשוקס באָרד איז נאָר אַף אויסקערן נעסטלעך און די פויסטן טויגן נאָר אַף שלאָגן מאַטקען...

— סאַווטשוק!.. טשומאַלאָווע... לאָשאַק!..

גליעב האָט ווידער אַ פּאָר מאָל מיטן גלעקל אַ טרייסל געטאָן.

— איך שטים, כאַווײרים. דאַשע טשומאַלאָווע איז די ערשטע אין צעטל, האגאם זי איז מײן װײב, נאָר קעגן אַ װײבערישער קאָמאנדע האָב איך ניט צו דערווידערן. װער איז פּאַר...

און ער האָט נאָך ניט באַוויזן דאשעס נאָמען אָנצורופן, װי די װײבער האָבן זיך װידער צעפּילדערט:

— דאַשען... איבער װאָס גיט איר ניט קײן װעג די װײבער, גאָר-נישטן ?..

גליעב האָט דער ערשטער די האנט אױפגעהױבן, צוזאַמען מיט אים — די װײבער און סערגײ. די אַרבעטער האָבן אײנע נאָך די אַנדערע, אָן כײ-שעק, סאַפּענדיק און הוסטנדיק אױפגעהױבן די הענט,—ניט זײערע, פרעמ-דע הענט.

סאַװוטשוק האָט פון זײן װינקל אַרױס אַ ברום געטאָן, ניט אױפהױבנ-דיק די האנט.

— יאָג זײ, די װײבער, פון דאַנען אַהײם, די נאסע שליאַמפּערס... זשיזש !.. פאַרטראָגן קאָן איך זײ ניט !..

גליעב האָט זיך מיטן גלעקל אָפּגעפּאַטערט און װידער דעם טומל אײנ-געשטילט:

— איך שטעל גראַמאַדען צו דער אָפּשטימונג... װײניק. דאָשאַקן שטעל איך... װײניק. פאַרנעם דײן אָרט טשומאַלאָװע.

די װײבער האָבן זיך צעפּליעסקעט מיט די הענט, װי הינער מיט די פליגל:

— בראַװאָ, װײבער!.. אונזער צאַד האָט אױסגעשפּילט !.. דערלאַנג זײ, דאַשע, די באַבערדלטע און געגאָלטע בעק...

דאַשע איז פעסט צום טיש צוגעגאַנגען — אַנידערגעשטעלט זיך נעבן גליעבן.

— כאַװײרים, איך פאָדער שטילקײט און פראָלעטאַרישן גײסט. גיב דעם טאג-סײדער, כאַװער טשומאַלאָװ. אַ װאָרט פאַר אַ פאָרטראַג האָט דער כאַװער איװאַגין. איך גיב אײך, כאַװער איװאַגין, אַף דערדאָזיקער גאנצער נעסיע פופצן מינוט.

סערגײ האָט פאַרװאונדערט אַ שמײכל געטאָן און מיט די הענט צעפּירט.

— אַ צו שטרענגער רעגלאַמענט, כאַװערטע טשומאַלאָװע...

— באַלעבעטשעט ניט, כאַװער איװאַגין. װילט איר רײדן—רעדט, אַניט װעלן מיר צו אַנדערע פראַגן צוטרעטן.

— זעסטו, אַף אַ גאַנצן דרײער האַלט זי זיך גרױס... איך האָב דאָך געזאָגט: מע דאַרף ניט קײן פרױען...

— שמײס זײ, די װײבער, אַהײם, די נאסע שליאַמפּערס !.. איך װעל זײ אַלע, אָנהױזנדיקע, פאַרן קלײדל-זױם און—דורכן פענסטער... זשיזש !..

— כאַװער סאַװוטשוק, שװײג: איך װעל דיך אַרױסשטעלן אַף יענער זײט טיר פאַר אַנאַרכיע... איר זײט דאָך קאָמוניסטן, כאַװײרים ?

דאַשע איז גערעכט. מע דארף ווייניק צייט: וואָס קאָן מען זאָגן אין אַ פאָרטראג דעם אַרבעטער? זיין קאָפּ איז צו פיל פארקלאפּט מיט ווערטער. ער אליין ווייסט בעסער, וואָס אים איז נויטיק אין דער מינוט. און די קאלטע ביכער-ווערטער זיינען אים פרעמד, אומפארשטענדלעך, ווייט און בלוטלאָז, ווי ער אליין, סערגיי, איז מיט דער נעשאָמע זיינער און מיט די ווערטער זיינע פרעמד און אומפארשטענדלעך פאַר זיי.

— כאַוויירים!.. קאָלאָסאַלער כורבן.. גרויסע ניט־יוינעס פונם אַרבעטער-קלאס... אומדערהערטער קריזיס... ליקווידאציע פון די קריגס-פראָנטן... אַלע קויכעס אונזערע אַף דיווירטשאַפטלעכע פראָנטן... דער X צוזאמענפאָר פון דער פאַרטיי מערקט אָן אַ נייעם ווענדפונקט אין דער עקאָנאָמישער פאָליטיק... נאָר דער פראָלעטאַריאַט איז די איינציקע קראפט... די ווידערגעבורט פון דער פראָדוקציע אין דער רעפובליק... קאָנצעסיעס און וועלט-מערק... (—א-ו-ף די-דאָזיקע נארישע אינטעליגענץ!..) שטיין אַף דער וואך פונם פראָלעטאַרישן לאנד... פארצענפאכן די קויכעס, און אין אייזערנע רייען... מיר האָבן דורכגעריסן די בלאָקאדע... דער ארבעטער-קלאס און די קאָמוניסטישע פארטיי... (—ענדיקט, כאַווער איוואגין!..) צושטעלן הייצווארג... די מעכאנישע קראפט פונם זאוואָד... וועגן דעם וועט אייך בעסער דערציילן דער כאַווער טשומאַלאָוו...

— כאַוויירים, דעם פאָרטראג נעמען מיר אָן צו קענטעניש. זייט רואיק, כאַווער גראמאדע!..

— אָבער איך וויל דאָך וועגן דעם, ווי אַזוי עס האָט דערקלערט דער כאַווער פאָרטרעגער... נאָר דער פאַפּאַשע זיינער איז איצטער אויך אַ ניט האָרעפּאַשנע עלעמענט... דער כאַווער לוכאַווע מאכט עס שטייפער... נו, האַגאם אַ סימפּאַטישער כאַווער, אָבער דיסקוסטירט אין דער וועלט אריין. פארגיסט דעם אַרבעטער מיט ווערטער ביז איבער די קויכעס. וואָס קלערט זיך די רעקאפּע?..

— כאַווער גראמאדע, דו ווייסט ניט קיין אָרדענונג. עס טרעט אַרויס דער כאַווער טשומאַלאוו...

דאָס קעמערל האָט זיך מיט שטילקייט פאַרזיגלט. אנו, וואָס פאר א ווערטער וועט גליעב טשומאלאוו אַ האק טאָן? אין אים באַשטייט די הויפּט-קראַפט. פון אָט דעם וואָרט זיינעם קאָן דער מאָרגנדיקער טאָג אינגאַנצן אַן אַנדערער ווערן.

— כאַוויירים, לאָמיר זיך ניט פאָרקען מיט ווערטער. מיר פאָרקען זיך שוין אַזוי אויך גאַנץ היפּש מיט כאַזיירים און צינדערלעך. גענוג זיך אָנגעפאָרקעט. דער זאַוואָד איז געוואָרן אויס זאַוואָד, נאָר א שטאַל. דער זאַוואָד איז א טיפּעש—און מיר זיינען טיפּשים. צי דאָס איז אַן אַרבעט, כאַוויירים? דער מענטש, כאַוויירים, איז מיט צוויי עקן: מיט איין עק קאָן ער קריכן צום טייוול אין די ציין אַריין, און מיטן צווייטן עק קאָן ער קנאַקן דעם טייוול איבער די ציין. דאָס ווענדט זיך פון וויפל גראַדוסן ביסטו א טיפּעש. אונזערע הענט זיינען ניט פאר ציגן און כאַזיירים: אונזערע הענט זיינען גאָר

פון אַן אנדער איינאָרדענונג. דאָס פילן מיר פעסט. וואָסערע הענט עס זיינען, אזא נעשאָמע, אַזא ארבעט גייט פון מויעך. געגוג צו זיין א טיפּעש פון הויכע גראַדוסן. ווי זאָגט דער כ׳ איוואגין: די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק... וואס איז אזוינס די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק? דאָס איז קנאַק דעם טייוול איבער די ציין מיט גרויסן אויפבוי. צעמענט איז אַ פעסט קלעפּעכץ. מיט צעמענט וועלן מיר צונויפקלעפּן די גרויסע געביידע פון דער רעפּובליק. צעמענט—דאָס זיי- נען מיר, כאוויירים, דער ארבעטער-קלאַס. דאָס דאַרפן מיר זיך פאַרשרייבן אַפן שטערן. געגוג געפראַוועט נארישע שטיק—מע דאַרף זיך נעמען פאַר דער עמעסער ארבעט.

פונם געפילדער און געטומל איז אומעגלעך געווען צו פאַנאנדערקלייבן זיך, וואָס אזוינס האט געוואָלט זאָגן דאָס קעמערל. פון די מיט בלוט אָנגע- שוואָלענע פּענימער האָט זיך דאָס בלוט אין די אויגן געגאָסן. גראמאַדע איז געשפּרונגען, פאָכנדיק מיט די הענט, און סאוויטשוק איז געקראָכן פון ווינקל ארויס און האָט געוואָיעט אין בייזקייט און פרייד.

און גליעב האָט אויסגעצויגן די האַנט איבערן טיש, געפאָדערט אויפ- מערקזאמקייט און געשפּילט מיט דער הארמאָשקע אף די באקן. דאשע האָט מיטן גלעקל געקלונגען און געשריען ביז שיקערער פאַרב אין די אויגן:

— כאוויירים-קאָמוניסטן, איר זייט נאָך א סטאדע! האַלט דיסציפּלין! איך האָב דיר ניט געגעבן קיין וואָרט, סאוויטשוק...

— אזוי, כאוויירים. לאָמיר צוגיין נאָענט צו דער זאַך. און שטעלט א פראַגע, וואָס פעלט דעם זאוואָד, כעוורע? קיין הייצווארג ניטאָ! ס׳איז פאר די ארבעטער קיין הייצווארג ניטאָ. געבליבן גאָרנישט מיט נישט. ס׳וועט קו- מען דער ווינטער און וועט אונז אלעמען אָפּקוילען אָן א מעסער. איז לאָמיר מאכן א נייעם ברעמסבערג אפן שפּיץ, אַפן בארג... מירן אָנשיטן האָלץ אין שטאָט אריין. דעם ראטפּאָלקווירדט וועלן מיר אָנעמען באַם גאָרגל: דער- לאַנגט, הינט איינע, די אָרדערס אף נאפט און בענזין... גיב אַ דינוואָכעשבן: וואו האָסטו אהינגעטאָן דאָס פארפאנצערטע? און לויט די אָרדערס האָבן מיר רעזערוון. און מיטן טרומף פּיק וועלן מיר שוין דורך טשעקא און רעווטרי- בונאל. א ברעמסבערג—אָט איז אונזער ערשטער קלאַפּ. דורכן פּראָפּראט — ארבעט-זונטיקן. די אינזשענערן אונזערע וועלן מיר אנידערזעצן: צייכן צייכע- נונגען און פיר אָן מיט געבוי. צום טייוול די ציגן, אין דר׳ערד מיט קאָפּ זיי!...

סאוויטשוק האָט זיך דערקליבן צום טיש און א קנאק געטאָן מיטן פויסט איבער די פּאַפּירן.

— ציק, גוילעמשע נעשאָמעס, כאזיירים-טרייבער!...

— כאווער סאוויטשוק, בויאַנעווע ניט!

— וואָס, נעקייווע איינע, פארשטאָפּסטו מיר דאָס מויל? אויב דאָ זיי- נען אלץ צינדערלעך-מאַכער און כאזיירים-פּאַסטעכער, טאָר איך זיי ניט דעקן?...

— כאווער סאוויטשוק, צום לעצטן מאָל...

— טיו, גוילעמטע!.. גליעב, כאַוועך, גיב נאָר א רעכטן כיילעק דיין ווייבל... זי איז דאָך ניט מיין... איר, דער רואך ווייסט וואסן, ציגן=פיטע-רער!... וואו זיינען אייערע הענט און גאָרגלען?... זאָגט, וואו איז די טשעקא אפן אינזשענער קלייסט?.. זאָג, גליעב, וואָס פאר א פריינט איז דיר דער אינזשענער קלייסט, וועלכער האָט דיך איבערגעגעבן אף טויט?... פאַרטראָגן קאָן איך ניט!... דערלאנג אהער דעם אינזשענער קלייסט!...

— ריכטיק!... ספּעץ... אינזשענער קלייסט... ארעסטירן און אָפּשיקן אים אין טשעקא... ווי א שטשור האָט ער זיך באהאלטן אין לאָך... בלאָנקעט ארום בישטיקע, ווי א גאנעוו... עס האָט זיך דען ניט אָנגעלעקט מיט דיין בלוט דער אינזשענער קלייסט?...

...אינזשענער קלייסט. דערדאָזיקער מענטש האָט געהאלטן אין זיינע הענט זיין לעבן און האָט עס א וואָרף געטאָן די הענקערס אין די הענט אריין, ווי מע ווארפט אוועק א שטיקל שמוציקע פּאַקליע. דער אינזשענער קלייסט... צי דען איז גליעבס לעבן ניט ווערט דעם אינזשענער קלייסטס לעבן? דאָס איז געווען דאמאָלסט, און איצטער האָבן זיך ווידער זייערע לעבנס געטראָפן...

דער הויקערדיקער לאָשאק האָט מיט זיינע וויסלען אף איין אויגנבליק דאשעס בליק געכאפּט און שווייגנדיק די האַנט אויפגעהויבן.

— כאוועך לאָשאק — האָט ס׳וואָרט.

אלע האָבן א קער געטאָן מיט די קעפּ אין ווינקל אריין, צום הויקער-דיקן שלאָסער. ער שלאָגט שטענדיק ניט מיט וואָרט, נאָר מיט שטיין, און דאָס וואָרט זיינס איז שווער אריבערצוטראגן.

— ווי זאָגט מען עס, באַם טיש האָט מען די זאך געשטעלט ווי ס׳געהער צו זיין, אָבער די גאָרגלערײ שטעלט עס קאפּויר, וויל איך זיך טאקע ארויסזאָגן. מיר זיינען בונטנמאכערס, פּענכערס; מיר האָבן זיך אָנגעבלאָזן און געפּלאצט. שטעל דעם מענטשן אָפּן רעכטן פּונקט און די זאך ווי עס באדארף צו זיין, וועט דער מענטש, ווי מע זאָגט עס, דיר בערג איבערקערן קאפּויר. אָט וואו דער קוואס זויערט, ליימענע קעפּלעך... דער אינזשענער קלייסט איז ניט קיין שאנס, אבער א נעסטל איז ניט קיין קאוואדלע. וויל איך זיך ארויס-זאָגן. זאָל זיין, אז דער אינזשענער קלייסט האָט טשומאכאָוון צוגעדינט ביזן ביין. נו, און וואָס פאר א האנט האָט ער א צווייט מאָל דאַשען דערלאנגט? ווי האָט ער, דער אינזשענער קלייסט, זי, דאשען, ארויסגעריסן פון טויט...

דאשע האָט זיך א ריס געטאָן איבערן טיש און א שטויס געטאָן לאָ-שאַקן אין הויקער אריין.

— כאוועך לאָשאק, וועגן מיר גייען קיין דעבאטן ניט... פארשטעק זיך און זאָג זיך ארויס וועגן דעם פּאַרטראג. און אויב עס איז ניטאָ מיט וואָס צו דעקן — איז ווער אנשטומט און טראָג זיך אָפּ אַף דיין אָרט...

לאַשאַק האָט פון הינטערן הויקער די ווייסלען אַף דאַשען אויסגע־שטעלט, א מאך געטאָן מיט דער האַנט און צוריק זיך אַוועקגעקוילערט, ווי א שטיק אַנטראַציט.

...ווידער דאַשע... ווידער עפּעס א טייוולש שפּיצל און א רעטעניש...

גליעב האָט צונויפגעפּרעסט די ציין, געטראַכט און געקעמפט מיט זיך.

— כאַוויירים, ווי באַלד ס'איז אַזוי, לאָזט מיך אַליין זיך אָפּרעכענען מיטן אינזשענער אויג אַף אויג. אָבער איצט וואַרפן מיר אָפּ די פראַגע...

די אַרבעטער האָבן פאַרמאַטערט מיט די אַרבל פון די העמדלעך דעם שווייס געווישט.

דאַשע האָט צוגעטראָגן א פּאַפּירל צו די אויגן, און דערנאָך דורכן פּאַ־פּירל באַקוקט דאָס קעמערל.

— כאַוויירים, לאָמיר זיך באַציען צו דער פראַגע פון פאַרטקאָם שטרענג און ווי צו א כיוּוו. וועגן קאָמאַנדירן מיטגלידער פון קעמערל אַף אַרבעט אין די קאָלווירטשאַפטן.

און ווידער האָט א באָמבע אין קעמערל אויפגעריסן.

— מע דאַרף ניט קיין קאָמאַנדירונגען!... געגנוג אָנקאָמאַנדירט!... די באַנדיטן אַף פּלייש. דאָס איז דאָך—א האַריגע, ניט קיין קאָמאַנדירונג... מיר זיינען ניט קיין אָקסן און אין שעכט־הויז אַריין וועלן מיר ניט גיין...

— כאַוויירים, איר זייט דאָך א קעמערל, און ניט מענטשן, וואָס האָבן אין זינען די אייגענע פעל! איך בין—א פרוי, און איך זאָג אייך—קיינמאָל ניט, קיין רעגעלע ניט האָב איך ניט געציטערט פאַר דער פעל. דאָס איז אייך באַוואוסט גאַנץ גוט.

— דיר גלוסט זיך, קאָמאַנדיר זיך אַליין... און נעם שוין מיט, אַגעוו, אין הורט אַריין אַלע דיינע קוואָטשקעס, די ווייבער די פאַרשאָלטענע, אויך...

— אָט א שעדיש ווייבל: זי נעמט דאָס די לייצעס אין קעמערל... יאָג די טייוולשע פרויען פון קעמערל אַרויס!.. זשיזש!..

דאָס איז סאַוואַטשוקס קאָל. אָבער אפילו זיין קאָל איז ניט בייגעקומען דעם געפילדער.

— גראַמאַדען קאָמאַנדירן!.. ער האָט זיך פאַרקליבן אין זאַווקאָם... און לאַשאַקן, כעוורע!.. די זאַווקאָמניקעס זיינען געגנוג ליידיק אַרומגעגאַנגען...

גליעב איז אַרויס פון הינטערן טיש אָפּן מיטן צימער. אַרויס רואיק, מיט אַ שווערן טראָט, מיט אַ שאַרפביינעדיקן פּאָנים.

— טיילט מיך אויס, כאַוויירים־קאַמוניסטן. טיילט אויס מיין ווייבל. זי האָט אייך א שמיץ געטאָן א וואָרט—וואָס ציטערן פאַר דער אייגענער פעל... און א שמיץ געטאָן, ווי עס באַדאַרף צו זיין... איך בין געגאַנגען ניט נאָר אין אַזעלכע מייזן־לעכער. אין די דריי יאָר האַב איך יעדן טאָג מיטן טויט זיך געשלאָגן. אָט טייוולשע ציגן, זיי האָבן אייך פּעסט צוגעקנופּט צו די שטייגן...

— ווי זשע קומט עס, וואָס דו ביסט ניט געהאַרגעט געוואָרן, טשומאַ־לאָוו? און ווער האָט דאָס ניט געזען קיין בלוט אין דידאָזיקע יאָרן?..

— אזוי, פאַרוואס כ'בין ניט געהארגעט געוואָרן? איך בין אָבער א לעבנדיקער, ווי איינער, וואס דער טויט נעמט אים ניט. איך האב זיך מיטן טויט געבראָדערט, ווי א גלייכער. און אויב איר האָט געזען בלוט, ווייסט איר דאָך זייער גוט, וואס פאַר אַ צייַן דער טויט פאַרמאָגט. גוטע צייַן, שוין איינמאָל צייַן. אָט! נאַ! קוק און האָב האנאָע!..

מיט א ריס האָט ער אראָפּגעפליקט פון זיך דאס אויבערשטע העמדל, דאָס אונטערשטע שמוציקע העמד, א שמיץ געטאָן אָפּן דיל, און די מוסקלען זיינע פונם האלז ביז די הויזן האָבן בא דער ליכט פונם נאַפט-לאָמפּ זיך באַוועגט אונטער דער הויט ווי פלינקע, שטייפע אָדערלעך. און צווישן זיי, אין די גריבעלעך, האָבן געטאנצט שווארצע פלעקן-שאָטנס.

— איר ווילט א טאַפּ טאָן מיט די הענט?... קום אהער און טאַפּ...

און ער האָט געשטעקט מיט די פינגער אין ברוסט, אין האלז, אין די זייטן. און אין יענע ערטער, וואו די פינגער האבן זיך געפּאַרקעט, האבן ווי טונקלרויטע און בלייכע קנוילן זיך געשניטן צייכנס פון וואונדן.

— איר פאַרלאנגט עפּשער, איך זאָל אראָפּלאָזן אויך די הויזן? זאָגט — איר פארלאנגט? אהא!.. איך שעם זיך ניט. דאָרט איז אויך פאַראן אזעלכע אָרדנס. איר ווילט, אז אנשטאט אייך זאָלן אף ארבעט גיין אנדערע און איר וועט שלאָפן אין די ציגן-לעכער?.. גוט! איך גיי! באשטימט מיך אף דער-דאָזיקער מוילוואורפערישער אַרבעט...

קיינער איז צו גליבן ניט צוגעגאנגען. ער האָט געזען מיט פייכט-קייט אָנגעגאָסענע אויגן, ער האָט געזעען, ווי אלע מענטשן זיינען מיטאמאָל געבליבן זיצן, ווי א קופּקעלע שעפּסן. זיי האָבן געקוקט אף זיין נאקעט לייב, וואס איז באדעקט געווען מיט שראמען און קנופּן און, פאַרלוירענע, באַטויבטע דורך זיינע ווערטער, האָבן זיי זיך געפּאַרעט אין א באָד-שוויס און זיינען געזעסן שווייגנדיקע, צוגעטשוועקלטע צו זייערע ערטער.

— כאווײרים!.. ס'איז דאָך א כארפּע און א שאנד!.. ביז וואָס זשע פאר א גראד, כאווײרים, איז דאָס דערדאָזיקער כורבן פון אונזער נעשאָמע?.. כאווײרים!..

גראמאדע האט זיך געשטיקט, געמאכט מיט די הענט, זיך געקארטשעט ווי א כוילעניפל און האָט דעם שטורעם זיינעם אין ווערטער ניט געקאָנט ארויסזאָגן.

איינער פון די בערדיקע ארבעטער איז אויפגעשטאנען פון דעם באנק און האָט אַ קלאַפּ געטאָן זיך אין ברוסט. דער קאָפּ האָט זיך באַ אים גע-טרייסלט, און די אויגן האָבן געשפּאַרט פון אונטער די וויעס.

— פאַרשרייב!... האַק!... איך גיי!... איך בין ניט עפּעס קיין מיעסע קאַנאַליע... נו, דריי ציגן דאָרט, אַ כאַזער מיט כאזיירימלעך... געריבן די אקסלען מיט זעקלעך... וואָס איז דאָ צו ריידן: מיר זיינען אומגעקומען אין אונזערע גריבער, כעוורע...

און נאָך אים האָבן זיך געצויגן נאָך אַ פּאָר שווייגנדיקע, שווערע הענט.

און דאַשע (זי האָט געקוקט אַף גליעבן מיט פאַרגליווערטע אויגן) האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— כאַווײרים, צי דען איז אונזער קעמערל ערגער פאַר אנדערע? ניין, כאַווײרים!... באַ אונז זײנען גוטע ארבעטער... און גוטע קאָמו-ניסטן.

און די ערשטע האָט זי זיך צעפּליעסקעט מיט די הענט און אַ גלאַנץ געטאָן מיט די ציין.

ווען אלץ האָט זיך בארואיקט און ס'איז געוואָרן גרינג און פּראָסט, האָט דאַשע איבערראַשט מיט אַ ווייבערשן פאָרשלאג אויסער דעם טאָג-סיידער:

— כאַווײרים! באַ אונז שטייען ליידיקע הייזער פון די אַנטלאָפענע אינזשענערן. איך לייג פאָר עפענען דאָרטן אויפעלעך-היימען. דידאָזיקע מיעסע קיך, ניט געדאַכט זאָל זי ווערן... די פרייע פראָלעטאַרישע פרוי...

— שנייד!.. נו, ווייבער... פּיקן פּיקן זיי, ווי הינדלעך, און קרייען קרייען זיי, ווי די הענער... מאמעש זיי ווילן אונז אַראָפּזעצן.

— ניטאָ קיין דערווידערונגען?.. אָנגענומען... לאָמיר זינגען דעם אינ-טערנאַציאָנאַל...

2

## אַווגוסט בעבעל און מאָטיע סאַווטשוק

פון קלוב צו דער שטוב איז געווען נאָענט—אַריבערשפּרינגען נאָר די באַרג-ריפּ—צען מינוט גאַנג. גליעב און דאַשע האָבן זיך געשטויסן מיט די אקסלען איינע אָן די אַנדערע, מיט די הענט זיך געפלאָכטן. די טונקל-פּיאַ-לעטעווע ווייטן הינטערן זאַוואָד—דער יאַם אין די פאַרשטאָט—זײנען געווען אין טונקל פאַרהילט און אומרואיק-פּוסט אין אויפּבליצנדיקע פונקען און פאַר-וואָלקנטע שאָטנס. פון ליכט-טורעם צום זאַוואָד האָט זיך אַ פייערדיקע שטריק געפלאָכטן, געריסן, געקניפּט זיך אין קנופּן, און ווייט איבערן יאַם האָבן שטערן געטריפט, און דער הימל איבער די ווייטע געדריידלטע בארג-רוקנס איז געווען ווי אין פּאווע-פעדערן.

גליעב און דאַשע זײנען שווייגנדיקע געגאַנגען—עס האָט זיך געוואָלט ריידן, נאָר זיי האָבן געשוויגן.

אין די בערג, הינטער דער שטאָט, אַף די בארג-שפּיצן, איבערן יאַם האָבן אויפגעפלאַמט, זיך געדרייט אין דער לופטן, אויסגעלאָשן זיך און ווידער זיך אנגעצונדן געהיימניספולע פייערן.

דאַשע האָט זיך צו גליעבס האַנט צוגעריבט.

— דו זעסט—פייערן? דאָס פירן די ווייס-גרינע אַ געשפרעך דורך סיגנאַלן. ס'וועט נאָך אַסאַך אויסקומען צו האָבן צו טאָן מיט זיי. אַסאַך אר-בעט און אַסאַך בלוט אונזערס וועט נאָך גענומען ווערן..

אָט. אָפּגעזאָגט, און אין דידאָזיקע ווערטער האָט זיך געזעען אַן אַנדער נעשאָמע—ניט יענע, ניט די פריערדיקע, ניט די, וואָס האָט געזוכט שוץ און צערטלעריי אין זיין קראַפט. זי האָט אירס אָפּגעזאָגט, און דידאָזיקע ווערטער זיינען געווען ניט יענע ווערטער, וואָס גליעב האָט געוואָלט הערן. וואָס פאר א לעבן האָט דאשע פאַרבראַכט אָן אים? וואָס פאר א קראפט האָט איר נעשאָמע אָפּגעטיילט פון זיינע? דידאָזיקע קראַפט האָט דערשטיקט די פריערדיקע דאשען, און דאשע איז געוואָרן גרעסער פאר דאשען, און דידאָזיקע קראַפט איז צווישן אים, גליעבן, און איר ניט דורכצודרינגען, ניט צו באַזייטיקן.

דאשע איז געגאנגען געשיקט, זיכער טרעטנדיק מיט די באָטעס: מע זעט ניט קיין שטעג, אָבער זי איז באנאכט שאַרפזיכטיק, ווי אַ קאַץ.

— אַנו, דאשע, דערצייל, וואָס פאַר אַ געשיכטע איז דאָס פארלאָפן באַ דיר מיטן אינזשענער קלייסט? אָט וועגן דעם, וואָס לאָשאַק האָט זיך אַריינ-געבראקט...

דאשע האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי דורך דער נאכט גליעבן אין פּאָנים אריינגעקוקט.

— דאָס האָט ער געמיינט די קאָנטר-אויסשפּירונג — דו ווייסט דען ניט?..

— דו האָסט דען מיט מיר גערעדט פון דיין לעבן? דאָס מעג וויסן אַ פרעמדער פעטער, אָבער איך בין דיר סאכאקל אַ מאַן...

דאשע האט א שמייכל געטאָן, אָבער גליעב האָט ניט געזעען דעמדאָ-זיקן שמייכל.

— נו, איז אָט... איך בין געווען אין דער קאָנטר-אויסשפּירונג, און מאטיע האָט איינגעבעטן דעם אינזשענער קלייסט... האָט ער געגעבן זיין וואָרט—גענומען מיר אף זיין אָרוועס... כ'האָב געהאט אַ געשעפט מיט די גרינע...

— האָסט געהאט אַ געשעפט מיט די גרינע?.. דו האָסט דאָך געקאָנט אין דעמדאָזיקן איניען אומקומען, ווי א פליג... און דו האָסט זיך אַרויסגעריסן פון די לאַפּעס פון דידאָזיקע באנדיטן אומגעשעדיקט? אַנו, דערצייל.

— ס'איז אַ לאַנגע מאיכע. עס וועט קומען די גוטע שאָ, וועל איך דיר דערציילן אַלץ ביזן סאָף. און איצטער איז דען די צייט דערצו, גליעב? איך קען דאָך ניט מיטאמאָל, ראַפּטאַם.

און מיטאַמאָל איז זי אוועק אָן אַ זייט פון אים און דעם טראָט אירן פאַרגיכערט. און אין דידאָזיקע אייליקע באַוועגונגען אירע האט גליעב דער-פילט דאשעס אויפגערודערטקייט. ער האָט זיך דערמאָנט: פונקט אזוי האָט זי זיך געהאלטן אַפן וועג צו דעם קינדער-הויז.

— אוי, דאשאָק, דו אטעמסט מיר עפּעס, פיל איך, ניט מיט יענעם נאָז-לאָך, מיט וועלכן מע דאַרף... עס רייסט באַ דיר עפּעס אַ בלאָטער... צי האָט דיך אַמאָל ניט אַראָפּגעפירט פון וועג עפּעס איינער אַזוינער?.. אייער נאַציע איז ניט שווער נאָך זיך אַ שלעפּ צו טאָן אַף אַ שטריקעלע...

— גליעב... דו ביסט דאָך ניט קיין נידערטרעכטיקער מענטש, ווערליק איך געדענק דיך?.. דאָס האָט זיך בא דיר אַ נארישקייט אַרויסגעכאפּט... אָבער אַ צווייט מאָל—היט דיין צונג, גליעב...

און אין צימער—אומהיימלעכן, מיטן שימל-געדוך—האָט זי זיך צום טיש צוגעזעצט און ביכלעך פון אַ צייטונג אַרויסגעוויקלט. זי האָט איין ביכל אויסגעקליבן, צוגערוקט צו זיך דעם לאָמפּ און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אַף די הענט.

— אָט דאָס איז פיין!.. וואָס פאַר אַ טוירע לייענסטו עס דאָרטן?

ניט אָפּרייסנדיק זיך פון ביכל, האָט זי געענטפערט צווישן די ציין:

— אווגוסט בעבעלס... „די פרוי און דער סאָציאַליזם".

— אָ-וואַ!.. און יענע, די אַנדערע?

— די זיינען כאַוּוער לענינס... ווילסט—נעם. מיר, קאָמוניסטן, זיינען מע-כויעוו קנעלן.

דאַשע האָט פלייסיק געלייענט: זי האָט געשעפּטשעט, געשלונגען די סליונע, זיך געמאַטערט איבער די שווערע ווערטער, און פלינק געשפּרונגען איבער לייכטע טרעפּעלעך...

דורכן אפענעם פענסטער זיינען נאַכט-פליגעלעך אין שטוב אנגעפלויגן, האָבן געשפּילט, געפלאָכטן לעבעדיקע פעדים ארום פייער, פאַרברענט געוואָרן אַף דער הייסער גלאָז פון לאָמפּ און געשאָטן זיך אַפן טיש, ווי הירזש. אין אָפענעם פענסטער זיינען, ווי נאכט-פליגעלעך, שטערן פינקלדיקע פון שווארצן הימל ארייגעפלויגן, און אין די קוסטבוימלעך אַף די בערג זיינען אין די אויס-געשרייען פון די נאַכט-פויגעלעך ווי געדונען אויפגערודערטע פראַגן: „יאָ צי ניין?" „יאָ צי ניין?" אין אפענעם פענסטער ארײַן האָט פון סאַווטשוקס אפע-נעם פענסטער געוואונקען און געדופן דער טונקעלער צעשוואומענער פייער.

גליעב האָט זיך אויפגעהויבן און אָן א העלם ארויס פון צימער...

די סאַווטשוקס האָבן זיך שוין געקליבן שלאָפן גיין. אַפן טיש—רעשט-לעך עסן. מע האָט עס געדאַרפט צוקלייבן, אויסוואַשן דאָס געפעס און — זיך לייגן שלאָפן. אָן א קאַפּטל, בלויז אין א ליף האָט זיך באַם טיש מאטיע גע-פּאָרקעט. א באָרוועסער, קודלאטער, טראָגנדיק ווי שטענדיק מיט אָנשטרענ-גונג זיין שווערן לײידיקגייערישן גוף, האָט סאַווטשוק געעפנט גליעבן די טיר, און דערנאָך זיך געדרייט ארום בעט.

— וואָס פאַר א טייוול האָט דיך איצטער, גוילאָם איינער, געבראַכט אהער אין אזא שפּעטער שאָ?.. באַטאָג ביסטו א בייזער הונט, און באַנאַכט שפּרינגסטו ארום, ווי א פליי...

דאָס האָט סאַווטשוק זיך געווערטלט אין א מילדער אויפגערייצטקייט.

מאטיע האָט שעמעוודיק געשלעפּט אף די בריסט אי דעם ליף, אי דאָס העמד, נאָר די בריסט זיינען ברייט און פול אָנגעגאָסן געווען.

— ביסט אַן אייגענער מענטש, גליעב... איך בין שוין אַף נאַכט גע-גרייט. זאָלסט קיין פאַריבל ניט האָבן.

— שעם זיך ניט. מאטיע: אַן דעם ווייס איך אויך, אז דו ביכט א נעקייווע. און באַ סאַוטשוקן וועל איך ניט צונעמען: סאַוטשוק איז א זיכערע פעסטונג, מיט א הארמאט וועסטו עס ניט דורכלעכערן. אנו, דערציילע, מאטיע, וואָס פאר א פרידן איז באַ דיר מיט סאַוטשיקן?

— וואָס איז סאַוטשוק?... ער איז א היצעל א גוטער... ער איז באַ מיר אָטאַדאָ, אונטערן קנאַפל.

— האַק כאָטש ניט קיין ליגנס, דו, גוילעמשע נעשאָמע!.. און ווען האָב איך געכטן די ביינער רעמאָנטירט? פאַרגעסן?

מאטיע האָט א בלאנק געטאָן מיט די אויגן און ווי א קאַץ אויפגעשפרונגען.

— אנו, האַק אליין ניט קיין ליגנס. קודלאטע קליאטשע... אנו, דערמאָן זיך, ווען האָב איך די מאָרדע געפליקט?

גליעב האָט זיך צעלאַכט — פריילעכע כעורע זיינען דידאָזיקע סאַוטשוקעס...

— וואָס איז דאָס, כאַווער סאַוטשוק? פון היינט אָן ווערט דיר שטרענג פאַרבאָטן מיען די הענט דיינע אַף מאטיען: גרייט דיינע הענט צו אַן אַנדער אַרבעט...

מאטיע האָט פון פרייד אויסגעשריען און איז צוגעלאָפן צו גליעבן, ניט שעמענדיק זיך מיט אירע נאַקעטע בריסטן.

— יאָ, יאָ, גליעב!.. אוי ווי מע דאַרף אַרבעט! ווען ס'זאָל נאָר זיין אַרבעט! געוועזן ארבעט—געזען קינדערלעך; געשטאָרבן די ארבעט — האָט דער טויט די קינדערלעך צוגענומען...

און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי זיך צום טיש אָפגעקערט.

— הער נאָר, דו גליעב! אויב דידאָזיקע הענט מיינע וועלן ווידער זיך א שטעק טאָן אין א פוסטן לאָך—וועסטו קיין לעבעדיקער ניט ארויס... דיין ווייבל איז א טייוולשע פרוי. האָסטו געזען, ווי זי האָט עס געפּלאָכטן שטריק פונם קעמערל...

מאטיע האָט ווידער א בלאנק געטאָן מיט די אויגן און אריינגעקוקט גליעבן אין סאַמע אינעווייניק אריין.

— איך ווייס ניט, וואָס מיט דאשען איז... אבער ווי האָט דאָס דאשע געקאָנט אזוי אוועקשליידערן ניורקען אַף פרעמדע הענט? א ווייבל אָן א שטיקל קינד און אָן א נעסט איז א ווילד ווייבל... זי האָט מיך גערופן צו זיך אין איר קאָמפּאַניע אריין. נאָר איך בין דען א נאָר? איך וועל פריער פייגערן, איידער ארויסוואַרפן מיין ברוסט הינטערן פענסטער.

גליעב האָט זיך פון מאטיען אנגעקלאמערט: טאַקע אַזעלכע ווערטער האָט גליעב באַ מאטיען געזוכט. צי מאטיע האט אים פארשטאַנען, צי זי האָט געוואוסט די וועגדונג פון זיין לעבן אין דידאָזיקע דורכגעלעבטע פאָר טעג מיט דאַשען, נאָר זי האָט געקוקט אַף אים מיט פינקלענדיקע אויגן, מיט האלבפארשטאַנענעם וואונק. און ער—ווי ער וואָלט גאָר ניט געהערט מאטיעס לעצטע ווערטער, האָט געענטפערט נאָר אַף סאַוטשוקס רייד:

— דאָס איז ריכטיק. דאשקע איז דאָ געוואָרן אָן מיר אַ לייט, און ווי איז דאָס פֿון איר געוואָרן אָן מיר אַזאַ ווייבל—ווייס איך גאָרניט: זי איז אַ שטאלצע און וויל זיך מיט איר שיקזאל ניט באַרימען...

אין מאטיעס שווארצאפלען האָט זיך די בייזקייט, ווי אַ שוועבעלע אנ-געצונדן, און מאטיע האָט זיך מיט אַ ריגל פאַריגלט:

— דו קום ניט צו גיין אהער, גליעב, מיט אזעלכע ווערטער. די הינ-טערפיסלעך דיינע ווייז דאָ ניט. דו האָסט דאשען געוואָרפן אף פּוראניעס ביזן טויט און דו קאָנסט זי ניט נעמען מיט הוילע הענט. פרעג בעסער ניט אויס—דו ווילסט דאָך עפּעס דערגיין בײַ מיר, אַ יאָ? בין איך דאך ניט קיין נאַר... אויב זי איז אַזאַ—איז דאָס ניט אין דיין אין ווילן געווענדט. דו האָסט דאָך גענומען זי אפן צימבל—איר זייט דאָך מענוואוואלים אַזעלכע... נו, און אָפּגע-בריט זיך—ניט אַזוי?.. און איך וועל דיר ניט אויסזאָגן, ווי באַלד זי האָט אַליין ניט אויפגעדעקט זיך מיט אירע אייגענע ווערטער... מע טאָר ניט גראבן די נעשאָמע מיט די נעגל, אויב דו האָסט ניט דערצו קיין לאנגע האַנט...

גליעב האָט זיך דערפילט אין פארלעגנהייט און פאנאנדערגעלאַכט זיך, קעדיי צו באהאלטן זיין פארלעגנהייט.

— וואָס פאר א דורכגעטריבן ווייבל דו ביסט, מאטיע!.. אבער וואָס עמעס איז עמעס: ניטאָ די אמאליקע דאשקע, און וואָס פאר א פּעטרובאציע עס האָט מיט איר געטראָפן אין די דריי יאָר,—ווייס איך אַלץ ניט. איך פיל: עס איז דאָ עפּעס אַ טונקל ווינקל בײַם ווייבל. עפשער האָט זי זיך אויסגע-גליטשט מיט עמיצן אַ מאנספּערשוין? וואָלט זי געדארפט עס דערציילן: איך בין דאָך ניט קיין גאזלען!..

און מאטיע האָט ווידער זיך אפגעטוקט אין דער טיפעניש פון זיינע אויגן און ווידער האָט גליעב דערזעען, אַז אויך דאָ האָט מאטיע געכאַפּט זיין באהאלטן שפּיצל.

— אוי, גליעב!.. און דו שעמסט זיך ניט, גליעב, נעמען מיר אפן צימבל?.. גיי, גליעב, אהיים, און לייג זיך שלאָפן. שלייף ניט אומזיסט דעם צונג...

און אין פארהויז, ווען מאטיע האָט גליעבן באגלייט, האָט זי אין דער פינסטער זיין האנט געדריקט און ווי אַ שעמעוודיק מיידעלע שטיל צו אים געלאכט.

— אוי גליעב!.. דו ביסט דאָך אן אייגענער מענטש... דו ווייסט דאָך גאָרניט, וואָס פאר א פרייד ס'איז בײַ מיר... דו ווייסט דאָך גאָרניט!.. איך וועל דאָך אויך זיין אַ רייכע מאַמע...

און דערנאָך, אין דער אָפענער טיר, א זיפץ געטאָן פון ראַכמאָנעס צו גליעבן.

— אוי, גליעב... וואָס פאר אַ פינסטערער מאַזל! ס'וועט דיר ניט אויס-קומען צו לעבן מיט דאַשען מיט איין האַרץ... נאָר א מיצווע אף אייך, הינט איינע: ווארפט ניט די ווייבער איירע אפן הינטישן באַראָט...

גליעב האָט געטראָפן דאַשען אזא, ווי ער האָט זי איבערגעלאָזט—איבערן בוך: דער קאָפּ אַף די הענט, און א שטרענגער, פאַרזאָרגטער, אַרבעטנדיקער פּאָנים, און א פליייסיקער שעפּטשען איבער דער בוך-ארבעט.

אָבער ווי נאָר ער איז אריין אין צימער, — האָט זי זיך פון בוך אָפּ-געריסן און פאָרשנדיק אַף גליעבן א קוק געטאָן.

— נו, וואָס זשע האָסטו זיך דערוואוסט בא די כאווײדים סאַוואָטשוק?

גליעב איז הארט צוגעגאנגען צו איר און דער פּאָנים האָט פון ווייטיק צוקן אָנגעהויבן. ער האָט זי ארומגענומען און געזאָגט, ניט מיט דער שפּראַך, מיט וועלכער ער רעדט שטענדיק. ס׳איז געווען ניט דער גליעב, וואָס האָט דורכגעמאכט דעם מילכאָמע-שטורעם: געווען א גליעב אָן אויסגעמאַטערטער פון ליבע און טראכטעניש.

— נו, דאשע! נו, באווייז דאָך מיר, טייבעלע, דיין נעשאָמע... נו, זיי דאָך די פריערדיקע, די צערטלדיקע... מיר איז ביטער, דאשע, מיט מיר ביסטו ווי א פרעמדע... און האלסט ווי א מעסער אין בוזים.

דאשע האט קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר גליעב האָט דערפילט, אז זי האָט זיך א צאַפּל געטאָן און די נעשאָמע איז בא איר ווייכער געוואָרן. ער האָט דערפילט, אז זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים מיטן קאָפּ און מיטן אקסל און ווידער געוואָרן א שוואכע און ליבע פרוי. און עס האָט זיך אים געדוכט, אז עס האָט א שמעק געטאָן פון איר מיטן געוועזענעם מילך-גערוך און מיטן געוועזענעם זיסן, ווארימען אָטעם. נאָר זי האָט ציטערנדיק זיך געטוליעט צו אים, געקעמפּט מיט זיך און זיך ניט געקאָנט באהערשן.

— נו, אויב עס איז וואָס געווען — איז עס דאָך ניט דער טאָך... אזעלכעס קאָן דאָך אין א בייזער שאָ טרעפן מיט יעדערן...

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אים און א זיפץ געטאן. דערנאָך האָט זי טיף אין די אויגן אים אריינגעקוקט, ווי מאטיע, און געזאָגט שטיל, מיט א ווייטיק, ברעכנדיק די שטים:

— יא... געווען... געווען, גליעב... און ניט איינמאָל איז עס געווען...

ווי א ריזיקע האַנט וואָלט גליעבן פון דאַשען אָפּגעשליידערט. ווי עס וואָלט געפּלאַצט אן אָנגעבלאָזענער פּענכער אין האַרצן. און א כאיעשער קויעך האָט מיט בלוט און העלישן פייער אָנגעפּאָמפּעט די פויסטן און דעם פּאָנים.

— איז, הייסט עס, אלץ אַן עמעס?.. איז געווען?.. ארומגעשלעפּט זיך מיט הינט, ווי א שמוציקע נאַפקע?.. עך, ווערימדיקע צויג!..

א מעטורעפער, האָט ער אויפגעהויבן די פויסטן, און א בלינדער, מיט ארויסגעטארטשעטע וויסלען, מיט איין ריזיק האַרץ אין ברוסט, מיט פּאַלנדיקע טריט האָט ער זיך ווי אן אָקס צו דאשען א לאָז געטאָן. נאָר זי האָט זיך פלינק פון שטול אויפגעהויבן און פעסט אַף די פיס זיך אנידערגעשטעלט, און דערפון איז זי געוואָרן העכער, און שטייפער דער קאָפּ און די ברוסט. און מיטאַמאָל האָט זי ניט מיט א ווייבערשן קאָל, נאָר מיט אן אומדערהערטן פּאַך פון דער ברוסט ארויסגעשניטן גליעבס כאיעשן צאָרן.

— קום צום זינען!.. שעם זיך!..

און אנטשוויגן געוואָרן, בלויז די ברעמען און די אויגן האָט זי צונויפ־געקליבן אין איין שוואַרצן קניפּל. און ווען ער, אן אָפּגעשליידערטער דורכן געשריי, איז מיט טאַנצנדיקע ליפּן פאַרגליווערט געוואָרן אין גאַנג, האָט זי רואיק און מיט א באַס־שטימע, מיט א טרוקענעם הייזער ארויסגעזאָגט:

— איך האָב דיך, גליעב, גענומען אף א פּראָבע. דו קאָנסט ניט זיין קיין מענטש. דו קאָנסט נאָך מיך ניט אויסהערן, ווי עס באַדאַרף צו זיין... איז אָט: מיינע ווערטער האָב איך געזאָגט, קעדיי ארויסצוברענגען דיך אזא ווי דו ביסט. האָסט געשפּיאָנעוועט בא מאָטיען—איך ווייס עס דען ניט? איך ווייס גוט, מיט וואָס דו אָטעמסט... דו ביסט א קאָמוניסט... נאָר דו ביסט א כאַיעשער פּויער, און א נעקייווע באַדאַרפסטו א שקלאַפין, אף אונטערצו־בעטן אונטער זיך... דו ביסט א גוטער קריגסמאַן, אָבער אין לעבן ביסטו א שלעכטער קאָמוניסט...

און זי איז אוועק צום בעט גרייט מאַכן דאָס בעטגעוואַנט.

V

# דער אונטערערדישער עמיגראַנט

1

## דער באַהאַלטענער צימער.

דער פענסטער אין די מאַסיווע דעמבענע ראַמען פלעגט ניט אויפגעעפנט ווערן, און דער שטויב פון די שטיינבּרוכן פלעגט דורך די שפּאַלטן און דעם לופט-טירל זיך לייגן ווי סאַמעט רואיק אַפן ביישטידל צווישן די ראַמען, און אין די פרימאָרגנס, ווען די בערג האָבן געפלאַקערט מיטן בעז-גלאַנץ, און זונען-שפּריצן פלעגן זיך גליטשן פון דער זייט דורכן געפלעכט פון די ראַמען,—פלעגן צווישן די שויבן אַרומפליען רעגנבויגנדיקע קריסטאַלן. דער טעכנישער אָנפירער, דער אינזשענער קלייסט, פלעגט אין אַזעלכע פרימאָרגנס לאַנג שטיין נעבן פענסטער און קוקן אַף דידאַזיקע אַרומשוועבנדיקע וועלטן, אַף די אויסשטראַלונגען פון די פאַרבייגעגאַנגענע געאָלאָגישע עפּאָכעס און פלעגט פילן בעכוש די קאָנדענסירטע שטילקייט אין צימער.

און אויבּ דער צימער ליגט פאַרוואָרפן אין דער טיפעניש פונם ווינקל-דיקן קאָרידאָר, וואו דער טאָג שווייגט אין אָוונטדיקן דרעמל, און די נאַכט—אין שוואַרצער פוסטקייט און צעשויבערטע שאָטנס,—איז דער אַרבעטס-צימער פונם אינזשענער קלייסט זעט אויס אַ מעכאַיע ניט צוטריטלעך, ווייט, ווי אָט יענער ווילד באַוואַקסענער שטיינבּרוך אינם באַרג-שפּאַלט.

ווען דער זאַוואָד איז כאָרעוו, און די בּלויע לעכער פון די אַרויסגעריסענע טירן און פענסטער קוקן מיט אַן ענדלאָזער פראַגע אַף די וואָולקאַנישע אויפשליידערן פון בערג, אַף די אָפּוואַלגערן פון שטיין-שערבּלעך און די טעראַסן פון די שטיינבּרוכן מיט די צעבּראָכענע און פאַרזשאַווערטע ברעמס-בּערגן,—דאַן בּלייבּט שטיין דאָס לעבּן און ווערט צעפאַלן אַף זיינע באַשטאַנד-טיילן — כאַאָס און רו... איז פאַרוואָס זאָל ער ניט זיין קיין טעכנישער אָנפירער אַף א טויטן זאַוואָד, וויבאַלד דאָס פאַרפליכטעט צו גאָרניט און גיט אַ שטאַנדהאַפטיקן גלייכגעוויכט פון דער צייט?

דעריקער—ניט עפענען די דעמבענע ראַמען אין צימער און פאַרשטיין דעם ריזיקן זינען פון דער גרויסער בוי-אַרבעט, וואָס די שפּינען פירן צווישן

די שויבן. פון א געוויסן גרעניך-מאמענט אן צווישן דער פארגאנגענהייט און דער געגנווארט האָט דער אינזשענער קלייסט מיטאמאָל דערזעען טיפע שיינקייט און באדייטונג פון אַרכיטעקטורישע שפינוועבס-אָנהויפונגען אין די לופטיקע רוימען צווישן די ראמען. ער פלעגט לאנגע שאָען שטיין באַם פענסטער, א סוטולעוואטער, אַ לאַנגפיסיקער, מיטן קורץ-געשוירענעם קאָפּ און פלעגט קוקן אף דעם פערלדיקן געוועב פון די נעצן—אף די פילע דורכזיכטיקע פלאַכקייטן אין פארשיידענע אָנבויגן און איבערקרייצונגען, אָף די אנצאליקע ראַדיוסן פון די לייטערס, געפלעכטן און צונויפקניפונגען, וואָס אלע זיינען זיי אָנגעזעטיקט מיט קראפט פון קאָלאָסאלער אָנשטרענגונג.

אין זיין ארבעטס-צימער פלעגט קיינער ניט אריינקומען: ווער האָט זיך געגוויטיקט אין א טעכנישן אָנפירער, וויבאלד דער זאוואָד איז פוסט, ווי א קייווער, און דער צעמענט אין די נאסע שפייכלערס איז שוין לאנג אף דוירעס גאנצע פאַרוואנדלט געוואָרן אין טשוהון-הארטע קלעצלעך, וויבאלד עס זיינען רואינירט די ברעמסבערגן, צעריסן די שטריק, און די וואגאָנעטקעס, אראָפגעשליידערטע אונטער די דאמבעס, זיינען פון רעגן פארזשאווערט געווארן און פאַרוואלגערט אין ווילד-גראז און געשטיין?

ווער איז נויטיק דער טעכנישער אָנפירער, ווען קוואליפיצירטע אַרבעטער בלאנקען אַרום ליידיק איבערן שאָסיי, איבער די שטעגן פון דער זאַוואָד-טעריטאָריע, איבער די אויסגעליידיקטע קאָרפוסן און הויפן — שלעפן קלעפקעס און רייסן אף באהייצונג, מעשענע טיילן פון די מאשינעס אָף צינדערלעך, פאַסן פון די טראנסמיסיעס?..

דאָרט, אונטן, אין דער סוטערינע, אין דעם האַלב-טונקל פון ניט באַוואוינטע לעכער רודערט אין טופעניש און אין געשרייען דער זאוואקאָם, און דעם אינזשענער קלייסט דאכט זיך אויס, אז דאָרט איז עפעס אַ מין ווינשענקל, אַ מיקלאָט פון בונטאָוושטשיקעס און רויבער. און פון זיין פענסטער, דורך דער פאַרשטויבטער טונקלקייט פון שויב זעט ער, ווי די ארבעטער שמייען ארום איבער די בעטאָנישע טרעפ מיט פאַרכמורעטע פענימער, באַדעקטע מיט שטויב פון הונגער און פיין, געראונצלטע אין קנייטשן פון אַכזאָרישער אַקשאָנעס. זיי, די אַרבעטער, זיינען פאַרנומען מיט זייער זאַך — מיט אַ שרעקלעכער און אומפארשטענדלעכער שפיל, — און ער גייט זיי לאכלותן ניט אָן.

אַליץ קומט ארויס אים צו גונסטן אַדאנק זיין קלוגער פאָרזיכטיקייט. אַדאנק זיין טרעפלעכן אנידערשטעלן די פאָשעטע מאַטעמאַטישע אויפגאַבע. פון זיין אָפּגעזונדערטן ווינקל קוקט ער אף זיי מיט כויזעקדיקער פאראכטונג, מיט אויפגערודערטן האַס. דידאָזיקע אלע באַשעפענישן, אויסגעמאַטערטע פון הונגער און ליידיקגייערייי, האָבן געבראכט אין זייער בונט כורבן און די גרויסע טראגעדיע — די רעוואָלוציע. דאָס האָבן זיי צעטראָטן זיין צוקונפט, און די וועלט פאַרבּרענט, ווי אַ הויפן קליאָטשע, און די איבערגעבליבענע פיצעלעך פון דער פאַרגאַנגענהייט פאַרגעסן אין דעמדאָזיקן באהאלטענעם צימער.

דאָס בעטאָנישע בריקל און די טרעפ אַראָפּ פאר זיין פענסטער רויכערן

זיך און שמעלצן זיך אין זונען-גלאַנץ. עס דוכט זיך, אז זיי ברענען מיט ווייסן גלי, און אָט-אָט וועלן זיי אויפרייסן אין אַ העלישן פלאַם. אַף די צעגליטע פלאַכן גיסט זיך וואסער, און דאָס וואסער זידט און בלעזלט זיך אין דאַמף און פייער. דאָס קנאַקן די מושלס און דער צעשפּאָלטענער צעמענט אונטער די אַרבעטערס פיס. ווי מוראַשקעס לויפן זיי אַרום אונטן פון טיר צו טיר, פון זאַווקאָם אין זאווקאָם.

פאַרוואָס איז איצטער נויטיק אַ זאווקאָם, בעאַיס פריער איז ער אינגאנצן ניט געווען, און דער זאַוואָד האָט מאַרשירט געוועןז וואָס פאַר א געשעפטן קאָנען זיין בא אַרבעטער, וועלכע זיינען פארמישפּעט אַף ליידיק-גייעריי, צווישן די רואינען פון פאַרשוואונדענער מאיעסטעט-אָרגאַניזירטער מי? צו וואָס דידאָזיקע פאַרזאָרגטע איילעניש, וויבאלד דער מאָרגנדיקער טאָג איז פונקט אזא, ווי דער היינטיקער, און הינטער אים—אַ ריי פונקט אַזעלכע טעג אָן אַ סאָף?

דער קוריער יאַקאָב קומט אריין אין צימער יעדן טאָג פונקט איינס אַזייגער מיט אַ קליין מעשן טעצל אין האַנט. ער גייט אריין שווייגנדיק און שטרענג, כשיוועסדיק איינגעהויקערט, און די גרויע וואָנצן שטעקן ווי אָלן, און די בלוילעכע האָר אַפן רויטן שאַרבן זיינען דורכזיכטיק, ווי גלאָז. ער שטעלט אנידער אַפן טיש אַ גלאָז טיי, פּיצינקע סאכארין-טאַבלעטקעס אין אַ פּאַפּירעלע. ער טרעט אָפּ אַ צוויי טריט אַף צוריק. ער בויגט זיך אָן, מיט די שפּיץ פינגער קלייבט ער צונויף די שטויבעלעך פון דיל און לייגט זיי רואיק און פּינקטלעך אין דעם געפלאַכטענעם דראָטענעם קאָרב אריין, אונטערן טיש. די ווענט זיינען ציכטיק ווייס, און די ארכיטעקטור-צייכענונגען גלאַנצן אַרויס פון די דעמבענע ראמען פונקט אזוי שטרענג, ווי אין די פאַרגאַנגענע טעג.

— ס'איז שוין איינס, יאַקאָב?

— פונקט איינס, הערמאַן הערמאַנאוויטש.

— זייער גוט. דו ביסט פריי. צו מיר קיינעם ניט אַריינלאָזן.

— איך הער אייך!

— פון די פענסטער נאָר דעם שטויב אַראָפּווישן, יאַקאָב, אָבער די ראַמען ניט אויפמאַכן.

— איך הער אייך!

דער אינזשענער קלייסט שטייט באַם פענסטער מיט דער פּלייצע צו יאַקאָבן. דער זילבערנער קאָפּ האָט בייז געבלאַנקט, ווי גומילאסטיק רירן זיך די ווערטיקאַלע מוסקלען אפן האַלז, און דאָס אַלטע רעקל שטייט אָפּ ווי אן עקל.

ערגעץ ווייט, זייער ווייט, הינטערן קאָרידאָר, האָבן די ליידיקע קאָנטאָר-צימערן געהילכט און געזונגען מיט איינצלנע, אָפּגעריסענע שטימען, און ווי יונגע הענדעלעך האָבן די רעכן-ביינדלעך געצאָקט. דאָרטן זיינען שוין בייע מענטשן געזעסן, דער ראַטפּאָלקווירט האָט זיי אהער געשיקט. ווער זיינען זיי, וואָס טוען זיי דאָרטן—דאָס האָט דער אינזשענער קלייסט ניט געוואוסט און ווילסן ניט געוואָלט. בא אים איז געבליבן זיין דורך אלעמען פאַרגעסענער

ארבעטס-צימער, אָפּגעהיטער פון יאַקאָבן, וואו עס איז דאָ בלויז פּאַרגאַנגענ-הייט, וועלכע קרייצט זיך מיט דער געגנוואַרט, ניט באַרירנדיק זי. און די געגנווארט יאָגט זיך איבערן שאָסיי אין געשטאַלט פון אויטאָמאָבילן, וועגע-נער און מענטשן, מענגעס ארבעטער, וועלכע האָבן זיך פון דער קייט אָפּגע-ריסן און זיך אויסגעלערנט אָן א טאָלק פילדערן און זיך זידלען (פריער איז דאָס פון דער דירעקציע געווען שטרענג פאַרבאָטן).

ער קוקט אפן קיילעכדיקן נאקן פונם באַרג-מאַסיוו, צעשניטענעם און צעהאקטן אין שטיינער-שיכטן, פארוואָרפענעם און פאַרלאָזטן. אין דער הויך, אָפן באַרג-ריף וואקסט הערשעריש ארויס מיט זיינע מאַסיוון, פון זון פייער-דיקע, אין אַרקעס און טורעמס, ציכטיק און שטרענג, אין פּוריטאַנישער ליי-טישקייט, דער פּאַלאַץ פון ווילדשטיין.

— וואָס איז דאָרט איצט בא זיי, יאַקאָב? ווי רופט מען דאָס?

— אַרבעטער-קלוב און קאָמקעמערל, הערמאַן הערמאַנאָוויטש.

— זיי האָבן מיט זיך געבראַכט א נייע אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך.

אין זייער שפּראַך איז פאַראַן עפּעס אַזוינס מערדערישעס, ווי אין דער רעוואָ-לוציע. איך בעט ניט ארייַנלאָזן אין דעם צימער קיינעם ניט און אין קיין פאַל ניט אויפעפענען דעם פענסטער. קאָנסט גיין.

ער קוקט אפן דירעקטאָרס הויז (קאָמקעמערל!), שפּיגלט זיך אין זיין קאָלאָסאַלער מעכטיקייט און אויפגעברויזטער גרויסקייט. דאָסדאָזיקע הויז האָט געבויט ער, דער אינזשענער קלייסט.

לינקס, הינטערן באַרג-ריף, צווישן גרינס און שטיינער, רייסן זיך דורכ-זיכטיק אינדערהויך די אייזן-בעטאָנישע קוימענס פונם זאַוואָד (אין פענסטער ווייזן זיי זיך אויס העכער פאַר די בערג), די קאַנאַט-ליניע, און אונטער די קוימענס, הינטער דער קאַנאַט-ליניע — די טורעמס און ארקאדן פון די זאַוואָד-קאָרפּוסן. דאָס האָט אויך געבויט ער, דער אינזשענער קלייסט.

ער האָט ניט געקאָנט עמיגרירן קיין אויסלאַנד, ניט צעשטערנדיק פריער דאָס, וואָס ער האָט אויסגעבויט. זיינע שאַפונגען האָבן זיך אים אין וועג געשטעלט שווערער ווי בערג, אומבאַזיגבארער ווי די צייט: ער איז געווען זייער געפאַנגענער.

דערדאָזיקער צימער מיטן גלאַנצנדיקן דיל האָט פאַרהיט דעם אַראָמאַט פון געוועזענער פּראָסטקייט פון א געשעפטלעכער לאַבאָראַטאָריע: צייכענונ-גען אף די ווענט, צייכענונגען אף דער מאַסיווער דעמבענער ביוראָ, די איי-דעלע כשיוועס פון געשניצטן שווערן מעבל אין גאָטישן סטיל. דאָ האָט זיך די צייט אָפּגעשטעלט, און דאָס פאַרשוואונדענע לעבן איז געדיכט געוואָרן ביז צום אָנטאַפּן.

2

## ס אָ נ י ם.

צי עס איז געמאַכט געוואָרן עפּעס א טאָעס אין די לאָגישע קאָנסטרוק-ציעס פונם אינזשענער קלייסט אָדער פון א געוויסן מאָמענט אָן האָט דאָס לעבן אויפגעהערט זיך אונטערצואוואַרפן די געזעצן פונם מענטשלעכן סייכל, —

נאָר דער פֿאַרשלאָסענער קרייז פֿון דער אָפּגעזונדערטער וועלט, אין וועלכער דער אינזשענער קלייסט האָט זיך באַהאַלטן, האָט געפּלאַצט און צעשאָטן זיך, ביט צו פֿאַריכטן, ווי א פֿאַרזשאַווערטער דראָט.

סאַכאַקל מיט איין שאָ צוריק, ווען יאַקאָב האָט מיט זיין געוויינלעכן באַזוך באַשטעטיקט די אומפֿאַרענדערלעכקייט פֿונם געוויינלעכן צייט-געלאַף, האָט נאָך דעם אינזשענער קלייסטס גאַנצע פֿאָרשטעלונג וועגן לעבן זיך בוילעט אויסגעדריקט אין דער שטרענגער גראַפֿישער סכעמע — א קרייז און א באַריר-ליניע. אין מינוטן פֿון זעליקער רו, א זיכער באהאלטענער הינטער אַסאַך ווענט, איז ער געזעסן באַם שרייב-טיש, איבער אַלטע פּראָיעקטן פֿון זאַוואָד-געביידעס, און אָפּהיטנדיק די טראַדיציאָנעלע אנשטענדיקייט פֿון זיין אַרבעטס-קאַבינעט, האָט ער געהאלטן אין איין אומבאוואוסטזיניקן צייכענען אַף אַן ענגלישן בלאָק-נאָט אלץ איין און דיזעלבע צייכענונג: א קרייז און א באַריר-ליניע — אַן אַקסיאָמע, א ריכטיקע באַ אלע קאָמבינאַציעס.

און אָט איז דאָס אלץ מיטאמאָל אויפֿגעריסן געוואָרן און צעפֿלויגן זיך אַף פּיצלעך. די אַקסיאָמע האָט זיך פּלוצלונג ארויסגעוויזן פֿאַר אַן אומזין: די באַריר-ליניע איז פֿאַרוואנדלט געוואָרן אין א שטיין, וואָס האָט צעשמעטערט דאָס מויערקעפּל, אין וועלכן ער האָט זיך באהאלטן. און דערפֿון, וואָס דאָס האָט פֿאַסירט אזוי פּראָסט און שטיל, האָט דעם אינזשענערס נעשאָמע ארומגעכאַפּט א ווילדע טויט-שרעק.

ער איז ארויס אין בייסאַקיסע און האָט זיך דאָרט פֿאַרהאַלטן אַביסל לענגער ווי געוויינלעך: פֿון די שלעכטע שפּייזן פֿלעגט אָפּט באַ אים קאַליע ווערן דער מאָגן. און ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אין קאָרידאָר דערזעען, אז די טיר אין זיין צימער איז אָפֿן. אַזוינס האָט קיינמאָל ניט דערלאָזן ניט ער און ניט יאַקאָב.

ארבעטער זיינען געשטאַנען אָפֿן בריקל, געקוקט אַף די שטיינגרובן און הינטערוויילעכס אויך אַף זיין פֿענסטער. דאָס איז געווען גלייך נאָך יאַקאָבס אוועקגיין. דאמאָלסט האָט ער דערפֿילט א לייכטן עלעקטרישן ציטער. ער האָט דערפֿילט אן אומרו, אָבער דאָס איז געווען נאָר אַף א קליינע ווײַלע — ס׳איז גלייך אדורך. איצטער — א צעפּראַלטע טיר, און אויך אן עלעקטרישער ציטער. אָבער שוין א ברייטער און אן איבלדיקע אומרו.

פֿאַרהיטנדיק די קאַלטע כשיוועס און דעם געוויינלעכן גלייכגעוויכט, איז דער אינזשענער קלייסט מיט א רואיקן טראָט אין צימער אריין. ער איז געבליבן שטיין באַ דער שוועל און האָט ניט גלייך געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען. אָן צוויפֿל, ס׳איז געשעען א גראָבער פּלוצלינגדיקער קער אין זיין אָפּגעזונדערטער וועלט. דער פֿענסטער איז געווען אָפֿן, און שטויב האָט זיך געדרויכערט איבערן טיש און אין פֿענסטער. אין לופֿטיקן דורכלויכטן פֿונם פֿענסטער האָבן זיך בוילעט און ריזיק געצייכנט ווי קופּער די באַרג-ריפֿן אין פֿלעקן פֿון פֿרילינגס-גרינס און וואלגער-פֿעלזן. זייער ווייט, אַף דער אויבערשטער טעראַסע פֿון די שטיינגרובן האָט זיך דין געצייכנט מיט זיינע קליינע ווינקלען און געזימסן א קליין הייזל מיט צוויי פֿענסטער. די ספּיראַלן פֿון

טאבאַק-רויך און צויטן פון שפּינוועבס האָבן דורכזיכטיק זיך געפלאָכטן און זיך געצויגן אין דרויסן ארויס דורכן אָפענעם פענסטער.

באַם אָפענעם פענסטער איז געשטאַנען מיט א פּיפּקע אין מויל א געגאָל־טער מענטש אין א העלם אין א מיליטער-העמדל מיט בלויע פוס-באַנדן אף די פיס. די קינבאקן האָבן אונטער די אויערן אַרויסגעשפּאַרט בא אים, ווי שאַרפע שישקעס, און אונטער די באקביינער האָבן זיך גריבעלעך געטונקלט.

— נו, האָט איר עס אביסל מיעסקייט פאַרפירט בא זיך אין לאָך, כאַ־ווער טעכנאָנפירער!..

און מיטן העלם האָט ער אַראָפּגעקלאַפּט פון די ביישטידלעך און ראַמען דעם שפּינוועבס און געהארגעט די קריכנדיקע, דערשראָקענע שפּינען.

— איר האָט דאָ אַ גאַנץ זיכערע באַריקאַדע, כאַווער טעכנאָנפירער. אָבער שוין אַ צו אַ טויבער לאָך — עפּעס אַ מין העק. דאָס טויג שוין גאָר־ניט.

מיט אַ געבראָכענעם טראַט איז דער אינזשענער קליסט צום טיש צו־געגאַנגען. ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען דערדאָזיקער מענטש, אַ צעמיימיס־טער און צענעריגטער, איז געווען שוין צום טויט אָנגעצייכנטער און מיט דער בלוטיקער מאסקע זיינער האָט ער זיך געקרימט דעם אינזשענער אין פּאָנים אַריין. און איצט איז ער אומגעריכט דאָ און איז אַזוי מאָדנע שוידערלעך רואיק.

— יאָ... איך עפן גאָר ניט קיין פענסטער...

— ריכטיק, כאַווער טעכנאָנפירער: דער צוגווינט דאָ באַ אונז איז א גיפטיקער... די באָלשעוויקעס, צו אַלדי שווארצע יאָר, האָבן דעם גאנצן אינ־געוויט אַף דרויסן אַרויסגעשמיסן און צעבראָקט אַלץ, ווי אין שויל-טאכטיע פאַרשאָלטענע מענטשן!..

— פאַרוואָס זשע האָט מיר יאקאב וועגן אייך ניט אָנגעזאָגט?

— אייער יאַקאָבן וועלן מיר אַוועקשיקן אין באָנדער-צעך האלץ זעגן: לאקייען זיינען ניט פארן שטייגער פון אונזער לעבן... איר דארפט מיך גע־דענקען, כאַווער טעכנאָנפירער...

— יאָ, איך געדענק אייך... זאָל זיין אַזוי, אָבער וואָס איז דערפון געדרונגען?

— אָט וואָס פאַר אַ מאַיסע. ווי זאָגט איר: אין אונזערע הענט איז די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט, און דעם ווירטשאַפטלעכן כורבן שלאָגן מיר אָן הענט. די אַרבעטער, דער זאַוואָד, דער טראַנספּאָרט זיינען אָן הייצ־ווארג, די ברעמסבערגן זיינען צעבראָכן, דער זאַוואָד איז אַ מיסטקאסטן, און די ספעץ-הינט האָבן ווי מייז אין די לעכער זיך פאַרשטעקט. פאַרוואָס עפּעס שפּינוועבס? אי איר, אי דער זאַוואָד—אין שפּינוועבס? אָט ווי אַזוי מע דאַרף שטעלן די פראַגע, כאַווער טעכנאָנפירער...

— לאָמיר זיך פארשטעלן, אַז איך האָב זיך געשטעלט און געלייזט אָט דידאָזיקע פראַגן. איז וואָס זשע פאַרלאַנגט איר?

— אָט... איך האָב מיך אָנגעשטויסן דאָ אָן אייער באַריקאַדע, אָן אייער העק... נעם, טראַכט איך זיך, און גיב אַ קער איבער אָט דידאָזיקע באהעלטעניש... אַזאַ טייוולשע רעגילעס שוין, כאַווער טעכנאָנפירער...

— איך פיר קיינמאָל ניט קיין פּוסטע געשפּרעכן, און דאָס, וואָס איר רעדט, פאַרשטיי איך ניט און וויל ניט פאַרשטיין. זייט אַזוי גוט און לאָזט מיך צורו...

גליעב האָט אַ שפּאַן געטאָן צום טיש, אַ שמייכל געטאָן מיט זיין אונטערשטער קינבאַק בלויז, אַרויסגענומען די פּיפּקע פון מויל און שאַרף אַ קוק געטאָן אַפן אינזשענער קלייסט. צי די שפּינען האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין גליעבס אויגן, אָדער שוידערלעכע געשפּענסטער האָבן זיך צערויכערט נעבן גליעבן, נאָר דעם אינזשענער קלייסטס פּאָנים האָט מיטאַמאָל זיך באַדעקט מיט אַ געדיכטן שטויב-הייטל.

— כאַווער טעכנאָנפירער, איר געדענקט יענעם שיינעם אָוונט, ווען איר האָט מיך גוט באַלוינט און פעסט איינגעזייפט? אייער באָד איז געווען ניט פון לייכטן דאַמף... נו, איז אַזאַ מין באָד, אויב נאָר די טייוואָלים דערבאָדן ניט ביז טויט,— קומט צונויף... איז אָט... איך בין געקומען צו אייך ציגאַסט— שאַרפן זיך די ציין וועגן אַלטע מאַיסעס... איך האָב ליב זיך באַגעגענען מיט אַלטע גוטע ברידער, כאַווער טעכנאָנפירער...

ער האָט אַ שטופּ געטאָן די פּיפּקע אין אַ מויל-ווינקל, אויפגעטרייסלט זיך, אויסצוגלייכן די ביינער און צעלאַכט זיך.

— און איצט וועל איך אייך פרעגן אַ רעטעניש, כאַווער טעכנאָנפירער. אַ קליינע רעטעניש אַזאַ, אָבער אַ בריקנדיקע. געווען פיר נאַראָנים אין פּרילינג. האָבן די פאַרשאָלטענע ווייסע געפּאַקט דידאָזיקע פיר נאַראָנים און געבראַכט זיי צו שלעפּן אַהער טאַקע, אין דעמדאָזיקן צימער אַריין. און די צורעס באַ זיי, באַ די נאַראָנים—ניט קיין צורעס, נאָר צעריסענע קאַלאָשן. פרעגט זיך: צוליב וואָס פאַר אַ איניען האָט מען געשלעפּט אַהער די צעריסענע קאַלאָשן און ווי אַזוי האָבן דאָס פיר טויטע נאַראָנים זיך פאַרוואַנדלט אין איין לעבעדיקן?.. וואָס עמעס—איז עמעס. אַ לייכטע רעטעניש, אָבער דער ענטפער איז אַ גיפטיקער, אַ?..

און ווידער צעלאַכט זיך, ווי אַ פריילעכער לעץ.

— דאָס זאָג איך אַזוי זיך, פּאָשעט אַף צו לאַכן, כאַווער טעכנאָנפירער: לאַנג ניט געזעען זיך מיט אייך...

ער האָט זיך אומגעקערט צום פענסטער, אַרויסגערוקט זיך ביזן הינטן און אויסגעשריען אָנגעשטרענגט, מיטן אינעווייניק:

— היי, כעוורע... וואַרט—איך גיי אַרויס... פאַרגעבן אַ רעטעניש דעם כאַווער טעכנאָנפירער... ניט געדאַכט זאָל עס זיין... אַף מיין וואָרט... ס'בייסט זיך...

און די שטים זיינע האָט געהילכט פונדערווייטנס, מעכטיק געציטערט אינם גאַנצן קערפּער. און די קוילעס פון די אַרבעטער האָבן ווי געגנז נאָענט געגראַגערט, אָן ווערטער, מיטן בלויזן הוסט. דאָס וואַסער האָט געזאָטן אַף

די צעליסע בײַקלעך, געבלעזולט זיך און געפּלאַצט מיט דאַמף. ער איז װי־דער צוגעגאַנגען צום טיש, װידער שאַרף, מיט אַ כּװיזעק־שמייכל אַ קוק גע־טאָן אַפן אינזשענער קלייסט: געװאַרט אַף אַן ענטפער. ער האָט זיך ניט דערװאַרט און, ניט אומקוקנדיק זיך, מיט אַ מיליטערישן טראָט אַרויס פון צימער.

דער אינזשענער קלייסט איז לאַנג געזעסן אַ פאַרמאַטערטער פון דער באַגעגעניש מיט דעמראָזיקן מענטשן. אין דעם אָפענעם פענסטער — אַ טהאַם אין די קראַטער־גריבער פון די בערג. די טיר צעפּראַלט אין דער פינסטערניש פונם קאָרידאָר. אַן איבלדיקער װייטיק אין קערפּער און שוידערלעכע שטויסן, װאָס גייען פון אינעװייניק. װידער איז יאַקאָב אַריין מיט דערעכערעצדיקער כּשי־װעס און געבליבן שטיין אין מיטן צימער. ער איז געװען פאַרלוירן און זיין צורע האָט זיך דערשראָקן געקנייטשט, װי אַ צעריבן שטיקל פּאַפּיר. דער אינזשענער קלייסט האָט אויפגעהויבן אַף אים זיינע פיבערדיקע אויגן און געפרעגט, זייער שטיל און שטרענג:

— דאָס ביסטו, יאַקאָב? װעסטו עפּשער זאָגן, װי אַזוי דאָס האָט פּאַ־סירט, יאַקאָב?

— איך בין דאָ גאָרניט ניט שולדיק, הערמאַן הערמאַנאָװיטש... פאַר זיי איז קיין שום פאַרבאָט און קיין שום שלאָס ניט פאַראַן... אין ערגעץ ניט און אין קיין זאַך ניט... זייער מאַכט, הערמאַן הערמאַנאָװיטש, און זייער געזעץ...

יאַקאָבס אָנװעזנהייט איז אַנגענעם. אין זיין קאַלטער איבערגעגעבנקייט איז פאַראַן עפּעס באַרואיקנדיקס.

— דאָס איז יענץ קאָמקעמערל, יאַקאָב?

— טשומאַלאָװו... דער שלאָסער... געקומען פון דער מילכאָמע, און איצט איז ער בײַ זיי אַ גאַנצער מאַכער. אַלץ גענומען אין די הענט אַריין, הערמאַן הערמאַנאָװיטש, פירט אַלעמען אַפן שטריק. איצט קאָן דען עפּעס איינשטיין קעגן זיי? זיי װעלן פון די פיס אומװאַלגערן, הערמאַן הערמאַנאָװיטש.

— דו ביסט אויך ניט באַשטאַנען, יאַקאָב?

— ניט באַשטאַנען, הערמאַן הערמאַנאָװיטש, ס'טוט מיר לייד, װאָס אויך אייער רעזשים האָט ער צעשטערט...

דער אינזשענער קלייסט האָט פאַרשװיגן, װי ער װאָלט די לעצטע װער־טער יאַקאָבס ניט דערהערט. ער האָט רואיק, מיט געשעפּטלעכער נאַכלעסי־קייט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— אָבער דו געדענקסט דאָך, יאַקאָב, — פירן זיינען זיי דאַן געװען... דאָס איז געװען שוידערלעך און אַכזאָריש... געדענקסט — אין יענער נאַכט, זיי זיינען דאָך דערשאָסן געװאָרן... איך װייס גוט, אַז זיי זיינען אומגעקומען...

— מע האָט זיי דאַן, הערמאַן הערמאַנאָװיטש, צעמיימעסט... פּאַרפּיי־ניקט ביז טויט...

— יאָ, יאַקאָב, ס'איז אַ שרעקלעכער פאַל, װעלכן מע קאָן שוין קיינ־מאָל ניט פאַרגעסן. אָבער מע דאַרף דאָ, יאַקאָב, איין זאַך פאַרצייכענען: איך

האָב דאַן געהאַנדלט גאַנץ באַוואוסטזיניק, אָן שום זייטיקער אויפוויגלונג. מוירע? שרעק? נעקאָמע? אַזוינס איז ניט געווען עס איז פאַראַן נאָר איין קראַפט — דאָס איז צייט, און צייט — דאָס זיינען געשעענישן... פונקט אַזוי באַוואוסטזיניק האָב איך געטאָן אַלץ, וואָס מעגלעך, צו ראַטעווען דאָס לעבן דעם ווייב פון דעמדאָזיקן אַרבעטער.

דער קאָפּ האָט בא אים געציטערט, און ס'איז בעשום אויפן ניט מעגלעך געווען האַלטן אים פעסט. דער פּאַפּיראָס צווישן דעם מיטעלן פינגער און דעם ווייז-פינגער האָט געהאַלטן אין איין שפּרינגען און האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען.

— פאַרבלייב אַביסל מיט מיר, יאַקאָב... איך פיל זיך אַביסל ניט מיט אַלעם...

— איר וואָלט געדאַרפט אַהיים, הערמאַן הערמאַנאָוויטש. אייך איז נויטיק רו...

— וואוהין אַהיים, יאַקאָב? קיין אויסלאַנד? און צי טראַכסטו נאָר ניט, אַז עפּשער פאַרברענגען מיר מיט דיר, גוטער ברודער, אונזערע לעצטע שאָען?..

— נו, ווי קאָן מען אַזוינס מעשאַער זיין, הערמאַן הערמאַנאָוויטש?.. זאָל זיין, אַז אונזערע אַרבעטער זיינען שרייער, — נאָר זיי זיינען פרידלעכע און קיינמאָל ניט קאַפּאַבל אויפהויבן אַ מערדערישע האַנט. זייט רואיק, הערמאַן הערמאַנאָוויטש...

און בא אים אַליין, בא יאקאָבן, האָט זיך דער קאָפּ געטרייסלט.

און ווי נאָר יאקאָב האָט אויסגערעדט דידאָזיקע ווערטער, האָט זיך דער אינזשענער קלייכט אָפּגעוואָרפן צום ווענטל פונם פאַטעל, און זיין פּאָנים האָט זיך ווידער באַדעקט מיט בלאַסן שטויב.

— געדענקסט, יאַקאָב? דעמדאָזיקן מענטשן האָב איך אַף טויט אָפּגעגעבן. נאָר דער טויט איז אַף אַ ריקאָשעט-אויפן אין מיר אָפּגעשפּיגלט. באַגלייט מיך, יאַקאָב.

ער איז אויפגעשטאַנען און איינגעהויקערט. מיט גרויל אין די אויגן, האָט ער זיך געלאָזט גיין פאַרביי יאַקאָבן. מיט זקיינישער צעטומלטקייט האָט יאקאָב גענומען דעם אינזשענער ק'ייסטס הוט און שטאָק און האָט זיך געלאָזט שלעפּן נאָך אים אין דער נאַכט-כאַשכעס פונם קאָרידאָר.

3

## זיך צערעכנט.

מיטן שטעג, פון שטיין-פּלאַטן צעשטאָכענעם, מיט שטיינשאַט באַשאָטענעם, דורך קיזיל-קוסטן און כויעס, האָט דער אינזשענער קלייסט צום באַרגריפּ זיך דערקליבן. אונטן אין הייל איז ווי אַ געדיכטער רויך-שאָטן די נאַכט-כאַשכעס פונם בויך פונם באַרג-שפּאַלט גערונען. זי איז ניט צעקראָכן געוואָרן נידעריקער, באַם שאָסיי, אין די בעטאָנען פונם זאַוואָד. די סעדער און די

ווענט האָבן איר פעסט פאַרצוימט דעם וועג און זי האָט געהאלטן אין אָנגע־שוואָלן ווערן מיט געדיכטן שוואַרצן נעפל און אָפּגעזעצטער שטילקייט. ווי א פּיאַלעטעוועער שוים האָבן געלויכטן די וואָלקנס פון פרעזעס און גראבן, נאָך אָנבלעטערדיק דורכזיכטיקע, און איבער זיי האָבן געטריפט צו דער הויך צו, ווי ריזיקע רויך־פּאַקעלן, פּאפּלבוימער.

גראַד, אונטער דעם נידערפאלנדיקן בארג שטייען די שטייפע מאַסיוון פון די זאַוואָד־געביידעס. און הינטער זיי, העכער פאר די דעכער און טורעמס, האָט טונקל דער יאָם זיך קרישטאַלעוועס. גאָר אין דער הויך האָט דער הימל זיך געשטויבט מיט שטערן. אף יענעם זייט יאָם־אויסגוס האָט זיך די שטאָט שוין ניט געזעען, נאָר עס האָבן געפינקלט אינם שוואַרצן וואלגער פונם באַרג בלויז קליינע און גרויסע טראָפּנס פייערלעך.

אלץ איז געווען ווייט און פרעמד. נאָענט און איינגעבאַקן אין דער נעשאָמע זיינען נאָר געווען די אייזן־בעטאָנישע גיגאַנטן, וואָס ער, דער אינ־זשענער קלייסט, האָט אויסגעבויט. אין דערדאָזיקער מינוט זיינען אין דער גאַנצער וועלט געווען נאָר צווייען — די אויפגעברויזטע מעכטיקייט פון די ארכיטעקטור־מאַכינעס און ער, — זייער באשעפער, דער אינזשענער קלייסט. אין דערדאָזיקער שוידערלעכער צייט, ווען דער פאַרלאָשענער זאַוואָד האָט גרויזאַם געשוויגן מיט דער פינסטערניש פון זיינע עפּענונגען און האט זשאָ־ווערדיק געגליווערט, ווי א מאַשינעס־בייסוילעם, האָט דער אינזשענער קלייסט, ווי א בלאָנזשענדיקער שאָטן ארומגעוואַנדלט איבער די רעלסן און לייטערס, פאַרביי די ווענט און טורעמס, און האָט צוזאַמען מיטן זאַוואָד געשוויגן אין איין שטילשווייגן.

אין דעמדאָזיקן אָוונט האָט ער צום ערשטן מאָל אין די דורכבראָך־פּוסטקייטן פונם זאַוואָד דערזעען דעם גראַנדיעזן טויט פון דער פאַרגאנגענהייט. זיין גראַפישע פארמול האָט זיך אויסגעוויזן פאַ־ ריכטיק: די ראָד פון די גע־שעענישן האָט אָן אָפּהאַלט זיך געקוילערט אפן אָנגעמערקטן וועג.

דער מאדנער צוזאמענשטויס מיטן ארבעטער, מיט גליעב טשומאַלאָוון, האָט באוויזן דעם אינזשענער קלייסט, אז דערדאָזיקער וועג איז שוין דורכ־געמאַכט, און זיין לעבן איז שוין דערגאַנגען ביז זיין ראנד.

... ער האָט געדאַרפט באצייטנס דעם זאוואָד אויפרייסן און אומקומען צוזאַמען מיט אים. דאָס וואָלט געווען א גוטער ענטפער־קלאפ לויטן געזעץ פון קעגנווירקונג.

אויב מע וועט אים איצט דאָ טרעפן אפן וועג — איז ער פולקום גרייט. אייגנטלעך, איצט איז געבליבן אָפּצוטאָן דאָס סאַמע אומבאַדייטנדיקע: נעמען און דורכשיסן אים דעם קאָפּ: דער פריערדיקער עטאַפּ איז שוין דורכגעגאַנ־גען. ער דארף בלויז נאָך אביסל זיך געפינען צווישן דידאָזיקע געביי־דעס, וואו זיין לעבן האָט זיך אָפּגעזעצט אין קריסטאַלן פון מעכטיקער, שטרענגער אַרכיטעקטור...

די קולטור פון וואָס פאר א וועלט ברענגט מיט זיך דער אַרבעטער גליעב טשומאַלאָוו? צו טביאסאמייסים אן אויפגעשטאנענער פון בלוט, איז ער

אומבאזיגבאר און אָנשרעקיק, און אין די אויגן זיינע איז פאַראַן פיל שוי־דער און קראַפט. און ווען היינט בא דער באגעגעניש האָט גליעב געשמייכלט, איז אין זיין שמייכל געווען אומפארשטענדלעכע טיפענישן — דאס עפעס וויסן אזוינס, וואָס ער, דער אינזשענער קלייסט, האָט ניט געוואוסט. דערמיט איז געווען אָנגעזאָפט דער העלם גליעב טשומאַלאָווס. און דער פּאָנים זיינער און דער העלם זיינען ווי פון איין שטיק געווען אויסגעגאָסן.

א פּאַראַקשנטער, שוידערלעכער פּאָנים — א פּאַראַקשנטער שוידערלע־כער העלם.

דערדאָזיקער העלם האָט באהויפּטעט די שוידערלעכע געגנוואַרט. און אויסער גליעב טשומאַלאָווס העלם און פּאָנים איז גאָרנישט ניט געווען.

קיין אויסוועג איז ניטאָ. ער, דער אינזשענער קלייסט, איז גרייט. בע־סער וועט זיין, אויב מע וועט אים טויטן דאָ, צווישן די געביידעס, איידער אין צימער. דידאָזיקע גיגאַנטן און ער זיינען ניט טיילבאר: טויטן אים — הייסט צעשטערן צוזאַמען מיט אים אויך דידאָזיקע טעמפּלען פון זיין לעבן.

איבער די ווייטע בערג, הינטער דער שטאָט, האָט זיך דער הימל גע־לאָשן, ווי אָפּקילנדיקער זיך אייזן. און די שפּיצן בערג האָבן זיך געטונקלט מיט די דעכער פונם גרויסן זאַוואָד. ס'איז געווען א בוילעטע, אָנגעצויגענע שטילקייט. ערגעץ וואו, גאָר ניט ווייט, האָט אין מידע הענט געפייפט און געקרעכצט אן אייזערנער בלאָק. דערשראָקן האָבן געשריען די קוקאווקעס אַפן וואקזאַל אין די מוטנע ווייטן, און ערגעץ־וואו, אלץ אין יענער זייט, האָט די לופט געציטערט פון שניידיקן קלאַנג פון פאַלנדיקן אייזן.

גליעב איז געשטאַנען אפן בריקל פון טורעם, וואָס איז געווען ווי שפּינוועבס צונויפגעפלאָכטן פון שטאָלענע פאַסן. אמאָל פלעגט מען אין וואַ־גאָנעטקעס שטיינקוילן דערלאַנגען אין דער מאַשין־אָפּטיילונג אריין: די וואַגאָ־נעטקעס פלעגן זיך אַראָפּלאָזן דורכן ליפט אינם שוואַרצן אָפּגרונט פון ברונים און דורך טונעלן פלעגן זיי דורך שטריקענער טרייבקראַפט אוועקגעשיקט ווערן צו די מאשין־קאָרפּוסן. איצט איז דער טורעם געווען פּוסט, און הינטער דעם פּאַראַפּעט, אין צענטער, איז מיט אָנענדלעכער כאשכעס צעפראַלט געווען דער אויפגעריסענער פּיסק פונם ברונים.

ביז ווייטיק אין די פינגער האָט ער צונויפגעפּרעסט די אייזערנע שטאַנ־גען פונם באריער און געקוקט אף די אייזן־בעטאָנישע קאָרפּוס־פּענכערן, אף פופציק־קלאַפּטערדיקע קוימענס, וואָס אזוי ווי זיי פליען אוועק צו די שטערן, אף די קלינגענדיקע סטרונעס פון די קאנאַטן מיט אראָפּהענגענדיקע וואַגאָ־נעטקעס, — און ער האָט געריבן מיט די קינבאַקן ביז סקריפּ אין די ציין.

...דער זאַוואָד פלעגט קנאַלן מיט אַ פייער־געַנים. די ערד פלעגט צי־טערן פון מאַשינען־ברויז, און די לופט האָט מיט ברענענדיקע שפּענדלעך גע־שפּריצט פון די סאראַפּענדיקע פענסטער, פון די בלענדנדיקע אויפבליצן פון די זיך דרייענדיקע אויוונס, פון די אָנצאָליקע לילאווע לעוואָנעס און דינאַ־

מיט-אויפרייסן אין די באַרג-מאַסיוון. דאָרט, אין דער בוכטע, בא די פּירסן, זיינען געשטאַנען אָקעאַנישע אָקרענסן, און געשלונגען אין זייערע אָנדעקיקע בייכער אריין מיליאָנען טאָנעס פרישן צעמענט. סאַי פונם זאַוואָד צו די פּירסן, סאַי פון די פּירסן צום זאַוואָד האָבן ווי פליענדיקע שילדקרויטן מיט געפייף און וואָיען פון סירענעס רייענווייז געשוועבט אין דער לופטן וואַגאָנעצקעס. טויזנטער ארבעטער, ווי מאַגנעס טייוואָלים, האָבן געבּרענט אין פלאַקער, געבּרעקלט בערג אף שטיינשאָט און שטויב. האָבן טעג מיט שוועבל און שטיינער-בראַנד געצונדן און נעכט מיט סרייפּעס פון פענסטער און מיט פלאַטערדיקן פלאַם-פייער.

דאָס איז אַלץ געווען אמאָל. און איצט — שטילשווייגעניש און ריזיקער בייסוילעם. מיט גראָז זיינען באוואַקסן געוואָרן די בּרעמסבערגן, די שטאָלענע באַנען און וועגן צום זאַוואָד. זשאַווער האָט ווי מיט קרעץ דעם מעטאַל באַדעקט, און די שטייפע אייזן-בעטאָנישע ווענט פון די געביידעס זיינען אין וואונדן פון די דורכבּראָכן און פאַרשווענקענישן פון די בערג-שטראָמען.

דער אינזשענער קלייסט איז לאַנגזאַם געגאַנגען, אָפּט זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אַף די פּילשטאָקיקע קובּן פון די געביידעס, ווי אַף קוואָרים-מאַציייוועס פון א פאַרשוואונדענער עפּאָכע. געקוקט און געטראַכט. געגאַנגען, אָפּגעשטעלט זיך און געטראַכט.

גליעב האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דעם באַריער און שטאַרק איינגעקוקט זיך אין דעם צעשוואומענעם שאָטן פונם אינזשענער קלייסט.

אָט איז א מענטש, וועלכן ער וואָלט געקאָנט מיט כּיעס דערשטיקן מיט אָטאָדי הענט צו יעדער רעגע, אין דידאָזיקע רעגע וואָלט געווען א פריידיקע רעגע אין זיין לעבן. דאָס האָט ער, דערדאָזיקער מענטש, איינמאָל פון נעקאָמע-רישעס אָפּגעגעבן אים, גליעבן, אין די הענט פון א טיטשקע אָפּיצערן אף פּיין און אף אומקום. און דעמדאָזיקן טאָג וועט גליעב ניט פאַרגעסן קיינמאָל ניט, אייביק און אייביק...

...די אַרבעטער פונם זאַוואָד האָט מען אויסגעשטעלט אפן שאָסיי, פאַר דער קאָנטאָר-געביידע (געבליבן זיינען ניט קיין סאַך: אסאַך האָבן זיך באַהאַלטן, אַסאַך זיינען אוועק מיט דער רויטער אַרמיי). ער און נאָך דריי כאַוויירים האָבן ניט באוויזן צו אַנטלויפן — זיך פאַרהאַלטן אין די גאַסן-שלאַכטן. איינער פון די קאָמפּאַניע אָפּיצערן, מיט א נאַהאַיקע אין האַנט, האָט לויט א פּאַפּירל פאַמיליע-נעמען אויסגערופן. מיט א נאַהאַיקע געשלאָגן איינציקווייז און איבערגעגעבן די אנדערע אָפּיצערן און יענע האָבן אויך געשלאָגן — געשלאָגן מיט נאַהאַיקעס און מיט הענטלעך פון רעוואָלווערן. מעטושטעשדיק, מיט א ריר באוואוסטזיין האָט גליעב פאַרצייכנט די געבּראָכענע געשרייען פון די אַרבעטער — פון יענע, וואָס זיינען געשטאַנען אין די רייען. צי זיינען דאָס געווען פּראָטעסט-געשרייען, אָדער די אָפּיצערן האָבן זיי אזוי שטאַרק געשלאָגן, דאָס האָט גליעב דעמאָלט ניט געקאָנט באַנעמען, און נאָר דורך די בלוטיקע טרערן האָט ער אַף איין אויגנבליק דערזעען, ווי זיי זיינען זיך אין פאַרשיידענע זייטן צעלאָפּן און ווי נאָך זיי האָבן זיך געיאָגט אָפּיצערן

מיט נאָהאַיקעס און מיט רעוואָלווערן אין די הענט. און אַז מע האָט זיי, פּירן, מיט בלוטיק צעקנאָטעטע פּנימער געבראַכט צו שלעפּן אין דעם אַרבעטס-צימער פֿון אינזשענער קלייסט, האָט ער לאַנג געקוקט אויף זיי אַ בלייכער, מיט אַ ציטערנדיקער קינבאַק. עפּעס האָבן די אָפּיצערן, איבערשלאָגנדיק איינע די אַנדערע, אַריינגערעדט אין אים, און ער, אַ דערשיטערטער און געמאַכט קאַלט-גלייכגילטיקער, האָט געשוויגן. ער האָט שטאַר געקוקט אויף גליעבן און האָט געשוויגן, און אין זיינע אויגן האָט גליעב געזען אַ דערווידערדיקן מיט-געפיל, און דערנאָך האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, מיט אַ קוואַקעדיקער הייזעריקייט אין קאָל:

— יאָ, דאָס איז ער... די אויך... יאָ, יאָ... דיזעלבע...

— מער וועט איר גאָרניט זאָגן, הער קלייסט?

— דער ווייטערדיקער גאַנג פֿון די האַנדלונגען איז שוין ניט אין מיין רעשוס, — מיינע הערן: דאָס געפינט זיך אויף אייער באַראָט.

מע האָט זיי אַריינגעשליידערט אין אַ ליידיקן שפּייכלער און געשלאָגן ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. בעשאַס דורכלויכטן פֿון באוואוסטזיין האָט גליעב געפילט קלעפּ, — אי לייכטע, ווייטע, אַזעלכע, וועלכע דערגרייען ניט ביז ווייטיק, אי אומגעהויערע, דערשיטערנדיקע, אַזעלכע, וואָס צערייסן אויף שטיקער. אָבער אויך דידאָזיקע קלעפּ זיינען געווען אָנווייטיקדיקע און מאָדנע אומנוצלעכע: פּונקט ווי ער וואָלט געלעגן פֿאַרמויערט אין אַ פעסל, און עמיצער האָט גלאַט אין דער וועלט אַריין און מאַיסע שקאָצעריי געקלאַפּט מיט די פיס אין די פויקעדיקע ווענטלעך.

און ווען ער איז געקומען צו זיך, איז געווען שווארצע שטילקייט. האָט ער אָנגעהויבן, אַ מעטורעפּעך און ניט דערמיימיסטער, אַרומפּויזען איבערן שפּייכלער. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף די קערפּערס פֿון די כאַווײרים, גליטשיקע פֿון בלוט. זיי זיינען געווען שלאַבעריק-קאַלט און האָבן געשמעקט מיט קישקעס און בלוט. פּויזענדיק לענגויס די ווענט, האָט ער אָנגעטאַפּט אַ ברייטן לאָך און איז אַרויסגעקראָכן אינדרויסן. פאַרבאָרגן דורך נאַכט און קוסטן, איז ער דערקראָכן ביז אַהיים, און מער האָט אים פֿון דעמאָלט אָן קיינער ניט געזען.

דאָס וועט ער ניט פֿאַרגעסן קיינמאָל, ביז אייביק און אייביק...

דאָס האָט זיך גליעב דערמאַנט סאַי בײַטאָג, ווען ער איז געווען באַם אינזשענער קלייסט אין צימער, און סאַי איצטער האָט ער זיך עס דערמאַנט, קוקנדיק אויף אים, ווי ער בלאָנקעט אַרום, ווי אַ פאַרמישפּעטער שאָטן איבערן ברייטן בריקל.

— אַ גוטן אָוונט, כאַווער טעכנאָנפירער!.. וואָס פעלט אונזער בייסוילעם אויף צו זיין באַרימט? אַסאַך גרויסע בייסוילעמס פאַראַן אין דער רעפּובליק, אָבער ווער קאָן אונז איבערשטייגן?..

דער אינזשענער קלייסט האָט זיך אָפּגעשטעלט און איז פאַרגליווערט געוואָרן, אבער גיך געקומען צו זיך און אָנגעהויבן איינצוקוקן זיך ניט אין

גליעבן, נאָר אין דעם שווארצן דורכבראָך פון די פענסטער אין דעם מאַשי-נען-קאָרפוס.

אָט דער מענטש איז אומעטום פול. ער פאַרפאָלגט אים ניט, נאָר שטייט אַפן וועג און דערשיטערט אים, ווי א קאשמאר. די זיכערע שפינוועבסן פון זיין וועלט זיינען צעריסן, און קיין געוואנטן פון אַנדערע שפינוועבסן איז שוין ניט אויסצואוועבן: ס׳איז אומעגלעך זיך ארויסצודרייען פון דעם העלם און דער קראַפט פונם דאָזיקן מענטשן. פון וואָסער א מאָמענט האָט ער אַי-בער אים געקראגן אזא שרעקלעכע מאַכט? אין אַמאָליקע טעג איז דערדאָזי-קער אַרבעטער געווען צעפלאסן אין דער מאַסע בלויע פארסמאלצעוועטע העמד-לעך אָן אַן אייגענעם פּאָנים און שטים און אומבאמערקט פלעגט ער, ווי אַלע, אויספילן א רעגולערע ארבעט—א קלענסטער עלעמענט אינם מעכטיקן און קאָמפּליצירטן פּראָדוציר-פּראָצעס. פאַרוואָס איז איצט קאָן ער, דער אינ-זשענער קלייסט, אמאָל א מאַכטפולער און שטאַרקער, גאָרנישט ניט קעגנ-שטעלן קעגן דער גראָבער און ווילדער מעכטיקייט פון דעמדאָזיקן מענטשן? וואו איז דער אָנפאַנגס-שטויס צום דאָזיקן קער: צי אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט אים אָפּגעגעבן אַף פאַרניכטונג, אדער אין דעם מאָמענט פון היינט, ווען ער האָט אים דערזעען באַ זיך אין ארבעטס-קאַבינעט אלס אַן אויפגע-שטאנענעם טכיאסאמייסים פון דער פאַרגאַנגענהייט?

פּראָסט, ווי אַ זעץ אין האַרצן: דאָס געווארטע, מיט וואָס ער האָט געלעבט דעם היינטיקן טאָג, איז געקומען און האָט זיך געעפנט פאַר אים, ווי א שמאָלער דעקלאָזער אָפּגרונט.

— קומט ארויף אהער, כאווער טעכנאָנפירער. פון אויבן איז דער קיי-ווער טיפער... איר בלאנקעט ארום, איך בלאנקע אויך ארום... יעדן טאָג... און וואָס קומט דערפון ארויס?.. זייט אזוי גוט און קומט ארויף, כאווער טעכנאנפירער...

די לאָגיק פון די געשעענישן ווייסט נאָר איינס: אַן אומראַכמאָנעסדיקן סאָף און אַן אומדערבארעמדיקן אָנהויב. קיין צופעליקייטן זיינען ניטאָ. צופעליקייטן—דאָס זיינען אילוזיעס. מיט איבלדיקן ווייטיק ארום האַרץ, אינ-גאַנצן אַן אויפגעלייזטער אין גרויל, האָט דער אינזשענער קלייסט לאנג זיך געהויבן ארויף אַף די קלינגעדיק-ציטערנדיקע טרעפּ און אין זיין פארפאלנקייט האָט ער פאַרהיט זיין געוויינלעכע כשיוועס און שווייגעוודיקע רואיקייט.

— היט זיך, כאווער טעכנישער אָנפירער: דאָ איז אַן אָפּגרונט אָן א דנאָ, ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערן... איין קער—און אַף פּיצלעך צעשאָטן ווערן... איר האָט עס אָנגעבויט דאָ טייוולשע לעכער... דאָס איז אייער אַרבעט...

דער אינזשענער קלייסט האָט אָפּגעענטפערט קאַלט און שטרענג:

— מיר האָבן געבויט אַף יאָרהונדערטער, פעסט און פאַרשטאנדיק. און איר האָט דאָס אַלץ פאַרוואנדלט אין כאַאָס און רואינע.

— און זייט באַגאַנגען א טאָעס, כאווער טעכנאנפירער: געבויט, אָנגע-בויט—אַלץ פאַר זיך... א פעסטונג—ניט איינצונעמען... און דאָס האָט ניט

אויסגעהאַלטן און א פראל געטאָן. א גראָשן ניט ווערט אייער פאַרשטאַנד... וואו זיינען דידאָזיקע אייערע ניט צעשטערבארע יאָרהונדערטער?

פיפקענדיק מיט דער פיפקע, האָט גליעב אויסגעזעען א ריזיקער, א טשוהונענער אין דער ביינאשמאשעסדיקער כאשכעס. און דערפון, וואָס ער איז געווען רואיק און פראָסט און אַזוי פרימיטיוו באַדייטנדיק אין זיינע ווערטער, האָט דער אינזשענער קלייסט דערפילט, אַז ער קאָן שוין ניט אוועק־גיין פון דעמדאָזיקן מענטשן, און די קומענדיקע מינוטן וועלן אויפגעלייזט ווערן נאָר אין איין קורצן מאַך פון זיין האַנט. א פאראליזירטער, איז דער אינזשענער קלייסט געשטאַנען, אנשפארנדיק זיך מיט דער פלייצע אָן פארא־פעט, און אַפן קאָפּ האָט בא אים דער הוט אויפגעציטערט פון זעלטענע שטויסן.

— און גיט נאָר, אגעוו, א קוק אפן זאַוואָד, כאוווער טעכנאנפירער: סאַראַ העלד און פאַרשוין!.. אויפלעבן דעמדאָזיקן בייסוילעם... אַנציגדן ווי א א פייער און א שפיל טאָן ווי מוזיק אף אַלע דראָטן און קאַנאַטן... א גרויס וואונדער איז עס, דאָס בויען!..

מיט א רעגילעסדיקן מיליטערישן ארויסשטעלן די ברוסט, איינקלאמערנ־דיק זיך אין דעם אייזן פונם באריער, איז גליעב געשטאַנען און האָט לאַנג געקוקט אף די שווארצע קאָרפוס־בלאקן, געדריקט פון זייער מאסיווער מאיעסטעטישקייט און טיפן שווייגן. צי די ביינער האָבן בא אים א סקריפע געטאָן אונטערן העמדל, אָדער די קינבאַקן האָבן זיך א ריס געטאָן אין א ציין־קריצן, נאָר דער אינזשענער קלייסט האָט דערהערט א אינעווייניקסטן קרעכצנ־דיקן זיפץ:

— א קייווער... א ברודער־קייווער, צו אלדי שווארצע יאָר!..

פאַרוואָס שטייט דא עפּעס דערדאָזיקער ביינערדיקער אינזשענער מיטן שפרינגענדיקן הוט אַפן קאָפּ? פאַרוואָס שווייגט ער עפּעס אַזוי פארשלאָסן און פאַרמישפּעט? אין אים איז פאַראן עפּעס געמיינזאמעס מיטן זאַוואָד,—דער־דריקנדיקס און שוידערלעכס. און די פאַרגאנגענהייט—דאָס איז זיין פּיין—פּיין און טויט פון זיינע כאווירים. דאָס קאָן קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן. אראָפּשאַרן אים מיטן קאָפּ אַראָפּ אין אָפּגרונט אַריין... צוויי שטייף אַנגעצויגענע קאנאט־סטרונעס פליען אַרויף אין דער הויך, אונטערן דאַך ארונטער, צו די עלעקטראָמאָטאָרן. דאָס זיינען שלאנגען־ציינגער, און דער הונגעריקער פּיסק בעט אַ קאָרבן.

מיט א גליטש פון אַ בליק האט אף אים גליעב א קוק געטאָן און ניט דערפילט קיין נעקאָמע־ווייטיק.

— אזוי איז עס, כאווער טעכנאָנפירער!... נישקאָשע האט איר זיך אויס־געלערנט דענקמעלער בויען. אז איר וועט שטאַרבן, איז פאַר אייך פאַרטיק א קייווער: איר זעט דעמדאָזיקן לאָך?.. מיר וועלן אייך אַראָפּלאָזן אף א וואַ־גאָנעטקע און באהאלטן אונטער דעם סאַמע העכסטן קוימען...

פאַרלירנדיק דעם באוואוסטזיין, האט דער אינזשענער קלייסט זיך אויס־געגלייכט און אפגעריסן זיך פונם באַריער. עס האט געגאָגט דאס אינגעווייט און

פיינלעך צערונגען געוואָרן אין קאַלטער און פייכטער פּוסטקייט. א כאַיעשער געשריי איז געבליבן שטעקן אין האַלז און געהערט האָט זיך נאָר א הייזע־ריקער דערשטיקטער זיפץ: די קינבאַקן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין ביינערדיקער מאַסע ביז ברענענדיקן קוויטשנדיקן ווייטיק אין מאַרך.

— איר... איר, טשומאַלאָוו... אום גאָטעס ווילן... טוט אָפּ גיכער, וואָס מע דאַרף...

גליעב איז האַרט צוגעגאַנגען צום אינזשענער קלייסט און איז אינגאַנצן אָנגעגאָסן געוואָרן מיט אָנשטרענגונג און היץ.

— כאַווער טעכנאַנפירער... גענוג מאַכן זיך נאַריש!... קעפּ זיינען נויטיק... הענט זיינען נויטיק... צעוואַרימען דעם אויוון און א דונער טאָן!... קוילן און נאַפט... וואַרימקייט און ברויט פּאַר די אַרבעטער... עקאָנאָמישער אויפשטייג פון דער רעפּובליק... הינטער די בערג—גרויסע בונטן פון האָלץ אין די דעליאַנקעס... ניט מיט פערד־קראַפט, נאָר מיטן מעכאַניזם פונם זאַוואָד... אין טויזנטער־מיליאָנען קובן... די וואַגאָנעס—אויף דער טעריטאָריע... אַרבעט־זונטיקן... טויזנטער מוסקלדיקע הענט און אַקסל...

ער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין די אַקסלען פונם אינזשענער קלייסט און א טרייסל געטאָן אים אין פריידיקן אויפברויז, און אין זיינע הענט האָט דער אינזשענער קלייסט זיך א טרייסל געטאָן ווי א מאַנעקען. דער הוט איז אים אַראָפּגעפלויגן פון קאָפּ, און ווי א נאַכט־פויגל האָט ער זיך אוועקגעדרייט און אַראָפּ אין דער פינסטערגיש אַריין.

— אויס, כאַווער טעכנישער אָנפירער! מירן אייך נעמען אין גוטן שפּאַן. מיר האָבן שטאַרק דערוויזן אונזער קראַפט. אייער מאַרך און הענט — דאָס איז גאָלד. אַזאַ בויער ווי איר,—דאָס איז א גרויסער ספּעץ פון דער רעפּובליק...

אין דעם לעצטן אויסמאַטערנדיקן קאַמף פאַרן לעבן האָט דער אינזשענער קלייסט מיטן אינגעווייד פאַרשטאַנען, אז דידאָזיקע הענט, מיט טויט אָנגעזעטיקטע, האָבן אים שטרענג און פעסט צוגענאָגלט צום לעבן. א געפּלעפּטער, האָט ער ניט געקאָנט באַנעמען דעם זינען פון דערדאָזיקער דערשיטערנדיקער געשעעניש—ער איז געשטאַנען א מאָדנע פּוסטער, מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, בלויז מיט איין האַרץ, וואָס רייסט זיך.

גליעב האָט אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבער די פאַרענטשעס, און די איבערפלעכטן פון די אייזן־פּאַסן האָבן א קנאַק געטאָן מיט קלונג און קנאַלעריי.

— נו, געמט דעם מאַרך אייערן אין די הענט, כאַווער טעכנאַנפירער, און טרעט צו צו דער אַרבעט... ניט נאָר אַזעלכע ריזן ווי אָטאָדי וועלן מיר אָנבויען... א נייע וועלט, כאַווער טעכנאָנפירער...

דער אינזשענער קלייסט האט איינגעהויקערט זיך געשלעפּט און מיט דער ציטערנדיקער האנט די לופט געכאַפּט צווישן זיך און גליעבן. דערנאָך איז ער אָפּגעשוואכט און צעווייקט געוואָרן.

גליעב האט א ברום געטאָן און אוועקגעהילכט מיט די באָסן איבער די אייזערנע בריקלעך.

.VI

# פאָרזיצערס.

.1

## דער קליינער קנופּ.

באַ דער טיר פונם אויספּירקאָם-פּאָרזיצערס קאַבּינעט איז געזעסן אַף אַ שטול אַ באַבּערדלטער קוריער, אין אַ העמדל און היטל פון די צייטן פון דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. מיט אַ וואָלפּישן קוק האָט ער פון הינטער דער וועלפּ־שער פעל פון זיינע בּרעמען באַגעגנט גליעבּן. די האָריקע פינגער האָבּן רעגילעסדיק אַרומגעפלאָכטן די מעשענע הענטל פון דער טיר. אַזוי פלעגט ער אָפּהיטן דעם אַריינגאַנג צום פּאָרזיצער פונם אויספּירקאָם אין קאַבּינעט אַריין יעדן טאָג פון 10 אינדערפרי בּיז 5, ניט אַראָפּגייענדיק פון שטול אַפילע דאַמאָלסט, ווען דער פּאָרזיצער פונם אויספּירקאָם פלעגט געשעפטלעך אָפּפאָרן. צי זיינען דאָס געווען מענטשן מיט געשעפטלעכע פּאָרטפעלן, אָדער דאָס זיינען אַריינגעקומען אומבּאַקאַנטע בּעטער, אויסציענדיק שעמעוודיק דעם האַלז, ווי אַ פויגל,—ער, דער כמורנער וועכטער, איז דורך דער גרויער פּעל פון זיינע וועלפּישע בּרעמען געווען אַלציינס ניט צוטריטלעך, און יעדערער איז געהאָרכזאַם געשטאַנען אין זיין ריי, אָדער האָט די־דאָזיקע ריי געבּראָכן דורכן סעקרעטאַר פון אויספּירקאָם.

עס זיינען געשטאַנען אין דער ריי מענטשן אין פּרענטשן, מיט פּאָרטפעלן, אָן פּאָרטפעלן, מיט פּאַפּירלעך און אָן פּאַפּירלעך, האַכנאָעדיקע און בּייזע — זיי האָבּן געוואוסט: מע קאָן ניט אַריינקומען אין קאַבּינעט אַריבּער דעמדאָזיקן בּיטערן פעטער מיטן וואָלפּישן קוק און מיט דער וואָלפּישער פּעל אין די בּרעמען.

רעמינגטאָנען האָבּן געשאָטן מעטאַלישן שרויט ערגעץ־וואו דערנעבּן הינטער דער טיר, און גאָרגלדיק האָט געשריען מיט אַ הייזעריקער אונטערגעריסנקייט אַ פאַרווינטלטע שטים:

— אַ כאַרפּע און אַ שאַנד, כאַווירים !.. ביוראָקראַטיזם און פאַרשלע-פּעניש האָבן אייך צעפרעסן... צעיאָגן דאַרף מען אייך צו אַזא און אַזא מאַ-מען אריין... צעשיסן, ווי די האָזן...

גליעב איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, און אי ער, אי דער קוריער האָבן שווייגנדיק אָנגעקוקט איינע די אנדערע—איינער פון אונטערן העלם אַרונטער, דער אנדערער פון אונטער די קודלעס וועלפּישער פעל.

— אַנו, קודלאטער, נעם אוועק די האַנט...

אין דער ריי האָבן די מענטשן זיך אויפגערודערט, האבן זיך צעטראס-קעט אף גליעבן: איז ער דען בעסער פון אַנדערע, וואָס ער קריכט דער ערשטער צו דער טיר? אויב זיי וואַרטן האַכנאָעדיק אף זייער ריי, איז פאַר וואָס זאָל ער ניט לויט אלע קלאלים טיילן זייער גורל?

דאָרט, אין קאַבינעט, איז שטיל. די טיר איז פעסט און זיכער פאַרמאכט און מיט ברויט-פאַפּ זיינען געווען צוגעקלעפּט פאַפּירלעך: „ניט געמעלדעטער-הייט ניט אַריינקומען". נידעריקער : „דער אויספירקאָם-פאָרזיצער נעמט אויף נאָר וועגן שטרענג-געשעפטלעכע פראַגן". נאך נידעריקער: „וועגן עקסטרא-איניאָנים קומט פאָר דער אויפנאם אויסער דער ריי נאָר דורכן סעקרעטאַר פון אויספירקאָם".

אַ טייוולשע מאַשין! קעדיי צווינגען זי צו ארבעטן, דאַרף מען זי פריער צעברעכן...

ער איז אוועק אין סעקרעטאַריאַט. א גערודער ווי אין אַ באַד: ווידער א געדיכטער אוילעם אין דער ריי. די מאַשיניסטקע גרילצט עפּעס אויס אַ פוסטע מאַיסע. די פריילינס זיצן באַ אַלטינקע טישלעך איבער פאַפּירן און הריזען שווארצן ראַציאָן-ברויט. צום שווייסיקן טאַראראַם שוין געוואוינט— ס'איז ווערט אַ דרייער! ווי שטענדיק, קוקט זיך די פארצעלייענע בלאנדינקע אין שפּיגעלע אריין און קעמט זיך מיט די פינגער די האָר.

און עפּשער טאַקע דעריבער קוקט דאָס דער סעקרעטאַר פּעפּלאָ (מיט גרויע לאַקעלעך, מיט אַ פּאָנים פון א יונגלינג) אזוי אף די בלויע פּענימער און שמייכלט אַזוי פארויטלט? ער שמייכלט קעסיידער מיט א פונק, און די ציין זיינען באַ אים ווייסע, צוקערדיקע, מיט שפּילנדיקע טראָפּנדלעך סלונע.

אלעמען קען פּעפּלא, ער הערט דעמדאָזיקן מענטשן-גערודער. אַלע סוידעס ווייסט דער סעקרעטאַר פּעפּלא און רויכערט — ער איילט זיך ניט : אלע איניאָנים האָבן איין פּאָנים, אלע זיינען זיי ניט באפליגלטע.

און בלויז די גאָרגלדיק-פאַרווינטלטע שטים דעקט אָט אין דעם און אָט אין יענעם עק צימער דעם געפּילדער פון דעמדאָזיקן, ווי אין אַ וואגאן צעדולטן אוילאָם.

— דעקן דאַרף מען אייך אלעמען, שיידים, פליגן-כאַפּער!.. אן אַ כא-מעט האָט איר איינגעשפּאנט דעם אַרבעטסמאַן אין צוויי און צוואַנציק בערג... מע דאַרף האָבן א קאָפּ מיט הערנער, קעדיי צו קאָנען דורכלעכערן דעם פּערדישן ביוראָקראַטיזם אייערן... איך וועל אייך אַלעמען אויסבייטן אף קליינגעלט: איר וועט שוין מער ניט קרייצן דעם אַרבעטער-קלאַס...

אויך דידאָזיקע געשרייען פלעגן אָן אַן ענטפער פאַרשטומט ווערן און דער סעקרעטאר פעפלא האָט פּאַרויטלט געשמייכלט. מאַשמאָעס שוין גע־וואוינט געווען צו אַזעלכע סקאַנדאַלן: די מאַשין האָט דאָך געאַרבעט מיט פולן גאַנג, און דער בונט און ווילדער קאַעס פון די בירגער זיינען געווען אַ זיכערע שמירעכץ פאַרן מעכאַניזם.

דער צעפּאַרעטער זשוק האָט מיט אַ טרער אין די אויגן אַרומגעשפּאַצירט איבער דער קאַנצעליאַריע, ווי א דיבעק זאָל זיך אין אים האָבן אריינגעכאַפּט, און האָט זיך געהויקערט פונם ביטערן קאַעס.

גליעב האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און אַראָפּגערוקט אים די קעפּקע אַף דער פּאַטיליצע.

— זיי אַביסל מונטערער, זשוק! וואָיע ניט ווי אַ הונט און שיס ניט מיט די הענט.

זשוק האָט שיקער מיט די פלײשיקע אויגן גליעבן אַ לעק געטאָן, אויפגעצאַפּלט זיך מיט פרייד אין פּאָנים, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און פאַרהאַקט זיך.

— עך, נעשאָמע גליעב, טייערער כאַווער!.. וואָלסטו וויסן, ווי מיר איז דאָס אַ ווייטיק צו קוקן, ווי מע האָט דאָס פאַרקרעמפּעוועט דעם אַרבעטער־קלאַס... דאָס לעבן וועל איך זיי פאַרומערן, קאָלזמאַן איך וועל זיך מאַטערן אף דער וועלט... איך האָב אין די ערטער ניט וואָס צו טאָן, נאָר איך דערגראָב זיך צו דעם עצעם זאך... געווען אין ראַטספּאָלקווירט — אומריין... געווען אין נערקאָם — אומריין... אומעטום — אומריין... און דאָ צו אלדי שוואַרצע יאָר אויך אומריין... איז גיי איך דאָ אַרום אָט אַזוי, דעק, ווי א שוואַרציאָר...

— זשוק! אַ גוילאָם ביסטו, כאַווער!.. דו שלאָג מיט אַרבעט, און דער צונג—דאָס איז אַ פּאַפּירן געווער...

— איך... אַז איך זאָל — איך?... אין דער מאַמען דיינער אַריין... כ׳וועל זיי אַלע ארויפּברענגען, ווי בוימל אָפן וואַסער... אלע צום ווענטל שטעלן...

— מע דאַרף דיר געבן עפּעס א וועלכע ניט איז אַרבעט, זשוק, אנדערש שיסטו מיט פוסטע קוילן... נעם עס דיר אין זינען: כ׳וועל דיר שוין צוקלייבן א כאָמעט נאָך דיין כאַראַקטער נאָך...

— ניין, ברודער גליעב, זיי וועלן מיך ערשט דערקענען... איך וועל זיי נאך דערוויַיזן דאָס 18־טע יאָר...

ער האָט אַ דראָ געטאָן מיטן פויסט צום באַלקן און איז אַוועק מיט אַ צעקראָכענעם טראָט צום אַרויסגאנג.

אויסמײַדנדיק די ריי, האָט זיך גליעב צום סעקרעטאַר פעפלא דורכגעריסן, און הינטער אים האָבן די מענטשן אין דער ריי זיך געקאַעסט און געהיצט.

— כאַווער סעקרעטאַר, איך בעט וועגן זיך מעלדן דעם אויספּירקאָם־פּאָרזיצער...

דער סעקרעטאר פעפלא האָט אַף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ פארויטלטן שמייכל.

— שטעלט זיך אין דער ריי דאָ און דערנאָך אין דער ריי—דאָרט...

— כאַווער סעקרעטאַר, צום טייוול אייער ריי, איך האָב אַן איניען... אַן אויסעראָרדנטלעכן...

אין פאַרויטלטער פאַרוואונדערטקייט האָט פעפלא מיט די לאקן א טרייסל געטאָן.

— אַן אויסעראָרדנטלעכן? וואָס פאַר אַן איניען?... וועגן וואָס?..

און פון דעם אוילאָם האָט מען צערייצט געשריען:

— בא מיר איז אויך אַן אויסעראָרדנטלעכער... אַן אויסעראָרדנטלעכער... וואָס פאַר מיעסע שטיק!..

דער סעקרעטאַר האָט געקוקט אַף אים און געשמייכלט מיט אַ פונק אין די אויגן. און ער האָט אים שוין מער ניט געהערט, ער האָט געהערט אַנדערע. גליעב האָט זיך אויסגעגלייכט, אויסגעשטעלט די ברוסט, און די אויגן זיינען בא אים געוואָרן אַזעלכע, ווי בא אַ זשוקן. ער האָט א פאָך געטאָן מיטן פויסט, און מיט ברייטע טריט איז ער אַוועק צו דער טיר.

אין קאָרידאָר האָט גליעב אַ שפאַר געטאָן אַפן האָריקן פעטער און איז אריין אין קאַבינעט פון אויספירקאָם-פאָרזיצער. ער איז אַריין—און אַריינ-געפאלן אין אַ פאַרבלענדנדיקן זוניקן שטויב. דורך די פייערדיקע סנאָפּעס האָבן ווייטיקדיק שימירירט אין די אויגן געדיכטע שטיקער ברייטע לייוונטן, און עס האָבן זיך געוויילט די ווייטע ראנדן פון די דורכזיכטיקע ווענט.

— וואָס פאַרלאנגט איר, כאַווער? פאַרוואָס רייסט איר זיך אַריין, ווען עס איז קיין אויפנאם ניטאָ?.. איך בין פאַרנומען.

דאָס זוניקע פאראהאנגל האָט פאַרשטעלט פאַר גליעבן צו זעען דעם, וואָס האָט גערעדט, נאָר ס'איז גלייך קענטיק געווען, אַז דאָס איז אַ מענטש ניט קיין לעמעלע, און א שטים האָט ער א געדיכטע, ווי פון א מעטאַלישער טרויב אַרויס. גליעב איז אַרויס פון זוניקן שטויב, און אלץ האָט זיך ארויס-געוויזן פאַר געוויינלעך און פאַשעט: אי דער שרייבטיש, ווי אַן איבערגעקערטע שאפע, אי דער מענטש אין שווארצן לעדער, וואָס שפאַרט מיט דער ברוסט אָן טיש, א טונקעלער ביז בראנזענעם אָפגלאנץ. און א צווייטער מענטש, אין א טשערקעסקע, מיט אַ קינזשאל און אַ רעוואָלווער, שטייט נעבן טיש און שפּאַרט זיך אָן מיט אַ האנט אָן א שטול. די פינגער באם צווייטן מענטשן האָבן זיך ביז ווייסקייט אין ווענטל פון שטול איינגעקלא-מערט, און דאָס ווענטל ציטערט צוזאמען מיט די פינגער, און דאָס פּאָנים צוקט זיך באַ אים מיט אָדערלעך בא די אויגן, באם מויל, בא די באַקביינער. אי די ווייסלען, וואָס שפּאָרן אַרויס פון אונטער די וויעס, אי די טשערקעסער נאָז—דאס איז אלץ פון יענע פלינקע יונגען, וואָס אזעלכע זיינען געווען אין דער „טייוולשער מייע": דידאָזיקע יאַטן האָבן אַף דער מילכאָמע וואונדער באוויזן, די שווערדן זייערע זיינען קיינמאָל פון בלוט ניט אויסגעטריקנט.

גליעב האָט אַפּן מיליטערישן שטייגער צוגעלייגט די האַנט צום העלם און געזעצט זיך אַף אַ שטול נעבן טיש, אקעגן דעם פּאַרזיצער פונם אויס-פּירקאָם. ביידע—דער פּאַרזיצער פונם אויספּירקאָם און ער—האָבן אַ קוק גע-טאָן איינע אף די אנדערע אין שווייגעוודיקן דראנג. דער שטערן באַם אויס-פּירקאָם-פּאַרזיצער איז געווען אף די אויגן אנגערוקט, ווי אַ לאפּעטע. ער האָט ניט געקוקט אפּן מענטשן אין דער טשערקעסקע און גלייך פאַרגעסן אן גליעבן. ער האָט גערעדט בוילעט, טויב, אין טיש אַריין, אין זיינע טונקעלע הענט מיט די שוואַרצע הערעלעך אף דער הויט.

— דו פארגעדענק עס פּעסט, באַרשטשי: אויב דו וועסט אין מעשעך פונם כוידעש ניט דורכפירן די קאמפּאניע אף צונויפקלייבן די צוגאב-נארמע פון דער ברויט-רעקוויזיציע און וועסט באַגראבן דאָס אומקערן די זריע-האל-וואע, וואָס פאַלט אויס אף סענטיאבר, וועל איך דיך שיקן קאפּאקאל. איך רייד ניט אין דער וועלט אריין. דאָס ווייסטו גוט. ווי א פּאַרזיצער פון א וואָל-אויספּירקאם, ענטפערסטו מיר פאַר אלעמען. דאָס פארגעדענק.

באַרשטשי האָט זיך געריסן עפּעס זאָגן, געדרייט מיט די ווייסלען, און די קינבאקן האָבן מיט אלע קויכעס זיך געמאטערט די ציין צערייסן.

— כאַווער באַדין... איך בין פונקט אזא קאמוניסט... איך פּראטעסטיר...

ניט קיין בראכיקע שטים, דאָך איז זי אריינגעפאַלן אין הייזעריקייט. און דער אויספּירקאָם-פּאַרזיצער האָט אזוי טויב, קאלט, שווער צוגעשטיקט זיינע ווערטער.

— אָט ווי אַ קאמוניסט טאקע וועל איך דיך שיקן קאפּאקאל, אויב די אויפגאבע וועט ניט ווערן אויסגעפּילט. איר דאָרטן, אין באַלעגופישן ראיאָן, האַלט אין איינע רייסערייען און מאכלויקעסן און פאלט ארונטער אונטער דער באַלעגופישער סטיכיע...

— כאַווער באַדין... דו מוזט מיך אויסהערן... די פראַגע וועגן אפּלייגן דאָס אומקערן ביז איבעראיאר... דו דארפסט דאָך וויסן די לאגע... די ברויט-רעקוויזיציע ווערט זייט הארבסט שוין דאָס פערטע מאָל דורכגעפירט... די ערדארבעטער וועלן פון הונגער אויספּייגערן... און מיט אזעלכע מאסמיטלען פלאדיען מיר דאָך אליין פאנאנדער די וויס-גרינע באַנדעס... מע וועט אונז אויסקוילען ביזן לעצטן... צעבראקן, ווי רינדפלייש...

— גוט. זאָל מען אייך צעבראקן, ווי רינדפלייש, נאָר די אויפגאבע דארפסטו אויספּילן פּינקטלעך און צום טערמין.

— כאַווער באַדין, איך בעט שטעלן אין טאָג-סיידער... איך וועל דער-ווייזן דעם פּלענום פונם אויספּירקאַם...

באַדין האָט זיך אויסגעגלייכט און האָט אַ בליק געטאָן מיט די פּאלדן פונם לעדערדיקן רעקל.

— באַרשטשי!

אויפגעשטאנען און לאנגזאם אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צום קאזאק.

— פּאַרזיצער פון וואלאויספּירקאם באַרשטשי!..

און האָט אַ שמייכל געטאָן. און פון דעמדאָזיקן שמייכל—האָט זיך גע־דוכט—האָבן די ביינער אַ טרעשטשע געטאָן.

בארשטשי איז אפגעטראטן אף אַ שפאן צוריק און האָט זיך אויסגע־גלייכט. אין די אויגן האָבן אַ ברויז געטאָן טראפנס פייכטקייט און פייער און אנשטאט א קאל האָט ער זיך פארכליניעט מיט הייזעריקייט.

— כאווער באדין... די קאמפאניעס וועלן דורכגעפירט ווערן... איך וועל אלץ אפטאָן... נאָר דאָס וועט זיין אַ פלייש-מילכל, כאווער באדין...

— קלאג ניט. וועסט באקומען צו הילף סאלטאנאוון, דעם שעף פון דער קרייז-מיליציע.

און האָט זיך אנידערגעזעצט. מער קיין ווארט ניט אויסגערעדט—פאר־געסן וועגן דעם פארזיצער פונם וואלאויספירקאם בארשטשי. און ער, באר־שטשי, דער קריגסמאן פון דער „טייוולשער מייע", א צעקריפלטער, אן אונ־טערגעטעניקטער, האָט איין מאָל נאכן אנדערן אַ קוק געטאָן אף באדינען אין לעצטע פארזוכן צו קאמף און איז גיך ארויס פון צימער מיט דערשלאָגענע טריט. און באדין האָט ווידער, אונטער דער שווערקייט פון זיין שטערן, ווי אן אקס זיך ארייגעשטעקט מיט די אויגן אין זיינע פאַרוואָקסענע הענט.

— וואָס פאַר אן איניען, כאווער? רעדט קירצער.

— אַ מענטשן אן ארבעטער איז דערקלייבן זיך צו אייך, כאווער אויס־פירקאָם-פאָרזיצער, פונקט אזוי שווער, ווי נעמען פערעקאָפּ.

— וואָס פארלאנגט איר? רעדט קאנקרעט.

זיי האָבן זיך צונויפגעקלאמערט מיט די אויגן, פארפרעמדטע, ווי איינע, וואָס האָבן דערשפירט קראפט צום קאמף. די שטיינערנע קאלטע אומבאווע־לעכקייט פונם אויספירקאם-פאָרזיצער האָט געדריקט גליעבן, און גליעב האָט פאראקשנט און מישמאשיק געבראקט די שטילקייט און די געשעפטלעכע אד־מיניסטראטיווע אָרדענונג מיט שטיינערנע ווערטער:

— אייער קודלאטן פעטער וועל איך אַ צווייט מאָל פאקן פאַר די פיס און ארויסווארפן דורכן פענסטער. אזא מין גענעראלערײ קליידט אונז ניט.

אן ליידנשאפט, מיט אן אומבאזיגבארער מאכט און דראאונג אין די אויגן האָט באדין אַ זאָג געטאָן ניט צו גליעבן, נאָר דער טיף פון זיין אייגענעם בויך:

— כאַוער, פאַר כוליגאַנערײ וועל איך אייך באַלד לאָזן אַרעסטירן.

און איז אויפגעשטאַנען. אנגעשפארט זיך מיט די הענט אפן טיש, און דער טיש האָט אַ סקריפע געטאָן און געבויגן זיך אונטער זיינע פויסטן. און ווי נאר דער פאָרזיצער פונם אויספירקאָם האָט אַרויסגערעדט דידאָזיקע ווער־טער, האָט גליעב גלייך צעקרימט דעם פּאָנים, מיט אַ קנאַק אפגערוקט דעם שטול און אינגאַנצן אריבערגעבויגן זיך צו באַדינען. מיט ביידע הענט האָט ער אים אַף די אקסלען געדריקט און צעשריען זיך אפן גאַנצן צימער:

— כאַווער אויספּירקאָם=פּאָרוזיצער, מיט אייך רעדט אן ארבעטער פונם זאַוואָד! זייט אַזוי גוט—זעצט זיך! איר האָט קיין רעכט ניט יאָגן די אַרבעטער פון אייער קאַבינעט!

באַדין האָט אַ צוק געטאָן מיט אַ באַק און פון הינטער די דיקע ליפּן האָבן די ציין אין אַ שמייכל אַ גלאַנץ געטאָן. ער האָט זיך אנידערגעזעצט. פון קעשענע ארויסגענומען אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, אליין פארויכערט און דערלאנגט גליעבן.

— איך הער. רעדט מיט אַ טאָלק און גלייך, וואָס איר ווילט. ווי איז אייער פאַמיליע-נאָמען?

גליעב האָט זיך אויך אנידערגעזעצט. אף די פּאַפּיראָסן האָט ער זיך ניט אומגעקוקט, נאָר האָט ארויסגענומען זיין רויטאַרמייאישע פּיפּקע.

— אין קעמערל און אף אַ פאַרזאַמלונג האָבן די אַרבעטער באַשלאָסן צו ברענגען האָלץ פון יענער זייט באַרג מיט מעכאַנישער קראַפט דורכן ברעמסבערג. דער טעכנישער אנפירער פונם זאַוואָד וועט געבן די צייכענונגען און דעם אַרבעטס-פּלאַן. צוויי-דריי אַרבעטס-זונטיקן פון אַלע פּראָפאַריינען, און מיר וועלן אנשיטן צו די וואַגאָנעס בערג מיט האָלץ. וויפל מיר וועלן ביז הארבסט אנשיטן האלץ—רעכנט אויס. די האָלץ-פּליכט—דאָס איז אַ פּוסטע מאַיסע: די פּויערים וועלן אנטלויפן און צו די באנדיטן צושטיין. און אף די בארושעס איז צום ברעג ניט צו דערלאנגען: די בארושעס זיינען צעשפּאָלטן און, צו אלדי שוואַרצע יאָר, צעבראָכן דורך די כוואַליעס. אָט. מיין פאמיליע איז טשומאלאוו, אַ שלאָסער פונם זאַוואָד, אַ מיליטקאָם פון אַ פּאָלק.

באַדין האָט אים דערלאנגט אַ האַנט און ווידער אַ צוק געטאָן מיט אַ באַק, אויפבליצנדיק מיט די ציין אין אַ שמייכל.

— אָט דאָס איז אַן ערנסטע זאַך, וואָס מע דאַרף גוט באטראכטן... זאָגט נאָר, דאשע טשומאלאווא איז אייער ווייב?

גליעב, אַ פאַררייסעקטער מיט זיין פּיפּקע, האָט צעריסן די אויגן=ווינקלען זיינע מיט אַ שאַרפן בליק באַדינען אין פּאָנים אריין און פּאַר איין וועגס אף זיינע הענט, און האָט דורך דער פּיפּקע דערלאנגט זיין האַנט.

— ניט אקעגן דעם רייד איך, כאַווער פּאָרוזיצער, איך מיין עפּעס אַנדערש. וואָס טראַכט איר וועגן לאָזן דעם זאַוואָד, אויב די פראַגע וועט אויפקומען אין איר צייט?

באַדין האָט מיט אַ שטייענדיקן בליק געקוקט אף גליעבן, און אין זיינע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט גאלדענע פונקעלעך. ער האָט זיך אָפּגעוואָרפן אפן ווענטל פון שטול. די וויעס האָבן זיך צעשפּילט אין אַ קאַנוואַלסיוון ציטער.

...גליעב טשומאלאוו, דאשעס פארפאלן געווארענער מאַן. דאשע, וועלכע איז ניט ענלעך אף אנדערע פרויען... דאשע, צו וועמען זיין האַנט האָט זיך אַמאָל אויסגעצויגן. ס'איז נאָך ניט געווען קיין פרוי, וואָס זאָל זיך ניט ברעכן אונטער זיין בליק און האנט, ווי אַ גרעזעלע, און זי, דאַשע, איז אַ מין שטאָ-

לענע פרוזשינע, וואָס האָט ווייטיקדיק אַ קלאַפּ געטאָן אים אין סאַמע אינע־ווייניק אריין, און דערפאַר, וואָס דידאָזיקע פרוי, די פירערין פון די שטאָטישע פּראָלעטאַרקעס, האָט געהאַלטן פון טאָג צו טאָג אין איין אקשאנעסדיקן צו־בויפקלאַפּן ווייבערשע שלאַכט-אפטיילן און אליין פּאַרפעסטיקן איר אָרט צווישן די מאנספּאַרשוינען,—איז דער פאַרזיצער פונם אויספירקאָם באַדין ניט געווען בע־קויאַך צוצוגיין צו איר אזוי, ווי ער פלעגט צוגיין צו אנדערע פרויען. און באַדין האָט יעדן טאָג געטראַכט, ווי אזוי צוצוגיין צו דאַשען און זי איבער־ברעכן מיט איין קלאַפּ.

און אָטאָדאָ, דערנעבן, אויג אף אויג, זיצט דער מענטש, וואָס האָט זיך אזוי אומגעדיכט געשטעלט צווישן אים מיט דערדאָזיקער פרוי.

— וועגן זאַוואָד וועלן מיר דערווייל ניט ריידן, כאַוועך טשומאַלאָוו. לאָזן דעם זאַוואָד—דאָס איז ניט אין אונזער מאַכט. נאָר די פראַגע וועגן אויסבויען דעם ברעמסבערג וועל איך שטעלן אף דער נאָענטסטער זיצונג פון דער עקאָנאָם-באַראַטונג.

גליעב האָט פון דערשטוינונג די פּיפּקע צו די קני אַראָפּגעלאָזט. דער־נאָך האָט ער זי צוריק אין מויל אריינגענומען און באַגעגנט זיך מיט די אויגן פונם אויספירקאָם-פאַרזיצער. וואָס איז געווען אזוינס אין דער טיפעניש פון דידאָזיקע אויגן,—האָט גליעב ניט געקאָנט אויפכאַפּן און אויספורעמען: ווי אַ פלייך פון אַ כוואַליע איז אין זיי אַ שוואַרצע מוטנעקייט דורכגעשוואו־מען.

— וואָס הייסט עס—ניט אין אונזער מאַכט? ס׳איז דאָך אַ כאַרפּע: דער זאַוואָד באַלייכט ניט אפילו זיינע אייגענע ווינקלען, פון די אַרבעטער-וואוי־נונגען איז שוין אפגערעדט. אומעטום איז צעבראָכן: ניט קיין טירן, ניט קיין פענסטער, און איז שוין ערגעץ-וואו יאָ פאַראַן טירן, איז אַנשטאָט שלעסער אַ פּראָסט שטריקל אָדער דרעטל. ווי אזוי זשע פאַרלאַנגט איר נאָך, אַז דער זאַוואָד זאָל ניט צעראַבעוועט ווערן שטיקלעכווייז אָדער שטיקערווייז? ווער פּרוכפּערט אַזאַ מין כורבן: איר צי די אַרבעטער? פאַרן זאַוואָד גייען אָרדערס אף פּליסיק-הייצוואַרג. אָבער וואו קומען אהין דידאָזיקע אָרדערס? די אַרבע־טער ווילן וויסן, וואָס פאַר אַ פּיסק שלינגט דידאָזיקע אָרדערס... זעט איר שוין, סאַראַ שפּיצל? מירן נעמען, לעמאָשל, דעם קלינקער-מיל... אַן אויצער פון פריער פאַנאַנדערגעאַרבעטן רוישטאָף... און די שפּייכלערס זיינען ליידיק... און קלעפּקעס ליגן בערג... אָרגאַניזירט די צוגרייטונגס-אַרבעטן... איר שרייט וועגן הולטייעס און ליידיקגייער, און איר אליין פּלאָדיעט טויגעניכטסן און נודניקעס... אָט דעם ראַטספּאָלקווירט אייערן דאַרף מען צום וועגטל שטעלן—סאַי די פאַראַנטוואָרטלעכע טוער אייערע און סאַי דאָס גאַנצע ספּעצישע גע־זינדל—פאַר אָנווירטשאַפטלעכקייט, ווי פאַרביסענע סאָנים פון דער ראָטנ־מאַכט... אָט ווי אַזוי מע דאַרף די פראַגע שטעלן, כאַוועך אויספירקאָם-פאַר־זיצער.

— כאַוועך טשומאַלאָוו, מיר קענען שטעלן פראַגן ניט ערגער פון אייך. מע דאַרף אַרויסגיין פון די קאָנקרעטע אומשטענדן. אַן דעם מעלוכע-פּלאַן

קאָנען מיר זעלבשטענדיק ניט לייזן קיין פראַגן, וואָס האָבן אַן אַלמעלוכישע באַדייטונג.

— איך פאַרשטיי אַן אַלמעלוכישע באַדייטונג, כאַווער אויספּירקאָם־פּאָרזיצער. רייד איך טאַקע וועגן אַן אַלמעלוכישער באַדייטונג. אויב איר קאַכט שוין יאָ לאָקשן אין דער עקאַנאַמבאַראַטונג, איז פאַרוואָס האָט איר דאָרט ניט אַרויסגערוקט דידאָזיקע פראַגע פון דערדאָזיקער זייט?

— ס'וועט קומען די צייט, וועלן מיר שטעלן די פראַגע אויך פון דער זייט, כאַווער טשומאַלאַוו. אַלץ איז געווענדעט אַן די פּערספּעקטיוון פון דער נייער עקאַנאַמישער פּאַליטיק. דערדאָזיקער מאָמענט איז שוין ניט הינטער די האַריי־כוישעך.

— כאַווער אויספּירקאַם־פּאָרזיצער, טעלעפאָנירט אַן אין ראַטפּאַלק־ווירט...

— צו וואָס זשע טעלעפאָנירן, ווי באַלד דאָס איז אומנוצלעך?

— טעלעפאָנירט אין ראַטפּאָלקאָמווירט, כאַווער אויספּירקאָם־פּאָרזיצער. מיר וועלןריידן מיט אים ערנסט. איך וועל אַ פּרוּאוו טאָן זיין שאַרבנדל פאַר אייערע אויגן.

— גוט, וועלן מיר מיט אים ריידן וועגן דעם ברעמסבערג.

באַדין האָט אַ דריי געטאָן דאָס טעלעפאָן־הענטל, און ווידער איז באַ אים אין די אויגן דורכגעשוואומען דורך דעם קאַלטן כויזעק־געלעכטערל אַ שוואַרצע מוטנעקייט. גליעב אָבער האָט ניט געקוקט אַף אים, געפּיפּקעט מיט דער פּיפּקע און געפּרעסט דעם אַש אַפן פאַרויכערטן פּיסק.

...צווײ קויכעס—ער, דער אויספּירקאָם־פּאָרזיצער, און דער אַרבעטער טשומאַלאַוו—האָבן זיך צונויפגעשטויסן, און אַ פונק איז דערפון אַרויס. וואָס פּלאַקערט אין דער אויגן־טיפעניש פון דעמדאָזיקן מענטשן? אַ כאַיע? אַ העלד? אַן אייפּערזיכטיקער „ער“?

— יעדער ווירטשאַפטלער, כאַווער טשומאַלאַוו, איז דאָס ווערטפולער, וואָס ברייטער און שטייפער ער שטעלט זיין אַרבעט דערויף, וואָס עס ברענט באַ אים אונטער די קנאַכל, אַ קלאַל: ניט דאָס גאַנצע, נאָר—אַ טייל, ניט קיין מאַיסעלע, נאָר אַ שטיקל ברויט. איר ווייסט, אַז אונז דראָען באַנדיטן? זיי האָבן אונז ווי מיט אַ וועלפישן נעסט אַרומגערינגלט. דער קאַמף מיט זיי פאָדערט יענע קויכעס, וועלכע זיינען אונז ווי דאָס לעבן נויטיק אַף ווידער אויפצושטעלן די ווירטשאַפט. עס איז נויטיק אַ נייער מעטאָד פון קאַמף מיט זיי און נייע דיספּאָזיציעס. אייער פּראָעקט וועגן לאָזן דעם זאַוואָד איז אומגעלומפּערט: איר דיסקאָנטירט ניט די ווירטשאַפטלעכע קאָניונקטור. און אויב איר וועט זיך אויסבעריען איצט אָוועקצושטעלן דאָס באַזאָרגן די שטאָט מיט הייצוואַרג, וועט איר האָבן באַגאַנגען אַן עמעסן העלדן־טאַט.

גליעב האָט אַרויסגענומען די פּיפּקע פון מויל און מיט די אויגן אין באַדינען זיך איינגעגעסן. פאַרוואָס פאַרשטייט ניט דערדאָזיקער שוואַרצינקער די סאַמע פּראָסטע זאַכן?

— אייך האָבן פליי צעביסן, כאַוועך אויספירקאָם-פּאַרזיצער, און איר יאָגט זיך מיט א העמערל נאָך יעדערער באַזונדער. מע דאַרף די זאַך גלייך שטעלן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין: די רויטע אַרמיי האט טויזנטער ווערסטן דורכגעמאַכט און געשלאָגן מיטאַמאָל גאַנצע אַנטאַנטעס, און אייערע פּיצעלעך האָדעווען נאָר טעג־עסער. און וואָס האט איר קאָנקרעט געטאָן, קעדיי אויפצושטעלן די פּראָדוקציע ? גאָרנישט מיט גאָרנישט! דידאָזיקע פראגע דאַרף מען שטעלן שאַרף און אין גאַנצן פאַרנעם... טאַקע באַלד... מיטאַמאָל... ניט איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם...

גליעב האט מיט א ברייטן מאַך מיט דער האַנט אויסגעצייכנט א האַלבקיילעך און אנידערגעשטעלט אים מיטן האַרטן קופּאָל אַנטקעגן זיך.

— אויך דאָס ווייס איך ניט ערגער פון אייך, כאַוועך טשומאַלאָוו. מיר ריידן דערפון אָף יעדער פּאַרטקאָנפערענץ, אָף די צוזאַמענפאָרן פון די ראַטן און פּראָפאַריינען: פּראָדוציר-קרעפטן, עקאָנאָמישער אויפשטייג פון דער רעפּובליק, עלעקטריפיקאַציע, מעליאַראַציע און נאָך. אָבער וואו האט איר רעאַלע מעגלעכקייטן דערצו?

— פּאַראַן.

— באַווייז זיי.

— פּאַראַן. ווייסט איר, אָף וואָס שפּאַרט איצט דער אַרבעטער? און מיט וואָס דער פויער עטעמט איצטער איז אייך באַקאַנט? ביז אַהער האָבן מיר בלויז צעטאָפּטשעט די פויערשע פעלדער און איצט דאַרף מען זיי פאַראַקערן. קאָלזמאַן די קוימענס וועלן זיך ניט צערויכערן, וועט דער פויער זיין א באַנדיט.

דער אויספירקאָם-פּאַרזיצער האָט א לאַך געטאָן און אין די אויגן האט זיך בא אים דאָס נייגיר-פייערל אויסגעלאָשן.

— אויך דאָס איז ניט ניי, כאַוועך טשומאַלאָוו. וועגן דעם וועט מען די טעג ריידן אפן X פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר.

— אַהאַ, אָט האָט איר אייך ניט ניי... ברענט עס פּאָרט אונטער די קנאַפּל? הא?

דער דאָזיקער אַרבעטער איז אַן אַקשן אין דעם ערעך, ווי ער איז נאַיוו און קורצזיכטיק. ער איז פון יענע דעמאַגאָגן, וועלכע שטערן דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער קאָמפּליצירטער אַרבעט פון פאַרוואַלטן מיטן קאַנט. דידאָזיקע מעטורעפּע טרוימער שאַפן זיך פון בילדער פון דער צוקונפט א קנאַקנדיקע ראָמאַנטיק פון דער פון כורבן צעפּרעסענער געגנוואַרט...

ס׳איז אריינגעקומען דער פּאַרזיצער פון ראַטפּאָלקווירט. ער איז אריין מיט א פּאַרטפעל, אָנגעטאָן פונם היטל ביז די באַטפּאַרטן אין געלן לעדער, מיט א שלאַבעריקן פּאָנים פון א סאָריס, מיט א גאָלדענעם פּענסנע אָף דער ווייבערשער נאָז.

אָן א גוט-מאָרגן האט ער זיך געזעצט נעבן טיש, פּאָנים על פּאָנים מיט גליעבן און איז פּאַרגליווערט געוואָרן אין דער פּאָזע פון אָנגעשטרענגטן אוממענטשלעכן שווייגן. ער האט ניט א ריר געטאָן ניט מיטן קאָפּ, ניט מיט די

חענט, און אפילע די אויגן זיינען בא אים געווען גלעזערנע—אויגן פון וואַק־סענע פיגורן פון אַ פּאַנאָפּטיקום: אַלץ נאָכגעמאַכט ווי בא לעבעדיקע, און אַליין איז ער ווי א מאַנעקען.

— הער נאָר, שראם: וואָס קען פאַרנעמען דער ראַטפּאָלקווירט, אויב די טעג וועט געשטעלט ווערן די פראַגע וועגן טיילווייזן לאָזן דעם צעמענט־זאַוואָד?

שראם האט ווי ניט געהערט דעם פאָרזיצער פון אויספּירקאָם. אף זיין געזיכט האָט קיין איין מוסקל ניט אויפגעציטערט, און אז ער האָט שוין יאָ זיינס געזאָגט, האבן זיך זיינע ליפּן קימאַט ווי ניט באַוועגט. אף באדינס פראַגע האָט ער ניט געענטפערט, נאָר מיט דער בוילעטקייט פון אן אָפיציעלן ראַפּאָרט, לאַנגזאַם, ניט איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט ער אָפּגעקנאַקט מיט אַ גראַמאפאָן-שטים אָט וואָס:

— דער ראַטפּאָלקווירט האָט פאַר דערדאָזיקער צייט דורכגעפירט א ריזיקע ארבעט: ער האָט דיסקאָנטירט און פאַרהיט דאָס מעלוכישע אייגנטום—פון די קאָמפּליצירטע מאשינעס און ביז אַן אַלטער פּאָדקאווע. מיר דערלויבן ניט פארנוצן קיין איין משוואָק פון די לאַגערן און מיר רייבן ניט די מאַשינעס, ניט געקוקט אף די בערג פראָעקטן און פאָרשלאַגן, וואָס קומען אָן פון פאַרשיידענע אנשטאַלטן און פריוואַטע פּערזאָנען.

— דאָס אלץ איז גוט און וואויל. נאָר איצט וועט אויסקומען דעם ראַטפּאָלקווירט צו ווערן פון א שפּאָרזאַמען שוימער א גוטער אונטערנעמער. דיין אפּאַראַט שטייט פאַר זיך נעמען פאר אַן ארבעט אף אַ שלאַג-אויפן.

דער פּאָנים באַם ראַטפּאָלקווירט-פאָרזיצער איז געבליבן ווי פריער אן אויסגעלאָשענער, אומענטשלעך אָנגעשטרענגט און שלאַבעריק ווי בא אַ סאָרים.

— דער ראַטפּאָלקווירט באַקומט אַלערליי אויפגאַבן און פלעגער נאָר פון דער אינדוסטרביוראָ.

דער אויספּירקאָם-פאָרזיצער האט מיט זיין כמורנעם און האַרטן בליק איבער אים א גליטש געטאָן און מיט זיין גאַנצער וואָג אַפּן טיש זיך ארויפ-געוואַלגערט.

— דו באַהאַלטסט זיך הינטער די פּלייצעס פון דער אינדוסטרביוראָ, קעדיי דער ראַטפּאָלקווירט זאָל בא דיר ניט אַרבעטן. צי ווייסטו אָבער, וואָס בא דיר טוט זיך אף ביירע שטאָקן? פון די געשריבענע באריכטן דיינע זעט זיך אָן, אז דו האָסט פאַנאַנדערגעוויקלט דיין אַרבעט לויט דער ליניע פון דיסקאָנט און איבערדיסקאָנט. דו האָסט דאָרטן אַ טהאָם מיט אָפּטיילן, און שטאַטן—ביז 200 מאַן, און שעפערישע ארבעט איז קיין טראָפּן ניטאָ. וואָס פאַר אויסזיכטן האָט דער ראַטפּאָלקווירט אַף דער נאָענטער צוקונפט וועגן די וואַרשטאַטן, זאַוואָדן און אונטערנעמונגען?

— דער ראַטפּאָלקווירט שטייט אַף דעם שטאַנדפּונקט, אז קוידעמקאָל דאַרף מען פארהיטן דאס פאָלק-אייגנטום, און ניט דערלאָזן קיין שום צווייפל-האַפטע אונטערנעמונגען.

— ווי אַרבעט באַ דיר דער ראַי־וואַלד?

— דאָס גייט מיך ניט אָן, אָדער, ריכטיקער, דאָס האָט צו מיר אָן אום־דירעקטע שאַיכעס. זיי האבן זיך זייער אפאראט, וועלכער געפינט זיך בלויז אונטער מיין קאָנטראָל.

— וואָס זשע פאַר יעדיעס האָסטו וועגן דער אַרבעט פון ראַי־וואַלד?

— עס גייען פלאַנירטע פארגרייטונגען אין די דעליאַנקעס.

— און דאָס צושטעלן דאָס הייצוואַרג אַף די ערטער?

— דער ראַטפּאָלקווירט האָט דאָ גאָרניט צו טאָן: דאָס איז די אַרבעט פון קאָנטהייק *).

— איז אָט וואָס פאַר אַ מאַיסע, שראם. די שטאָט, די פארשטאָט און דער טראַנספּאָרט מוזן אָנגעזעטיקט ווערן מיט הייצוואַרג נאָך ביז ווינטער. עס מוז גלייך געלאָזט ווערן די עלעקטראָסטאַנציע פונם זאַוואָד, און עס דאַרף אויסגעבויט ווערן דער ברעמסבערג ביז צום עק וועג איבערן באַרג. דער ראַט־פּאָלקווירט דאַרף דרינגענד אויספילן דידאָזיקע אויפגאַבע, באַנוצנדיק זיך מיט דער מעכאַנישער קראַפט פונם זאַוואָד.

— דאָס איז ניט מיין זאַך, דאָס איז די זאַך פון דער אינדוסטרביוראָ. די אינדוסטרביוראָ וועט באפוילן, וועלן מיר צוטרעטן צו דער אַרבעט.

— דאָס איז אונזער זאך, און ניט די זאַך פון דער אינדוסטרביוראָ, און מיר וועלן דידאָזיקע זאַך אָפּטאָן אָן דער סאַנקציע פון דער אינדוסטרביוראָ.

צום ערשטן מאָל איז איבער שראמס געזיכט ווי אַ לייכטער שאָטן דורכ־געלאָפן א קרענקלעכע קאָנוואולסיע. אָבער די אויגן זיינען ווי פריער געבליבן גלעזערנע און ניט פינקלדיקע.

— וואָס פאַר אָרדערס אַף פליסיק הייצוואַרג קומט אויס אַפן כיילעק פונם זאַוואָד?

— די אָרדערס קומען אָן ניט פּינקטלעך. לויט די באַריכט־ציפערן ווערט דרייסיק פּראָצענט אויסגערונען. פון די זאַיואָד־פארגרייטן לויט די אָרדערס, פון דעם, וואָס עס געפינט זיך אין די רעזערוואַרן, קומט אויס, מיט דער דערלויבעניש פון דער אינדוסטרביוראָ, אוועקצוגעבן א געוויסן טייל די דאַמף־מילן אַלס הויסאָפּע צו זייערע נאָרמעס. וואָס איז שאַיעך דאָס עלעקטריפיצירן דעם זאַוואָד און אויפשטעלן דעם ברעמסבערג, גייט דאָס ניט אַריין אין דעם פּלאַן פון היינטיק יאָר, וועלכער איז באשטעטיקט פון דער אינדוסטרביוראָ. דידאָזיקע פראַגע דאַרף מען קוידעמקאָל איבערגעבן אין מעלוכעבוי און אין דעם אינדוסטריע־אָפּטייל אַף פּאַנאַנדעראַרבעטן זי און צונויפשטעלן די געהע־ריקע סמעטעס. דערביי וועל איך אַנטשיידן דערווידערן קעגן דעמדאָזיקן פּראָ־עקט, וועלכער פירט צום אויסברענגען און פאַרשווענדן פאָלקס־געלט און פאָלקס־גוטס.

באַם אויספירקאָם־פּאָרזיצער האָבן פייערדיקע טראָפּנדלעך אויפגעפינקלט אין די אויגן.

*) „קראַיטאָפּ".

— דו ווערסט ניט דערווידערן: מיר וועלן קענען דיך צווינגען — זיי עס וויסן, אַף דער נאָענטסטער זיצונג פון עקאָנאָם.ראַט איז דיין באַריכט. און איצט—א פראַגע: צי איז דיר באַוואוסט, אז דאָס פאָלקס-גוטס, וואָס דו היטסט אַזוי אָפּ, ווערט אָפּן צעראַבעוועט?

שראמס געזיכט האָט זיך מיט בלוט אָנגעגאָסן, און די אויגן האָבן מיט מוטנעם טונקל זיך באַדעקט.

— דאָס איז מיר ניט באַוואוסט. לויט די רעזולטאטן פונם איבערדיס-קאָנט איז אַלץ פאַראַן אפּן אָרט.

באדין האָט אַ שמייכל געטאָן צו אים פונקט אזוי, ווי ער האָט גע-שמייכלט צום פאָרזיצער פונם וואָלאויספירקאָם באַרשטשי.

— יאָ, דו ביסט גערעכט: דאָס איז דערפאַר, ווייל דער ראַטפּאָלקווירט שטייט אָפּן שטאַנדפונקט פון פאָרמאַלן אָפּהיטן דאָס פאָלקס-פאַרמעגן.

שראם האָט מיט פאַכעד געקוקט אַף באַדינען און האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט באַזינען, וואָס עס האָט אים געזאָגט דער אויספירקאָם-פאָרזיצער. גליעב האָט אַרויסגעקלאַפּט אין אַש-קעסטל אריין דעם אַש פון דער פּיפּקע. דער ערשטער קנופּ, אַ קליין קניפּל, איז שוין פאַרקניפּלט. אַנדערע קניפּלעך וואַרטן אין דער ריי. ער האט זיך אויפגעהויבן און דערלאַנגט באַדינען א האַנט. ער האָט אין זיינע אויגן באגעגנט א שמייכל, אָבער דערדאָזיקער שמייכל איז געווען אָן פונקען.

— כאוועור אויספירקאם-פּאָרזיצער, די קישקעס וועלן מיר צערייסן, די ביינער צעברעכן, און אונזער זאַך וועלן מיר אָפּטאָן.

— טוט, כאוועור טשומאלאָוו. און די פראגע וועגן לאָזן דעם זאַוואָד וועלן מיר באהאַנדלען אין דער געהעריקער צוקונפט.

גליעב איז אָפּן מיליטערישן שטייגער געבליבן שטיין פאַר שראמען.

— אָט דידאָזיקע אינדוסטרביוראָ אייערע שיק איך צום טייוול אָפּן קארק. מיר קענען גוט פעדערן פליקן. דעם גאנצן ראַטפּאָלקווירט צוזאַמען מיט אייך וועלן מיר שיקן אָפּטרעטן רייניקן. פארשלעפּעניש און שימל פרוכפּערן זיך אין זומפּ, אין זומפּן וועלן מיר אויך קענען אויסטריקענען.

דער פאָרזיצער פון ראַטפּאָלקווירט האָט א קוק געטאָן אף אים מיט פארוואונדערונג. דאָס בלוט איז אים פון פּאָנים אָפּגעלאָפן, און די מוטנעקייט אין די אויגן איז צערונען געוואָרן. דאָס פּאָנים איז ווידער געוואָרן אומענטש-לעך אָנגעשטרענגט און רואיק-צעקראָכן.

— איך בעט אָן סטראשונקעס, כאַוועור. מיר נעמען ניט אָן קיין שום פּראָעקטן, וואָס קומען פון דער זייט. און די פּראָעקטן, וואָס קומען יאָ אָן צו אונז, היטן מיר פאר דער געשיכטע אָן באהאנדלונג. מיר זיינען סאָנים פון אַלערליי מינים צווייפלהאפטע אונטערנעמונגען און פלענער. מע דאַרף אָפּ-נעמען בא אונזערע כאַווירים דעם כיישעק צו אַלערליי נייע אוואַנטיורעס, און דאָס וועט זיין א זיכערע גאראַנטיע קעגן פארשיידנערליי דעזאָרגאניזאטארי-שע כאלוימעס.

גליעב האט זיך צעלאַכט. ער האט אַריינגערוקט די פּיפּקע אין מויל, אַ קוק געטאָן אַף באַדינען און ווידער געכאַפּט דעם שמייכל זיינעם, א באַהאַל־טענעם אין דער טיף פון זיינע אויגן.

— אונזערע באָטן שמעקן מיט שטויב, כאַווער ראַטפּאָלקווירט־פּאָרזיצער, און אַף די אָפּצאַסן זייערע האָבן זיי אייזערנע טשוועקעס. און די הענט אונזע־רע זיינען באַקאַנט מיט דער ביקס און מיטן האַמער. אַלס קאָמוניסט, דאַרפט איר דאָס פילן. איר זייט אַ קאָמוניסט, און קיין אַרבעטער־פּאָליטיק פאַרמאָגט איר ניט. איר האָט ניט געשמעקט ניט קיין פּולווער, ניט קיין אַרבעטער־שווייס. איך שפּיי אַף אייער מאַשין... בא אייך איז דאָרטן גאַנצע פּאָלקן שטשורעס. זיי האָבן זיך גוט אויסגעשאַרפט די ציינדלעך אַף אומזיסטיקן סאָוועטישן ברויט. בא אייך איז — שטיל און גלאַט, אַלץ אַף דער רעגע אויסגערעכנט, לויט די רעדלעך און צייכענונגען, און מיר האָבן זיך אויסגעלערנט שמעקן און דעקן ווי גוטע יאַגד־היגט.

בא שראַמען האָבן די אויגן ווידער מיט טונקלקייט זיך אָנגעגאָסן, און ער האָט זיך איבערגעבראָכן אין דער פּלייצע:

— כאַווער באַדין, איך פאָדער...

נאָר גליעב האָט שוין ניט געהערט — געשפּאַנט דורך די פייערדיקע זו־נען־פּאַסמעס צו דער טיר.

צו טשיביסן! קיינער איז איצט אַזוי ניט נויטיק, ווי דער כאַווער טשיביס.

2

# אויגן, וואָס זעען באַנאַכט.

אין קליינעם קאַבינעט מיטן אָפענעם פענסטער (דאָס געדיכטע ליכט האָט ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן זיך אין די ענגע ווענט פונעם צימער) האָבן טשיביס און גליעב זיך אַנידערגעזעצט בא אַ שווערער ביוראָ. טשיביס האָט עפּעס ווי יאָ געשמייכלט און ניט געשמייכלט — דאָס פּאָנים איז בא אים געווען, ווי אונטער אַ הייטל. דאַכט זיך אַן אָפענער, מיט שזיפעריי אין די ברעמען: אָט־אָט וועט ער זיך באַלד פאַרגיין אין אַ געלעכטער. און אָט — דאַכט זיך אַ כיטרער, אַף שטענדיק אין זיך פאַרשלאָסענער מענטש. עס צאַפּלט, עס שפּינ־וועבסט זיך די פרייד בא אים, עס וועבן זיך און ווערן צערונען די קנייטשע־לעך ארום די אויגן.

— דו קאָנסט, כאַווער טשומאַלאַוו, גלייך צוטרעטן צום איניען, אויב דער איניען איז אַ דרינגענדיקער, און דו קאָנסט אויך אַביסל שפּעטער. איך האָב איצט גראַד אַ פרייע מינוט. קאָנסט ריידן, וואָס דו ווילסט. האָסט אַ נישקאָשעדיק שטיקל אַרבעט מיטן זאַוואָד?

— דערווייל אַרבעטן מיר נאָר מיט מויעך. ביז צו עפּעס איז נאָך ווייט. מיר שלאָגן דערווייל בלויז מיט רייסן דעם גאָרגל.

טשיביס האָט ניט געהערט און געשטשורעט די אויגן אַנטקעגן דער פלאַמענדיקער לופט.

— איך קוק אט אַפן יאַם. פון דאנען איז ער, ווי אַ זייפן־בלאז: הוי־קערט זיך, און עפּעס פאַרבן, עפּעס אַזעלכע—דו זעסט? ס'איז ניט קיין איינ־ריידעניש און ניט קיין כאָלעם. עס ווילט זיך אַ באָד טאָן אָדער גלאט אזוי זיין אַביסל אַפן ברעג. אַזוי—גלאט: ארויסשפּרינגען אין אנדער אויסמעסטונג און, ווי אן איינענירע*), שטיינדלעך אַביסל ווארפן. אין וואַלד איז אויך גוט. דער יאַם... דו זעסט, ווי ער בלעזלט זיך און בליט. איך בין דאָ, ער — דאָרטן. בא מיר איז שוין אף אייביק אזוי. דו פאַרשטייסט, וואָס דאָס באַ־טייט: אַף אייביק?... דאָס שמעקט אַביסעלע מיט פּסיכאָלאָגיע. ווי האלסטו פון פּסיכאָלאָגיע?

— אָט אַהין, צום טייוול!... נו, געפּאַטערט אַ מינוט און פאַרפאַלן. וואָס פאַר מאַיסעס?...

ניט קיין שמייכל, נאָר שטויב האָט זיך בא טשיביסן אַפן פּאָנים באַוויזן. ער האָט אויפגעהויבן די וויעס און דער שטויב איז אַראָפּגעבלאָזן געוואָרן פון פּאָנים. און עפּעס ווי נאָענט, אויג אין אויג, האָט ער געקוקט אף גליעבן פון אינעווייניק מיט אַ לויטערן קינדערשן בליק. צי עס האָט זיך בלויז אויסגע־וויזן גליעבן, אָדער טשיביס האָט זיך טאקע פאַרגעסן, נאָר זיינע שווארצ־אפּלען האָבן אַ גלאנץ געטאָן מיט אַ טרער, ווי בא אַ קינד, און הינטער די קינדערשע טראָפּנדלעך — אַ שוואַרץ פּינטעלע, וואָס עס איז ניט צו כאַפּן. עס האָט זיך געווארפן, געשפּילט, געשפּרונגען, אריין אין דעם טרער־טראָפּנדל און אַרויס צוריק, אין דער טיף, עס איז פאַרשוואונדן געוואָרן און ווידער זיך באַ־וויזן און ווידער געשפּילט. און גליעב האָט ניט געקאָנט זיך קלאָר מאַכן, פאַרוואָס בייסט דאָס פּינטעלע אזוי ווייטיקדיק דאָס האַרץ. און ער האָט דער־פילט, אז אין אָט דעם סאמע פּינטעלע טאנצט ארום טשיביסעס אַ באַזונדערער אייגענער שעד, באזונדערע אויגן. צי ניט דערפאַר אמאָל באהאלט טשיביס די אויגן אונטער דעם וויעס־הייטל, קעדיי ניט ער, גליעב, ניט אנדערע זאָלן ניט דערזעען דעמדאָזיקן שעד?

גליעב האָט אַ פּאכע געטאָן מיט די ברעמען און געוואַרט, וואָס וועט טשיביס זאָגן.

טראָפּנדלעך קינדערשע טרערן, און הינטער די טראָפּנדלעך — אַ זיך ווארפנדיקער שעד. אזעלכע אויגן שלאָפן ניט באנאכט, זיי זעען דורך די ווענט, און די ווענט לייכטן פאַר זיי מיט אַן אנדער ליכט. טשיביס פאַרמאָגט נאָר זיינע אייגענע ווערטער, אַזעלכע, וואָס וועלן קיינמאָל ניט אַרויסגעזאָגט ווערן: אלס נאַכט־בילדער גריבלען זיי זיך אין די מארך־צעלן. ער רעדט מיט פרעמדע, אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, און זיי שמעלצן זיך בא אים אין אַ קינדערשן שמייכל.

— כאוועך טשיביס, איך ווייס ניט, וואָס פאַר ווערטער פאַרמאָגסטו, נאָר דידאָזיקע קאנאליע ראטפּאָלקווירט בעט זיך געשיקט צו ווערן קאפּאקאַל.

*) „אינו נראה"—אומזיכטבארער (невидимка). איבערז.

— אָט. און ראַיוואַלד בעט זיך אויך... און אויסערהאנדל. און נאָך, און נאָך...

— מע קאָן דען ניט נעמען אפן צימבל דעם גאנצן אויספירקאָם?

— אט. דער ראטפאלקווירט—דאָס איז אַ נעסט, וועלכע עס איז שווער צו נעמען מיט בלויזע הענט. דו וועסט פלאַצן, ווי אַ פערד, מיט דיינע זאַוואָדן און ברעמסבערגן. דאָ באַדארף מען שלאָגן פעסט און אף זיכער.

— וואָס זאָגסטו עפּעס וועגן דעם ראטפאלקווירט-פאָרזיצער, כאווער טשיביס? איך האָב אים נאָר וואָס געדעקט באַם אויספירקאָם-פאָרזיצער, נאָר דורך דערדאָזיקער צילבר'עט האָב איך געטראָפן אין דער אינדוסטרביוראָ.

טשיביס האָט ווידער לאנג געקוקט אפן יאַם און אף די בערג, אף די וואָלקנס, וואָס זיינען אין דער בלוי, ווי שניי-הויפנס, אַרומגעשוואומען, און אפן פּאָנים זיינעם האָט זיך ווידער געוועבט און ווי שפּינוועבס געריסן זיך דער קינדערשער שמייכל.

— דו האָסט אַמאָל געזעען, טשומאלאוו, מענטשן, וועלכע מע דער-שיסט?

— יאָ, אף דער מילכאָמע. לעכאַטכילע האָט עס מיט מיר געוואָרפן: ווען דו דערמאָנסט זיך, ווי די אויגן פלעגן באַ זיי שפּרינגען, קוועטשט עס באַ דיר אינעווייניק, ווי באַ אַ הונט...

— אט. טאקע, די אויגן שפּרינגען, און דער קערפּער איז טויט און זייער שמוציק. אַזעלכע שטארבן שווייגנדיק, נאָך לעבעדיקערהייט. וועמען לייגסטו פאָר אַלס יעגער נאָכן ראטפאלקווירט און ראיוואלד. נעם זיך אין אכט, אז די סאמע קליגסטע און פּינקטלעכסטע טוער זיינען די נאראנים. זיי קאָנען זעען און נעמען...

דאָס העמדל האָט זיך אָנגעצויגן באַ גליעבן אף דער ברוסט און גע-שטערט אים אטעמען. ער האָט זיך אויפגעהויבן און זיך געוואָרגן פון גע-לעכטער. דערנאָך ווידער זיך געזעצט און אנידערגעלייגט דעם פויסט אפן טיש פאַר טשיביסן.

— ביסט ווערט אוילאם אומלויע, כאווער טשיביס...

נאָר טשיביס האָט ווידער אַ קוק געטאָן אף אים דורך דעם וויעס-הייטל און ווידער געוואָרן אַ פאַרשלאָסענער און ווייטער.

— שראם איז אַ שטייפער קאָמוניסט, און פאַר זיין אַפּאַראַט קאָן ער שטארבן, ווי אַ שייט האָלץ. דאָס איז אַ קאָמוניסט, וועלכן מע האָט אויסגעע-טרייבערט, און פונם קערפּער געמאַכט אַ גוילאם און אַ מאנעקען, פאַר וועלכן עס האָבן קיין מוירע ניט אַפילע די שפּערעלעך. אַ מאנעקען איז פאַראַקשנט און ריין פון פעלערן. דער מאנעקען איז דער אידעאל, און אין זיינע טראנ-טעס ליגן פאַרשטעקט פאַרשיידענע מיעסקייטן. נאראנים זיינען בעסער, ווייל זיי קענען אויפבויען ריין וואסער... דו ווייסט, וואָס איז אזוינס נויטווענדי-קייט, טשומאלאוו? פילן דאָס איז איינס, און וויסן איז עפּעס אַנדערש. לאָז ניט די נויטווענדיקייט פאַרוואנדלען זיך אין אַ פעטיש. פאַרשטיי, ווי צו פאַר-

וואַנדלען די נויטווענדיקייט אין אַן אייגענעם געדאַנק, וועלן דיך די נעכט ניט שרעקן מיט זייערע געשפּענסטער...

מיט אַן אומקלאָרן אומרו האָט גליעב געקוקט אף טשיביסן, און אים האָט זיך געדוכט, אז טשיביסעס קאָפּ וואקסט, ווערט צעשפּאַרט, און די ביינער קנאַקן אונטער דעם דראַנג פון דעם מאַרך, און די הענט האָבן ניט וואו אַהינ־צוטאָן זיך אַפן טיש און וויקלען זיך ווי שלאַנגען.

— כאַווער טשיביס, וואָס ווערסטו דערווידערן קעגן זשוקן? ווי מיינסטו, ער איז אַ שלעכטער נאַר?

— אַט. מיר האָבן זיך דערעדט ביזן סאָף. שיק אים מאָרגן צו מיר. מיר וועלן אים שיקן אף ארומלויפן אין ראַטספּאלקווירט און ראַיוואַלד. נו, גיי... נעם דיך אַ שטענדיקע דורכגאַנג־שיין.

און האָט זיך אָפּגעקערט פון אים, ניט דערלאַנגענדיק קיין האַנט. אַ קוועטש געטאָן אין ביישטידל אַ קנעפּל פון עלעקטרישן גלעקל. באַ דער טיר האָט גליעב זיך אומגעקוקט און ווידער באַגעגנט אַ פרעמד פּאַנים. ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס וויכטיקס, און בעשום אויפן ניט געקאָנט דערמאָנען זיך, וואָס צו זאָגן.

— כאַווער טשיביס, דו האָסט געזען לענינען?

— ס'איז אַלצייינס... יאָ געזען... ניט געזען...

גליעב האָט אַ שמייכל געטאָן און אומטרוילעך אַ צופּ געטאָן מיטן העלם.

— דו לייגסט, כאַווער טשיביס, האָסט געזען לענינען...

---

VII

# דאָס פּאָטער-הויז

1

## דער ביכער־וואָרים.

אַף א גראָען געזימס, איבער דריי אפּגעקראכענע און צעפּלאַצטע קאָלאָנעס, זיינען בוילעט געווען אויסגעשניטן די שטיינערנע ווערטער: „פּאָלקס־הויז". און הינטער די קאָלאָנעס, אין דער טיף, אין וועסטיביול, אַף א ריזיקער דעמבענער טיר אין שפּאַלטן האָט זיך ווי א רעליעפער קוואדראט געוויסט א פּאַפּיר. סערגיי איז ארויף אַף די אויסגעשטשערבעטע טרעפּ און קורצזיכטיק ארייגעשטעקט די נאָז אין דעם פֿאַרשריבענעם פּאַפּיר, וואָס איז געהאנגען אַף דער טיר. דעם טאַטנס קסאוו... עפּעס אלטס און זייער יונגס אין אויסטערלישן געפלעכט האָט צו אים אראָפּגעשמייכלט פון די אויסיעס. טיף, ווי אן אומקלארער זיפץ, איז דורכן האַרץ אדורך א כוואליע אומעטיקן ניגן וועגן דער קינדהייט. שנייווייס בליענדיקער מאַנדל אונטער די פענסטער, אין סאָד, א בלייכע שווייגנדיקע מאַמע, וואָס קושט אים און מעסט אים אָן א ניי העמדל... דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק און עס זעט אויס ווי נעפּלדיקע בילדער פון א כאלעם. לאנג שוין ניט געזעען דעם פּאָטער — פון יענער צייט אָן, זינט ער איז אוועק פון דער היים אַף שטענדיק.

די ביבליאָטעקארין ווערע, זיין געוועזענע שילערין, א שטענדיק פאַרוואונדערטע און פאַרלאָרענע, האָט אים געפונען אין שטאָט (נאָר זי אַליין קאָן אים געפינען). קיינמאָל האָט זי ניט פארשטאַנען, ווי מיט אים צו ריידן, און מיט די אויגן און מיטן נערוועזן ציטער אירן האָט זי נאָר געוואָרט פון אים אַף ווערטער. ווי שטענדיק, האָט זי אויך איצט געקאָנט בלויז ארויסשטאַמלען:

— דאָס זייט איר?... איך, סערגיי איוואניטש... איך האָב געזוכט...

און אין די הענט באַ איר האָט, ווי א פויגעלע, א שטיקל פּאַפּיר זיך געצאַפּלט.

— איר קומט פונם פּאָטער, ווערעלע?

— איוואן ארסעניטש... יא, יא... ווען איר זאָלט נאָר וויסן...

און זי האָט געשמייכלט און ניט אראָפּגענומען פון אים אירע קיילעכ-דיקע אויגן, וואָס האָבן געשיינט מיט פארוואונדערונג.

— איר זייט נאָך אלץ אין ביבליאָטעק, ווערעלע? אייך האָט נאָך ניט דערעסן מיין טאַטע מיט זיינע פלאפלערייען וועגן פאַרשיידענע טיפע פוסטע זאַכן?

און זי האָט אים גאָרניט ניט געקאָנט ענטפערן, און בלויז געשטראַמט אַף אים מיט א פאַרוואונדערטן שמייכל.

אין דעם זקייניש‍ן, קינדערשן קסאוו פון זיין טאַטן האָט ער איבער-געלייענט:

„זון מיינער, ווען כ׳גיב א טראכט, אז דער זיין ווערט באַשטימט פונם באוואוסטזיין, איז עס א גרויסער ניצאָכן פון מיין אומשטערבלעכן געדאַנק אי-בער די קאפריזן פונם ווערן. אָבער ווען איך דערפיל דעם פרימאט *) פונם זיין איבערן באוואוסטזיין,—ווערט נישטיק אין זיין גרויסן זיך דער מענטש. פאַרוואָס דאָס איז אזוי, וועסטו זיך דערוויסן, ווען דו וועסט געפינען אין זיך מוט אריינצוגיין צו מיר אין ביכער־טעמפל: איך וויל דיך זען צוליב אום-שטענדן נישטיקע און דערפאַר טאַקע שוידערלעכע (דאָס נישטיקע איז שטענ-דיק שוידערלעך), איך זיץ אין שטיבל, צווישן ביכער (זיי באַוועגן זיך, ווי פרייסן), שמייכל און לייען מארק אורעליען.

דער ביכער-ווארים און, לויטן ווילן פונם צופאַל,—דיין פאָטער".

און ווען סערגיי האָט געלייענט דאָסדאָזיקע צעטל, האָט ער אליין אויך געשמייכלט מיט א צערטלדיקן שמייכל.

ער איז געגאנגען אין ביבליאָטעק מיט אן אומרו און מיט א מעטוש-טעשן פארגעפיל. ער האָט געזעען דעם פאָטערס קאָפּ, אויך מיט א פליך, ווי באַ אים, מיט אַשיקע האָר אין זייער שיינער אויפגעווייטקייט פון ווינט, און דאָס בערדל, וואָס איז פאָרויס ארויסגעשטאַרצט אונטער א גראַדן ווינקל צום קין. עפּעס קינדערשעס איז געווען אין זיין קאָפּ, און עפּעס צעקראָכנס און אום-רואיקס אין דער ניט אָרויסגעזאָגטער קלוגשאפט זיינער.

דורכן קילן ביינאַשמאשעסדיקן וועסטיביול, וואו עס האָט ביז צום פאר-טשאדעט ווערן געשטונקען מיט שטשורעס, האָט סערגיי אין דער אפענער העלפט פון דער טיר דערזעען אַן אומגעהויערע פוסטקייט אין שטויביקער האַלבשיין מיט ווייטע רייען ביכער אַף די פּאָליצעס און האָט געהערט דאָס ברומענדיקע ווינטלען פון שוואך פינקלדיקע רירן.

אין דעמדאָזיקן זאַל איז אמאָל געווען א קינעמאטאגראף, און דער דיל איז געלעגן אביסל מעשופּע. אפן גאַנצן זאל זיינען געווען בלויז צוויי שמאָלע און לאנגע פענסטער. דערפון האָט זיך געגומען די שמוציקע האלבשיין, ווי אין א שטאל אָדער א טעמפל. און די שטילקייט איז דאָ אויך געווען א טעמפל-דיקע, אַן אוראלטע, אן אָנגעזעטיקטע מיט פוילעניש. און קיין ווענט זיינען

*) די בכוירע, די אויבערהאנט. איבערז.

ניט געווען—בלויז ביכער פונם באלקן ביון דיל אין שטראָמענדיקע פּאַראַלעלע רייען. צו וואָס אזויפיל ביכער? קאָן דען א מענטש זיי איבערלייענען אין דער קורצער ווײַלע פון זיין באַוואוסטזיניקן לעבן? צי ניט דערפאַר אמאָל שטייען זיי אזוי האַרט צונויפגעקוועטשט אין די פּאָליצעס, ווייל דער מענטש האָט זיך דערשראָקן פאַר זייער צאָל, וואָס דראט אויפצופרעסן זיין לעבן, וואָס איז אזוי לאהעט נאָך זון?

ווערעלע האָט אַרויסגעקוקט פון הינטער דעם באַרג ביכער אף דער קאנטארקע און האָט געשמייכלט מיט איר פארוואונדערטן שמייכל.

— סערגיי איוואניטש... טאַקע?.. איוואן ארסעניטש... אט באלד...

אין מיטן צימער איז געשטאַנען ווי אן אָרנקוידעש א פיל-שטאָקיקע פּאָליצע מיט ביכער, און נעבן איר האָט זיך געדרויכערט מיט די גראָע האָר דער פאָטער אין א לײַנענער בלוזע, געקוקט אף אים פונדערווייטנס און באַוועגט מיט די ברעמען. און ווען סערגיי איז צו אים געגאַנגען איבערן מעשו-פעדיקן דיל, איינהאַלטנדיק דעם יאָגנדיקן טראָט, האָט ער דערזעען, אַז דער פאָטער איז באָרוועס און די פיס זיינען בא אים צעקאַליעטשעט פון ביילן, באַדעקט מיט שטויב און קרעץ.

— האָסט ליב, האָסט מיך ליב—איך זע... קום אַהער צו מיר אַף דער בימע און זעץ זיך צו. אזעלכע אויגן זיינען באַ דיר געווען אויך אין דער קינדהייט—ווי מיט א דיבעק אין זיי...

ער האָט גערעדט און געשמייכלט מיט א שעמעוודיקן פליסטער. און די אויגן האָבן געקוקט שטאר, שארף, מיט אַן אומרואיקער פראַגע.

— ווייסט, וואָס הייסט האָבן א דיבעק, סעריאזשע? דאָס איז סטאָאי-ציזם, דאָס הייסט אָן א שיר נייגיר צום לעבן. אזעלכע מענטשן ליידן דערפון, וואָס עס איז פאַראַן אַף דער וועלט איין טרויעריקע נויטווענדיקייט—דער שלאָף.

סערגיי האָט געשמייכלט פון דעם פאָטערס פרײַנטלעכע ווערטער, און, ווי שטענדיק פון קומען אין באריר מיט אים, האָט ער זיך געפילט פריידיק-באפליגלט, און אים, דעם טאטן—א ריזיקן און רעטעניש דיק-נאָענטן.

דער פאָטער האָט שטיל געשמייכלט און אלץ געקוקט אַף סערגייען מיט אַן אויפגערודערטער פראַגע, מיט נייגיר פון א מענטשן, וואס קאנטראלירט א געלייזטע אויפגאַבע. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער געצופּט דאָס בערדל צום מויל און מילד געכויזעקט. סערגיי האָט געזען, אז ער וויל אים אי-בערגעבן עפּעס וויכטיקס און פיינלעכס.

— דיר איז ניט שוידערלעך אין דעמדאָזיקן קייוועד, טאַטע?

— דער גורל פון יעדן בוך, סעריאזשע, איז זיין א טפיסע פאַרן גע-דאַנק. יעדער בוך, דאָס איז—א וואַרג-שלייף פאַר דער מענטשלעכער פריי-הייט. איא, דידאָזיקע אלע פּאָליצעס זיינען ענלעך אַף אייזערנע גראטן? שטרעבנדיק צו אומשטערבלעכקייט, שאַפט דער מענטשלעכער סייכל דעם בוך—א שטיין אף זיין קייווער. א פאטאלע באשערטקייט, סעריאזשע: דער מענטש—דאָס איז א פערמאנענטער בונט, און בונט—דאָס איז א שפרונג פון

אין טפּיסע אין דער צווייטער: פון דער מאַמעס בוי אין בויך פון דער געזעלשאַפט, אין די קייטן פון אבליגאטאָרישע רעגלאמענטאציעס, און פון דאָרטן —אין קייווער אריין. מארק אוורעלי איז געווען גאָר ניט קיין נאַרישער פויער: ער האָט זיך געקליגט צו פילן זיך פריי, קלינגענדיק מיט די קייטן, ער האָט געהאַט גענוג כאָכמע אַף צו קענען זען דורך די ווענט פון דער פינסטערער געפענגעניש.

— און איך, טאַטע, האלט אזוי: די עמעסע פרייהייט איז נאָר אין שעפערישן צונויפגיסן דעם אייגענעם ווילן מיט דער דיאַלעקטיק פון דער נויטווענדיקייט. דער מענטש איז אומשטערבלעך אין דער דינאַמיק פונם שעפערישן קאָלעקטיוו.

דער פאָטער האָט שטאר א קוק געטאָן אף אים מיט א שטרענגן שמייכל פון אן אַלטן סקעפּטיקער.

— פאַרוואָס פרעגסטו ניט, וואָס מאַכט דיין מאַמע? ווי וועסטו זיך פילן, אויב זי וועט היינט שטאַרבן?

סערגיי האָט שווייגנדיק, מיט א קאָנוואולסיע אין פּאָנים, אריינגעקוקט דעם פאָטער אין די אויגן.

— זי האָלט זייער שמאָל? איך וואָלט זי וועלן זען, כאָטש אף א מינוט...

— זי גייט אויס פון שמאַכטנדיקער ליבע צו אירע קינדער... זי שטאַרבט, סעריאָזשע...

די ברעמען זיינע האָבן געציטערט פון שמייכל, און דערדאָזיקער שמייכל האָט געשטראָמט מיט אומעט.

— אָבער איך וועל ניט שטאַרבן, ניין — זיי רואיק. דאָס עמעסע לעבן, זון מיינער, איז אין פריי זיין פון אָפּהענגיקייט פון פרימאטן. ווייל די וועלט— דאָס איז ריינע רעלאַטיוויטעט, און דאָס עמעסע גליק איז אויפגעלייזט צו ווערן אין דער רעגע. ניט נאָר מאַרק אַוורעלי, נאָר אויך לוקרעצי קאָר אליין וואָלט מיך געקאָנט מאַכן פאַר זיין פריינט...

סערגייען איז געווען גוט — ס'איז רואיק און שטיל אף דער נעשאָמע. אין די איבעררייסן צווישן די אָנגעשטרענגטע און אויסמאַטערנדיקע טעג, וואָס פלעגן פאַרגיפטן מיט שלאָפלאָזיקייט זיינע נעכט, — וואָלט אזוי גוט געווען אָטאָדאָ, אין דעמדאָזיקן שטילשווייגן פון ביכער אויפגעלייזט צו ווערן אין אנטראַכטעניש אָדער מיט די אייגענע טראַכטענישן בלייבן כאָטש אף א שאָ איינגאַנצן איינער אליין. זיינע נעכט אין דעם קלייניקן צימערל אין דעם ראַטן-הויז זיינען פיינלעכע און קאָשמאַרנדיקע, פולע מיט קאָפּ-ווייטיק, ווייל ס'איז ניטאָ קיין שלאָף אין דעם ראטן-הויז, און אלע 24 שאָ זיינען פאַרטשאַדעטע פון טאבאק-רויך און טעלעפאָן-געקלאַנג, און יעדעס פעדימל פונם מאַרך איז איינגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער נעץ עלעקטרישע דראָטן פון דער רעפּובליק. עס איז ניטאָ קיין טאָג און נאַכט אין דעם ראַטן-הויז — פאַראַן א קליין צימערל, וואו עס פילט זיך פיינלעך דער ווייטיק פון פאַרמאַטערטקייט, פון מיען זיך, פון פאַרויסגעאָפּפערטקייט.

— מיין ליבער סעריאָזשע, דיין מוטער איז זייער קראַנק. גיי זיך דורך צו איר, יאָ, יאָ... אויב דו וועסט איר גאָרניט זאָגן, איז גיב כאָטש א קוק אף איר, ווי אמאָל — קינדווייז. דו וועסט איר ברענגען גרויס גליק.

סערגיי איז צעטראָגן געוואָרן, אין די אומדייטלעכע ווערטער דעם פאָטערס האָט ער דערפילט אַן אומדערטערגלעכן אומעט, און דעם פאָטערס אומעט האָט אָנגעזעטיקט זיינע ווערטער מיט א באַזונדערע באַדייטונג.

— קום, טאַטע: איך וויל זי גלייך זעען.

— יאָ, יאָ, סעריאָזשע... דו האָסט מיך זייער דערפרייט... זייער... נאָר אָט וואָס... אויב עס וועט דיך באַגעגענען דער ברודער דמיטרי, וואָס פאַר א אויגן און זשעסטן וועלן בא דיר דעמאָלט זיין? דיין ברודער... דו פרעג מיך ניט וועגן אים: איך האָב פאַר אים מוירע מער, ווי פאַר דיר. איבעריקס, האָב איך פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך קיין מוירע ניט, ווייל איך, מיין ליבער, בין אָנגעשטעקט מיט נייגיר. און דאָס איז, ווי דיר איז באַוואוסט, ניט מער ווי קלוגשאַפט. שוידער, סעריאָזשע, ליגט ניט אין טיפעניש, נאָר אין פּראָסטע עלעמענטן פון באַוועגונג — אין פאַרביילויפנדיקן בליק, אין זשעסט, אין געשריי... אין דעם, מיין פריינט, — שטעקט דער פיין פונם מענטשן... דערמיט איז ער פאַרשאָלטן...

2

## באַ דער מוטערס בעט.

דער פרוכטן-סאָד אונטערן פלויט איז געלעגן אין ברוינעם רויך: נאַקעטע סוקעס און הויפנס יונגע צווייגעלעך האָבן לופטיק און דורכזיכטיק געפלאָכטן זיך אין קנוילן. בלויז דער מאַנדל-בוים האָט געהעלט און געברענט מיט געדיכטע מענגעס ווייסע בליט. דעמדאָזיקן סאָד האָט פאַרפלאַנצט מיט זיינע אייגענע הענט זיין פאָטער און ער, סערגיי, ווען ער איז נאָך א אינגל געווען. ער איז געגאַנגען פארביי דעם פאַרקאַן, אריינגעקוקט אין די שפּאַרונעס און געזעען באַקאַנטע בוימער, פאַרלאָזטע שטעגעלעך און יענץ ביידל פון דינע ברעטלעך, מיט געלע צויטן ווילדן וויינטרויב ארומגעוואַקסן, וואָס ער אליין, סערגיי, האָט נאָך אלס גימנאַזיסט אויסגעבויט. און דאָס געמויערטע הויז מיט דעם אויבערשטיבל איז געווען נאָענט און ווייט, ווי די ערינערונגען פון קינדהייט.

— ווי לאַנג איז עס, ווי דו האָסט דאָ געלעבט און געוואַקסן, סעריאָזשע?.. דו דערקענסט דיין בוידעם?

דער אלטער האָט געלאַכט אלע ווייל, אָנגעכאַפּט און צוריק אָפּגעוואָרפן סערגייס האַנט, געשלעפּט די באָרוועסע פיס מיט די פאַרשמוציקטע וואונדן, און סערגיי האָט געזעען, אז דער פאָטער פרייט זיך מיט אים, איז גערירט און פאַרשעמט פון זיין פרייד. און דאָ האָט עפעס מיטאַמאָל סערגיי באַמערקט, ווי אומריין אָפּגעלאָזן עס איז געוואָרן דער פאָטער, און וואָס פאר א לויטערע און פאַרטיפטע פוסטקייט עס ליגט בא אים אין די אויגן.

— אייער רעוואָלוציע איז איינע פון די סאַמע פריילעכסטע רעוואָלו־ציעס אין דער געשיכטע, סעריאָזשע...

דער סאָד האָט ווי שפּינוועבס געפּינקלט פון זון און פאַרשיקערט זיך מיטן געווירצעדיקן גערוך פון דער פרילינג־ערד, פון אויפשוועלנדיקע קנאָספּן און פון שוועבנדיקער מאַנדל־בליאונג. אָט איז ער, יענער פענסטער אפן אוי־בערשטיבל, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיין קינדהייט און שול־יאָרן...

אין עק שטעגל, וואָס איז געווען פאַרשאָטן מיט פאַראיאָריקע בלעטער, אונטער דעם שניי־שיין פון מאַנדל־בוים איז געשטאַנען א הויכער איינהאַנטי־קער מענטש מיט א געגאָלטן קאָפּ. א ווייס העמדל, קאַזאַקישע שאַראָוואַרן און אָן אָפענע טונקעלע ברוסט. די ביינערדיקע אויגן־לעכער האָבן זיך גע־שניצט ווי גרויסע שוואַרצע פלעקן, און די צו לאַנגע נאָז איז ווי א שנאָבל אַראָפּגעהאַנגען איבער דער קליינער אויבערשטער ליפּ.

— איך פיל, טאַטע, אז די באַגעגעניש מיט דמיטרין וועט אונז קיין גוטס ניט ברענגען. מיר האָבן זיך אמאָל צעשיידט ווי פריינט, און איצט וועלן מיר מיסטאמע זיך באַגעגענען, ווי סאָנים.

דער איינהאַנטיקער האָט געקוקט אַף זיי פונדערווייטנס מיט אַ שאַרפן פויגל־בליק, און דער לאַנגער דאַרער פּאָנים זיינער האָט געשמייכלט מיט אַ שמייכל פון אַ שאַרבן. ער האָט באַגריסנד אַרויפגעוואָרפן אינדערהויך די איינ־ציקע רעכטע האַנט זיינע און אַ הילך געטאָן מיט אַ קאַוואַלעריע־נוסאַך:

— אהא, דעם ריטער פון דעם רויטן געשטאַלט אין דעם פרידלעכן גע־צעלט פון די עלטערן—מיין נעשאָמע און האַרץ... כאַ־כאַ, סעריאָזשע... כאַ־כאַ, ליבער פריינט...

ער איז ניט געגאַנגען סערגייען אַנטקעגן, נאָר איז מיט זיינע געלע געט־רעס האַרט און שטייף ווי אין דער ערד אַריינגעוואַקסן.

סערגיי האָט מיט זיין פרייער האַנט געענטפערט אַף זיין באַגריסונג און מיט אַ נערוון־ציטער און מיט אַ כשאַד אין די אויגן אויפגעהויבן זיך אַף די טרעפּ פונם גאַניק.

אין דעם קליינעם צימערל פון דער מוטער, ווי פריער אַ טונקעלן פון די אַראָפּגעלאָזענע ראָלעטן, אַ פאַרוואַלגערטן מיט קליידער, קאָמאָדן און קאַסטנס האָט געשמעקט אַלץ מיטן זעלבן, ווי אַמאָל, וואָרימען, דומפּיקן גערוך. אַפילו איצטער נאָך, איז ווען סערגיי פלעגט אַ טראַכט טאָן וועגן דער מוטער, פלעגט ער דעמדאָזיקן גערוך פילן ביז צום איבלען, ביז צו האַלוציינאַ־ציעס.

און ווען עס וואָלט ניט געווען דערדאָזיקער היימישער גערוך, וואָלט ניט געווען יענע שטילקייט, וואָס האָט אַזוי אפּגעזעצט געדרימלט אין די ווינק־לען פון די אַלטע ווענט, וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך די גאַנצע געשיכטע פון זיין לעבן. בלויז דאָס מעבל און די בעבעכעס זיינען אַנגעוואַלגערט גע־לעגן אין די ווינקלען אַדאַנק דעם אקערשט פאַרגעקומענעם געדיכטן באַזעץ אין די דירעס.

פון דער פוכקער ווייסקייט פונם קישן האָט געקוקט אַף סערגייען אַ פּאַרמעטענער שאַרבן מיט שוואַרצע צעפּלעך, צוגעקלעפּטע צו די באַקן־גריבּלעך. ער איז אַף די שפּיץ־פינגער, אין גויסעסדיקן האַלב־טונקל צוגעגאַנגען צום בעט, לאַנג איינגעקוקט זיך אין דער מוטערס פּאָנים אַריין, אַ פרעמדן, אַזעלכן, וועלכן ער האָט קיינמאָל פריער ניט געזען. ער האָט גענומען איר האַנט און דערפילט דעם סטרונע־צאַפּל, וואָס איז אַראָפּגערונען פון די ביינדלעך צו אים אין די מוסקולן אַריין.

און דידראָזיקע האַנט אין ליבע־צאַפּל, און דערדראָזיקער שאַרבן מיט די שוואַרצע צעפּלעך—דאָס איז פרעמד און נאָענט און אייגן ביז טרערן. אַריינאָטעמענדיק אין זיך דעם ניט אויסגעהויכטן גערוך פון דער געוועזענער נעסט, האָט סערגיי ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך צווישן די אַנגעוואַלגערטע כפּייצים, ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דער אויסגייענדיקער האַנט.

די מוטער האָט געשוויגן און, אַ שטומע, האָט זי שאַרף געקוקט אַף אים מיט דער מוטנער טיפקייט פון די שטאַרבנדיקע אויגן.

און ער. סערגיי, האָט אַליין אויך געשוויגן און מיט אינעווייניקסטן ציטער געוואַרט אַף דער מאַמענס שעפּטשען. ניט קיין שטים, ניט קיין געשריי, נאָר אַ שעפּטשען. און קיין שעפּטשען איז ניט געווען. געווען נאָר אויגן אין צונויפגעקלעפּטע וויעס.

...דמיטרי איז געשטאַנען נאָענט נעבן סערגייען און געשפּילט מיטן כוישעקדיקן פייערל, וואָס האָט געפלאַקערט בא אים אין די שוואַרצאַפּלען. אינגאַנצן איז ער געווען אָנגעגאָסן מיט לעבן, אַ יונג מיט ברייטע ביינער, פאַר וועלכע עס האָט קיין הויט ניט געקלעקט, און אַ רויבגיריקער אין די זיגזאַגן פון די ברעמען און אינם בויג פונם ביינערדיקן שנאַבל.

דער פאַטער האָט געשמייכלט, ניט אויסלעשנדיק דעם לויטערן בליק.

— ווי מאָדנע איז דאָס, וואָס איר זייט מיינע קינדער. און ווי מאָדנע איז עס, וואָס איר ביידע זייט פרעמדע... פרעמדע אי מיר, אי זיך...

דמיטרי האָט כויזעקדיק און פאַרפרעמדט געשפּילט מיט די פייערלעך אין די אויגן.

— ווי דו זעסט, סעריאָזשע, שטוסעוועט דער טאַטע, ווי אַמאָל, ווי דער אַלטער דיאָגען אין פעסל. ער נערט זיך בלויז מיט פליגן און מיט זיינע ווערטער. ער איז אָן זינד, ווי אַ שפּערלע, און איך האָב אים זייער ליב.

סערגיי האָט אויסגעהאַלטן דעם ברודערס בליק און פאַרפרעמדט געפרעגט בא אים:

— וואו ביסטו געווען ביז איצט? אין דידראָזיקע יאָרן האָט מען פון דיר ניט געהערט.

— איך וועל דיר ניט זאָגן. סאַי ווי וועל איך דיר אָדער אַ ליגן זאָגן, אָדער זאָגן ניט דאָס, וואָס מע דאַרף. אַ פּאַלקאָווניק פון דעם דייטשישן פראָנט, אַ אינוואַליד, און איצט—אַ בירגער אָן באַשטימטער באַשעפטיקונג.

דמיטרי האָט פלינק גענומען דער מוטערס האַנט און אַ קוש געטאָן, און דערדראָזיקער קוש האָט די אַלטע דערשיטערט, ווי אַ שלאָג. מיט שטומען

גרויל האָט זי געקוקט אף אים און ניט געקאָנט אפרייסן די אויגן פון זיין פּאָנים.

דמיטרי האָט זיך צעשפּילט מיט די פייערלעך אין די שווארצאפּלען און צונויפגעדריקט סערגייס אקסל.

— איך האָב דיך לאנג ניט געזען, סעריאָזשע... פון די יוגנט־יאָרן אן... לאָמיר זיך צעקושן, צי וואָס...

סערגיי האָט מיט אַ טונקעלן אומרו זיך אפּגעקערט פון אים און איז אוועק צום פאָטער.

דמיטרי האָט געבּראָכן זיך צעלאכט, בראָוו זיך אומגעדרייט אף לינקס און איז ארויס, אַ גלאנץ טוענדיק מיטן געגאָסן בלויען קארק.

אפן פאָטערס ברייטן שטערן, פון דער נאָז צו די שלייפן, האָבן ווי שווארצע דרעטעלעך איבער די ברעמען זיך באוויזן צוויי טיפע קנייטשן. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער אָנגעהויבּן טרייבערן די בארד, אלץ געוואָלט אין מויל זי ארייננלייגן, נאָר זי האָט זיך אלץ ארויסגעגליטשט.

א בלייכער, מיט אויסגעסאָלאפּעטע אויגן און מיט אַ צעקרימטן שמייכל איז ער צוגעפאלן מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט.

— וואָס איז מיט דיר, טאַטע?

— זיי סטאָאיש פעסט און גיב דיך ניט אונטער קיין ניסיוינעס, סער־יאָזשע. נאר עס פאסירט אמאָל, אז אפילו אַ סטאָאיקער איז אַ קנעכט פון זיינע געפילן. פארשטיי ווי צו שטודירן מענטשן פון אונטער אַ פאנצער... פון אונטער אַ פאנצער, סעריאָזשע...

די מוטער האָט מיט גויסעסדיקן אומזין אויפגעהויבן זיך אף די עלנ־בויגנס און איז צוריק אוועקגעפאלן—צעגאנגען געוואָרן אין קישן. אין די אויגן האָט זיך געזען האכנאָע, שטילקייט און גרויל.

אַ דערשיטערטער איז סערגיי לאנגזאם ארויס פון צימער אפן גאניק, און מיט פארגיכערטע טריט אוועק איבער דער אלייע צום סאד־טירל.

אף דער גאַס, נעבן פארקאן, האָט ער זיך געטראָפן מיט דמיטרין. דער ברודער האָט געהאלטן די האנט אין דער קעשענע פון די קאָזאקישע שארא־ווארן און געקוקט אף אים מיט אַ צוגעשטשורעטן שארפן בליק.

— אַ גוטן טאָג, סעריאָזשע! מיר וועלן זיך נאָך זען... איא? מיר וועלן גיך זיך זען, מיר וועלן זיך זען בא אנדערע אומשטענדן, סעריאָזשע... און דאמאלסט וועלן מיר זיך אנריידן מיט דיר צו דער זאט... א גוטן טאָג...

ער האָט זיך צירלעך אַ נויג געטאָן און די ציין אויסגעשטשירעט. אבער די אויגן האָבן ניט געלאכט: זיי האָבן סערגייען געשטאכן מיט דער שארפער אנגעשטשורעטקייט.

---

VIII

# הייסע טעג

1

## אַרבעטער=בלוט.

יענע טעג האָבן געברענט ניט מיט זון: דער הימל איז געווען ווי אַ שאָפּן-פעל, און פאר דער ברוסט האָט ניט געקלעקט קיין לופט. די שטאָט, די בערג, די מענטשן, די שיף-דאמבע — אַלץ האָט געשמיסן מיט ווינט אין די אויגן און געדרייט זיך אין שטיינערנעם געווירבל.

בלויז אין האַרצן האָבן טעג זיך געצאפּלט, און דאָס האַרץ אליין האָט ווי רוי-שטאָף פון פאָנען געפלאַקערט. מיט אַ פאַרוקטן העלם איז גליעב אַרומגעלאָפן אין פּראָפּראַט, אין פּארטקאָם (טייקעף זאָל צונויפגערופן ווערן אַן אַלשטאָטישע פּאַרטיי-פאַרזאַמלונג!), אין באַצירק-ראַט פון די אייזנבאַנער (כאווייר:ים, שטופּט אונטער דאָס דערלאנגען די ציסטערנעס מיט נאַפט צו די רעזערוואוארן!), אין זאַוואָד-פאַרוואַלטונג, אין די מאַשינען-קאָרפּוסן — דאָרט געפינט זיך ברינזע, דאָרט זיינען די דיזעל-מאָטאָרן גרייט צו דער אַרבעט.

זשידקי האָט גליעבן איבער די פּלייצעס געפּאַטשט און געברענט פון היספּאַילעס:

— טשומאַליטש, דער רועך זאָל דיך נעמען! שפּאַן איין דיין קראפט אין זאוואָד אנשטאט די מאשינעס, — דו קאָנסט אים צעהוידען אף אלע הונ-דערט פּראָצענט. מע דארף דיך קאָמאנדירן אין אייראָפּע, זאָלסט דאָרט אַ רעכטן הארמידער אָנארבעטן...

און בא גליעבן אליין האָבן די נאָזלעכער זיך צעבלאָזן פון אויפ-רעגונג.

ער איז געלאָפן צו לוכאווען. נאָר, ווי געוויינלעך, האָט ער לוכאווען אין פּראָפּראַט ניט געטראָפן: יענער האָט ניט געקאָנט איינזיצן אין די ווענט פון דעם פּראָפּראַטישן צימער. אַלע טאָג פלעגט ער פון אינדערפרי ביז בא-

נאכט ארומלויפן איבער די פאריינען, איבער די אונטערנעמונגען, און דאָרטן אַפּן אָרט אַריינדרינגען אין אלע קלייניקייטן פון דער פּראָדוקציע און דעם אַרבעטערס לעבן, פלעגט איינאָרדענען עקסטרע זיצונגען, אויסגלייכן קאָנ-פליקטן, דעקן אין דער מאמען אריין די ליידיקגייער און פאַרצייכענען אַפּן רויטן טאוול די ארבעטס-העלדן. אליין איז ער ארומגעלאָפן איבער די אנ-שטאלטן, איבער די פאבריקן און זאוואָדן, איבער די ווירטשאפט-אָרגאַנען, נער-אָרגאַנען, פלעגט באפעלן, פאָדערן, צינדן, פאכעד אָניאָגן און אַרויסרופן אַ שטורעם פון אַנטציקונג. און איז קיינמאָל ניט געווען אויסגעמאטערט, ניט געוואוסט פון מידקייט, בלויז אין די אויגן האָט קעסיידער געברענט אַ פיבער-פייערל.

אָט מיט וואָס ער האָט די ארבעטער-נעשאָמעס איינגענומען.

גליעב האָט אים צעטעלעך איבערגעלאָזט:

— אַ שטויס טאָן דעם באצירק-ראַט פון די אייזנבאנער.

— אַ קוועטש טאָן דעם ראטפּאָלקווירס פאר סאבאטאַזש און פאַר-שלעפּעניש.

— אַ טראסקע טאָן דעם זאווקאָם פון דער נאַפּט-טרייבערייַ.

און פינקלענדיק מיט זיין בראָנזענער הויט, מיטן פייער פון זיינע אויגן איז לוכאווא געלאָפן אי אַהין, אי אַהער, און די האָר זיינע האָבן פון וויטן געפלאַמט מיט די שוואַרצע פלאַמען-צינגער.

אַפּן זאַוואָד זיינען די עלעקטרא-מעכאניקער צוגעטראָטן רעמאָנטירן די עלעקטרישע נעץ. אין די אַרבעטער-וואוינונגען האָט מען לעמפּלעך אַריינגע-דרייט (געזומען אין די זאַוואָד-לאַגערן), און זייערע גלעזלעך האָבן אויפגע-פינקלט מיט אַ צעהעלטן שמייכל פון די אָפגעשפיגלטע פענסטער. און צוזאַ-מען מיט זיי האָבן פריידיק אויפגערעגט געשמייכלט אי די ווייבער, אי די קינדער, און אף די פּענימער פון די אַרבעטער האָט אָנגעהויבן צערונען ווערן דער הונגער-שטויב אין פריידיקן פאָרגעפיל.

אין שלאָסער-צעך האָט מען שוין קיין צינדערלעך מער ניט געפיילט. דאָרט איז געגאַנגען אַן אנדער אַרבעט: אין געווירבל פון אייזערנער קרי-צעריי, פייפעריי, הודזשעריי, קלינגעריי זיינען אונטער די ארבעטערס הענט טכיאַסהאַמייסים אויפגעשטאנען און צוריק צום לעבן געקומען דעטאלן פון מאַשינעס. פונם צעך צו די מאַשינען-קאָרפּוסן, און צוריק דורכן הויף ווידער אין צעך אריין האָבן ארבעטער, אין בלאָע, מעש-גלאנציקע העמדלעך אָנגע-טאָן, געשפּאנט איינע אנטקעגן די אנדערע. דאָ האָבן געפעלט נאָר לאשאק און גראמאַדע: זיי האָבן געהאט אַן אנדער זאָרג — דעם זאווקאָם. און אין זאווקאָם, אין קעלער אונטער דער זאוואָד-פאַרוואלטונג, אין צימערן אָנגעזוע-טיקטע מיט צעמענט און מאכארקע („דיובעק, פון וועלכן אַפילע דער טייוול איז אוועק”) — האָט זיך אַן אוילאם געשטופּט — געטופּעט מיט די באָטעס און געשלעפּט זיך פון זאווקאם צו זאווקאם, פון טיר צו טיר, און די ווענט און די שויבן האָבן געציטערט און געקלונגען פון די געשרייען און פון אָקסענעם געלעכטער.

...זאווקאם. פאַרשטאַרקטע ראַציאָנען. פאַרטיילונג פון די קויכעס. ברעמסבערג. אַ מעטאַלישער געווירבל אין שלאָסער-צעך. פליסיקע הייצ-וואַרג. מאָרגן וועט שוין די דינאמא אַרבעטן, און באנאכט וועט דער זאַוואָד די אויגן עפענען...

גליעב (ער איז דער באַפולמעכטיקטער פון די ארבעטער אין דער זאַ-וואַד-פאַרוואַלטונג) איז ארומגעלאָפן, האָט געשפּריצט מיט טראָפּנס שווייס, געלאַכט, אליין געכאַפּט זיך פארן געצייג, געהאַקט, געשניטן, געזעגט, געעקבערט און ניט געקאָנט דאָס אייגענע האַרץ איבעריאָגן. אָפּט פלעגט ער אַריינכאַפּן זיך צו ברינזען, און ברינזע פלעגט אים באַגעגענען מיט הילכיקע אויסגעשרייען איבער דער גאַנצער גרויס פון דער מאַשין-אָפּטיילונג:

— כאַ-כאַ, קאַמאַנדארם!... די ארבעט גייט... די מאַשינעס זיינען שוין לאַנג גרייט... הייצוואַרג, הייצוואַרג, קאָמאַנדארם!... נאָר הייצוואַרג און מער גאָרניט... האָסטו זיך שוין יאָ ארויסגעכאַפּט פונם גענעם, וועלן מיר צעהוידען דידאָזיקע קאַרוסעל — איך האָב עס פאָרויס געוואוסט... דיין קאָפּ איז פּונקט אַזאַ מאַשין, ווי מיינע דיזעל-מאָטאָרן. הייצוואַרג, נאַפט און בענזין... נאָר הייצוואַרג... אויב דו וועסט עס ניט קריגן פאַר דידאָזיקע צוויי טעג, וועל איך זיך אויפרייסן צוזאַמען מיט די דיזעלן... און ווען איך וועל אין דער לופט אויפליען, וועל איך דיך פאַר די פּיס מיטשלעפּן...

און צווישן די מאַשינעס האָבן זיך געפּאָרעט און געקרעכצט, זיך גע-גראַבלט און געקלונגען מיט מעטאַל זיינע מיטהעלפער, אויך אזוינע, ווי ער. ער האָט צו זיי אונטערגעוואונקען און געשאָקלט מיטן קאָפּ און פריידיק די ציין געשטשירעט.

— דו זעסט? כעוורע האָט זיך מיט אַלע אייוורים פאַר דער אַרבעט גענומען. פאַרגעסן געוואָרן, פריינט, די פּוסטע רייד, שפּרינגעריי פון די לעצטע יאָרן... אָט וואָס עס הייסט די קראַפט פון מאַשינעס. קאָלזמאַן די מאַשינעס לעבן — וועט מען פון זיי אין ערגעץ ניט אנטלויפן. נאָך דער מאַשין בענקט זיך שטאַרקער, ווי נאָך דער ליבסטער...

און ווידער געשריען איבער דער גאַנצער געביידע, ווי אַ מעטורעפּער:

— הייצוואַרג, הייצוואַרג!... צען ציסטערנעס!... אָפן ערשטן ביסן — גענוג. צען ציסטערנעס... אָדער איך וועל דיך צעשעדיקן, קאַמאַנדארם...

צוזאַמען מיטן אינזשענער קלייסט, מיט די טעכניקער און די ארבעטער פון די שטיינבראַכן האָבן זיי געשפּאַנט איבער די שאַכטן, איבער די פלעצער פון די פאַנאַנדערארבעטונגען, באַוואַקסענע מיט גראָז. אַ כשיוועסדיקער, אַ שווייגנדיקער, מיט טונקעלע גריבלעך אונטער די אויגן, האָט דער אינזשענער קלייסט באַקוקט די אַלטע ברעמסבערגן. צוויי טעכניקער פון די, וואָס האָבן פריער אָפן זאַוואָד געדינט, זיינען, לויט די אַמאָליקע טראַדיציעס, נאָכגעגאַנ-גען הינטער אים אף אַ מעהאַלעך פון צוויי שפּאַן, און זיך געוואָרפן צו אים מיט קנעכטישער גרייטקייט אַלע שליכעסן זיינע אויספילן לויטן ערשטן שטומען וואונק זיינעם. ער האָט אף גליעבן ניט געקוקט און ווי ער וואָלט אים אַפילע ניט באַמערקן נעבן זיך, אָבער גליעב האָט געזען, אז דער אינזשענער קלייסט

ווייסט בלויז אים און בלויז זיין קראַפט פילט ער איצט אַף זיין קאָפּ און פּלייצעס. און ווען ער האָט גערעדט מיט די טעכניקער, האָט גליעב געפילט, אַז דאָס רעדט ער בלויז מיט אים, מיט גליעבן, און בלויז פון אים וואַרט ער אַף אזעלכע ווערטער, וואָס ער קאָן ניט בייקומען.

מע האָט באשלאָסן: פאַריכטן די מאגיסטראל און פון דעם אויבערשטן פלאַץ פון די פאנאנדערארבעטונגען אויפהויבן די ליניע פון דעם ברעמסבערג ביז אריבער בארג, אַף אַ הויך פון 800 מעטער.

און איינמאָל בא זיך אין קאַבינעט (ביידע פענסטער-ראַמען זיינען שוין געווען אָפן) איז עפּעס אזוי אויסגעקומען, אַז פאַרענדיקנדיק די ארבעט איבער די מאטעריאַלן-סמעטעס, האָט דער אינזשענער קלייסט אַ זאָג געטאָן:

— אויב עס וועט זיין אַ גאַראַנטיע, אז די סמעטעס וועלן אין דער פולער מאָס דורכגעפירט ווערן און די ארבעטס-הענט וועלן געזיכערט זיין, וועלן מיר מיט דערפאָלג קענען אויספילן די ארבעט אין מעשעך פון אַ כוידעש.

גליעב האָט זיך אָנגעבויגן צו זיין פּאָנים און שווער א פּאטש געטאָן מיטן הויפּן איבער די פּאפּירן.

— כאַווער טעכנישער אָנפירער, די אַרבעט דאַרף פּארטיק ווערן אין פיר ארבעטס-טעג. פינף טויזנט ארבעטער אין אייער רעשוס. מאטעריאַלן לויט דער ערשטער פאָדערונג—דורך דער זאַוואָד-פּארוואַלטונג. וועט זיין א סאבאָ-טאַזש—וועל איך צעמאָלן אַף שטויב: מיר האָבן ניט נאָר אזעלכע באַסטיליעס איינגענומען. ניט קיין כוידעש, נאָר פיר טעג, כאַווער טעכנישער אָנפירער. דאָס פארגעדענקט גוט און צילט אין דעמדאָזיקן פונקט אריין.

דער אינזשענער קלייסט האָט שטאַר א קוק געטאָן אַף אים און צום ערשטן מאָל בלאָס אַ שמייכל געטאָן.

דער באַנדער-צעך איז איצט—פּאַשעט א איבעריקע שטאל: דער גלע-זערנער דאַך איז צעהאקט פון שטיינער—קינדער-שטיפעריי. אפן ראַמען-גע-פלעכט, אַף די גאַנץ געבליבענע שויבן וואַלגערן זיך שטעקלעך, קלעפּקעס, שטיקלעך רייפן און פארשיידענע קויט. און די וואַרשטאַטן, טראנסמיסיעס, דיסקן פון אויסגעשטשירעטע זעגן זיינען אין קרעציקן זשאַווער באדעקט מיט שטויב פון די בערג און פון שאָסיי. דאָס איז די ארבעט פונם קאַברען דעם ווינט.

אויך אַהער האָט זיך גליעב אריינגעכאַפּט, געבליבן שטיין באַם אריינ-גאַנג. פריער האָט דאָ גאָלדענע שפענדל-שטויב געפלאַקערט מיט פייערדיקע ספּיראַלן, און די באַנדערס אַליין, פארשאָטענע מיט שפּענדל-שטויב און זעגעכץ, זיינען געווען שיקער און פריילעך פון ווייניקן האָלץ-גערוך, פון קלינגענדיקן געזאַנג פון די זעגן.

גליעב איז ווייטער ניט געגאַנגען. ס'וועט זיין אזאַ טאָג, ווען עס וועט קומען די ריי אויך פאר דעמדאָזיקן אָרט: ווידער וועלן שפּענדלעך זיך צע-פלאַקערן, ווידער וועט זעגעכץ זיך צעשפּריצן, ווידער וועלן זעגן זייערע לי-דער זיך דערמאָנען...

ער האָט געוואָלט ארויסגיין—ארבעט, ארבעט... נאָר אָפּגעשטעלט זיך און אַף די באַקן זיינען זיך די האַרמאָשקעס צעשפּרונגען. סאַווטשוק. ער איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו גליעבן, נעבן זיין אַלטן ווערסטאַק, באַקוקט אים, מיט דער פוס האָט ער זיך געשפּילט מיטן שטיצער, געפּרואווט די שטייפקייט זיינע, געקלאַפּט מיטן פויסט און דער ווערסטאַק האָט געקרעכצט, געהוסט, ווי אַ זאָקן.

— האַ-האַ, מאַיסטרעוועסט, דו ניט-גוטער?... אנו, גלייך נאָר אויס דיי-נע ביינדלעך און גאָרגל, ציינלאָזער דו!... ניט פארגעסן נאָך? פּילסט נאָך? האַ-האַ!...

אַ באָרוועסער איז ער אַוועק צו די זעגן און געגלעט די אייזיקע דיסקן מיט דער ברייטער לאַפּע, און זיי האָבן אים געענטפערט מיט ווייטע און פאַר-טויבטע קלאנגען, ווי פון שלאָף.

— האַ-האַ, מיידעלעך!... פאַרמיעסט געוואָרן, ניט פאר כאסאנים... אנו, ווי וועלן איצט אויסזעען אייערע לידער?... ווארט נאָר צו: אינגיכן וועלן קומען די כאסאנים — מירן דאָס אנפלאָדיען אביסל פעסלעך מיט אייך. די-דאָזיקע פעסלעך—ניט פאר ווייבער אָף קרויט שטעלן, נאָר פעסלעך—מעאיי-ווער לעיאָם אוועקצושיקן, אין אלע לענדער פון דער וועלט... ניט קיין קרויט וועלן זיי אוועקטראָגן, נאָר צעמענט צו בויען. האַ-האַ, איר מיידעלעך ניט פאר כאסאנים!...

טייוולשער סאַווטשוק! א יונג—ווי א בער, און קאָנסט דאָך אים בע-שום אויפן אין ערגעץ ניט א קאַלופּע טאָן, ניט מיט א אין דער מאַמען אריין, ניט מיט א ליב וואָרט. און דאָ, אין דער דאָזיקער פארשאָלטענער שטאל, טאַינעט ער זיך אויס און שעפּטשעט, ווי א שנעק, וואָס האָט זיך אין א מיידל פארקאָכט. טייוולשער סאַווטשוק, איז דאָס דען ענלעך אָף אים, אָפּן צע-פּאַטלטן, בא וועמען די פיס זיינען ווי קלעצער און די פויסטן—ווי וואַגאָנעט-קעס גאנצע?...

אָבער צעלאַכן זיך האָט גליעב ניט געקאָנט: מע טאָר ניט שטערן סאַוו-טשוקן. אז עס וועקן זיך אויף געזונטע קויכעס און גיסן זיך אָן מיט בלוט— טאָר מען ניט קיין האנט ארויפלייגן: דאָס איז די סאמע וויכטיקסטע און טי-פע רעגע אינם לעבן פון א מענטש...

גליעב איז שטיל ארויסגעגאנגען פון צעך, און ווען די זון האָט אים ווידער א ברי געטאָן, האָט ער א שמייס געטאָן מיט דער דלאָניע איבער העלם און פארקייכט זיך אין א געלעכטער.

— צו אַלדי שווארצע יאָר, טייוולשער סאַווטשוק!... ער האָט דאָס אביסל פארמאטערט, מעטורעפער!...

...באַטאָג, ווען שטיינער און רעלסן האָבן זיך געשמעלצט אונטער דער זון, און דער פארוויסטער זאוואָד האָט געציטערט אין פייער פון זון-שטראָמען,—האָט מיט בויך-קרעכצן, וואָרפנדיק אין הימל אריין הויפנס דאמף, א לאָקאָמאָטיוו געשטויסן צום זאוואָד צו א לאנגן צוג מיט פארטונקלטע ציס-טערנעס, פולע מיט בענזין און נאפט. אים אנטקעגן, פון די טויערן ארויס

האבן אין לאנגע בלוזעס, רייסנדיק די גאָרגלס און מאַכנדיק מיט די הענט, ארבעטער זיך ארויסגעשאָטן.

2

## א שפרונג דורכן טויט.

אין אויספירקאָם האָט זיך באַקומען אַ דרינגענדיקע טעלעפאָנאָגראַמע, אַז דער פאָרזיצער פון וואָלאויספירקאָם בארשטשי האָט מיט אַ נאַהאַיקע צע־מאַזיקט סאלטאנאוון, דעם שעף פון דער קרייז־מיליציע, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אַף העלפן בארשטשין צונויפצוקלייבן דעם נער־צינז, און סאלטאנאוו האָט געשאָסן אין בארשטשין. עס האָט זיך מיטגעטיילט, אַז סאלטאנאוו האט מיט אן אָפּטייל רויטאַרמייער געמאַכס אבלאַוועס באַ קאזאקן און שטאָט־איינוואוינער, אַרויסגעשלעפּט די טוואועס פון די שפייכלערס, אַרויסגעפירט דאָס לעצטע שטיקל פּי פון די שטאַלן. און דערנאָך, ווען די פורן האָבן זיך געלאָזט אונטער אַ שמירע פון רויטאַרמייער צום וואָלאויספירקאָם, האָט אַן אָרקעסטער געשפּילט דעם „אינטערנאַציאָנאל״, און נאָך די וועגענער זיינען נאָכגעגאַנגען די פויערשע ווייבער, געשלאָגן זיך מיט די קעפּ אָן די דראָ־בינקעס און געוואויעט צוזאַמען מיט די בעהיימעס און שעפסן. און אָט אונ־טער מוזיק איז פאָרגעקומען אין אויספירקאָם דער געשלעג צווישן בארשטשין און סאלטאנאוון.

באַדין האָט געלייענט די טעלעפאָנאָגראַמע מיט דער געוויינלעכער רו־איקייט אַף דעם שטיינערנעם געזיכט, און דער סעקרעטאַר פעפלא איז גע־שטאַנען באַם טיש, געוואַרט אַף פאַראָרדענונגען און פייכט און פאַרויטלט געשמייכלט.

— אָט טיפשים!.. ס׳האָט דער שעד אָפּן טייוול אָנגעטראָפן. פאַר־אָרדנט, כאַוווער פעפלא, אַז מע זאָל גלייך דערלאנגען דעם פאַעטאָן. איך וועל אליין צופאָרן און פאַנאנדערקלייבן זיך אין דעמדאָזיקן איניען.

— גוט.

— אַגעוו, קלינגט אָן אין פאַרטקאָם. דער כאַווערטע טשומאַלאָווע, זי זאָל גלייך קומען אַהער. זי האָט געפרעגט וועגן אַ פור אין יענעם דאָרף אַריין — איך וועל זי מיטנעמען.

— כ׳הער... מיטיילן, אז איר וועט פאָרן אינצווייען, צוזאמען מיט דער כאַווערטע טשומאַלאָווע ?..

דער סעקרעטאַר פעפלא האָט מיט צאַפּלדיקע וויעס געקוקט אף באַדי־נען און פאַרויטלט געשמייכלט.

דער אויספירקאָם־פאָרזיצער האָט די אויגן אויפגעהויבן אף פעפלאן. איז דער סעקרעטאַר אף אַ שפּאַן פון טיש אָפּגעטראָטן, אָבער דער שמייכל אפן פּאָנים האָט ניט געוועלקט באַ אים און איז ניט פאַרשוואונדן.

— כ׳הער...

בײַדין איז געזעסן אַ שװערער, װי מיט טשוהון אָנגעגאָסן, אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אױפן ראַנד פון טיש, און דער קאָפּ האָט זיך בײַ אים אין די פּלײצעס פאַרוקט, װי ער װאָלט שװערער פאַרן קערפּער געװען.

און װי נאָר דער סעקרעטאַר איז אַרױס, האָט ער זיך אױפגעהױבן, אױפגעװאָרפן די הענט אינדערהױך און אין די זײַטן און איז זיך דורכגע-גאַנגען איבערן צימער. און עס איז שױן מער ניט געװען קײן מעטאַלישע שװערקײט ניט אין די פּלײצעס, ניט אין קערפּער: ער איז געװען שלאַנק גע-בױט, ברײט-בײנערדיק, מיט שטײפע מוסקלען און פּאַראַקשנט-גלײך איז בײַ אים דער קאָפּ אױף די פּלײצעס געזעסן.

און אין פּרױען-אָפּטײל האָט מעכאָװע אין קאָרידאָר דאַשען אָנגעיאָגט און געאַרעמט באַגלײט זי ביזן אַרױסגאַנג.

— אָט װאָס, דאַשע: עפּשער שיקן בעסער אָנשטאָט דיר עמיצן פון די דעלעגאַטקעס? דו פאָרסט אין קאָמאַנדירונגען יעדע װאָך, און יענע באַלעװען זיך נאָר אינדערהײם. איצט זײַנען די אָנפאַלן אין װעג גאַנץ אָפטע געװאָרן, און דיך װאָלט מען געדאַרפט אַביסל שאַנעװען: נאָך אַזאַ אײנע װי דו װעלן מיר גלײך ניט געפינען. יעדעס מאָל, װען דו פאָרסט אַװעק, האָב איך די גאַנצע צײַט מוירע פאַר דיר...

— כאַװערטע מעכאָװע, װאָלסט זיך געמעגט שעמען אַזױ פּלאַפּלען. איך בין דאָך ניט קײן קלײן מײדעלע, און פאַרשטײ אַן אײסעק. װאָס זשע פאַר פּרױען-אָפּטײלערקעס, צו אַלדי שװאַרצע יאָר, װעלן מיר זײַן, אױב די נעשאָמע װעט בײַ אונז פון שרעק אין די שפּיץ-פינגער אַרײַן?..

באַם צופאָר צום אױספּירקאָם האָט מיט שװאַרצן גלאַנץ געבלישטשעט דער פאַעטאָן, און דער בעררדיקער קוטשער אױפן געזעס האָט פון לאַנגװײל די נאָז זיך געשנײַצט און געװישט מיט דער ברײטער פּאָלע.

אױפן שמוציקן, פון כאַיעס און מענטשן פאַרמיסטיקטן בולװאַר, האָבן אין שטױב צװײ אינגלעך זיך געװאַלגערט, צװײ קינדער אין צעריסענע כאַלאַטלעך, מיט בלאָע, געשװאָלענע פּענימער. דער שטױב האָט װי שמוציקער רױך געריגנלט איבער זײ און געפאַלן אױף די ברױנע צװײַגן פון די שװינד-זיכטיקע אַקאַציע-בױמער.

דאַשע איז געבליבן שטײן נעבן פאַעטאָן, אַ קוק געטאָן אין בולװאַר, דערנאָך אין אָפּענעם פענצטער פונם אױספּירקאָם-פאָרזיצער, דערנאָך װידער אין בולװאַר.

— װעמעס קינדער איז עס? װאָס טוען זײ דאָ, די פּאַרװאָרלאָזטע? אױף װאָס גיט אַכטונג די מיליציע און פאַרװאָס איז אַזױ בלינד און אָן הענט די קינדער-קאָמיסיע? אָדער די קאָמיסיע איז אַ פאַרװאָרלאָזטע, װי דידאָזיקע אומגליקלעכע קינדער?

זי איז די גאַס אַריבער און צוגעגאַנגען צום פּלױט פונם בולװאַר און לאַנג געקוקט, װי די פאַרשמירטע שײדימלעך האָבן זיך געפּאָרעט דאָרטן.

— קינדערלעך, װער װיל ברױט? איך װײס דאָך, בײַ אײַך זײַנען די קישקעס לײדיקע. קומט אַהער.

די אינגלעך האָבן זיך ווי הינטלעך אָנגעשפּיצט — דערשראָקן זיך. נאָר די מומע האָט געשמייכלט צו זיי אַזוי ליבלעך, היימיש, און איז גאָרניט געווען אַזוי שרעקלעך. אפן קאָפּ איז געווען אַ רויט טיכל, און אין האַנט — אַ שטיקל ברויט. דאָס רויטע טיכל האָט געשראָקן (זיי ווייסן שוין פון לאַנג, וואָס פאַר אַ קויעך עס שטעקט אין דעמדאָזיקן רויטן טיכל), אָבער דאָס ברויט איז געווען פריש און האָט פונדערווייטנס גערייצט און פאַרשיקערט מיט זיין שמעקעדיקן גערוך.

— יאָ, יאָ... קום, און דו — אין קינדער־היים גיי...

איינער פון די אינגלעך האָט זיך אויפגעשויבערט אין זיינע שמאַטעס און ווי אַ גוילעמל זיך אַ לאָז געטאָן צו מאכן פיס. דאַשע האָט זיך צעלאכט און צעבראָכן דאָס ברויט אַף דער העלפט.

— נו, קומט שוין אַהער, כאַזיירימלעך... איך וועל אין קינדער־היים ניט פירן... נעמט זשע צו שטיקלעך... אָט אַביסל פאַכדאַנעסדיקע שנעקלעך...

די מומע איז אַזאַ פריילעכע און מילדע (ווען ניט דאָס רויטע טיכל), און דאָס ברויט איז געווען גאָלדן און געשמאַק, ווי האָניק.

די אינגלעך זיינען, איבערקוקנדיק זיך, שרעקעדיק און גנייוויש צוגע־גאנגען צו איר און פונדערווייטנס די הענטלעך אויסגעשטרעקט. זי האָט גע־געבן איינעם, געגעבן דעם צווייטן. זי האָט געוואָלט דעם צווייטן איבערן קודלאַטן קעפּל אַ גלעט טאָן. האָט ער זיך צעשריען און מיט גרויל אין די אויגן זיך געלאָזט לויפן לענגויס דעם בולוואַר.

ניורעלע געפינט זיך אין קינדער־היים, נאָר מיט וואָס איז זי גליקלעכער פון אָט דידאָזיקע נאַקעטע כאַיעלעך? איינמאָל האָט זי געזעען, ווי ניורעלע האָט צוזאַמען מיט אַנדערע קינדערלעך זיך געגריבלט אין מיסט־קאַסטן, אַפן הויף פון דער קיך פון פאָלקנער. איר האָט זיך דאמאלסט אויסגעדוכט, אַז ניורעלע איז שוין געשטאָרבן, אַז זי, דאַשע, איז שוין איר ניט קיין מאַמע מער, אַז ניורעלע איז פאַרלאָזט און אַוועקגעוואָרפן געוואָרן אַף הונגער און פיין צוליב איר, דאַשעס, שולד. און די צופעליקע צערטלערייען אירע, וואָס זי ווייזט אַרויס אַמאָל ניורעלען אין קינדער־היים — דאָס זיינען ניט קיין צערט־לערייען פון א מוטער, נאָר גלאט אזוי — פוסטע גלעטן. און זי האָט דאמאלסט פון סאַמע מיסטקאַסטן ביז דער קינדער־היים געטראָגן איר, ניורעלען, אף די הענט, און דאָס הארץ האָט זיך בא איר געריסן פון ווייטיק.

באַדין איז געשטאַנען נעבן פאַעטאָן, מאט געגלאַנצט מיט שווארצן לעדער און שאַרף געקוקט אף איר פון אונטער דעם ביינערדיקן שטערן אַפיר.

— כאַווערטע טשומאַלאָווע, זעץ זיך — מיר פאָרן.

און ניט וואַרטנדיק אַף איר, אליין זיך אַנידערגעזעצט אין פאַעטאָן, און דער עקיפּאַזש האָט זיך אונטער אים אַ טרייסל געטאָן מיט אַלע זיינע רעסאָרן. דאַשע האָט זיך געזעצט נעבן אים און דערפילט, ווי זיין גוף האָט זי שטייף צוגעדריקט מיט זיין שווערקייט.

באדין האָט שוין מער זי ניט באַמערקט — ער איז געווען פאַרשלאָסן, קאַלט און שטרענג, ווי שטענדיק.

— אַף אַן אווטאָמאָביל ווערסטו זיך אַהין ניט דערקלייבן. אין די בערג וועט אפילע אַף אָט דעם פורל, וואָס טרייסלט אויס די נעשאָמע, אויסקומען צו שלעפּן זיך מיט פּאַמעלעכע טריט. פּאַר באַנדיטן האָסטו קיין מוירע ניט? איך נעם גאָרניט ניט מיט זיך אויסער דעם נאַגאַן. עפּשער מיטנעמען רייטער־רויטאַרמייער?

דאַשע האָט אַ קוק געטאָן אַף אים—האָט אַמאָל באַדין אליין קיין מוירע ניט? אָבער זי האָט גאָרניט ניט דערזעען: דאָס פּאָנים בא אים איז ווי פריער געווען אומבאַוועגלעך און שטייף—אַ בראָנזן פּאָנים.

— ווי דו ווילסט, כאַווער באַדין. אויב דו האָסט מוירע—פאָדער ארויס. איך בין געוואוינט צו פאָרן אין קאָמאנדירונגען אָן באַגלייטער.

— פאָר, כאַווער יעהאָראַוו!

און דער כאַווער יעהאָראַוו האָט דערשראָקן איין מאָל נאָכן אַנדערן אַ קוק געגעבן אַפן פאָרזיצער פונם אויספּירקאָם, געוואָלט אַלץ עפּעס זאָגן, נאָר האָט זיך ניט איינגעשטעלט. האָט ער אַ הוסט געטאָן, אויסגעשנייצט זיך די נאָז און צעשפּילט זיך מיט די לייצעס.

און קאָלומאַן זיי זיינען געפאָרן איבערן שטאָטישן ברוק, האָבן זיי געשוויגן, און דאַשען איז געווען אויסערגעוויינלעך אנגענעם און פריילעך זיך הוידען אַף דער באַקוועמער און ווייכער הוידעלקע.

אַפן וועג האָט זי סערגיי׳ען דערזעען. ער האָט צו איר אַ שאָקל געטאָן מיט זיין רויטן פּליך, און די קרייזלעך זיינע האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי רויטע זעג־שפּענדלעך. און זשוק, ווי ער האָט זיי נאָר דערזעען אַפן פאַעטאָן, איז ער געבליבן שטיין, אַן איבערראשטער, מיט אַ פאַרטונקלטן געזיכט.

באַדין האָט פאַרקרימט די דיקע ליפּן אין אַ כויזעק־שמייכל.

— איך קאָן ניט פאַרטראָגן דעמדאָזיקן טיפּ...

— דעם כאַווער זשוק? אָט האָסטו דיר... דער כאַווער זשוק איז אַ גוטער טאָקער און איבערגעגעבענער קאָמוניסט. דער כאַווער זשוק האָט ניט ליב אונזערע גענעראַלן און די ביוראָקראַטיע... און איז זייער באאומרואיקט...

— דער כאַווער זשוק איז פּאָשעט אַ ליידיקגייער און מאכלויקעס־מאכער. אַזעלכע דאַרף מען אומבאַדינגט טרייבן פון דער פּאַרטיי.

— ניין, כאַווער באַדין: דער כאַווער זשוק איז אַ גוטער, און ער זאָגט דעם עמעס. און ווען ער דעמאַסקירט—זייט איר אלע בייז. איז עס רעכט אַזוי? און איז עס דען ניט עמעס, אז איר אלע, פאַראַנטווארטלעכע טוער, זעט דעם ארבעטער־קלאַס נאָר דורך אייער קאַבינעט?

— דו האָסט אַ טאָעס. דער קאַבינעט פון אַ פאַראַנטוואַרטלעכן טוער איז נעענטער צום אַרבעטער־קלאַס, איידער אַזעלכע דרייער, ווי, לעמאָשל, דיין גוטער כאַווער זשוק, ווייל דורך דעמדאָזיקן קאַבינעט גייט דורך אַלץ, אָנהויבנדיק פון די סאַמע קאָמפּליצירטע מעלוכע־פראַגן און ענדיקנדיק מיט

שטייגער-קלייניקייטן. טאַקע אין קאַבינעט פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכן טוער האָב איך זיך באַפריינדעט מיט דיין מאַן.

ער האָט זיך צעלאַכט, און דער געלעכטער זיינער איז געווען ניט קיין געוויינלעכער געלעכטער, נאָר ווי קלעפּ פון אַ פויק: אי דער געלעכטער, אי די ווערטער זיינען געווען ווי אייגס און דאָסזעלבע. און דערדאָזיקער געלעכטער באַדינס האָט שטענדיק באַאומרואיקט דאַשען.

די שטאָט איז שוין געווען פון הינטן. זיי זיינען געפאָרן דורכן טאָל: לינקס — פלאַכע בערגלעך און וויינגערטנער, רעכטס — וואַלד, נאַקעטער נאָך און בלאָער, שפּיזווערבסדיקער און נעפלדיקער פון די געפלאָצטע קנאָספּן, און אומעטום — בוימער-שטאַמען, וואָס לויפן מענגעסווייז אין דער טיף, אין די דעמערנדיקע פּוסטקייטן. זיי זיינען ווי לעבעדיקע, דידאָזיקע בוימער: די פאָדערשטע גייען רייענווייז אוועק אַף הינטן, און די הינטערשטע לויפן פאָרויס צוזאַמען מיט דאַשען, און עס דאַכט זיך, דער וואַלד דרייט זיך, רודערט זיך, פּילט אויס עפּעס אַ ריזיקע אַרבעט, וועלכע איז פאַרבאָרגן פונם מענטשנס אויג.

— נו, ווי האַלט עס איצטער בא דיר מיט אַ פאַמיליען-נעסט? פון איין זייט — ווייב-פליכטן: אַלגעמיינע בעט און שמוציקע וועש. פון דער צווייטער — פּאַרטיי-אַרבעט. דאַן האָט איר, דאַכט זיך, קינדער? ס'וועט אויסקומען אויסצוקלייבן: אָדער דער פּרויען-אָפּטייל, אָדער — שטוב-זאָרגן. דער מאַן פאָדערט שוין מינאַסטאַם באַזונדערע גאַראַנטיעס. ער איז בא דיר אַ באָכער מיט אַ גרויסן פּויסט.

דאַשע האָט זיך אין א ווינקל פאַרוקט: דער אומרו האָט זיך מיטאַמאָל אַ כוואַליע געטאָן בא איר פון קאָפּ צום האַרץ, צו די פיס.

— מיין מאַן — איז זיך פאַר זיך אַ מענטש, און איך — בין מיר פאַר זיך אַ מענטש, כאַווער באַדין. מיר זיינען קאָמוניסטן קוידעמקאָל, און ניט קיין גויאַפים.

באַדין האָט זיך ווידער צעלאַכט מיטן פויקנדיקן געלעכטער און אַוועקגעלייגט די האַנט צו דאַשען אַף די קני.

— דו רעדסט, ווי אַלע קאָמוניסטקעס, אָבער די בעט בלייבט פונדעסטוועגן דאָך אַ בעט. איבעריקס, בא דיר קלינגט דאָס עטוואָס וואָרהאַפטיקער: בא דיר שלאָגט עס פון אינעווייניק. איך ווייס שוין, ווי שווער עס איז צו געפינען מיט דיר אַ געמיינזאַמע שפּראַך.

דאַשע האָט אַראָפּגעוואָרפן זיין האַנט פון אירע קני און האָט זיך אָפּגערוקט אַפן סאַמע ברעג פון פאַעטאָן...

— קאָמוניסטן, כאַווער באַדין, דאַרפן שטענדיק האָבן אַ געמיינזאַמע שפּראַך בא דער געמיינזאַמער זאַך אונזערער...

באַדין איז ווידער געוואָרן אַ פאַרשלאָסענער אין זיך און אַ טשוהון-שווערער. ער האָט זיך אָפּגערוקט פון דאַשען, און זי האָט געכאַפּט אין זיין בליק הייסע קוילנדלעך, וואָס האָבן זי ביז ווייטיק אָפּגעבריט.

— זעץ זיך באַקוועמער — איך וועל ניט אויפעסן.

און געזאָגט האָט ער עס, פֿאַרקרימענדיק די ליפּן און מיט אַ באַליידיקנדיקן כויזעק-שמייכל.

— איך האָב קיין מוירע ניט פֿאַר דיינע ציין, כאַוועך באַדין: מיר קאָנען זיך דאָך גוט...

און ביזן געבערג-פּאַס, וואָס איז פֿרימאָרגנדיק פֿאַרטונקלט געווען פֿון די פֿעלזן און וואַלד-געוויקסן, מיטן געדויש פֿון קלינגענדיקע טייכלעך, וואָס האָבן זיך דאָרט געשלענגלט צווישן קופּקעלעך פֿאַרשיידנפֿאַרביקע שטיינדלעך, האָבן זיי ביידע געשוויגן און געקוקט אין פֿאַרשיידענע זייטן. אָבער דאַשע האָט געפֿילט, ווי באַדין האָט קעסיידער אויפֿגעציטערט פֿון צערייצטן בלוט און געשטיקט דאָס האַרץ מיט אָפּגעהאַקטן הוסט. זי האָט געוואוסט, אַז איצט קעמפֿט מיט זיך באַדין און האָט ניט קיין קויעך צו וואַרפֿן זיך אַף איר מיט גוואַלד. זי האָט אויך געוואוסט, אַז ער איז נאָך ניט איינגעשטילט, ניט באַזיגט: אין די אויגן באַ אים, ווען ער געפֿינט זיך נאָענט נעבן דאַשען, בונטעוועט נאָך אַלץ אַ שיקערע כאַיע. אויב ער וועט זיך אַף איר ניט אַוואַרף טאָן אין דער איצטיקער רעגע, וועט ער געפֿינען דידאָזיקע רעגע, ווען ער וועט זיין שטאַרקער פֿון איר. זי האָט אויך געפֿילט, אַז באַ איר אַליין צאַפּלט זיך אויך דאָס בלוט אין דערוואַרטונג און זי קאָן ניט באַזיגן אין זיך דעם אומרו און די זאָרג פֿאַר איר אייגענעם קויעך. ווען דאָס וואָלט פּאַסירן איצט, וואָלט זי ניט זיין אימשטאַנד צו קעמפֿן מיט זיינע צעווילדעוועטע אָקסענע מוסקלען: דאָס קעסיידערדיקע טרייסלעניש פֿונם פֿאַעטאָן אַף דעם ניט גלאַטן וועג פֿונם געבערג-פּאַס האָט אַרויסגעשטויסן פֿון אונטער איר קערפּער אַ זיבערן שטיצפּונקט.

דער געבערג-פּאַס האָט זיך געצויגן אַף דריי ווערסט, נאָך אים — אַ גלאַטער איינגעטראָטענער וועג איבער אַ ברייטן הינטערבאַרגיקן טאָל, און דאָרט, ווייטער, צווישן בערגלעך, סעדער און ווינטמילן איז דער ישעוו.

די בערג האָבן זיך געהויפֿט אין פֿעלזן און שאַרפֿע ברוינע שפּיצים ביזן סאַמע הימל. אי די שפּיצים, אי די פֿעלזן האָבן מיט פֿייער אונטער דער זון געברענט. פֿאַלדנווייזע אָפּוואַלגערן און קופּעס שטיינער זיינען אָנגעשאָטן געלעגן, ווי גליענדיקע קוילן, און די בערג-דיכן זיינען אַראָפּגערונען פֿון די באַרג-שפּיצן, ווי צעשמאָלצענער מעטאַל. אונטן, איבערן וואַלד, און איבער די קוסטן האָט זיך געצאַפּלט און שימירירט אַ רויך-כאַשכעס, און דער הימל איבער די בערג און איבערן וואַלד איז ווי אַ בלויער טייך, און די וואָלקנס — ווי ווייסע שטיקער אייז. און דער וואַלד איז אַ נידערדיקער, ווי פֿון בערג-שאַרפֿן אַראָפּגעשלייערטער, אַן אומדורכדרינגלעכער, וואו אין פֿוילעניש און פֿריעניש קריכט פּאַמעלעך די נאַכט אין היילן און געדיכטענישן, אין געדרוישן, זיפּצן און אומרואיקע פֿאָרגעפֿילן.

דעם וועג פֿאָרויס זעט מען ניט: ער ברעכט זיך און ברעקלט זיך אין די פֿעלזן און שטיינער אי רעכטס, אי לינקס, אין דער נידער און אין דער הייך. גיסטו אַ קוק פֿאָרויס — איז וואַלד אין געפּלאָנטערטע צווייגן, אין הויפֿנס געדיכטע קוסטן-געוויקסן, אין הרודעס שטיינער — ווילד אָרט. און אַז מע קומט

צו צום דאָזיקן אָרט — איז אי דער וואלד, אי די שטיינער, מיט מאָך באוואקסענע, אי די פעלזן, באַגאָסענע מיט טרערן פון אונטערערדישע וואַסערן, קריכן אוועק אף רעכטס און אף לינקס, ווערן פאַרפאַלן אין די אָפּגרונטן און קאראבקען זיך אף די בארג-פעלזן. א, סארא שרעקלעכע הויך! דאַשע האָט ניט געקאָנט כאַפּן מיטן אויג זייערע שפּיצן אינדערהויך און האָט זיך פאַרזשמורעט און צונויפגעדרייט, ווי א קליין מיידעלע. און דאָרט — ווייטערדיקע פאַרבייגייענדיקע געבערג-פאַסן, מיט שוידערלעכער ברילנדיקער שטילקייט, וואו עס ליגן פאַרבאָרגן דרימלענדיקע געהיימניסן און באהעלטענישן פון רויבער.

דער כאווער יעהאָראוו האָט זיך אויסגעבויגן אף זיין געזעס און אַ שמייך געטאָן מיט דער באָרד איבער דער פּלייצע. די אויגן זיינע אין דער געדיכטער פעל פון ברעמען און באָרד זיינען מיט פליסיקייט געווען אָנגעגאָסן.

— כאווער אויספירקאָם-פאָרזיצער, אומזיסט האָט איר ניט מיטגעטריבן מיט זיך קיין רייטער, ווי אַ באגלייט-קראפט... די ווילדע כעוורע קאָן אונז דערציילן די מאיסע. די זעקלער שאנעוועט מען דאָ ניט... אלע טאָג... ניט נאָר וואָס... ס'א פעלער געווען, כאווער אויספירקאָם-פאָרזיצער...

דאשע האָט זיך דערמאָנט, וואו האָט זי געזעען אַזעלכע אויגן. אַסאַך אַזעלכע אויגן, מיט פליסיקייט אָנגעגאָסענע, זיינען אַרומגעקראָכן און געצאפּלט זיך אין דעם קעלער פונם קאָנטר-אויסשפּיר.

באַדין, אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אַ גרויסער, אַ בלוט-פולער, אַן אויפציטערנדיקער פון די כאיעשע בלוט-שטויסן, מיט אַ קערפּער אַ האַרטן, ווי אַ שטיין, איז געזעסן טיף פאַרוקט אין די קישעלעך פונם פאעטאָן, אַ רואיקער און אומשרעקיקער, אָבער אין די אויגן בא אים, אונטער דעם שווערן שטערן טיף היינטערן טונקעלן פערלמוטער פון די ווייסלען, צוזאַמען מיט די בלוט-שטויסן האָט אויך אומרו אויפגעבליצט. צי האָט דאָס אים די געפאַר פאַרשיקערט, אָדער ס'איז געווען דער טשאַד צוליב דאַשעס נאָענטקייט? און ווי קאָן דאָס גאָר מוירע האָבן דער כאווער יעהאראוו פאר עפּעס אַרומבלאָנקענדיקע באנדיטן, וויבאלד דער כאווער באדין איז אזוי אומבאַזיגבאַר שטאַרק און דרייסט? עס איז געווען דומפּיק און ווייטיקדיק פון באדינס שטיינערנער שווערקייט (דאשע איז געזעסן אומבאוועגלעך), און עס איז געווען אנגענעם צו פילן, אז דערדאָזיקער שטאָלענער מענטש איז אַ זיכערע שוץ אין אַ בייזער שאָ.

באדין האָט אַ שמייכל געטאָן און שטייף יעהאָראוון אין דער באָרד אַריינגעקוקט.

— פאכדאָנעס איז געפערלעכער איידער די באַנדיטן, כאווער יעהאָראוו-טו דיר דיין זאַך און האלט פעסטער די לייצעס מיט דער בייטש אין די הענט — דער וועג איז גאָרניט אזוי שלעכט.

יעהאראוו האָט זיך איינגעהויקערט און זיך פאַרשעמט, ווי פון אַ קלאַפּ. ער האָט שוין מער ניט געטשמאקעט אף די פערד, ער האָט נאָר געצופּט מיט

די לייצעס, געדרייט מיטן קאָפּ אין די זייטן און פאַרכליניעט זיך אין זיין גאווער.

מע איז אָפּגעפאָרן נאָך אַ וויאָרסט. און דאַשע האָט געפילט, אז באַדין ציטערט אויף מיט אלע זיינע מוסקלען, און עס איז קענטיק געווען, ווי ער קעמפט מיט אלע זיינע קויכעס קעגן זיין אייגענער אויפגערעגטקייט און באַהאלטענע באַגערן זיינע. ער האָט טיף אָפּגעאטעמט און מיטן גאנצן שווערן קערפּער זיינעם צוגעדריקט זי צום ווינקל פאַעטאָן. מיט איין האַנט האָט ער זי אַרומגעכאפּט פאַר די אַקסלען, און מיט דער צווייטער — אַרום בויך.

— כאווער באדין... ווּעסט ניט וואַגן, כאווער באדין... נעם אַוועק די הענט... דאָס איז אַ כארפּע...

ער האָט געשמייכלט מיט אַ שיקערן שמייכל, און די נאָזלעכער אַפן טונקעלן פּאָנים מיט די גרויסע ליפּן האָבן זיך באַ אים אויפגעבלאָזן ביז בלאַכע אויפבליצן.

— פאַרקערט, איך וועל זייער וואַגן... און איך זע אין דעם ניט אין קיין שום כארפּע... מיר זיינען אַ גוט און שטאַרק פּאָר, און אונז פּאַסט ניט מאַכן אַן אָנשטעל און פּלאפּלען פאַלשע רייד... הער אויף מאכן שטיק!... דו ווייסט דאָך, אז אין קאמף טרעט איך קיינמאָל ניט אָפּ... און דאָס, וואָס איך וויל טאָן, וועל איך אָפּטאָן... און אין קאמף באנוץ איך זיך מיט אלע מיטלען...

דאשע האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט אין קאָנוואולסיעס אף צו באפרייען זיך פון זיינע הענט, אָבער פון די ערשטע באַוועגונגען אירע האָט זי באדין צונויפגעפּרעסט אין זיינע הענט ביז צום דערשטיקן. אַ ריס געטאָן זי צו זיך, און זי האָט אף א רעגע דערזעען זיין גרויסן שוואַרצן קאָפּ און זיין צעוויל-דעוועט פּאָנים. דערנאָך האָט דערדאָזיקער פּאָנים צוגעדריקט זי מיט זויגנ-דיקע קושן און מיטן פאַרשיקערנדיקן מאַנסבילשן געדוך.

און פּלוצלונג האָט זי דערפילט, אז זיין בלוט פליסט צו איר אין קער-פּער אַריין דורך זיינע הענט, דורך זיינע ליפּן און נאָזלעכער, און ווי ענט-פערנדיק אף דידאָזיקע שטורמדיקע שטויסן, איז באַ איר ווי אַ נאָגעניש דורך אירע אָדערן אדורך, אַ כוואַליע ווייבלעכע שוואכקייט, אומקלאָרן געגוס און שרעק. עס איז געבליבן בלויז דאָס האַרץ, און דאָס האַרץ איז פאַרכאַלעשט געוואָרן און זיך ניט איינגעהאַלטן אין דער ברוסט. און נאָך עפּעס איז געווען: אַ פאַרלאנג—ווילד זיך שלאָגן, שלאָגן, ברעכן זיינע הענט, איינקלאמערן זיך אים אין גאָרגל און ווערגן אים. אַבי נאָר באַפרייען זיך פון דידאָזיקע אייזערנע אומענטשלעכע הענט...

עס האָט זיי אַ ריס געטאָן פאָרויס און אונטערגעוואָרפן אַפן פאַעטאָן. עס האָט אַ זעץ און אַ פּלאטער געטאָן צום הימל דער וואַלד, און די פעלזן האָבן מיט אַ קלונג ערגעץ זיך אוועקגעריסן.

דאשע האָט דערזעען, ווי יעהאראוו האָט אַ ברום געטאָן, זיך אָנגעהויבן שאָקלען אַפן געזעס און ווי אַ זאַק זיך איבערגעקערט אַף אַ זייט, צום פּאַ-דערשטן ראד. אין דערזעלבער רעגע האָט באדין זיך אָפּגעריסן פון דאַשען,

אַ שפּרונג געטאָן פאָרויס, און אַ פּאָך געטאָן מיט די לייצעס. די פערד האָבן זיך אַ ריס געטאָן און צעיושעט זיך אין געשפּאַן.

— שטיי!.. די הענט אַרויף!.. אַריינגעפּאַלן, טייערע נעפּאַשעס... הינטישע זין!..

פון הינטער די פעלזן און פון הינטער די שוואַרצע פּוסטקייטן פון די ווילד-געוויקסן האָבן זיך קאַראַבקעט מיט ביקסן אין די הענט מענטשן אין טשערקעסקעס און פּאַפּאַכעס.

דאַשע האָט געזען בלויז דידאָזיקע פּאַפּאַכעס און די אויגן אין די פּאַפּאַכעס. דאַשע האָט באַמערקט די רויב-שפּרונגען פון דיזאָזיקע אויגן, מיט פייער אָנגעגאָסענע. און נאָך האָט זי באַמערקט: נאָענט, נעבן איר, זיך פאַרטשעפּענדיק, האָט זיך צו די פערד געקוילערט אַ ווייס-ברעמעוודיקער קאַזאַק אָן אַ היטל, געשפּריצט מיט גאַוער און געוואַויעט פון געלעכטער, די אויבערשטע ליפּ זיינע האָט אים געציטערט ביז די סאַמע נאָזלעכער, און אונטער דער ליפּ — ניט קיין יאַסלעס, נאָר רויטע פאַלדן און גוליעס און שיטערע געלע ציין, קליינינקע, דינינקע, ווי טשוועקעלעך.

און אין דערדאָזיקער רעגע האָט דאַשע באַוויזן אַרויסצורייסן פון גאָרגל נאָר איין קורצן אָפּגעריסענעם אויסגעשריי:

— יאָג!..

און איז אַראָפּגעשפּרונגען פונם פאַעטאָן גלייך אַפן קאַזאַק און געפאַלן צוזאַמען מיט אים אַף די שטיינדלעך, אין אַ גרוב באַם וועג.

מיטאַמאָל איז זי צוגעדריקט געוואָרן פון אַן אומדערטרעגלעכער מאַסע, פּונקט ווי עס וואָלט זיך אַף איר אַרויפגעוואַלגערן אַ גרויסער האַמוין, פּונקט ווי דערדאָזיקער האַמוין וואָלט אַף איר מיט די אָפּצאַסן זיינע געטאַנצט און וועלן פאַרשטעקן זי אין אַ שמאָלן שפּאַלט. און איינס האָט זי געשפּירט — אַ שאַרף זויערן גערוך פון נאַסער פעל און אונטשעס. צי האָט מען זי געשלאָגן — געדענקט זי ניט, צי איז געווען אַ שיסעריי און געיעג נאָכן אַנטלאָפענעם — האָט זיך צו איר אויער ניט דערטראָגן. פּונקט ווי מע וואָלט זי געוואָרפן אין וואַסער, אין אַ זודיקן וואַסער-געווירבל, אַזוי האָט זי גאָרניט געפילט אויסער קנאַקנדיקער טיפקייט און שווערקייט.

און אַז זי איז צו זיך געקומען — איז זי באַ אַ פעלז געשטאַנען און אַ באַנדע, צונויפגעהויפט ווי איין שטיק פלייש, האָט געהירזשעט אַף איר, אַטעמענדיק מיטן שטיקנדיקן גערוך פון נאַסער פעל. מע האָט זי געריסן, געצופּט, געדרייט די הענט און געפליקט פאַר די האָר.

— אַ נעקייווע!.. טייוולשע נעווײלע, נעקייווע!.. אַ נעקייווע... אַ צויג, אַ לאָך אין איר בויך אַריין!..

דער פאַעטאָן איז ניט געווען, און נאָר ווייט, אין געבערג-פּאַס, האָבן פערד געטופּעט, ווי שטיינער וואָלטן זיך געשאָטן פון די האַרטע פעלזן אַראָפּ.

און ווי נאָר דאַשע האָט דערהערט אָט די ווייטע טופּעריי, איז זי גלייך געקומען צו זיך — עס זיינען אויפגעמונטערט געוואָרן דער מאַרך און דאָס

הארץ. דער כאוועך באַדין איז דאָרט און... ווייט... כאַוועך באַדין איז געבליבן גאַנץ...

איבערן וועג, אַנטקעגן דאַשען, מיט אַ פּאַריסענער פּוס אפן פּעלז (די פּוס אַ באָרוועסע, אין אַן אנוטשע), אין ברייטן קוטשערשן קאַפּטל איז געלעגן יעהאָראוו, און אַפן סאַמע וועג — זיין צעטראָטן היטל. די האָר, אַן אויער און אַ פּאַסמע באָרד זיינען פאַרליאַפּעט מיט בלוט-געדיכטעניש.

הינטערן פּעלז האָט אַ פערד מיט די נאָזלעכער געפּייפט און געבריקע-וועט זיך און מיט די מונדשטוקן געקלונגען. אַהין און צוריק זיינען קאַזאַקן איינציקווייז אַרומגעלאָפן מיט שווייסיקע און צעדולטע פּנימער.

— פיר אַהער !.. וואָס דרייען זיי דאָרט אַ קאָפּ, צו אלדי רוכעס ?..

איין פּאַפּאַכע מיט וואָנצן האָט אין מיטן געלאָף אָפּגעשטעלט זיך נעבן פּעלז און אויסגעצויגן זיך. מיט דער דלאָניע באַם היטל און מיט אן אַרויס-געשטעלטן עלנבויגן.

— א נעקייווע, הער פּאָלקאָווניק... לאָז מען זי אויפהענגען אַף אַ בוים—און פאָטער. זי, טייוולשע נעשאָמע, האָט לימארענקען ראַקאָם אני-דערגעשטעלט... דערלויבט, הער פּאָלקאָווניק...

— פיר, ניט גערעדט, דער טייוול זאָל דיך נעמען!.. אנשטאָט איר וועל איך אייך, פּאַכדאָנים, מיט אייערע אייגענע הענט אויפהענגען... בלויז אַף נעקייוועס זייט איר בעריעס, אויסוואורפן...

פלאָנטערנדיק זיך אין געוויקסן, ברילנדיק, האָט מען אַוועקגעשלעפּט זי ווי אַ גוילאם (זי איז ניט געגאַנגען, נאָר געבאַמבלט זיך אף די הענט) איבער שטיינער, גריבער, גראָז און אַוועקגעשטעלט זי גלייך אנטקעגן אַ פערד. און דאָס פערד האָט צעיושעט א כראַפּע געטאָן, די אויגן אויסגעגלאָצט און אַ ריס געטאָן זיך פון אַ זייט. דאַשע האָט דערפילט אַ פייכטן הייכן געדוך פון פערדישן שווייס, און נאָך האָט זי דערפילט, אַז עמיצנס סוקעוואַטע הענט האָבן דורשטיק זיך געגליטשט איבער אירע לענדן און צווישן די פיס. מע האָט געקלונגען מיט די ביקסן און געהודזשעט.

— ס'איז דאָך אַ נעקייווע, הער פּאָלקאָווניק !.. דערלויבט א מוקל צעקוועטשן !..

דאַשע איז געשטאַנען א גראַדע און מיטן גאַנצן פּאָנים אַפן פּאָלקאָווניק געקוקט. און דער פּאָלקאָווניק, וויגנדיק זיך אַפן פערד, האָט אויך געקוקט אף איר און געקעקסלט זיך. ער איז אויך געווען אָנגעטאָן אין אַ טשערקעסקע, מיט אַ זילבערנעם גאַרטל מיט הענגערלעך, מיט זילבערנע שליפעס אף די אַקסלען, מיט א פלאַכער קובאנקע אַפן קאָפּ. דער פּאָנים איז בא אים געווען שמוציק, ניט ראַזירט, מיט לאַנגע שוואַרצע וואָנצן אין פּאַסמעס, און דידאָ-זיקע פּאַסמעס האָבן באַדעקט די ליפּן און דעם קין. די נאָז — אַ קורנאָסע, מיט א גלאַנציקן קייקעלע, און די קיילעכדיקע אויגן איז ניט צו פאַרשטיין, צי זיי שמייכלען, צי זיי כוליגאַנעווען.

— לאָזט זי אָפּ ! צוויי שפּאַן — צוריק !..

און ווייל איר איז מיטאַמאָל געוואָרן גרינג און פריי און די לופט האָט אויפגעהערט צו שמעקן מיט נאַסער פעל, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז צווישן דעמדאָזיקן אָפּיצער אַפן פערד און דעראָזיקער באַנדע איז זי איינע אַליין. און זי האָט אַלץ שאַר געקוקט דעם פאָלקאָווניק אין פּאָנים אַריין (דאָס רויטע טיכל איז אין געטומל אַראָפּגעריסן און פאַרוואָרפן געוואָרן). מיט אַלע קויכעס האָט זי געקעמפט מיטן ניט ווילנדיקן ציטער אין די קניען און מיט דער גאַנצער ברייט פון פוס-טראָט האָט זי זיך אין דער ערד איינגעשפּאַרט.

— אַ געשוירענע... אַ קאָמוניסטקע?

— יאָ. אַן אַרבעטערין.

— ווער איז געפאָרן מיט דיר אַפן פאַעטאָן?

— דער כאַיוער באַדין, דער אויספּירקאָם-פּאָרזיצער.

— אויספּירקאָם-פּאָרזיצער? אַף וואָס פאַר אַ לאָשן איז עס?

— פאַרשטענדלעך — אַף רוסיש.

— דאָס לייגסטו. די רוסישע שפּראַך איז ניט אַזאַ. דאָס איז אייער זשאַרגאָן — אַ אידישער צי אַ גנייווישער.

— באַ אונז, אין ראַטנרוסלאַנד פלאַדיען זיך ניט קיין גאַנאַווים: מיר שיסן זיי אָן ראַכמאָנעס.

פון הינטן האָט עמיצער מיט אַ פערדישן געלעכטער אויסגעשאָסן.

— אָט, דער רויך זאָל זי נעמען, טייוולשע נעקייווע... באַלעבעטשעט, ווי אַ מעטורעפּע, ווי אַ סאַראַקע.

— אָט וועל איך זי אויפהענגען אַף אַ צווייג, וועט זי באַ מיר אַ באַלעבעטשע טאָן פון אַן אַנדער לאָך...

אין דאַשע און דער פאָלקאָווניק האָבן איינע פון די אַנדערע די אויגן ניט אָפּגעריסן.

— און באַ אייך זיינען אַלע אַזעלכע קאָמוניסטן, ווי דעראָזיקער גובערנאַטאָר אייערער? אין געפערלעכע מאָמענטן איבערלאָזן אַ כאַווער איז אַנגענומען?

— דאָס טרעפט קיינמאָל ניט. דאָס האָב איך דאָך אַליין אַזוי אָפּגעטאָן...

דער פאָלקאָווניק האָט אַ צופּ געטאָן די וואַנצעס, און די באַק-ביינער האָבן באַ אים אויפגעציטערט און זיינען אויפגעבלאָזן געוואָרן. ער האָט געשמייכלט.

— אַהאַ, אַליין... וואָס זשע — אויסגערעכנט אַף אונזער נאַרישקייט?

— דאָס איז שוין אייער זאַך ווי צו פאַרשטיין... אָפּגעטאָן און — נאַ!...

דער פאָלקאָווניק האָט געפּאָכט מיט דער נאַהאַיקע און געקוקט אַף איר מיט אַ שמייכל פון אַ קאַלמיקישן אָפּגאָט.

און דאַשע האָט די גאַנצע צייט געפילט אַן אומגעוויינלעכע לייכטקייט. די ברוסט האָט געאָטעמט רואיק, און דער קאָפּ איז געווען ווי אויסגעליידיקט — ניט קיין געדאַנקען, ניט קיין ראַכמאָנעס, ניט קיין שרעק. ווי זי וואָלט קיינ-

מאָל ניט געווען אזוי פריי און יונג, ווי איצט. און זי האָט זיך געוואונדערט: פאַרוואָס ציט דאָס אזוי צו זיך יענץ סאָסנעלע אַפן פעלז, באַם סאמע שפּיץ באַרג (אוי, ווי הויך!...)? פאַרוואָס זעט זי דאָס צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אזא געדיכטע לופט איבער די בערג און פאַרוואָס איז דידאָזיקע לופט אזוי מאָדנע באַפאַרבט? און ניט דאָס סאָסנעלע איז דאָ דאָס וויכטיקע, און ניט די לופט, נאָר עפּעס אַנדערש, אייגנס, טיפס, באַפליגלטס, עפּעס אזוינס, וואָס זי ווייס ניט, ווי עס אָנצורופן...

— דו רעדסט אָפנהערציק און געוואַגט, געשווירענע. און דו האלסט זיך גאַנץ פריילעך... אזא פאַל איז באַ מיר — צום ערשטן מאָל. אייערע קאָמוניסטן, ווען זיי פאלן אריין צו מיר אין די הענט, דרייען זיי זיך ווי ווערים... עפּשער מיינסטו, אז איך וועל דיך אָפּלאָזן, ווייל דו ביסט אַ פרוי? טראַכט אַפילע ניט: איך וועל דיך באלד אויפהענגען. ניט שיסן, נאָר דאַפקע אויפהענגען.

— ס'איז מיר אלציינס... דערויף בין איך דאָך געגאנגען...

די באק-ביינער באַם פּאָלקאָווניק האָבן זיך אָנגעבלאָזן און געצאפלט, און די וואנצעס זיינען געווען לעבעדיקע, ווי שפּינען.

— איך בין אייער פאַרביטערטער סוינע, און יעדן קאָמוניסט פאַרניכט איך אָן ראַכמאָנעס. נאָר איך מוז זיך מוידע זיין, אז דו האלסט זיך דערווייל ניט שלעכט. נאָר אָט וועל איך באלד זען, ווי דו גייסט געהאנגען ווערן...

ניט אָפּרייסנדיק פון איר די אויגן, האָט ער אויפגעהויבן די נאַהאַיקע צום קאָפּ.

— באַיסטרוק!...

פון דער באַנדע איז הוידענדיק זיך ארויס איינער אַ קאזאק מיט אַ באָרד אין אַ שווארצער פּאפּאכע. די באָרד זיינע האָבן די ליפּן ניט צוגעדעקט: די ליפּן זיינען געווען רויטע, און די אויגן—גרינע. און אינגאַנצן איז ער געווען אַזאַ געהאָרכזאמער, שטומער און שווערער.

ער האָט גענומען דאַשען אונטערן ארעם און די האנט זיינע איז אויך געווען אזא שווערע און שלאבעריקע. און ניט די האנט האט זי געפירט, נאָר זי האָט געטראָגן די האַנט, און דידאָזיקע האַנט, האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז אַ מעאויעמדיקע: איין מינוט וועט נאָר פאַרביי, און זי וועט אנידערפאַלן אונטער דער שווערקייט פון דערדאָזיקער האַנט.

דאָס סאָסנעלע אַפן באַרג שטייט אין געדיכטער פייערדיקער לופט (אוי, ווי הויך!...). אזוי גוט און פאַרשיקערנדיק שמעקט מיט פרילינג, און די בלעטעלעך אף די בוימער לאָזן זיך פאנאנדער און שעמערירן ווי גלי-ווערימלעך און ווערן דורכגעשאָטן מיט רעגנבויגנדיקע שטראַלן. און דאָס טייכעלע שפּילט מיט זיינע שטיינדלעך. דאָס טייכל איז אויך רעגנבויגנדיק. און די שווערע האַנט שלעפּט אומדערטרעגלעך אַראָפּ. דער קאָפּ איז אזא פרישער באַ דאשען, און קיין געדאַנקען זיינען ניטאָ, און אנשטאט געדאנקען—בונטיקע לופט-פאַרבן. און אלץ איז אזוי בוילעט, דורכזיכטיק און פליגלדיק. און ווייל די האַנט האָט אַזוי טויט געשטיקט, און דאָס סאָסנעלע אַפן שפּיץ באַרג האָט אזוי גענארט

צו זיך, האָט דאשע געוואָלט עפּעס זיך דערמאָנען און בעשום אויפן ניט גע־קאָנט: עפּעס דאַרף מען זיך דערמאָנען, עפּעס זייער וויכטיקס, דרינגענדיקס, אַזוינס, וואָס עס האָט אַ קאָלאָסאַלן זינען. סאַראַ גוטע לופט — פרילינג!...
און דאָס סאָסנעלע — עס איז אינגאַנצן אין געפּלי, — עס האָט זיך אָנגעבויגן איבערן אפּגרונט און צעגומען זיינע פליגלען (אוי, ווי הויך!...). יאָ, יאָ...
אין דעם איז עס באַשטאַנען... דער כאַוער באַדין איז לעבעדיק געבליבן, דער כאַוער באַדין איז זייער אַן אויסגעצייכנטער טוער... און זי, דאשע, איז אַ שטויבעלע: געוועזן און ניטאָ זי מער...
נעבן איר האָט געסאַפּעט און געשנייצט זיך דער צעשויבערטער כעוורע־מאַן. און זי האָט ניט געזען דעמדאָזיקן כעוורעמאַן, זי האָט נאָר געזען די לופט און די געדיכטע לילאָווע טיפקייטן.
און דער שטריקל האָט אַ שמיצער געטאָן ערגעץ ווייט, הינטערן האַלז — עס האָט אינגאַנצן ניט באַרירט דעם באַוואוסטזיין און — עס האָט ניט וויי געטאָן.
יאָ, יאָ... גליעב.. דאָס איז דאָך געווען אַזוי לאַנג... ליבער, נאַרישער גליעב!... אַזאַ גרויסער איז ער, אַזאַ נאָענטער און אַזאַ נאַרישער... אָט האָט ער פאַרביי געשוועבט און — עס טוט ניט באַנג. אוי, ווי ווייט!... לילאָווע טיפקייטן און דאָס סאָסנעלע, און אַ פייערדיקער רעגן אויף די פרילינגדיקע ביימער...
ווידער האָט פאַרבייגליטשנדיק זיך אין באַוואוסטזיין דער שטריקל אַ שמיצער געטאָן, און ווידער האָט די שווערע האַנט אויפן אַקסל זיך אַרויפגע־וואַלגערט.
נו, יאָ. זי איז געגאַנגען צוריק אונטערן הימל: פאָרויס — דער ברוינער פעלד, הינטער אים — רויכיקע וואַלד-געריכטן, און הינטערן וואַלד, אין דער לופטיקער טיפקייט, ביזן סאַמע הימל—דער גרינער באַרג.
דער פּאָלקאָווניק האָט ווידער ווי אַן אָקס אַ קוק געטאָן אויף איר, און די וואַנצעס זיינען געלעגן ווי נאַסע שמאַטעס אויף זיינע ליפּן און באַקין.
אויסער איר און דעמדאָזיקן מענטשן אויפן פערד איז קיינער ניט געווען.
— ביסט אַ ברען, געשוירענע!... דערדאָזיקער נומער איז באַ דיר אַרויס גאָר נישקאָשע. באַזונדערס גוט איז, וואָס דו ביסט אַ פרוי... דו קאָנסט גיין... ס'וועט דיך קיין שום הונט ניט אָנרירן.
ער האָט דאָס פערד מיט דער נאַהאַיקע אַ שמיץ געטאָן. דער מילך האָט באַ איר אַ טיאַכקע געטאָן, און דאָס פערד איז מיט צוויי שפּרונגען פאַר־שוואונדן אין די קוסטן.

3

# אן אנגעבלאָזן הינדל.

דאַשע האָט ניט געדענקט, ווי זי איז פונם געבערג-פּאַס אַרויס. זי האָט ניט געדענקט, צי זי האָט עמיצן באַגעגנט אַפן וועג, אודער זי איז געגאנגען אליין, און ווי זי איז געגאנגען—צי ווי אַ שרעקעדיקער האָז, אָזוי'ער מיט די לעצטע קויכעס קוים געפּלאנטערט מיט די פיס. איינס האָט זיך נאָר העל און פריידיק איינגעשניטן באַ איר אין זיקאָרן: די גראָע טשובאטע פויגעלעך אַפן וועג. זי גייט—און גראָע פויגעלעך שפּרינגען איר נאָך. זיי פליען אַוועק, ווערן ניט, און דאָרט, ווייטער—ווידער דיזעלבע טשובאַטע פויגעלעך. זיי הויבן אויף אף איר זייערע טשובעלעך, גיבן א צווישטשער—און ווידער ניטאָ. עפשער זיינען זיי אין געבערג-פּאַס גאָרניט געווען, נאָר איצט בלויז זיינען זיי דאָ: אָט זיינען זיי, די גראינקע טשובאטע פויגעלעך...

און ווי נאָר עס האָט זיך פאר איר אָפּגעדעקט די הינטערבאַרגיקע ברייט מיט די פלאכע טאָלן, האָט זי גלייך דערפילט, אז זי איז—איינע אַליין צווישן אָט דידאָזיקע בערגיקע ווייטן, אַז די נאַקעטע רויכיקע ווייטן מיט דעם פלאַמענדיקן אַשיקן וועג זיינען פול מיט אוראַלטן שוידער און קריכן אף איר מיט זייער ענדלאָזער פוסטקייט און לייזן זי אויף אין אן אומזיכטבאַרער גרעזעלע.

פון הינטן זיינען בערג אף בערג געקראָכן און עס האָבן זיך געשווארצט באַרג-שפּאלטן, האָריקע פון געדיכטע אוראַלטע וועלדער.

דאָרט, אין באַרג-הייל, איז געווען נישקאָשע, נאָר דאָ, צווישן מענטשלאָזן געבערג, אין מיכן די קוואדראטן אקער און גרינסן, — האָט זי זיך דערפילט הילפלאָז, איינזאַם, פאַרלאָזט אין דער אנענדלעכער ערדישער הוילקייט.

דער באַרג-הויל... די אומדערטרעגלעך שווערע האַנט... יאָ, יאָ — דאס סאָסנעלע אפן הויכן און ווייטן באַרג-שפּיץ...

דאַשע איז געלאפן א בלינדע פון שרעק, מיט אַ הארץ, פון בלוט פאַרכליניעטן, אָן לופט אין האַלז, מיט אָפּגעבריטע לונגען.

ווייט, הינטער די כוואַליעס בערגלעך, אַף אַ הויכן באַרג האָט זיך אין סעדער דער ישעוו געטוקט, און איבער די סעדער האָט זיך ווי אַ הויכער סטויפּ דער גלאָקן-טורעם געוויסט מיט איין שוואַרצן אויגל אינדערהויך. און דאָרט, ווייטער, הינטער דעם ישעוו, הינטער די בערג האָט וואָלקנדיק זיך געקרויכערט א שורע באַרג-שפּיצן.

מיט די לעצטע קויכעס איז דאַשע אפן בערגל אַרויפגעיאָפּן. דער ישעוו האָט זיך אין ווייטקייט געגעפּלט און איז געווען מענטשן-פרעמד און פאַרכמורעט: ער איז געווען בלינד, דער ישעוו, אָבער, ווי אַ וואָלף, מיט די סטעפּ-אויגן האט ער אלץ געזעען: ער האָט געזעען דאַשען אי דאָ, אין דאָרטן, אין באַרג-שפּאַלט. דאָס האָט ער, דער ישעוו, אַ באַבעדלטער, אין

אַ פּאַפּאַכע, אַרויפגעלייגט אף איר א טויטע האַנט און פאַרוואָרפן זי אין דעמדראָזיקן טויטן העק. ער איז — אַ בלינדער, אַ צעשויבערטער, אַן ערדענער און די אויגן זיינען בא אים מיט כאַיעש בלוט אָנגעגאָסן.

דאַשע האָט זיך פאַרטשעפעט פאַר א שטיין און איז געפאַלן מיט דער ברוסט אין שטויביקן וועג. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון ווייטיק אין דער קני און, אונטערהינקענדיק, איז זי אַוועק אָן אַ זייט און אַנידערגעזעצט זיך אפן גראָז, נעבן אַקער-פעלד.

בלויער הימל, און הויך-הויך איבערן קאָפּ — דורכזיכטיק געשטרייפטע וואָלקנס און דורך זיי בלויט ווידער דער הימל. און רויכיקע כוואַליעדיקע וייטן, און אַ שטילקייט נאָך אַ טיפערע און ניט אויסמעסטלעכע, איידער די וייטן, ווי עס וואלט מיט דערדאָזיקער שטילקייט אָטעמען די ערד אין אירע געדערים.

אי רעכטס, אי לינקס — יונג בייוועגיק גראָז, דורכזיכטיקס, מיט גאָל-דענעם שטויב באַשאָטן, און ווי פייערלעך ברענען אומעטום געלע בלימעלעך, לופטעלעך געבוירענע, ווי הינדעלעך. זיי באַוועגן זיך און לויפן צו איר פונ-דערווייטנס, אַזעלכע שיינינקע און ליבינקע...

און ווי נאָר דאַשע האָט דערזעען דידאָזיקע בלימעלעך, האָט זיך דאָס הארץ בא איר מיט צאַרטקייט צעברויזט. עס איז איר ענג אין האַלז געוואָרן, די ברוסט האָט זיך בא איר אַ צאַפּל געטאָן, זי האָט אויסגעשריען און בא-גאָסן זיך מיט טרערן. דערנאָך האָט זי עפּעס מיטאמאָל זיך באַרואיקט — אנטשוויגן געוואָרן, אָבער אויפהויבן זיך האָט זי ניט געקאָנט — קיין קויעך ניט געווען. האָט זי אלץ אזוי געקוקט אף די לופטעלעך און אָן גדאַנקען זיך איינגעהערט אין דער ערדישער שטילקייט.

און זי האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין, צי די שטילקייט קלינגט עס אזוי אין די אויערן, ווי אַ דין-אָנגעצויגן פעדימל, אָדער דאָס האָט די לערכע אַזוי געזונגען. זי האָט אַ קוק געטאָן אף די דורכזיכטיק געשטרייפטע וואָלקנס און געזעען — אויך דאָרט ציטערן קלאַנגען פון ווייטע סטרונעס. עפּשער זינגען דאָס טאַקע די וואָלקנס, און עפּשער לאכן דאָס אַזוי די פייערדיקע בלימעלעך...

פון הינטערן בארג זיינען אפער זיינען אין גאַלאָפּ און מיט טלאָ-געהילך דייטער רויטאַרמייער אַרויסגעשפרונגען, מיט די ביקסן אף די פּלייצעס. פאָרויס האָט זיך געטראָגן מיט דער גאנצער קראַפט פון זיין פערד אַ טונ-קעלער מענטש אין שוואַרצן לעדער אָנגעטאָן. דאַשע האָט אויפגעציטערט און איז אויפגעשפּרונגען אף די פיס.

— כאַווער באַדין!

די רויטאַרמייער האָבן פונדערווייטנס זיך צעשריען, די ציין געשטשי-רעט און מיט די הענט געפאכט.

דאשע האָט אויך א געשריי געטאָן און האָט זיך א לאָז געטאָן באַדינען אַנטקעגן.

דער אויספירקאָם-פּאָרזיצער האט דאס פערד אָפּגעשטעלט און פון זאָטל אַראָפּגעשפּרונגען.

— דאַשע !...

זי האט מיטביידע הענט באדינס האנט אָנגעכאַפּט, געלאכט און געוויינט.

רויטאַרמייער האבן זיי אַרומגערינגלט און איינער דעם אַנדערן איבערגעשריען.

איינער פון די רייטער האָט לאַנג און שווייגנדיק געקוקט אַף איר (א ביינערדיקער, מיט א גרויס מויל, מיט אויגן טיף אונטערן שטערן), דערנאָך איז ער פונקט אַזוי שווייגנדיק אַראָפּגעקראָכן פון פערד און אַנידערגעלייגט זיין האַנט צו איר אַף דער פּלייצע.

דאשע האט זיך צעלאַכט, געכאַפּט דעם רויטאַרמייערס האנט און געדריקט זי פונקט אזוי, ווי זי האָט געדריקט באדינס הענט.

— אַ דאַנק, כאַווער... איך ווייס דאָך גאָרניט, וואָס פאַר א גוטע איר זייט אַלע... צוליב מיר האט איר זיך אַ גאַנצער פּאָלק אויפגערודערט... דער כאַווער באדין איז א צו הייסער...

די רויטאַרמייער זיינען אַף די פערד געזעסן, האָבן זיך געריבן אָן די פערדישע זייטן, געקוקט אַף איר מיט פאַרכידעשטע אויגן און געלאַכט. און דער מיטן גרויסן מויל האָט זי אַריינגעזעצט אין זאָטל אַריין, אויסגעשטשירעט די ציין און אַלץ אזוי שווייגנדיק אַרויסגעשלעפּט פון כטרעמענע די פוס פון א צווייטן רויטאַרמייער און מיט איין שפּרונג אַפּן פערד זיך ארויפגעכאַפּט.

באדין איז געריטן נעבן דאשען און דעם גאַנצן וועג האָט ער זאָרגעוודיק אָפּגעהיט זי און אונטערגעהאַלטן אַף די אַראָפּן און אַרויפן, געפּרואווט די רימענס פון זאָטל, דאס צוימל און די לייצעלעך. דאשע האט באמערקט זיין זאָרגן וועגן איר און מילד געשמייכלט צו אים.

— נו, איז וואָס זשע איז געוועז מיט דיר? דערצייל...

— גאָרניט, כאַווער באדין... נו, זיי האָבן זיך אַביסל ארומגעפּאָרעט און אָפּגעלאָזט... וואָס, זיך נאַריש מאַכן מיט ווייבער? זיינען זיי אוועק — און גאָרניט...

און ווידער זיך צעלאַכט.

און באדין האָט פאָרשנד געקוקט אַף איר מיט א פאַרשטאנדיקן בליק און ווייך געשמייכלט (אזא שמייכל האט קיינער ניט געזעען באם אויספירקאָם-פּאָרזיצער) און ביז דעם סאַמע ישעוו איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון איר, און אַלץ זאָרגעוודיק געפּרואווט דעם זאָטל—צי זיצט אַף אים דאַשע גענוג פעסט.

באם וואלאויספירקאָם, אַפּן פּלאַץ, נעבן קלויסטער, זיינען געשטאַנען וועגענער און פערד אויסגעשפּאַנטע נעבן זיי, עס האָבן געפּאָכט מיט די ווײדלען און געדרייט מיט די באהאָרנטע קעפּ קי און שאָף. די קאָזאַקן האָבן ווי אַף א מאַרק זיך אַרומגעדרייט און געטומלט, און די ווייבער האבן געוואָיעט

און געשריען. אינגלעך אין פּאַפּאַכעס און אָן פּאַפּאַכעס האָבן די פערדלעך געטריבן און אין שפּרינגערלעך געשפּילט. און ערגעץ נאָענט, אין הויף פונעם אויספּירקאָם, צי אין אוילאָם גופא, אַפן פּלאַץ דאָרט, האָט א שיקערע שטים הייזעריק עפּעס אויסגעשריען און געקלאָגט זיך אין עפּעס א לידל. עס האָט אים ניט געקלעקט קיין שטים אַף שרייען. ער האָט געזיפּצט, געקרעכצט, זיך פאַרהאַקט, און פונדעסטוועגן געזונגען, אָנגעשטרענגט זיך און אַרויסגעכריפּעט אַלץ איינע און דיזעלבע ווערטער, ווי א געררירטער.

באַרשטשי אין א טשערקעסקע מיט א קינזשאַל האָט געפינקלט מיט די אַזיאַטישע ווייסלען, געזעסן נעבן טיש און פלייסיק געקריצט מיט דער פעדער איבערן פּאַפּיר. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, א בליק געטאָן מיט די ווייסלען אף דאַשען, און דאָס פּאָנים זיינס, דאָס פּאָנים פון א קריגער פון דער „טייוולשער מייע”, האָט מיט קיין אָדערל ניט א ציטער געטאָן. ער האָט נאָר ווי אַן אָקס אַרויסגעברומט:

— אַהאַ, דיין גליק, וואָס דאָס מאָל האָט זיך דער טויט אַרויסגעוויזן מיט אַ שטיקל מעשוגאַס...

באַדין איז מיט א שווערן טראָט, ווי באַ זיך אין אויספּירקאָם, צוגעגאַנגען צום טיש און ווידער געוואָרן פאַרשלאָסן און קאַלט.

— כאַווער באַרשטשי, פאָדער אַרויס אַהער סאַלטאַנאַוון.

באַרשטשי איז ווייך און שלאַנק, ווי א פּרוי, צו דער טיר צוגעגאַנגען.

— כאַווער סאַלטאַנאַוו, דער אויספּירקאָם-פּאַרזיצער פאָדערט.

און ווידער מיט דערזעלבער גראַציע צוריק אַף זיין אָרט זיך אומגעקערט.

און ווי נאָר סאַלטאַנאַוו איז אַריין און געבליבן שטיין נעבן טיש, האָט באַדין גלייך קאַלט, צווישן די ציין, קוקנדיק אף אים שטאַר פון אונטער די ברעמען אַפער, אַרויסגעזאָגט:

— כאַווער סאַלטאַנאַוו, דו ווערסט באַזייטיקט פון אויספּילן די אויפגאַבע, וואָס איז אף דיר אַרויפגעלייגט געוואָרן, און דו ווערסט אַרעסטירט. מאָרגן וועט איר צוזאַמען מיט באַרשטשין אַוועק אין שטאָט. דאָרט וועל איך גלייך איבערגעבן דעמדאָזיקן איניען אין רעוואָטריבונאַל.

סאַלטאַנאַוו האָט צוגעלייגט די האַנט צום היטל, אויסגעצויגן זיך און, שטאַר קוקנדיק אף באַדינען מיט די אויסגעשטעלטע לאַכנדיקע אויגן, געשטעלט צוויי טריט אַהינטער.

— איך האָב שטרענג און פּינקטלעך אויסגעפילט אַלע פאַראָרדענונגען, וואָס איך האָב באַקומען אין גובאויספּירקאָם.

באַדין האָט זיך אָפּגעקערט און שטום א קוק געטאָן אַף באַרשטשיס היטל.

— כאַווער באַרשטשי, ליקווידיר דידאָזיקע מוזיק אַזוי, אַז דערדאָזיקער פאַקט זאָל אויסגענוצט ווערן צו אונזער גונסטן. די פיינטלעכע שטימונג דאַרף אַפן גרינטלעכסטן אויפן געבראָכן ווערן. אַז דו וועסט צוריק קומען פון

שטאָט, זאָלסטו גלייך אויפהויבן אלע שיכטן פון סאַמע אונטערשטן אָן. קום אָפּן פּלאַץ.

און ווען זיי זיינען געגאַנגען צו די וועגענער אין דרייען: באדין באַרשטשי און דאשע, האָבן די קאזאקן אין די פּאפּאכעס, די פּויערים און ווייבער געקוקט אַף זיי מיט איינגעפאַלענע בלינדע אויגן. די וועגענער זיינען דאָ געשטאַנען גאַנצע מעסלעסן, און גאנצע מעסלעסן האָבן, ניט אָפּטרעטנדיק פון זיי, זיך ארומגעדרייט דאָ די פויערים און באַנאַכט זיינען זיי געזעסן אַרום די שייטערס, ווי די ציגיינער.

באדין איז ארויפגעשפּרונגען אף א וואגן און באקוקט דעם אוילאָם מיט קאַלטער לויטערקייט אין די אויגן.

— בירגער—קאזאקן און פויערים!..

די ווייבער האָבן זיך צעשריען און צעפילדערט נעבן די וועגענער און פאַרהילכט זיינע ווערטער. און ווי צעיושעטע פון די ווייבערשע געשרייען און קוויטשערייען, האָבן זיך די פויערים צערעוועט, מיט די הענט זיך צעפּאכט, און די פּענימער זייערע האָבן זיך אָנגעבלאָזן און געפּלאצט מיט מיילער און אויגן.

באַרשטשי איז אויך אַף א וואגן ארויפגעשפּרונגען, א מאך געטאָן מיט דער האַנט און אויסגעשריען אפן מיליטערישן שטייגער, הילכיק און ווילד:

— אבער שווייגט דאָך, טייוולשע יונגען!.. הערט, וואָס עס וועט דאָ ריידן דער העכסטער אויספירקאָם-פּאָרזיצער... רעוועט ניט, בירגער, קיין בראָנפן איז דאָך ניטאָ... און אז עס וועט זיין—וועט וועגן דעם א קרעבס אין א פויק אויסקנאקן פאר אייך די בסורע.

און ער האָט די ציין אויסגעשטשירעט. דערדאָזיקער אויסגעשריי באַר-שטשים (א, באַרשטשי—דער איז אן אייגענער, א היגער קאָזאַק!) איז ווי א כוואַליע איבער דעם האמוין אדורך און האָט דעם טומל אונטערגעריסן. אין די פאָדערשטע רייען האָבן דורך די בערד ציין א בלישטשע געטאָן.

— בירגער—קאזאקן! פאר אומגעזעצלעכע מאיסים האָב איך דעם שעף פון דער קרייז-מיליציע ארעסטירט. שפּאנט איין די פערד און פאָרט אייך מיט אייער גוטס אהיים. די צוגאב-נאָרמע פון דער ברויט-רעקוויזיציע, וואָס איז אף אייך לויט דער פאַראָרדענונג פון דער מאכט ארויפגעלייגט פאר דער רויטער ארמיי, פאר אייערע אייגענע זין, וואָס שלאָגן זיך מיט די פּריצים און גענעראַלן, וועט פון אייך אָראָפּגענומען ווערן. איך זאָג עס אייך אָפן. ניט וועגן דער מילכאָמע טראכטן מיר איצט... מיר ווילן ניט, אז אונזערע פעלדער זאָלן מיט בלוט באגאסן ווערן... אונזער זאָרג איז איצט וועגן אונזער פאָלקס-ווירטשאַפט... אבער ניט אונזער שולד איז עס, נאָר אונזער אומגליק, אויב די פּריצים און די גענערעלער לאָזן אונז ניט רואיק אָן אָטעם טאָן... ניט וועגן בלוט איז אונזער דאיגע, נאָר וועגן דער ערד, ניט וועגן מענטשן אַף גיין אין שלאַכטן, נאָר וועגן אָרבעטער פאר די פעלדער, וועגן פי, וועגן פרידלעכער פי... ניט קיין ברויט-רעקוויזיציע—זי ווערט אָפּגעשאפט, זי ווערט אויס, איר וועט וועגן איר מער ניט הערן!.. נאָר שפּייכלערס, פולע מיט טוואוע, אלע

פעלדער צעאַקערטע... פילפעלדערקייט... סכוירעס פאר די ישואווים און דערפער...

באדין האָט גערעדט וועגן נער-שטייער, וועגן קאָאָפּעראַציע, וועגן דע-מאָביליזאציע פון דער רויטער ארמיי, וועגן אייזן, וועגן מאַנופאקטור, וועגן באקאליי... און דאָ טאקע אויסגעשריען וועגן כאוועך לענין, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס אָפּגעגעבן דעם פויער און ארבעטער.

דער האמוין האָט גערוישט, געכליופּעט, געסאפּעט, צוניפגעטוליעט זיך אין א געדיכטע טשערעדע נעבן די פיס פון די פּאָרזיצער. באדין האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויפגעהויבן א האנט און נאָך עפּעס געוואלט זאָגן, נאָר דער אוילאָם האָט זיך צעפילדערט, צעשריען, צערודערט, צעיאָגט. הורבעסווייז, קופּקעסווייז האָבן זיי זיך מיט די הענט צעפּאָכעט, אַף די וועגענער גע-קראכן מיט פּענימער, באגאָסענע מיט בלוט פון פרייד.

און ווי נאָר עס האָבן זיך בארואיקט און עס האָבן זיך אפגערוקט די באַד-רויטע פּענימער, און עס האָבן זיך צעסקריפּעט די וועגענער, האָט באר-שטשי די ציין אויסגעשטשירעט.

— איז בעט איך אייך, כאוועך באדין, אז איר זאָלט באפרייען פון ארעסט דעם כאוועך סאלטאנאוו. זיך צעווערטלט אביסל און—באסטא. ווייטער וועלן מיר קליגער זיין.

באדין האָט זיך ווידער פארשלאָסן אין זיך און ווידער געוואָרן פרעמד און קאַלט.

— כאוועך בארשטשי, יעדער רייסערייַ און פעלער פון די פּאראנטוואָרט-לעכע טוער דאַרף דינען ווי א לעקציע ניט פאר זיי אליין, נאָר אויך פאַר אַנדערע כאַוויירים. עס וועט געטאָן ווערן אזוי, ווי איך האָב געזאָגט. גיב איבער די איניאָנים א זיכערן כאוועך. מארגן פאָרסטו ארויס צוזאמען מיט מיר אין שטאָט.

דעם גאַנצן טאָג און אוונט איז דאשע געווען בא די פרויען. באדין איז אויך געווען מיט איר. זי האָט גערעדט מיט די פרויען און ער האָט אויך גע-רעדט. און פרויען אין דעם היינטיקן טאָג פון פרייד איז געווען אסאך. און דאַשע האָט ערפאָלגרייך אויסגעפירט איר שליכעס. אוף, מיט די פרויען פון דעם ישעוו האָבן צו טאָן—דאָס איז די סאמע פארשאָלטענע אַרבעט!..

און קיינמאָל נאָך האָט דאַשע באדינען ניט געזעען אַזעלכן, ווי אין דעמדאָזיקן אוונט. ווען זי האָט זיך מיט זיין בליק באגעגנט, האָבן אין זיקאָרן אויפגעפינקלט די געלע בלימעלעך אין פעלד. אין די אויגן זיינע האָט דאשע געזעען שטומע אנטציקונג און ליבע-פייער צו איר, וואָס לעשט זיך ניט אויס. און ביזן סאמע שלאָפן גיין איז ער אַף קיין איין טראָט ניט אָפּגעטראָטן פון איר, אַן אנגעשטרענגטער פון צארטער זארגעוודיקייט וועגן איר.

און אין גאַסט-צימער אין אויספירקאָם האָט דאַשע (זי ווייסט אליין ניט, ווי אזוי האָט עס פּאַסירט) פארבראכט מיט אים א נאַכט אין איין בעט, און צום ערשטן מאָל פאר דידאָזיקע יאָרן האָט זי פון זיין שטורמישן בלוט איבער-געלעבט אין דידאָזיקע נאַכטישע שאָען אומפארגעסלעכע ווייבלעכע לײדנשאַפט.

IX

# דער ברעמסבערג

1

## מאסן.

דער טעכנישער אָנפירער, אינזשענער קלייסט, אַ טרוקענער און ביי־נערדיקער, פירט פּערזענלעך אָן, אָנשפּארנדיק זיך אַפן גראָבן שטעקן, מיט דער אַרבעט פון די מאַסן, און געזעצטע טעכניקער, און פלינקע צענדליק־עלטסטע דעזשורירן קעסיידער נעבן אים, אויסגייענדיק פון מידקייט, און פּאָדערן אָנווייזונגען. און ער, אַ סוטולעוואַטער און כאָשעווער, ווארפט פאַרביי זיי רואיק און קאַלט זיין קוים הערבאַרע קאמאנדע.

דער אינזשענער קלייסט — דאָס איז אַן איבערגעגעבענער ספּעץ פון דער ראַטן־רעפּובליק... דער אַרבעטער גליעב טשומאלאָוו איז פּעאיק צו זיין א פריינט פונם אינזשענער קלייסט...

ער שטעלט זיך אָפּ ניט ווייט פון גליעבן, אַ קאָנצענטרירטער אין זיך, און עטלעכע מאָל דורכאַנאַנד באַקוקט ער אויפמערקזאם דעם גאַנצן פאַרנעם פון די באַרג־ארבעטן, און אין די אויגן זיינע כאַפּט גליעב שטאָלץ און אויפבליצן פון אויפרעגונג.

גליעב פאַרוקט דעם העלם אף דער פּאָטיליצע, שמייסט אַראָפּ די טראָפּנס שוויס פון פּאָנים און שטשירעט פריילעך די ציין.

— נו, וואָס, כאַווער טעכנישער אָנפירער?.. איר געדענקט, איר האָט געזאָגט, אַז דידאָזיקע מאכינע איז אף אַ כוידעש אַרבעט? און איר זעט — מיר טראסקען ערשט צום דריטן מאָל... כעוורע מיט ביינער, א?

דער אינזשענער קלייסט האָט אָנגעצויגן א שמייכל געטאָן און, פאַר־היטנדיק די רעגילעסדיקע כאָשעוודיקייט, איבערייסנדיק די געשעפּטלעכע אנגעשטרענגקייט, טרוקן געזאָגט:

— יאָ, יאָ. מיט אַזא אַרבעטס־פאַרנעם קאָן מען וואונדער באַווייזן.

נאָר דאָס איז אַ ניט שפּאַרעוודיקע קויכעס-פאַרשווענדונג: דאָ איז ניטאָ קיין פּלאַנמעסיקייט און אָרגאַניזירטע אַרבעט-צעטיילונג. ענטוזיאַזם איז, ווי אַ שלאַקס-רעגן: ער דויערט ניט לאַנג און איז שעדלעך.

— אַ באַוואוסטער פאַקט, כאַ'זשער טעכנישער אָנפירער... מיט ענטו־זיאַזם קערן מיר איבער בערג. בעשאַס כּורבן דאַרף מען נאָר דערפון אָנ-הויבן, און אַז מיר וועלן אויפלעבן אָט דידאָזיקע גאַנצע טייוולשע מאַיסע, אָט דאַמאָלסט וועלן מיר פּלאַנמעסיק זיך לערנען דעם פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע.

דער אינזשענער קלייסט האָט געכאַפּט דעם שפּילעוודיקן געלעכטער אין גליעבס אויגן און האָט ווי פון קעלט אויפגעציטערט. אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן שטעקן, איז ער אַוועק באַרג אַרויף צו די ברענענדיקע אַבעליסקן פון דער עלעקטריע-איינריכטונג.

ס'האָט אומרערטרעגלעך געשמעקט מיט זון — מיט שטיין-גלי און מיט געבראָטן גראָז. אין מויל און אין די אויגן האָט געברענט דער שטויב.
אין די בערג האָבן גלעקער געקלונגען.

ס'איז גוט. אַלץ איז ריזיק און ענדלאָז. די זון איז אַ לעבעדיקע, ווי אַ מענטש. די זון איז נאָענט און שטורמיש זעטיקט זי אָן מיט בלוט יעדע צעל פון קערפּער. און דאָס בלוט איז לעבעדיק בלוט, וואָס זינגט מיט זון.

מאַסן — טויזנטער הענט, צונויפגעפלאָכטענע אין טויזנטער פאָכן, אין געבריל פון גראָבאַייזנס און האַמערס, טויזנטער קערפּערס אין שופנאַרטיקער מעכטיקער באַוועגונג פון איין קערפּער... אַ לעבעדיקע מענטשן־מאַשין, וואָס טרייסלט אויף די שטיינער-גרונטן...

צו די הויכן! דער אייזערנער וועג צו די זונען-שפּיצן...

די בוילעטע רעלסן-ליניעס שטראָמען איבער די רוקנס פון די שפּאַלן אַראָפּ, אין אָפּגרונט אַריין, אַפן דעק פון די שטיינער-גרובן, און אַרויף, צום שפּיניועבסדיקן געפלעכט פון די עלעקטריע-איינריכטונגען, צו די רעדער און בלויע אַבעליסקן. אַ שאָ וועט אַדורך—און עס וועלן זיך אַנציען די אייזערנע קאַנאַטן און וועלן זיך אויסלייגן אַף דער זון ווי צעגליטע פעדים, און ווי מעשענע טרומייטן וועלן די וואַגאָנעטקעס זיך צעזינגען — און אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ...

די גרויס-אויגיקע פּאָליע מעכאַווע מיט די לאָקן קאַראַבקעט זיך מיד אַפן באַרג, זיך אָנשפּאַרנדיק אַף אַ לאָפּעטע. פאַרטשעפּענדיק זיך—שרייט זי און איז בראָכיק, ווי אַ גרעזעלע, און לאַכט.

לוכאַווע איז געשטאַנען אַפן שטיינערנעם פונדאַמענט צווישן די אַבע-ליסקן אין אַ שוואַרץ העמדל אָן אַ גאַרטל, מיט אַן אָפענער ברוסט, אין שוואַרצן פלאַם פון זיינע האָר. אָט-אָט וועט ער רופעריש די הענט פאָרויס אויפהויבן און אויסשרייען...

פּאָליע האָט געלאַכט פון אויסגעמאַטערטקייט און פון זון, עס האָט געלאַכט די לאָפּעטע אין אירע הענט, שפּילנדיק זיך מיט די שטיינער.

— אוי, ווי איך בין דאָס מיד געווארן, טשומאלאָוו !.. האלט מיך אונ־טער אביסל, א שוואכע פרוי...

זי האָט געוואָרפן די הענט צו אים אף די אָקסלען און אָנגעשפאַרט זיך מיט ברוסט אף ברוסט און מיט קרעכץ געאטעמט—ניט באוויזן צו אָטע־מען. זי איז זיך פארגאנגען אין אויסגעשרייען און געלעכטער.

גליעב האָט זיך אָנגעשפאַרט אַף דער שטיל פון דער קירקע, זי—אף זיין ברוסט, און ביידע האָבן געלאכט איינע די אַנדערע אין פאָנים אריין, אָן ווערטער, — דאָס בלוט האָט געלאכט. ער האָט געהערט ווי ווייך, דורך דער פולער ווייכקייט פון איר ברוסט. האָט זיך געקלאַפט און ארומגענומען אים פאליעס הארץ, און אין שיקערן גלאַנץ פון אירע אויגן, און אין פייכטן שטשירען פון אירע ציין האָט ער דערקאַנט די ווייבערישע גרייטקייט אירע אָפּגעבן זיך דער מאכט פון זיין קראַפט. און אין יעדן קלאפ פון איר הארץ, דורך דער פולער אָנגעגאָסנקייט פון איר ברוסט, און אין שפיל פון אירע אויגן, און אין גלאנץ פון אירע ציין האט ער מיטן אינגעווייט זיינעם גע־הערט אירע רייצנדיקע אויסגעשרייען:

— נו?... נו?...

מיט אַ פעסטן פוס־טראָט, מיט דער קירקע אָפן אָקסל איז דאשע פאַר־בייגעגאנגען. נאָך איר — אַ הורבע פרויען מיט געלעכטער און געשרייען. זיי זיינען געגאנגען צו די עלעקטרישע איינריכטונגען, די רעלסן שטאָפּן.

— אָט איז זי, מיין דאשקע... די פירערין!... און אמאָל איז זי דאָך געווען סאכאקל ניט מער, ווי אַ וואויל ווייבל...

ער האָט זי אָפּן וועג געכאפט, ארומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. זי האָט זיך צעלאכט, ארויסגעריסן זיך און זיך אָפּגעטרייסלט, ווי אַ הון.

— היט זיך, כאווערטע מעכאווע: ער וועט דיך צעברעכן מיט איין מאַך. איך האָב אים שוין געפּרואווט... ווי נאָר עפּעס — רוף מיך צו הילף...

און די אויגן אירע האָבן שוין ניט ווי פריער געקוקט! ס'איז שוין אין זיי ניט געווען דער קאלטער גלאַנץ—ס'האָט שוין געפלאטערט אין זיי אַ ווארים צערטלדיק שטראמל—פאַרוואונדערונג און פרייד. און זי איז אוועק, ניט אומ־קוקנדיק זיך, מיט דער קירקע אָפן אָקסל, אין בלומען־געדיכטעניש פון ווייַ־בערשע פריילעכע אויסגעשרייען.

— מיין דאשקע—דאָס איז א כעווערעמאַנטע... מאמעש אַ גאָלד אַ פרוי, דאָס דאַרף מען מוידע זיין.

— זי האָט דיך זייער ליב און שטאָלצירט מיט דיר, טשומאלאוו. דאשע איז אן עכטע באָלשעוויסטין, און איך האָב זי זייער ליב.

בא מעכאווען אין די אויגן האָבן שטראָמעלעך געשפּילט.

...דאָס וועט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן אין זיקאָרן. אָט האָט ער אויך איצט צערודערט געקוקט אף דאשען, און אין האַרצן האָט אַ כוואַליע צארטקייט צו איר אַ ברען געטאָן. אין יענעם אָוונט האָט זי גערעדט ניט

אַזוי, ווי מיט אַ צענדליק טעג צוריק. עפּעס ניט גלאַט און קאַרג האָט זי אים דערציילט וועגן דעם, וואָס עס האָט מיט איר פּאַסירט אין געבּערג-הייל. זי האָט דערציילט און פאָרשנד געקוקט אַף אים פון הינטער די בּרעמען אַפּער. און בּאַ דער ליכט פונם עלעקטרישן לעמפּל האָט איר פּאָנים און די אויגן געציטערט מיט פאַרוואונדערונג, מיט אומקלאָרער גרויסער פראַגע און אַנט-ציקונג. און ווי נאָר דאַשע האָט אַרויסגערעדט וועגן דעם, ווי זי איז אַראָפּ-געשפּרונגען פונם פּאַעטאָן און ווי דער בּערדיקער כעוורעמאַן האָט זי אַוועק-געפירט צו דער טליע (פּראָסט געזאָגט, מיט אַ שמייכעלע), האָט גליעבּ אַליין אָנגעהויבּן ציטערן פון אָט דער פלאַטערנדיקער ליכט פון אירע אויגן און פון די געוויינלעך-פּראָסטע האַמעטנע ווערטער אירע. ניט קיין פּאַכעד פאַר דאַ-שעס גוירל, ניט קיין קאַעס אַף בּאַדינען, ניט קיין אייפערזוכט, נאָר טעמפּער וויטיק, שולד קעגן איר, פאַרוואונדערונג פאַר איר מאָדנעם גוירל האָבּן אים דערשיטערט, און איינס האָט ער פעסט, טיף, אַף שטענדיק דערפילט דאַן: פון דערדאָזיקער שאָ אָן וועט ער איר מער קיינמאָל קיין וואָרט ניט איבּעררייד, און וועט ניט קריכן צו איר מער ניט מיט די בּאַליידיקטע מאַן=געפילן, ניט מיטן פויסט, ניט מיט ניט געבּעטענע צערטלעכקייטן. ווען ער וואָלט עס אפילע געוואָלט, וואָלט ער שוין אויך ניט געקאָנט דאָס טאָן. די טעג, וואָס ער האָט דורכגעלעבּט מיט איר פון זינט דער בּאַגעגעניש בּיז דערדאָזיקער מינוט, זיינען פאַרסאַמט געוואָרן מיט כאַרפּע און מיט זיין אייגענער מאַכטלאָ-זיקייט קעגן איר. געקומען איז עס צו אים מיטאַמאָל, אָן איבּערטראַכטענישן, פון איין האַמעטנעם וואָרט אירן בּלויז, אָן שוידער פאַר דעם, וואָס עס איז געשעען, אָן געשריי און זעלבּסטבּאַרימעריי. ער האָט זי געהערט, געשוויגן, אויפגעציטערט און ניט אָפּגעריסן די אויגן זיינע פון איר פּאָנים. און דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו איר (די הענט—אין די קעשענעס)—צוגעגאַנגען נאָענט און צו איר זיך ניט צוגערירט.

— דאַשאָק!... מיר אַלע זיינען — טיפּשים און אויסוואורפן. ניט דיך, נאָר אונז דאַרף מען אויסהענגען. בּיסט אַ כוואַט, דאַשאַק!... און אַף מיר, אַזאַ גאָרנישט, זיי ניט בּייז...

און ווידער אָפּגעטראָטן און אַנידערגעלייגט זיך אַף דער בּעט.

און אין דער פינסטער, ווען זיי זיינען געלעגן בּאַזונדער — ער אַף דער בּעט, זי — אַפן דיל, — האָט דאַשע עפּעס אָנגעהויבּן פּאָרקען די שמאַטעס און מילד אַ רוף געטאָן:

— גליעבּ... דו שלאָפסט?

— בּיסט אַ כוואַט, דאַשאַק... מיט איין וואָרט—אַ כוואַט!... און אַז איך טראַכט וועגן דיין שטריקל—ציטער איך און דאָס האַרץ פּלאַצט.

און זי האָט זיך צעלאַכט אין דער קאָלדרעלע אַריין, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבּער זיך פאַרהאַקט. דערנאָך האָט זי זיך ניט איינגעהאַלטן און ווידער זיך צעלאַכט!

— נו, און אויבּ איך וועל דיר דערציילן, גליעבּ, אַז איך בּין דעמאָלט גע-שלאָפן מיט בּאַדינען? דאַרפסטו מיר אַ סקאַנדאַל מאַכן. דו האָסט דאָך ניט איינמאָל געוואָלט מיר אַ פוס אַפן האַלז פאַרוואַרפן.

און גליעב האָט זיך פאַרוואונדערט: דאשע האָט אים ניט אָנגערירט מיט דעמדאָזיקן כאכמענען זיך, אין וועלכן ער האָט געפילט אומרו און אומקלאָרן עמעס. זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דעמדאָזיקן וואָרט, אָבער ווי האָט דאָס ניט געטאָן. צי ס'איז דער אייפערזוכט פאַרברענט געוואָרן פאַר דידאָזיקע הייסע טעג, אָדער דאשע איז געוואָרן טייערער און מער איידער א ווייב — נאָר אין האַרצן בא אים האָט בלויז אומרואיק א צארטקייט צו איר זיך געכוואליעט, אַ צארטקייט, ווי צו אַ נייעם פריינט, וועלכן ער האָט פריער קיינמאָל ניט פאַרמאָגט.

— דער קאָפּ איז איצטער בא מיר — מאמעש אַ פּרעגל-טאָפּ, דאשאק... איך טראַכט וועגן דעם שטריקל און וועגן דעם פּעקל, וואָס דו האָסט געהאט — און עס טוען בא מיר אלע לעבערלעך ווי... נו, אויב ס'איז געווען — זאָל זיין געוועזן. מיר זיינען — הינט, און דו קאָנסט מיך דעקן, וויפל ס'וועט אין מיר אַריין... מע דארף איצטער טאפּן דעם מענטשן פון אַן אַנדער זייט. מיילע... ס'וועט קומען אַ צייט און מיר וועלן זיך אויסלערנען דערלאנגען ביז דעם מענטשנס סאמע אינעווייניקסטן אינגעווייס... און איצטער טוען נאָר די לעבערלעך ווי, דאשאק...

און ווידער האָט דאשע אין איר ווינקל אין קאָלדרעלע אַריין צעלאַכט זיך.

— נו, שלאָף... איך ווייס ניט... עפּעס פונקט ווי דאָס לעבן וואָלט זי האלאבלעס פאַרקערעוועט צוריק, צו די יונגע טעג מיינע, נאָר ווי מיט אַן אַנדער וועג פאַרקערעוועט עס...

געלעגן אַ ווײַלע, געררודערט זיך אַביסל און ווידער געלאָזט אַ שטים:

— גליעב?... דו שלאָפסט?

און גליעב האָט ניט באוויזן צו ענטפערן, ווי זי האָט זיך אויפגערודערט אף איר געלעגער, פאַרדומפּט צעפּויקט זיך מיט די הוילע פּיאטקעס אײַבערן דיל און ארייגעוואָרפן זיך צו אים אין בעט אריין, אונטער צודעק.

...סאוטשוק האָט אין דער שפּיץ פון די בוי-אַרבעטער צוגעשלאָגן די רעלסן צו די שפּאלן מיט דיקע האַקנס, — געדונערט מיטן האַמער אין שיקערן בלוט-אָנפאל פון אַ מענטשן, וואָס איז פון מי אויפגעפּענטעט. מיט בלוט איז בא אים דאָס פּאָנים געווען אָנגעגאָסן, מיט בלוט האָבן בא אים די ווייסלען געבּרענט, און די דיקע אָדערן אף די הענט און אַפן האלז האָבן ווי מיט געדרייטע שטריק ארומגעפלאָכטן די מוסקלען אונטער דער הויט, אָנגעשוואָלענער פון אָנשטרענגונג און שוויס.

גליעב האָט ארויפגעווארפן די קירקע אַף די פּלייצעס און איז אוועק פון מעכאווען צו די פאָדערשטע רייען.

— קנאק, סאוטשוק, דו טייוולשער באַנדער איינער!... דעק, ניט מיטן האמער, נאָר מיטן אינגעווייס!...

— מיר קנאַקן, טייוולשע נעשאָמעס!... האָסטו שוין צערודערט, איז גיי אין דער שפּיץ, דו גאָרנישט איינער... מירן געפּינען פּייער פאַרן זאוואָד אויך...

— א-הא, כאווײרים!... מירן נעמען די בערג און געבן א רוק, זאָלן די בערג שרײַען—אוררא!...„

ער האט אַ הויב געטאָן מיט דער קאילע און פון געשרײ האָבן זיך באַ אים די אָדערן אָפּן האלז אָנגעבלאָזן. און די מאַסע איז אַזוי אויפגעריסן גע-וואָרן מיט קירקעס, גראַבאײַזנס, האַמערס, און אין געפילדער און געקרעכץ האָט זי זיך אויפגערודערט, זיך אָנגעשפּיצט און ווי אַן ארמײ מיט געווער:

— ר-ר-רא-א!... ר-ר-רא-א!...

און פון דער הויך האט גליעב געזעען, ווי דער מעכטיקער, דערשי-טערנדיקער געברום און געקנאַל האט ווי א וואל-שלאָג זיך געקײַקלט אראָפּ, צום פוס בארג. דאָרט זײַנען די מענטשן געוועזן קלײנינקע, ווי מוראשקעס. זײ האבן אויך געמאַכט מיט די הענט און מיט די אינסטרומענטן און, וואַר-שײַנלעך, אויך געשריען.

מעכאווע האָט מיט גאַנצן אויספּראל פון אירע אויגן אַף גליעבן זיך פאַרקוקט.

די לעצטע רעלסן האָט מען געניטעוועט און צוגעפעסטיקט צו די שפּאַלן. די שטאָלענע שטריק זײַנען שלאַנגיק געלעגן אַף די בלאָקן און ווי סטרונעס געהודזשעט מיט זײער מעטאל. די רעדער האבן ווי פליגל זיך געזעטיקט מיטן עלעקטרישן געפלי. אָנשפּאַרנדיק זיך אַף זײערע ביקסן, האבן רויטאַר-מײער באַם באַרג-רוקן וואכט געהאַלטן. איבער זײ און נעבן זײ זײַנען ווי א גרינער שוים געפלאָסן אין דערנידער די באַרג-געוויקסן,—קוסטן און טויע-בוימער. די ביקסן און העלמען זײַנען יאָדערדיק און וואכזאם, און שאַרף האָבן די כאַווײרים רויטאַרמײער געקוקט אף די שטײנער און אין די דרעמ-לענדיקע באהאלטענע היילן פון יענער זײט באַרג.

א צעבראָכענער, מיט ציטער אין די ענד-גלידער, מיט אַ פּאָנים אַן אָנגעלאָפּענעם מיט בלוט, איז סערגײ אַרויסגעפאַלן פון פראָנט. ער איז צו-געגאַנגען צו מעכאווען און אַנידערגעוואלגערט זיך נעבן איר אף די שטײנער.

— נו, וואָס, ליבער אינטעליגענט?... וועט איר ניט זאָגן אַמאָל, אַז ניט שטענדיק זײַנען זיס די וואָרצלען פון קאָמוניסטישער מי?

און מעכאווע האט אים מילד באַם ארבל א צופּ געטאָן.

זײַן שמײכל האָט אויפגעלויכטן פרײלעך, קינדערש, פון דער נאָז און פונם קין זײַנען ווי פײערדיקע טראָפּנדלעך אַראָפּגערונען אף די הענט קײ-קעלעך שוויס. ער האָט גענומען פאליעס האנט און זי א דריק געטאָן פרײַנט-לעך שטײף.

2

## בלוט אין קאָן.

אַן ארבעט איז צום סאָף אירן שטענדיק אָנגעשטרענגט-שיקער: די לעצטע קלעפּ זײַנען שטענדיק אויסטערליש-טרעפלעך און ברײט-פאַרנעמיק

שטאַרק. און ווען פון די עלעקטריע-איינריכטונגען האָט זיך אין די מאַסן אַריינגעשניטן לוכאַווע'ס אַלאַרמירנדיקער געשריי, זיינען די פאָדערשטע רייען צעמישט געוואָרן אין שרעק און פאַרוואונדערונג.

די לופט האָט זיך ווייט, הינטער די בערג צעקלאַפּט. און בראָכווייז אַף דער ערד געפאַלן. נאָר איבערן געראַש פון דער אַרבעט האָט מען פון אָנהויב די שאָסן ניט געהערט. די רויטאַרמייער זיינען אַרומגעלאָפן אַרום באַרג-שפּיץ: געשפּרונגען, איבערגעלאָפן, געלייגט זיך אַף די שטיינער און געשאָסן איילנדיק, אָן אָרדענונג, אָן קאָמאַנדע.

לוכאַווע האָט געמאַכט מיט די הענט און געשריען ביז צום אונטעררייסן זיך, ביז הייזעריקייט:

— כאַווירים!... רואיקייט!... אַלע אַף די ערטער!... אַן אָנפאַל פון באַנדיטן פון הינטערן באַרג אפשר... די אַרבעט ניט איבעררייסן!... קיין פּאַניק ניט דערלאָזן...

די שיסעריי האָט געריסן די לופט, וועלכע איז ווי בראָכוואַרג אַף דער ערד געפאַלן.

די אַרבעט האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט, און טויזנטער מענטשן פון שפּיץ ביזן דעק האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, ווי אַ לאַווע. אין צענטער האָט זיך אַ פּאַניק אָנגעהויבן: די קנופּן האָבן געפּלאַצט און דער האַמוין האָט ווי אַ שטראָם, ניט אָפּצוהאַלטן, זיך אַ לאָז געטאָן אין דערנידער, פאַלנדיק, קוילערנדיק זיך, צוזאַמענשלאָגנדיק זיך אין געדיכטע קופּקעס. מע איז געלאָפן אי רעכטס אי לינקס, באַוונדערע גרופּעס און איינצלנע פיגורן, געלייגט זיך, געקוילערט זיך ווי סנאָפּעס, ווידער זיך אויפגעהויבן, אָפּגעשטעלט זיך און ווידער געלאָפן.

גליעב האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אַף אַ פּלאַסטן-פעלז און צעפאָכעט זיך מיט דער קאַילע.

— שטיי!... אָפּן אָרט, טייוולשע כעווורע!... כאַווירים קאָמוניסטן — צו מיר!... קנאַק מיט דער קאַילע טויבע און שרעקיקע!...

און דער פאָדערשטער אָפּטייל פון די אַרבעטער פון פראָפּבוי האָט זיך אַ שאָט געטאָן איבער די שפּאַלן און שטיינער צו גליעבן, און נאָך זיי — איינציקווייז און אַרטעלנווייז זיינען געלאָפן אַנדערע. און צו דערנידער צו האָבן סאַי איינצלנע שטימען, סאַי כאָר-שטימען זיך צעשריען:

— שטיי-יי-יי!... שטיי-יי-יי!...

מענטשן האָבן אי רעכטס, אי לינקס זיך געקוילערט אַראָפּ, צו דערנידער, ווי שפּריצן זיך צעפלויגן אין פאַרשיידענע זייטן, אין די קוסטן און צווישן די פעלזן.

עס האָבן געקנאַלט שאָסן, ווי שטיינער וואָלטן געפּלאַצט אין די בערג.

גליעב האָט אַ וואָרף געטאָן די קאַילע און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פעלז.

— גיב אַ לויף אַראָפּ אונטן, סאַוועטשוק, און דו, גראַמאַדע, און דו, דאַשקע!... צעשטעל אַף די ערטער! נעם פאַר די זשאַבערס... קנאַק די טייוולשע טשערעדע איבער די הינטנס און איבער די קעפּ!

אי סאוטשוק, אי גראמאדע, אי דאשע און נאָך, און נאָך זיינען ווי שטיינער אוועקגעשפּרונגען אַראָפּ אין דערנידער.

— כאווײַרים-קאָמוניסטן — צו מיר!... נעמט די ביקסן, כאווײַרים... צו דער עלעקטריע-איינריכטונג... לעבעדיקער ריר זיך!... לאָמיר א שאָט טאָן אַרבעס, כאווײַרים...

און אַליין דער ערשטער נאָך א ביקס אוועק, נאָך אים — די קאָמוניסטן, נאָך זיי — אומפּאַרטייאישע אַרבעטער.

אף די ביקעס האָבן מעטאַליסטן און עלעקטריקער געאַרבעט — געאַרבעט רואיק און שווייגנדיק, בלויז אין די אויגן נאָר האָבן הייסע אומרו-קוילן גע-פינקלט.

מע האָט די ביקסן מיט די קוילן צעכאַפּט, געקנאַקט מיט די ביקסן-שלעסער, געשטיקט און געריבן איינע די אנדערע, געשטשירעט די ציין און געשריען. די העמדלעך אף די פּלייצעס — נאַסע. מען האָט זיך געוואַשן אין שוויס, מיט די פינגער די טראָפּנס שוויס אראָפּגעטרייסלט און מיט די אַרבל אויסגעווישט. די אומפּאַרטייאישע האָבן זיך געריסן צו די ביקסן און מע האָט זיי אָפּגעשטופּט.

מיטקע שטיינהאַקער, דער האַרמאָניסט מיט אַ בלויען געגאָלטן שאַרבן, האָט אין גרימצאָרן זיך געשטיקט און געזעוועט:

— מאַך ניט מיט די הענט, דו מאַכער איינער! פאַרייס ניט די נאָז אַף דריי גראָשן... איך האָב עפּשער אף דעם איינעם כוואַקט פערציק מאָל גע-וואַרט. דו גאָרנישט!

צעמאַכנדיק זיך מיט די הענט, האָט ער זיך דורכן אוילאָם דורכגע-שטופּט און איינגעקלאַמערט זיך אין א ביקס, אויסשטשירענדיק די ברייטע ציין און אונטערווינקענדיק מיט איין אויג.

— אָט איז זי, ליבינקע! כ'דעק, כאַוועה טשומאַלאוו!... כ'דעק, שיידים הוילבייכיקע!...

צעשאָטענערהייט, קנאַקנדיק מיט די ביקסן-שלעסער, זיינען דאָ און דאָרט די אַרבעטער איבערגעלאָפן, זיך צוזעצנדיק און קריכנדיק אַף אַלע פיר.

די שטיינערנע לופט האָט מיט שטיקנדיקן טשאַד באַם גאָרגל געכאַפּט. עס האָט געשמעקט מיט זון און מיט געברענטן גראָז. פאַליע האָט זיך נעבן גליעבן אף די שטיינער קאַראַבקעס: ער האָט געפילט איר אַקסל און דעם שאַרפן גערוך פון ווייבערשן שוויס.

— נו, צו וואָס ביסטו געקומען? פאַר אַזאַ שפּילכל צאָלט מען טייער...

— פאַרוואָס עפּעס איך ניט? פאַרוואָס עפּעס דו יאָ, און איך — ניט?

— איך ווייס, ווי מע גייט אין אַזאַ פאַל. באַ דיר זיינען נאָך די פיס צום קליידל צוגעוואַקסן.

פאַליע האָט זיך קלינגענדיק צעלאַכט ווי א זינגעוודיק מיידעלע.

פאָרנט, אין פאַרשיידענע ערטער זיינען רויטאַרמייער און אַרבעטער אַריבערגעלאָפן, אָפּגעשטעלט זיך, אף די קני געזעצט זיך און געשאָסן. זייער ווייט — אין יאַם ערגעץ, אָדער הינטער די בערג האָבן סירענעס געזונגען.

— דאס איז דאָך — קוילן, גליעב... איך האָב זיי שוין לאַנג ניט געהערט...

גליעב איז מיט דער ביקס גרייט צו שיסן און נעבן אים — פּאַליע, אויך מיט דער ביקס. אַפּן פּאָנים בא איר זיינען געבליבן נאָר אויגן. די לאַנגע לאָקן אירע האָבן ווי גאָלדענע שפּענדלעך אַף דער זון געברענט.

שוין ניט קיין ארבעטער מיט א ביקס אין דער האנט איז איצט גליעב — א רויטארמייער, א מיליטערקאָם אַפּן שלאכטפעלד איז ער. קורץ און בוי-לעט האָט ער דעם אָפּטייל אַן אויפגאבע געגעבן — פארגיין פונם לינקן פלאנג און ארויסקומען אהינטער די באַנדיטן, אונטער זייערע פּלייצעס, און ארויסשלאָגן זיי פונם וועלדל אפן פליך פונם בארג-שיפּוי אונטערן אָפּענעם פייער פון די רויטארמייער. אליין וועט ער זיך געפינען אַפּן שפּיץ באַרג-שיפּוי, אַף די אויגן פון ביידע אָפּטיילן, און פון דאָרט וועט ער מיט דער שלאַכט אָנפירן.

— דו הערסט, גליעב? זיי זיינען — דערנעבן: זיי שיסן פון הינטערן שפּיץ-בארג. זיי זיינען געגאַנגען אַף זיכער — א פּאניק אַרויסרופן, און דער-נאָך — דעם ברעמסבערג צעשטערן.

גליעב האָט ניט געענטפערט. ער האָט פלינק ארויפגעקלעטערט אַפּן שפּיץ, אָפּט זיך אָפּגעשטעלט און באקוקט דעם ברעמסבערג. מעכאווע איז פון אים ניט אָפּגעשטאנען. דאָס קליידל האט זי איבער די קני פאַריסן.

— זע: שטייף האָט כעוורע צוגעקוועטשט... זיי טרייבן און שטעלן זיי אַפּן ריכטיקן אָרט... אַף ארויסצוטרייבן אלע שטשורעס פון די לעכער ארויס האָט מען שוין לאנג געדארפט אזא מין שטיקל ארבעט אָפּטאָן... נישקאָשע: ס'וועט נאָך גענוג אויסקומען א באָד צו טאָן די כעוורע...

אַף פּאליעס פּאָנים זיינען געבליבן בלויז די אויגן.

דער באַרג-שפּיץ האָט ווי א קופּאָל געברענט, און דער אייזערנער דריי-פוס — א געאָדעזישער צייכן — האָט העל געגלאַנצט מיט רויטן זשאווער אַפּן שפּיץ באַרג.

אַף אַלע פיר זיינען זיי אַרויפגעקראָכן אפּן שארפן ראַנד פון באַרג, וואו הינטער זיין רוקן, אין וועלדלעך און לאָנקעס, אין טאָלן און בערגלעך האָבן לופטיק זיך געקוילערט די רויכיקע ווייטן צו אַנדערע, גרא-לילאווע באַרג-שפּיצן, צו די וואָלקנס, צו די אַייזבערג, וואָס האָבן אַפּן האריזאָנט אונטער דער זון געפינקלט.

זיי האָבן זיך אַנידערגעלייגט נעבן דרייפוס. זיי האָבן זיך אנידערגע-לייגט און די הויך איז מיטאמאָל ניט געוואָרן. פארפאלן געוואָרן די הויך און די שאַרפקייט פון ראַנד, ארום און אַרום — שטיינערנע פּליטן און שטיינזעמד-לעך. עס האָט געשמעקט מיט געברענטן גראָז און מיט שוועבל-גלי פון צע-מענטוואַרג.

— איך זע גאָרניט, גליעב... וואו זיינען זיי?

פּאָליע האָט זיך אויפגעשטעלט אַף די קני און א צי געטאָן זיך צום דרייפוס.

עס האָט א קנאק געטאָן מיט אן אייזערנעם קרעכץ און אָנגעצויגענע סטרונע. גליעב האָט פלינק א ריס געטאָן פּאָליען פארן קליידל. א פּאַרושאַ-ווערט העקל האָט ווייך א כרושטשע געטאָן און געפּלאַצט. פּאָליע האָט זיך צעלאַכט און אַנידערגעזעצט נעבן גליעבן.

— א העקל אָפּגעריסן. א רירעוודיקער...

— און דו זיך בעסער ווי א זשאַבע. מע וועט דיך פּאַטערן, ווען זיך אַפילע ניט ארומקוקן. איך קאָן ניט פארטראָגן קיין מאנעקענען.

און אויסגעשטעלט אף איר די אָנגעדראָלענע ווייסלען. אָפּגעזאָגט און איז אף אַלע פיר צום דרייפוס אוועקגעקראָכן.

פון שפּיץ, רעכטס, אין הרודעס רואינען, — א וואַנט פון בלאָע און געלע שיכטן. רואינען פון אַלטע ווענט און בערגלעך צעשאָטענע ציגל. און אף זיי און צווישן זיי — ברוינע קוסט-געוויקסן — טויע, קיזיל און שטעכלקעס.

גליעב האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלז און אויסגעצויגן זיך אַפן בויך.

אין קופּעס שטיינער, ארומשפּרינגענדיק אין די שפּאַלטן פון די רואינען, מיט דער ביקס גרייט, האָט זיך א קאזאק געגאַנוועט. ווען ער האָט זיך צו-געזעצט און באַהאַלטן זיך הינטער די שטיינער — איז ער ווי צערונען, ניט געוואָרן.

— איך וועל אים באַלד דערשיסן, גליעב... איך וועל ניט אויסהאַלטן...

די הענט האָבן בא פּאָליען געציטערט און אפן פּאנים זיינען בלויז די אויגן געבליבן.

— פּרוּאוו נאָר א קנאַק טאָן — איך וועל דיך מיימעסן אַפן אָרט... ליג!...

פּאָליע האָט די ציין אויסגעשטשירעט.

באהאלטנדיק זיך אין די קוסטן, איז גליעב איבער די שטיינער און אי-בער די שטיקער רואינען אוועקגעקראָכן. דערנאָך האָט פּאָליע דערזען, ווי ער איז איינגעהויקערט געלאָפן צווישן די שפּאַלטן פון די רואינען. ער איז געוואָרן גראָ, ניט צו זען און ניט צו הערן: דער געשטיין האָט אים פארהילט.

דער קאזאק האָט זיך אָפּגעשטעלט, צעשראָקן א דריי געטאָן מיטן קאָפּ און די ביקס ארויסגעשטעלט. צוגעזעצט זיך און ווידער ניט געוואָרן.

צי דאָס האַרץ האָט דאָס אזוי געקלאַפּט בא פּאָליען, אָדער ווייט, אין וואַלד האָבן שאָסן געדונערט, — נאָר דער באַרג האָט געציטערט און אין די אָפּגרונט-טיפענישן זיינע האָט זיך דאָס געשטיין-אינגעווייט געריסן.

האָט ער באַוויזן צו אנטלויפן, אָדער ער האָט באמערקט און וואַרט? וועט ער צולאָזן צו זיך, אָדער ער וועט גליעבן דערשיסן?

די ציין האָבן בא פּאָליען געקלאַפּט. זי האָט ביז ווייטיק די קינבאַקן צו-נויפגעדריקט און די ציין האָבן דאָך געקלאַפּט איינע אָן די אַנדערע און די מוסקלען אונטער די אויערן האָבן געקנאַקט. אויפשפּרינגען. צולויפן. שרייען ביז צום אונטערייסן זיך און בלינד שיסן, שיסן, האַקן מיט פייער.

קיין שאָס האָט זי ניט געהערט, נאָר הילכיק האָט א פּאַך געטאָן אף איר די לופט און אוועקגעפאַלן פון שפּיץ-באַרג אין אָפּגרונט אריין, און שטיקלעך

פּעלז האָבן זיך צעקלונגען ווי צעבראָכענע פּליטן, און אין שטיינער-געקלאַנג האָט מיט כאַיעשן געבריל זיך געריסן אַ הייזעריקע שטים און פאַרשטיקט זיך מיט ברעכן. דאָס איז ניט גליעב: אזוי קאָן גליעב ניט שרייען. דאָס האָבן געכליפּעט און פאַרכליניעט זיך כאַיעס, און די שטיינער-פּליטן האָבן געקלונגען, ווי צעבראָכן גלאָז.

פּאָליע איז מיט דער ביקס אין האַנט, מיט ברייטע פּוס-טריט צו די שטיינער-רואינעס אוועקגעלאָפן, אהין, וואו גליעב איז געווען. קיין שפּורן זיינען ניט געווען, נאָר זיי האָבן געברענט בא איר אונטער די פּיס. שטיקער שטיינער-פּלאַסטן האָבן איר אנטקעגן אויפגעריסן זיך און זיינען צעריבן געוואָרן אף קליינע שטיינדלעך. און דער שטויב האָט מיט אַ פלאַקער אויפגעפּלאַמט. שטיינער-שפּריצן האָבן איר אין פּאָנים אַ שפּריץ געטאָן און אָפּגעבריט די באַק און דעם שטערן.

באַם פּעלז, ברעכנדיק די קוסטן, האָבן גליעב און דער קאזאק געדרייט און געוויקלט זיך אין וועלפּישן געראַנגל. צו פּאָליעס פּיס איז מיט אַ געקלאַנג אַן אוועקגעוואָרפענע ביקס געפאַלן. אויסבויגנדיק די פּלייצע, האָט גליעב די אַקסל-בלעטער אויסגעדרייט און מיט אַ פּאָנים, פון אָנשטרענגונג אַ געשוואָלענעם, האָט ער געריסן די ביקס באַם קאזאק.

מיט מעטורעפּע, אויסגעקוועטשטע אויגן, אַ פאַרשמירטער מיט שוים און גאַווער, האָט דער קאזאק ווי אַ בער געדרייט די ביקס, און עס איז געווען צו זעען, ווי די מוסקלען זיינע האָבן זיך אָנגעצויגן און אָנגעשוואָלן געוואָרן ווי בערגלעך הינטערן קאַפּטן. ער האָט זיך געשטיקט און געכריפּעט מיט שווער-אָנגעקומענע זידל-ווערטער, האָט געשלעפּט נאָך זיך גליעבן צום ראַנד און צום שטיינערנעם אָפּגרונט, וועלכער איז צעהאַקט און צעשניטן מיט שאַרפע שטיינער-קאַנטן און פּלאַסטן-טרעפּ. קוילן האָבן הינטער זיי אין די שטיינער און פּליטעס געפּיקט און אויפגעריסן, אויפהויבנדיק רויך און שטויב.

און אין דערזעלבער צייט, ווען מעכאַווע האָט זיך אָנגעצילעוועט מיט דער קאָלבע אין דעם קאזאקס קאָפּ, האָט גליעב מיט דער רעכטער האַנט ארומגעכאַפּט זיין האַלז און צוגעקוועטשט זיין קאָפּ מיטן פּאָנים צו דער קאָלבע, און מיט דער צווייטער האָט ער צוגעשמידט זיין האַנט העכער פאַרן עלנבויגן און צעבראָכן זי, ווי אַ צווייג. דער קאזאק האט פון ווייטיק און העלישער בייזקייט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, אַ קוויטש געטאָן און צעצאַפּלט זיך בא גליעבן אין די הענט אין לעצטע אָנמעכטיקע פּרוואוון ארויסצורייסן זיך. ביז ציטער אין גאַנצן גוף האָט גליעב ענגער צונויפגעדריקט דעם קנופּ אפן קאזאקס האַלז. און בעכוש האָט פּאָליע זיך אָנגעשטויסן: ס'וועט אדורך נאָך אַ ווײלע, און גליעב וועט זיך אונטערייסן, און זיי וועלן ביידע פּליען אין אָפּגרונט אריין. פאַרלירנדיק דעם באַוואוסטזיין, האָט זי פון גאַנצן קויעך אירן אַ זעץ געטאָן מיט דער ביקס דעם קאזאק אין זייט אריין. איז ער צעקראָכן געוואָרן, האָט זיך צעברומט, ווי אַ באַטויבטע בעהיימע:

— כ'קאָן ניט!... פאַרפאַלן!... איך גיב זיך אונטער...

גליעבס האַנט האָט זיך אראָפּגעגליטשט פונם קאַזאַקס האלז און צוגע-שמידט די צווייטע האַנט זיינע. מיט אוראַלטע בלוטיקע אויגן פון א געפּאַק-טער כאַיע האָט דער קאזאַק געקוקט אף גליעבן און אין זיי האָט זיך געטונקלט א טויט-סינע און גרויל. פון נאָז און מויל איז גערונען צוזאמען מיטן קלעפּיקן גאַווער א בלוטיקע פליסיקייט. אויסשטארצנדיק די ווייסלען און צופּנדיק מיטן פאַרברענטן קאָפּ, האָט ער זיך פאַרכליניעט מיט גאַווער און בלוט, און אטע-מענדיק שווער, ווי א פאַריאָגטע כאַיע, האָט ער ווידער הייזעריק פון אינע-ווייניק ארויסגעברומט:

— לאָז דאָך אָפּ!... איך קאָן שוין גאָרניט... א סאָף!...

פאָליע האָט גליעבן די פּלייצע צונויפגעדריקט און א ריס געטאָן צוריק.

— גיכער, אוועק פון דאַנען, גליעב!... דו זעסט דען ניט — ביסט דאָך א ציל-ברעט?...

גליעב האָט א קוק געטאָן אף איר פון הינטער דער פּלייצע מיט ניט פארשטייענדיקע אויגן און ארויסגעלאָזן דעם קאזאַק פון די הענט. די ברוסט האָט זיך אָנגעבלאָזן, געריסן דאָם העמדל און אונטערגעוואָרפן די אקסלען ביז די אויערן. ער האָט א פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט איבערן רעוואָלווער-שיידל, נאָר קיין רעוואָלווער איז דאָרט ניט געווען.

א צעבראָכענער פון געראַנגל, האָט דער קאזאק הייזעריק געשפּריצט מיט דער קלעפּיקער בלוטיקער פליסיקייט. ער האָט אויפגעציטערט, אויסגעשטשירעט די בלוטיקע ציין און מיט שלאַנגישן געבויג א שפּרונג געטאָן צום ראַנד.

— אי-אי-עך, טייוולשע נעשאָמעס, אויסוואורפן, געפּאַקט אַ קאזאַק אף דער קאטשערע!.. כאַפּט זשע דעם קאזאַק אין געפּלי!..

ער האָט, ווי אף דושיגיטאווקע, א קוויטש געטאָן, אַ שפּרונג געטאָן, זיך צעיאָגט און אין אָפּגרונט אַריין.

גליעב איז צוגעלאָפן צום ראַנד און אַ ווײַלע האָט ער געזעען, ווי דעם קאזאַקס קערפּער האָט זיך געקוילערט ווייט אין דערנידער, געקנאַקט זיך אָן די שטאַרצנדיקע שטיינער-פליטן, געדרייט זיך אין דער לופטן, ווידער גע-קנאקט זיך און אָפּגעשפּרונגען אין פאַרשיידענע זייטן, פון שטיין צו שטיין.

פּאָליעס האַנט האָט אים ווידער אַ ריס געטאָן פונם ראַנד אַוועק.

און מיטאמאָל האָט ער דערהערט, ווי די שטיינער-פליטן אַפּן פעלז האָבן זיך ווי גלאָז געבראָכן, געריסן, צעריבן און צעמאָלט געוואָרן אף קליי-נע שטיינדעלעך און שטויב. אָנבויגנדיק זיך צו דער ערד, איז ער הינטער די שטיינשטיקער געלאָפן, און פּאָליע איז געגאַנגען רואיק און שטום, ווי א בלינדע.

מיט שוידערלעכע ווייסלען האָט גליעב אַ שפּרונג געטאָן צוריק צו פּאליען און אַ מאך געטאָן מיטן פויסט:

— כ׳וועל דיר אַ זעץ טאָן אָט... דערהאַרגענען, ווי אַ שלאַנג, טייוולשע ליאלקע!..

פּאָליע האָט שווייגנדיק געקוקט אף אים, ווי אַ בלינדע. דערנאָך האָט זי אויפגעציטערט און אַ קלאַפּ געטאָן אים מיט דער ביקס איבער דער האַנט.

— נעם אַוועק די האנט, גוילעם !.. הויב אויף דיין געווער — צעוואָרפן איבערן וועג...

און איז אוועק אַף איר אָרט נעבן דעם דרייפוס אַפן באַרג-שפּיץ.

...פונם וועלדל זיינען צעשאָטענערהייט מענטשן גלאָפן, אויסגעגליטשט זיך, געשאָסן, געפאַלן, געקוילערט זיך... געקנאַל פון שאָסן, שטויב, פייער און געבריל פון הינטערן שפּיץ באַרג, וואו עס איז געלעגן באַהאַלטן די קייט רויטארמייער. פּאַליע איז געלעגן אַפן בויך און האָט אויך געשאָסן. די ביקס האָט געהאַקט אין אַקסל אריין און זי האָט, אין שטורמישער אַנטציקונג, געקנאַקט מיטן ביקס-שלאָס, געצילעוועט זיך און געשאָסן אין די האזישע, שפּרינגענדיקע פיגורן אין דער ווייט.

און שוואַך האָט זי געדענקט, ווי נעבן איר איז פאַרבייגעלאָפן גליעב, און ווי טעמפּע קרעכצן האָט געברומט פון הינטערן באַרג אפּער זיין שלאכט-קאָמאַנדע.

3

## דער עלעקטרישער געברום.

ווי סטרונעס האָבן געזונגען די רעדער אַף דער עלעקטריע-איינריכטונג, און די טשוהונענע ראד-שטאַנגען זייערע האָבן געפּאכט מיט די שוואַרצע פליגלען אין פאַרשיידענע אנבויגן און איבערקרייצונגען. די שטאָלענע שטריק האָבן ווי שפּינוועבס זיך אנגעוויקלט און אויסגעוויקלט אין די אויסהייליגישן פון די בייכיקע רייפן. די עלעקטרא-מאָנטיארן, אַרבעטער און קאָמיוגיסטן, אין דער שפּיץ מיטן בראָנזענעם לוכאווע און מיטן אינזשענער קלייסט האָבן אין שטומער באַצויבערטקייט געקוקט אַפן עלעקטרישן געפּלי פון די רעדער און געהערט די ווידער אויפגעלעבטע מוזיק פון די מאַשינעס.

די לאווע מענטשלעכע מאַסן, וואס איז געפלאסן אַראָפּ אין דערנידער, אַף אַ וויאָרסט די טיף, איבער די שפּאַטן און שיפערן, צעריזעטע פון שלאַקס-דעגנס און ווינטן, איבער די דיכן פון די שטיינער-פּליטעס, דידאָזיקע לאווע האט געזאטן, געקאָכט, געברומט מיטן ברילנדיקן אינגעווייט, געקויפּלט אַף טויזנטער, געוויגט זיך אין צאַפּל פון מוסקלען-געפלעכט, און די ספּאזמעס פון דידאָזיקע מוסקל-כוואליעס האָבן דערשיטערט די מאַסן, ווי א גוף פון א ריזיקער סקאלאָפּענדרע. פון דער סאַמע עלעקטריע-איינריכטונג ביזן דעק, וואו עס זיינען געלעגן אָנגעהויפט פּיראַמידעס פון שטיינערנע אָפּוואַלגערן, האָט דער וואַסערפאל פון מענטשן-מאסן זיך געשניטן אין צוויי שטראָמען, און אין מיטן האָט ווי אן אשיק-פייערדיקער וועג זיך אָנגעצויגן ביז קלונג אַף אָנצאליקע טראָפּן—פיר ברענענדיקע סטרונעס.

און צווישן דידאָזיקע מענטשן-שטראָמען, טיף אין דערנידער, איינקלא-מערנדיק זיך אין דעם שלאנגישן פאָדים פונם שטאָלענעם קאנאט אַף די ראלן, וואס שפּילן ווי פּלייטן, איז געקראָכן א קובישער, פון אונטן אונטער-געהאקטער, שילדקרויט.

— ...ררא-אַ !.. ררא-א !..

און ווי עס זאל זיין ניט קיין געבריל פון טויזנטער האמוינים, נאָר אַ וואָיען און שטורעם אין דעם קראטער-געפּראל פון בערג-אויפבראכן.

אין ניט געאָרדנטע רייען האָט פון די טרעפּארטיקע פּלאסטן אַראָפּגע-לאָזט זיך דער ארבעטער-אָפּטייל מיט די ביקסן אַף די פּלייצעס. די רויטאַר-מייער זיינען ווי פּריער, ווי שארפזיכטיקע פויגל אף זייערע ערטער געשטא-נען, פאָרויס דעם אפּטייל זיינען געגאנגען גליעב און מעכאווע. הינטער זיי האט מען געטראָגן אף ביקסן א קערפּער פון א כאווער.

דער אָפּטייל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו די מאשינעס און געוואָרפן די ביקסן. די פּענימער פון די אַרבעטער זיינען געווען שיקער און פּאַרליאפּעט מיט שווייסיקער בלאָטע. דעם קערפּער פונם כאַווער, מיט אַ צעריבענער בלוטיקער שמאַטע אָנשטאָט א קאָפּ, האָט מען אנידערגעלייגט אפן בעטאָנע-נעם בריקל צופוסן די מאסן. און שטויסנדיק איינע די אַנדערע ווי אַ טשע-רעדע, מיט געפּילדער אף אַלערליי קולעס, האָט דער האַמוין זיך געוואָרפן צום אָפּטייל און פאַרשוועקט אים מיט אַ באד-געפּילדער. אויפברויזנדיק מיט געלעכטער און געבריל, האָט דער האמוין צעשמיסן די אַרבעטער, צוגעכאפּט און פאַרשלונגען גליעבן. באָמבלענדיק מיט די הענט און מיט די פיס, איז ער ווי א מאַנעקען געפלויגן אין דער לופטן און צוריק געפאַלן אין דער געדיכטעניש פונם האַמוין, ווידער אונטערגעכאפּט געוואָרן דורך זיי און ווידער געפלויגן איבער זייערע קעפּ... און ווידער... און ווידער...

נעבן דעם באַרמינען—אַן אנדער האַמוין, א שווייגנדיקער, א שטרענ-גער, מיט ווייטיק און פּיין אַף די פּענימער. אין דעמדאָזיקן קאָפּ, מיט בלוט פאַרגאָסענעם, איז שוין געווען ניט צו דערקענען מיטקע דעם האַרמאניסט, מיטן געגאָלטן שאַרבן, דעם, וואָס האָט מיט גוואַלד געכאפּט אַ ביקס און זיך ארייַנגעריבן אין דעם קאָמוניסטישן אָפּטייל.

טאַקע דאָ אפן אָרט, אין דער געדיכטעניש פונם האַמוין, האָבן קאָמ-יוגיסטקעס איבערגעבונדן די וואונדן בא די כאַווירים.

— אַ באד געטאָן זיך, כעוורע, און די צורעס שיינען בעסער, ווי בא כאַזיירימלעך... די ערד גראָבן זיי, אָט די שיידים ניט פון אונזער גלויבן...

— כא-כא... ערד-אקערער !.. מירן זיי אלעמען דערצייילן די מאַיסע, דעם רואכס מאָמען אַריין... די בערג וועלן באַ אונז ווי בעהיימעס מעקען...

און איין שטים האָט זיך פאַרכליניעט פון פרייד:

— די פּעל וועל איך אַראָפּשינדן... דערלאַנג אַהער נאָך טויזנט גע-נערעלער—כ׳וועל זיי אַלעמען מיטן פּופּיק אַרויף שטעלן... ברידערלעך מיינע פון אַלע מאמעלעך אין הויזעלעך און אָן הויזן !.. זינג דעם אינטערנאַציאָ-נאל... אן עק!... פרויען, אומבאַדינגטע מאַמעלעך, דער כיעס גייט מיר אויס נאָך דער ווייבערשער אָרגאַניזאציע... דערלאַנג אהער דעם גאַנצן פרויען-אפּטייל—כ׳וועל צעלייגן, באלעקן און אויסזויגן...

עס זיינען צוגעקומען נייע מאַסן, געשריען אוראַ, ווידער גליעבן אין

דער הויך געשליידערט. געבליבן שטיין נעבן דעם געהאַרגעטן און געוואָיעט פון ווייטיק.

מעכאָווע האָט זיך געשטופּט אינם אוילאָם און אַלץ געשריען ביז צום אונטערייסן זיך:

— כאַווײרים!.. כאַווײרים!..

און אַפּן פּאָנים באַ איר זיינען בלויז צוויי אויגן געווען.

צו גליעבן איז צוגעגאַנגען דער אינזשענער קלייסט און מיט אַ קאָנוואולסיע אַפּן פּאָנים, מיט דער געוויינלעכער כשיוועס, שווייגנדיק גע־דריקט אים די האַנט.

און דאַשע איז פאַרביי גליעבן דורכגעגאַנגען, אַרויפגעלייגט אים אַ האַנט אַפּן אַקסל און אַ קוק געטאָן אַף אים מיט פייכטע אויגן, און אַ נייע פרייד און פּאַרוואונדערונג האָט דאָרט אומלעשבאַר געהעלט.

— גליעב!...

— דאַשאַק!...

אָבער זי איז ניט געבליבן שטיין, איז אַוועק, פאַרשלונגען געוואָרן אין אוילאָם.

אָט איז עס. דער איקער — די מאַסן... דער מי־געררויש... דער פליגל־דיקער געפּלי פון רעדער... באַנאַכט האָט דער זאַוואָד געעפנט זיינע אויגן מיט עלעקטרישע לעוואָנעס, און די פאַרלאָשענע אייזיקע לעמפּלעך אין די וואוינונגען פון די אַרבעטער האָבן אָנגעצונדן זייערע געפלאַנטערטע פעדים־לעך. דער זאַוואָד. ער האָט שוין אַ ציטער געטאָן, אונטערערדיש ברומט שוין אין זיינע טיפענישן זיין באַהאַלטענע קראַפט, און ער קוקט מיט זיינע פענס־טער מיט בענקשאַפט, ווי אַ מענטש. אויך די מאַסן, וואָס האָבן די בערג אויפגעוועקט און וואָס זיינען געשטאָרבן אין ווילדקייט און שימל. אויך דער ברעמסבערג, וואָס ברומט מיט לעבעדיקן אייזן. אָן, דאָרט, פון די קוימענ־דיקע גאָרגלען וועלן זיך קנוילן שוואַרצע וואָלקנס, און די לופטיקע שילד־קרויטן וועלן פליען אַף די פירסן, אַף די הויכן, פרעסן דעם שיפער און די שטיינבראָכן. ציגן... צינדערלעך... מייז־געקוויטש פון די פיילכלעך...

לוכאָווע איז געשטאַנען נעבן די מאַשינעס, עפּעס אַראָפּגעשריען און געמאַכט מיט די הענט.

עס האָט מיט אייזן אַ קנאַל געטאָן און אָפּגעקלונגען אין די רעדער. זיי האָבן אַ ציטער געטאָן און זיינען געבליבן שטיין.

גליעב איז אַראָפּגעלאָפן מיט די טרעפּ אַראָפּ, אין דער נידער, אונטער די מאַשינעס צו. אַ גרויסע וואַגאָנעטקע־פּלאַטפאָרמע, אַ באַדעקטע מיט זיל־בערנעם שטויב פון שימל איז געשטאַנען אַף דער הויך פונם בריקל. פון דער וואַגאָנעטקע האָט געשמעקט מיט דעק־שימל.

ער איז ווידער אַרויפגעלאָפן אין דער הויך און מיט דער רעגילעס פון מיליטערישער קאָמאַנדע אַ געשריי געטאָן אין אוילאָם אַריין:

— אַ נו, טראָגט אַהער דעם קערפּער פונם כאַווער, אַף דער וואַגאָ־

נעטקע ארויף. מיר וועלן אים מיט ערע אַראָפּלאָזן אין דער נידער, זאָלן זיי אָנקוקן... אַלע די, וואָס זיינען דאָרט, ביזן דעק...

אַסאַך הענט האָבן דעם קערפּער אונטערגעכאַפּט. פאָרזיכטיק און שטום האָבן זיי אים אַראָפּגעלאָזט אויף די טרעפּ, צו דער וואגאנעטקע.

— כאווײרים!... קינדערלעך!... דעם האמער זײנעם... די ביקס זײנע... נעבן אים, כאווײרים... זײט־בא־זײט לײגט זײ אנידער, כאווײרים...

גליעב איז ארויס אַפן געשטעל, געשטעלט זיך צווישן די בלאָע אבע־ליסקן און ברייט מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן.

— לאָזט ארונטער!... לעבעדיקער!...

און די וואגאנעטקע איז אַוועקגעשוואומען אונטערן רעדער־גערויש, אוועקגעשוואומען איבער די רעלסן, ווי אַ פויגל — לופטיק און לייכט. גליעב האָט ווידער ברייט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט איבערן קאָפּ.

— כאווײרים, הערט!... אַ קאָרבן פון מי... מיט אלגעמײנעם דראנג... אָן געוויין און אָן קלאָגעניש... דער ניצאָכן פון ארבעטער־הענט... דער זאַוואָד... דידאָזיקע זאַך — האָבן מיר אויסגעשפּילט... ער וועט זיך צעקנאלן מיט פייער און מיט מאשינעס... די גרויסע בויאונג פון דער אַרבעטער־רע־פּובליק... מיר אַליין... מיט דער אייגענער הויט און מאַרך... בלוט און ליידן און קאַמף... דאָס איז אונזער געווער אינם ניצאָכן איבער דער וועלט... לאָ־מיר אַ דונער טאָן, כעוורע!...

און ער האָט דער ערשטער זיך צעזונגען, פאכנדיק מיט די הענט. מע האָט אונטערגעכאַפּט, ניט האַרמאָניש, מיט געבריל... נידעריקער, טיפער... די בערג האָבן געפּלאַצט פון געבריל, די לופט האָט זיך פאַרקנוילט, פאַרפלאָכטן... די בערג האָבן געציטערט פון ערד־ציטערניש. און די וואגאנעטקע איז גע־שוואומען און האָט זיך געוויגט אין דער לופטן, ווי אַ קליין פויגעלע אין שטורעם און דערשיטערנדיקן געדונער...

X

# אינערלעכע שיכטונגען

1

## שטילע מינוטן.

פון דער זאַוואָד-קיך זיינען דורכן פאַרמאַטערטן אוילאַם, אַליין פאַרמאַטערטע, דאשע און גליעב אַרויס אַפן שאָסיי און האָבן פאַרקערעוועט אַף אַ פאַרלאָזט שטעגל מיט קוסטן, פאַרדרייטע און פאַרפלאָנטערטע אין פאסמעס ווילדן וויינטרויב און גירליאַנדעס פעטן, אייביק גרינעם פליושטש. און ווי נאָר זיי זיינען אַריין אין יונגן וועלדל פון דעמבלעך און גראַבן, פרילינגדיק בלאָע און בלינדע, פרילינגדיק דורכזיכטיקע און צאַפלדיקע פון אייגענעם אינערלעכן געמורמל, — האָט זיי גלייך פאליע מעכאָווע אָנגעיאָגט.

— כאַווײרים, איך וויל אייך באַגלייטן ביז אייער נאָרע. עס ווילט זיך אָפּרוען נעבן אייך... אין דער שטיל...

ביידע — אי דאשע אי גליעב — האָבן אַ קוק געטאָן איינער אַף דעם אַנדערן. עפּעס האָט אויפגעפינקלט בא איר און בא אים אין די אויגן. אַ פראַגע? פאַרוואונדערונג? פאַרדראָס? ניט געווען צו דערקענען ניט אין דער באַוועגונג זייערע, ניט אין די ווערטער זייערע.

דאשע האָט אַ האַנט אויסגעצויגן און גענומען פאליען אונטערן אָרעם.

— דו ביסט בא אונז, כאַווערטע מעכאָווע, קיין איין מאָל נאָך ניט געווען. אַף דער אַרבעט לעבן מיר צוזאַמען, אָבער ווי מיר לעבן יעדערער פאַר זיך — ווייסן מיר ניט...

פאליע האָט אַ טרייסל געטאָן מיט די לאָקן אירע און פאַרפלאָנטערט זיך מיט זיי אין אַ שטעכיק צווייגל. זי האָט אַ געשריי געטאָן, אָפּגעשטעלט זיך און זיך צעלאַכט. זי האָט גענומען מיט די פינגער דאָס פאַרשימלט צווייגל, אַ קוק געטאָן אַף דעם מיט נייגיריקער פרייד און אַ שמעק געטאָן.

— ווי גוט דאָ איז בא אייך! איך האָב שוין לאַנג קיין וואַלד ניט גע-

זעען. עס שמעקט מיט צעפריעטקייט און מיט נאַסער ערד. און דערדאָזיקער ביטערער און זיסער גערוך,—דאָס שמעקט אזוי דער בוימער-זאפט און קנאספן. ווי לאַנג צוריק דאָס איז געוועזן!... אין דער קינדהייט... דאָ, אין דידאָזיקע געוויקסן און באהאלטענע ווינקעלעך, פילסטו זיך עפּעס ניט ווי פון איינע-ווייניק, נאָר ווי פון דער זייט... און דעריבער טוט אַביסעלע וויי און ס'איז אַביסל אומעטיק. דאָרט, אין די בערג, אף דער ארבעט, איז ניט געווען או-מעטיק, און אָט איצט, פון דעמדאָזיקן דעמבל און פרילינגדיקן גערוך האָט זיך עס אַ ריר געטאָן... ווייזט אויס, איך טאָר ניט אוועק פון דער ארבעט צו דער נאַטור... איך וועל נעמען אונטערן ארעם דיין מאן, דאשע: ער פאַר-מאָגט אזוי פיל קויעך, אז ס'וועט אים קלעקן אָנצופילן אונז ביידן... מיר זיינען דאָך—שוואַכע פרויען...

זי האָט געפלאפלט, ווי אַ מיידעלע, געשפּילט מיט די צווייגלעך, גע-לאַכט, נערוועז אויפגעציטערט, געאיילט זיך פון אויפרעגונג, געוואָלט זאָגן עפּעס גרויסעס און וויכטיקס: עפשער האָט זיך איר געוואָלט וויינען, עפּ-שער—באַקלאָגן זיך אף עפּעס, עפשער—פּאַשעט זיך אָפּגעבן דעם אָפּגרונט פון אירע אייגענע געפילן... זי איז אַריבערגעלאָפן צו גליעבן, גענומען אים אונ-טערן ארעם און דורך גליעבן אף דאשען אַ קוק געטאָן.

— ביסט ניט אייפערזיכטיק, דאשע?

נאָר דאשע האָט אַ שמייכל געטאָן און אויך אַ קוק געטאָן אַף פּאַליען—אַ קוק געטאָן, ווי אַ גוטע כאַווערטע.

— עס ווילט זיך דיר, כאַווערטע מעכאַווע, איך זאָל דיר אַביסל אַ צופּ טאָן די האָר? אויב עס האָט זיך דיר אזוי איינגעבאַקן דערדאָזיקער בער, האָסטו ניט וואָס צו צווייפלען אין זיין קויעך...

— אָ, איך קען זיין קויעך!... וואָס איז ווערט בלויז דער גראַנגל מיטן קאָזאַק אַפן באַרג...

און גליעב האָט דערפילט, ווי פּאַליע האָט צוגעדריקט זיין ארעם צו דער וואַרימער ווייכקייט פון איר פול אָנגעגאָסענער ברוסט. דאָ איז—דאשקע, דאָ—די לאקנדיקע פּאַליע: ביידע פרויען גייען ווי כוואַליעס דורך זיין האַרץ אַדורך און באַגעגענען זיך דאָרטן אין הייסן געשווענק. דאָ — דאשקע, אַזאַ גרויסע און אזא נאָענטע, וועלכע עס איז אזוי שווער צו פאַרשטיין און ביי-צוקומען. און פּאַליע—אַ פייער און אַ שוואַך קינד, און זי ציטערט פון אומרו און אומויפהערלעכע דראנגען. ער האָט צוגעדריקט מיט זיינע ארעמס די הענט פון די ביידע פרויען און אויך זיך צעלאכט.

— נו, אָט כ'וועל אייך ביידע... נעמען אף די הענט!... כ'וועל דער-שלעפּן ביז דער סאמע שטוב...

דאשע האָט אים אַ שטויס געטאָן אין זייט און פּאַריסן דעם קאָפּ אין גאָרגלדיקן אויסגעשריי:

— אוף, באַרים זיך ניט, קריגסמאן, ווען דו גייסט אין שלאכט!...

— אָט האָסטו דיר צום טייוול... זעצט זיך!... איר זייט געוואָרן פרויען-

אָפּטייל-טועקעס, מיינט איר זיך, אז איר זייט שוין אויס ווייבער?.. זעצט זיך!...

באַ פאליען האָבן שטיפעריש די אויגן אויפגעפינקלט און מיט געלעכ-טער האָבן די ברעמען זיך צעצאַפּלט.

— זעץ זיך, דאשע—זאָל ער זיך אַביסל אַ פּעכקע טאָן... ער האָט היינט באַקומען אַ רעכטן כיילעק: אַף באַרימערריי וועט ער ווייט ניט פאַרפאָרן.

— עך, האָזן קורנאסע—זעצט זיך, נו!...

ער האָט צעוואָרפן די הענט, אָנגעבויגן זיך און אַ כאַפּ געטאָן פאליען און דאשען איבער די קני. ביידע מיטאַמאָל האָבן מיט געשריי און מיט גע-לעכטער אים פאַרן האלז ארומגענומען און זייערע הענט האָבן זיך מיט די ארעמס און מיט די פינגער איינע אין די אנדערע איינגעפלאָכטן. באַ גליעבן האָבן די ביינער אין די קניען אַ קנאַק געטאָן, און דער האלז און דער פּאָנים האָבן מיט בלוט זיך אָנגעגאָסן. ניט פאַרשמעלערנדיק דעם טראָט זיינעם, האָט ער שטייף געקנאַקט מיט די באָטעס איבערן שטיינזאמד און האָט גע-טראָגן די ביידע פרויען, ווי צוויי קליינע שטיפערינס-מיידעלעך.

די ערשטע איז פון זיינע הענט אַראָפּגעשפרונגען, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, דאשע, און פאליע האָט זיך אַ ווײַלע פארהאלטן און באַהאלטע-נערהייט זיך צוגעדריקט צו אים מיט דער ברוסט און מיט די לאָקן.

— אַהאַ... אזוי איז דאָס!... אָט האָט איר זיך — ניט באַרים זיך, ווען דו גייסט ערשט... פּייפערינס!...

ביידע זיינען זיי פרויען, און באַ ביידע — ווייכע פולע ברוסטן. נאָר דאשע איז איינע—אַן אייגענע, און פאליע איז אַן אַנדערע—אַ פרעמדע.

דידאָזיקע צוויי פרויען (דאשע—איינע, אַן אייגענע, פאליע—אַן אַנדערע, אַ פרעמדע) זיינען נאָענט, ווי צוויי כוואַליעס גייען זיי דורך זיין האַרץ אַדורך און אין האַרץ באַגעגענען זיי זיך אין הייסן פליעסק. וואָס פאר א כוואליע וועט די ערשטע אַוועק? אָדער ביידע כוואליעס וועלן זיך אַדורך איינע איבער דער אנדערער און וועלן אוועק אין פאַרשיידענע זייטן אַף שטענדיק, אַף קיינמאָל זיך ניט אומקערן?

— יאָ... דאָס, וואָס איז היינט איבערגעלעבט געוואָרן, איז ניט צו פאַר-געסן אַף אייביק...

און אין פאָליעס מאַך מיט די ברעמען האָט גליעב דערזעען די באַ-האַלטענע באַדייטונג פון דידאָזיקע ווערטער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרט, אָפּן שפּיץ בארג, אָפּן ראַנד פון אָפּגרונט, אונטערן קוילן-האָגל, האָט זיך קעגן זייער ווילן פאַרקניפּט א בלוט-קנופּ צווישן אים און פאָליען, א נייער רעגנ-דיקער קנופּ.

גליעב האָט פאַרשוויגן, ווי ער וואָלט ניט געהערט, וואָס פאָליע האָט געזאָגט. און דאַשע איז געגאַנגען עטוואָס פאָרויס און געבראָכן די שוואַרצע צווייגלעך.

— סארא גוטע לופט, כאַווײרים... ווי האָניק!... באַלד וועט אלץ מיט גרינס און מיט בלומען באַדעקט ווערן.

פאַרוואָס איז דאַשע פאַרויס אוועק? בעקיוון? האָט זי דערשפירט זייער געהיימע פאַרבינדונג? אדער עפשער האָט זי איינע אליין געוואָלט זיך באָדן אין דערדאָזיקער פאַרנאַכטיקער לופט, שיקערער פון פרילינג?

— דו האָסט גוט געזאָגט, דאַשע: מיר זיינען נאָענט בלויז אין דער אַרבעט, און אלס מענטשן, אַלפּי טעווע זיינען מיר אָפּגעריסן איינע פון די אנדערע. דאָס איז איינער פון אונזערע שווערע ווידערשפּרוכן. מיר זיינען בלויז טוער. און ווי נאָר מיר באַרירן איינער דעם אַנדערן אלס מענטשן, ווערן מיר פּאַניש בלינד און שליסן זיך איין. און פאַר קיין זאַך האָבן מיר אַזוי קיין מוירע ניט, ווי פאַר אונזערע אייגענע געפילן. פרואוווט נאָר יעדן איינעם אריינקוקן אין די אויגן: זיי זיינען קאַלט, טויט, עפּעס מעטאַלענע אַזעלכע. מיר זיינען שטענדיק אונטער א שלאָס: באַטאָג פאַרשליסן מיר אונזער אינגעווייט און באַנאַכט — דעם צימער.

— דו רעדסט, ווי א צארט פריילין, כאַווערטע מעכאַווע. ס'איז עמעס. מיר האָבן קיין צייט ניט זיך צו פאַרנעמען מיט נעשאָמע-איניאַנים. מענטשן וועלן, כאַווערטע מעכאַווע, וואַרטן, אָבער די זאַך, אויב דו וועסט זי פאַרגענעצן, וועט זי אוועקפליען, און דו וועסט זי שוין ניט כאַפּן.

— נו, זעסטו... אזוי ריידן פילע... אָבער פון איינזאַמקייט ליידט דאָך די מערהייט, נאָר ריידן דערפון האָבן אַלע מוירע, ווייל מע האָט מוירע פאַר שפּאָט, פאַראַכטנדיקן בליק און פאָרוואורף פאַר אידעאָלאָגישע ניטשטאַנדהאַפטיקייט. נאר וואס פאַר א שאַיכעס האָט דערצו אידעאָלאָגישע ניטשטאַנדהאַפטיקייט?.. פאָשעט — ס'טוט ווײ...

דאשע איז אוועק פון זיי אלץ ווייטער און ווייטער און האָט אלץ געבראָכן צווייגעלעך. גליעב האָט מיט האמעטנעם צערטל א צי געטאָן פאָליעס צעשויבערטע לאָקן.

— אומזיסט זינגסטו דיינע סערענאַדעס, כאַווערטע מעכאַווע. דאַשען האָב איך געדעקט מיט אלערליי אטאַקעס — און פון די פלאַנגען און פון פראָנט. און זי האָט דאָך מיך אוועקגעלייגט אף אלע פיר.

דאַשע האָט א קוואַקע געטאָן פון געלעכטער און פונדערווייטנס א גלאַנץ געטאָן מיט די ציין.

— גליעב איז ענלעך אף דיר, כאַווערטע מעכאַווע: ער איז אַזאַ ווייכלייביקער, ווי דו, און וואָלט איצט דאַפקע א באַלן געוועזן שפּילן מאַיסע כאַסן.

פאָליע האָט א קוק געטאָן אף דאַשען מיט דערשראָקענע און מעוואָולוועלע אויגן און איז פלינק אוועק מיטן ווענגל צום וואַנט-דורכבראָך.

דאשע האָט איר לאַנג נאָכגעקוקט, און דער פּאָנים אירער האָט אויפגעציטערט פון מילדן, כויזעקדיקן שמייכל.

— א וואוילע מויד... א כאַכאָמע... — אָבער וואָס פאַר א פרוזשינקע האָט דאָרט בא איר געפּלאַצט?... דו ווילסט, באַגלייט זי, גליעב: דו האָסט זי גאַנץ פיין באַם האַרצן א קראַץ געטאָן...

— דאַשאָק!... איך וויל ניט אין שטוב אריין — צום טייוול! קום אפן באַרג — מירן זיצן און זיך אנאטעמען אביסל.

— נו, יאָ!... איך זאָג דאָך אויך דאָסזעלבע... קום צום באַסיין...

גליעב האָט זיך פאַרוואונדערט: איצט אט, צום ערשטן מאָל האָט אים דאַשע אָנגענומען פאר א האַנט און איז אוועק מיט אים, ווי א ליבע כאַ-ווערטע. זי איז געגאַנגען און געשוויגן, און גליעב האָט געפילט, אז זי ברויזט. זי האָט זיך געריסן זאָגן אים עפּעס א וואָרט, אָבער וואָס פאר א וואָרט—ניט אַנצושטויסן זיך: עפשער אַזאַ וואָרט, וואָס פלעגט ארויסגעזאָגט ווערן נאָר אין די ערשטע טעג פון זייער ליבע, און עפשער אזאַ, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן. און גליעב האָט געשוויגן, געוואַרט אף דאָסדאָזיקע וואָרט דאַשעס.

פאַרביי פּאַליסאַדן און הייזעלעך זיינען זיי געגאַנגען באַרג ארויף אי-בער שטיינדלעך און ציין פון באַרג-פלאַסטן. דער באַסיין איז געווען הויך אי-בער דער אויטנער קאָלאָניע, און דאָס וואַסער פלעגט דורך דער מאגיסטראַל דערלאַנגט ווערן פון דאָרט אין דער נידער, צום אַרבעטער-ישעוו, און ווייטער פלעגט עס פאַרטיילט ווערן איבער די אַנשטאַלטן, לאבאראטאריעס, צעכן און קאָרפּוסן.

אף די שטעגלעך, וואָס האָבן געפירט פונם זאַוואָד צו דער קאָלאָניע, זיינען גרופּעסווייז און איינציקווייז ארבעטער געגאַנגען. און איבער דער ברוי-נער באַרג-געשווילעכץ, ווייט הינטער דער וואנט, איז איבערן שמאָלן בלאָסן שטעגעלע א קליין מיידעלע געלאָפן און געמאַכט מיט די הענט.

דאַשע האָט זיך אנידערגעזעצט אפן גלאטן בעטאן און ארומגעכאַפּט די קני מיט די הענט, פון דער אַרבעט אָנגעדראָלענע.

— די כאַווערטע מעכאווע שפּאַנט... א מאָדנע איז זי, די כאַווערטע מעכאווע: אט וועסטו זי מיט קיינע שום צוואַנגען אף אַ האר ניט א בויג טאָן, און אט ציטערט זי אינגאַנצן, ווי א ריטעלע. איך האָב מוירע, עס זאָל עפּעס ניט פּאַסירן מיט איר. דו פילסט דען ניט, ווי זי קלאָמערט זיך אן דיר? דו וועסט דאָך זי מיסטאָם ניט אָפּשטויסן, אויב זי וועט דיך פּאַקן פאַרן אינגע-ווייט?

אן איבעראַשטער האָט גליעב זיך אַנידערגעלייגט נעבן איר און האָט אף איר פּאָנים גאָרנישט ניט געזעען, אויסער א באהאלטענעם שמייכל. וואָס איז מיט איר? נעמט זי אים אפן צימבל, אדער אין דידאָזיקע ווערטער אירע ליגט באהאלטן א באזונדערער, פאר אים אומבאוואוסטער זינען? ער האָט ניט געוואוסט, ווי צו ענטפערן אף דערדאָזיקער פראַגע און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן — בייז זיין אָדער לאַכן. זי האָט געטראָפן, מיט וואָס זיין בלוט אָטעמט, און האָט אויפגעכאַפּט אין זיינע אומווילנדיקע בליקן, אין זיינע שמייכלען און באוועגונגען — פּאַליעס אָפּשיין, נאך ניט פאַרלאָשענע פונקען פון אירע ברעמען און וויעס. צוויי כוואַליעס האָבן אין געשווענק זיך צונויפגע-טראָפן און זיינען אדורך איינע דורך דער אנדערער און דורכן קלאַפּ פון זיין האַרץ.

— נו, דאַשאַק... דו לאָזט זיך שווימען אין אלערליי באַהאַלטענע ווער-טער. און דאָס וועגטקעלע פאַרוואָרפסטו ווייט, אף א טיף אָרט...

דאַשע האָט דעם קאָפּ פאַרוואָרפן און א שמייכל געטאָן (אָווא, ווייבע-ריש א שמייכל געטאָן!), אָבער אף אים האָט זי קיין בליק ניט געוואָרפן.

— איך האָב דיר דען א רעטעניש פאַרגעבן? איך האָב נאָר געזאָגט אָפּענע, ניט פאַרשטעלטע ווערטער: דאָס איז דיין זאַך. דו ביסט דאָך געווען אומאָפּהענגיק, ווען דו האָסט געהאַט צו טאָן מיט פרויען. און צי זיינען מיר דען ניט, אי איך, אי מעכאָווע, קיין גלייכבאַרעכטיקטע פרויען?

— אָט האָסטו דיר צום טייוול!... דו האָסט מיך פּאָשעט פאַרדרייט: איך האָב ניט מיט וואָס דיך צו דעקן...

— אוי, גליעב, וואָס פאַר אַ ניט איבערגעשפּיצטער דו ביסט!... א ניט איבערגעשפּיצטער און באַהאַלטזאַמער. א ניט אָפּענער און שוואַכער. איך האָב דיר דען פאַרגעוואָרפן פאַר דיינע מאַיסים מיט ווייבער? און דו מיינסט, אַז איך וועל נעמען באַ דיר א מאַנדאַט אף מיינע ווייבערשע מאַיסים, אויב איך זאָל האָבן כיישעק צו זיי?

אירע ווערטער האָבן ווייטיקדיק געשלאָגן אים איבערן האַרץ, און זי איז געווען אזאַ אומבאַזיגבאַרע, אזא נייע און פעסט צונויפגעקלאַפּטע אין איר עמעס, אַז ער האָט זי שוין ניט געקאָנט נעמען מיט די הוילע הענט, און אף אירע ווערטער צו ענטפערן האָט ער קיין ווערטער ניט פאַרמאָגט. שוין דאַ-מאָלסט, צום ערשטן מאָל (פאַרשאָלטענער באַרג-שפּאַלט!), האָט ער מיטאַמאָל דערפילט, אַז אויך ער, גליעב, איז געוואָרן אַן אַנדערער — ניט אַזעלכער, ווי ער איז געווען נעכטן פּונקט ווי אינעווייניק באַ אים וואָלט פאַרברענט גע-וואָרן דאָס אַלטע בלוט, און אין מאַרך איז עפּעס איבערגערוקט געוואָרן. און מיט אומדערטרעגלעכן ווייטיק, דורך שוידער, האָט זיין נעשאָמע זיך א צאַפּל געטאָן מיט אַן אומפאַרגעסלעכן ליבע-דראַנג צו איר — ניט צו דער פרוי אין איר, נאָר צום מענטשן, וועלכער איז אים געוואָרן אייגענער און טייערער פאַר אַלץ אין דער וועלט. וואָס וואָלט געווען מיט אים, ווען זי וואָלט אומגעקומען אין יענעם טאָג, ווען ער האָט געטראַכט ניט וועגן איר, נאָר געטראַכט און געברענט בלויז פאַרן זאַוואָד, פאַר די מאַשינעס, פאַר די צעכן?

אָט איז זי אינגאַנצן דאָ, און אינגאַנצן איז זי אַרויסגעוואַקסן פון דער פריערדיקער. נו יאָ: אין זיך האָט זי פאַרבאָרגן זיך אַזעלכע אויך אין די פריערדיקע יאָרן, נאָר די אויגן זיינע זיינען בלינד געווען, און אינגאַנצן איז ער געווען דאַמאָלסט ניט מער, ווי א ווילדער „ער".

און ווי שטורעמדיק און יונג האָט זיך עס באַקומען אין יענער נאַכט! ניט ער האָט זי געשלעפּט צו זיך אין בעט, — ניט געבראָכן זי, און ניט גע-פלאָכטן אירע הענט, — זי אליין, א נאַקעט מיידעלע איז זי צו אים געקומען און פעסט אַרומגענומען און הייס געהאַלזט...

אונטערן בעטאָן-בריקל, אין דער טיף, האָט דאָס וואַסער געגרילט און געוואָגן מיט ווייטע באַהאַלטענע סטרונעס און עפּעס א ריזיקס און לעבעדיקס האָט געאָטעמט אין דער פוסטקייט, אונטערן בעטאָן. און עס האָט זיך גע-דאַכט, אַז דער אָטעם און די סטרונעס שווימען און וויגן זיך אין וואַלד און איבערן וואַלד און זיי שטראָמען פון די טאָליקע פיאַלעטעווע טונקלקייטן.

אלץ איז געווען לופטיק, טיף און ענדלאָז. און די בערג האָבן זיך שוין ניט געזעען ווי קייטן, געקניפּטע מיט שטיינער און פעלזן, נאָר ווי א געדיכטער שוואַרצער רויך, און דער יאַם אין זיין ברעגלאָזער אויפגעברויזטקייט — ניט קיין יאַם, נאָר א הימלבלוי-אָפּגרונט, און זיי דא, אף געבערג, איבערן זאַוואָד און צוזאַמען מיטן זאַוואָד, זיי זיינען, — ווי אף א שטיקל אָפּגעריסענעם פּלאַנעט איבער און אונטער דעם אָפּגרונט, אין אומפילבארן געפלי און אנענדלעכקייט.

גליעב האָט אנידערגעלייגט דעם קאָפּ אף דאַשעס קני און דערזעען איבער זיך איר פּאָנים און דעם לילאווען הימל, און דער פּאָנים אירער מיטן פייערדיקן פוך אף די באַקן איז אויך געווען א לילאווער, און אין די אויגן בא איר — פארוואונדערונג און א רייף-געוואָרענער, ניט ארויסגעזאָגטער געדאַנק.

דער ווייטיק האָט כוואליעסווייז איבעווייניק געשלאָגן... זי, זיין דאַשע... זיין ווייב... און אין דעמדאָזיקן ווייטיק איז געווען איינס: דאַשען קאָן מען ניט דערהאַרגענען — זי איז שטאַרקער, ווי דער קלאַפּ פון זיין האַנט און זי איז אומדערגרייכבאַר אף אייביק.

— דא, אויבן, אונטערן הימל, איז גוט צו ליגן באַ דיר אף די קני, דאַשע. מיר זיינען נאָך קיינמאָל מיט דיר ניט געווען אזעלכע צונויפגעלייגטע פריינט, ווי אין דערדאָזיקער אָוונט-שאָ.. דערצייל זשע מיר, ווי האָסטו דאָ אָן מיר דיין ביסל מאַרך און ביינער צונויפגעקאליטשעט און אין וועלכע צאָרעס ביסטו אויסגעווען.

אין דער לופט האָט א בליץ אויפגעשיינט און די לילאָווע טונקלקייט האָט זיך ווי אַש צעשטויבט ביזן סאַמע הימל.

גליעב האָט זיך אויפגעהויבן אפן עלנבויגן, לאַנג געקוקט אף די זאַוואָדגעביידעס, אף די בערגלעך און טאָלן, באַשאָטענע מיט סעדער: אומעטום האָבן ווי שטערנדלעך פייערלעך געפינקלט, צעשאָטן זיך אין גרויסע און קליינע שטערן-הויפנס. א כוואַליע אַנטציקונג האָט מיט בלוט אין הארצן זיך א שווענק געטאָן, און ער האָט זיך געשטיקט פון רעגונג: וואָס איז עס — טרערן ארער פרייד האָבן זיך אין האַלז געשטעלט?

— אט אזוי איז עס, דאַשאָק... דאָס איז — אונזערע הענט און מאַרך... גוט איז צו קעמפן און בויען אונזער אייגענעם שיקזאַל... עך, דאַשאָק... דאָס איז — אַלץ אונזערס... מיר... מיילע... איך וועל ליגן זאָ בא דיר אף די קני און דו דערצייל... איצט איז שוין קיין זאך ניט שרעקלעך, און דיינע שוידערלעכקייטן וועל איך אויסהערן, ווי א מאַיסעלע...

דאַשע האָט ווידער אנידערגעלייגט אירע הענט צו אים אף דער ברוסט. זי איז אַליין אויך אויפגערודערט געווען, און גליעב האָט געהערט, ווי טויבע שטויסן שלאָגן באַ איר אין האַרצן.

— נו, איז וואָס זשע... איצט קאן מען שוין דיך א פליק טאָן מיט ווערטער... דו ביסט שוין איצט ניט אַזאַ „ניט ריר מיך אָן“... אוף, סארא מעשוגענער דו ביסט עס געווען, גליעב!... סארא שטיק פערד דו ביסט עס געווען!...

2

# געבורט פון קראַפט.

און אין דעמדאָזיקן לילאוון אָוונט האָט זי אים וועגן זיך אזוי דערציילט.

...גליעב איז נאָך די קלעפּ אָפּגעלעגן אפן בוידעם, מיט די מייז און שפּינען, און איז אין איינער א נאַכט אוועק אין די בערג; דאָרט, אין די באַרג-היילן און גערריכטעגישן, זיינען די גרינע געזעסן.

זי האָט געוואוסט, אז גליעב רייסט זיך אָפּ פון איר עפשער אף אייביק אַפּילע, און זי האָט זיך אליין אָפּגעריסן פון אים, ווי פון א טויטן. זי האָט אים ניט באַגלייט אויסער דער טיר — זי האָט אים באַגלייט אין דער פינסטערניש פונם צימער. זי האָט געיאָמערט אָן קרעכצן, אָן אויסגעשרייען און האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אים, דעם געליבטן, וואָס האָט מיט זיך איר נעשאָמע מיטגענומען. און ווען ער איז פאָרזיכטיק, א פאַרבאָרגענער, נעלעם געוואָרן אין דער נאַכט — האָט זי ניט אָנגעצונדן קיין פייער, און אליין, א פאַרבאָרגענע אין דער פינסטערניש, מיטן טעכטערל ניורעלע אַף די הענט, האָט זי אין אומפאַרגעסלעכן פיין א גאַנצע נאַכט, ביז מאָרגן-גרוי אין די שויבן זיך דורכגעמאַטערט. און מיט דעמדאָזיקן טרערנדיקן פיין איז זי ארייגגעוואַקסן אינם בעט אן א מאַן, מיטן טעכטערל ניורעלען נעבן האַרצן, און די טעג און די נעכט האָבן מוטנע, ווי א שאָטנדיק געקנעט, געצויגן זיך הינטער די מוסלינענע פאַרהענגעלעך.

און אויפגעציטערט האָט זי פון דעמדאָזיקן האַלב-לעבן אירן אויך אַזוי פלוצלונג און אומגעריכט, ווי זי איז ארייגגעפאַלן אין דעם.

מיט גערודער, מיט סאָלדאַטישער הוקעריי, מיט ביקסן און רעוואָלווערן, גרייטע אויפצורייסן, האָבן זיך אפיצערן צו איר ארייגגעריסן, ארומגערינגלט זי ווי א זיך שטויסנדיקע קופּע און עטלעכע מיטאמאָל:

— וואו איז דער מאַן?...

זי האָט דאָס ערשטע מאָל אויפגעציטערט, ווייל די ווענט האָבן אויפגעציטערט, ווייל דער דיל אונטער די פיס האָט זיך א וואקל געטאָן. און ווייל דאָס האַרץ האָט באַ איר אויפגעציטערט, האָט זיך ניורעלע צעוויינט און צעוואָרפן באַ איר אף די הענט.

— זאָג, וואו איז דיין מאַן? מיר ווייסן, אז ער איז דאָ געוועזן. מאַך נאָר ניט, זיי אזוי גוט, קיין אומשולדיקע אויגן און שטעל פון זיך ניט פאָר קיין צאַצע...

— און איך ווייס דען, וואו מיין מאַן איז? איר ווייסט דאָך בעסער... איר האָט אוועקגעשלעפּט מיין מאַן, און וואָס איר האָט געטאָן מיט אים, האָט איר דאָך מיר ניט דערציילט, וואָס זשע זייט איר נאָך צו מיר געקומען זוכן?

און ניט געוויינט. בלויז בלאָ געוועזן, און די אויגן האָבן זיך אף דורך און דורך געלויכטן, ווי גלעזלעך. געוויינט האָט ניורעלע און זי האָט זי פעסט צום האַרצן צוגעדריקט.

איינער פון דידאָזיקע, א יונגער, קימאַט א אינגל נאָך, אינגאַנצן מיט שאַרפע ווינקלען און שטעכענישן, האָט געהאַלטן אין איין אויפשטיין און זעצן זיך, גערויכערט און געוואָרפן די פּאַפּיראָסן, ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון איר׳ און גערעדט וואָרט וואָרט נאָך וואָרט אלץ איינס און דאָסזעלבע:

— נו, דו לייג נאָר ניט אזוי פרעך... דו ווייסט... דו ווייסט, יונג ווייבל. זייער גוט ווייסטו... דו וועסט זיך פון מיר ניט ארויסדרייען...

און גלייך אָפּגעהאַקט מיט אַ זעץ מיטן פויסט אין טיש.

— דו וועסט באַלד אַרעסטירט ווערן און מיר וועלן דיך גלייך דערשיסן אנשטאָט דעם מאַן דיינעם. רייד, קיין זאַמד אין די אויגן שיט ניט!

און זי איז געשטאַנען, ווי פריער, און גערעדט:

— פון וואַנען זאָל איך עס וויסן? ס׳איז אייער מאַכט — דערהאַרגעט. איר האָט אים אַוועקגעשלעפּט, דאַרפט איר מיר טאַקע זאָגן: וואו איז ער? איר זעט דאָך: איך בין איינע אליין. צו וואָס זשע מאַטערט איר מיך?

דער אפיצער האָט א ווײלע געשוויגן און ווידער שטאר אַף דאַשען אַ קוק געטאָן. צי האָט ער פיין דערזעען אין אירע אויגן, וואָס האָבן אַף דורך און דורך געברענט, אָדער אין נירועלעס קוילעס האָט ער אן אומדייטלעכן פאָר-וואורף דערהערט,—נאָר ער האָט זיך מיט א ריס פון שטול אויפגעהויבן.

— מאַכן א גענויע אונטערזוכונג. לייגן אַכט אַף יעדער מינדעסטער קלייניקייט.

ער האָט זי אַוועקגעזעצט צווישן צוויי בערדיקע כעוורעלייט, און ביז אינדערפרי האבן זיי זיך געגראָבן אין אלע ווינקעלעך, שפּאַלטן, באַהעלטענישן און שמאַטעס.

— אנטלאָפן צו דער צייט, אויסוואורף...

דערנאָך, באַגינען, פארשוויצטע און אויסגעמאַטערטע פון דער אומזיס-טער אַרבעט, האָבן זיי זי מיט נירועלען אוועקגעשלעפּט אין זאַוואָד, אַף די דאַטשעס. און דאָרטן, אין א קעלער, צווישן הרודעס מענטשן, פרעמדע, פאר-טשאַדעטע און צעשויבערטע אין בראַנד פון פאַרן טויט, איז זי פאַרפרעמדט אָפּגעזעסן מיט נירועלען אף די הענט ביז האַלבן טאָג. עמיצער פון דידאָזיקע מענטשן—ניט איינער, נאָר אַסאַך—האָבן גערעדט מיט איר, אָבער וועגן וואָס איז די רייד געווען — געדענקט זי קיין וואָרט ניט.

און צו מיטאָג האָט מען זי פון קעלער ארויסגעפירט, און דערזעלבער ווינקלדיקער אפיצער האָט ווידער שאַרף א קוק געטאָן אף איר.

— נו, וואו זשע איז דיין מאַן, יונג ווייבל? דו לייקן ניט שטיין און ביין... מיר וועלן דיך סאַי ווי ניט ארויסלאָזן פון דאַנען, ביז וואַנען דו וועסט ניט זאָגן. אויב ער געפינט זיך אין א זיכערן אָרט, וואָס זשע האָסטו מוירע? פּאַראַקשן זיך ניט, דער רואך זאָל דיך נעמען, אומזיסט דיין טירכע.

און זי האָט ווידער, אָלץ אָן טרערן, קוים אף די פיס זיך האלטנדיק פון אויסגעמאַטערטקייט, גערעדט:

— ווי קאָן איך וויסן, וויבאַלד איר אַליין האָט אים צוגענומען. זאָגט איר בעסער, ווי איר האָט אים ביז טויט פאַרפייניקט...

און עמיצער הינטער איר האָט ווי א הונט א ביל געטאָן:

— לאָז זי אָפּ צום טייוול, פּאָלקאָווניק... דו זעסט דען ניט, אַז זי איז צעדולט פון שרעק?

אבער דער פּאָלקאָווניק האָט א שפּריץ געטאָן מיט די אויגן און צעשי־פּעט זיך:

— דו ווייסט כאָטש, שלעפּערין, אַז פאַר דיין אָקשאָנעס דאַרפן מיר דיך דערשיסן, אָנשטאָט דיין מאַן? אַלציינס וועט דיר ניט געלינגען ביזן סאָף שפּילן א טאַמעוואַטע.

— נו, איז שיסט... נו, איז וואָס... נו, איז וואָס...

און ניט זי, נאָר עמיצער אן אַנדערער אין איר, האָט ווי אַ סטרונעלע אינעווייניק אויפגעציטערט:

— איר האָט דאָך אים פאַרפייניקט, ער איז דאָך שוין מער אף דער וועלט ניטאָ... פאַרפייניקט מיך אויך... אי מיך, אי ניורעלען... אי מיך, אי ניורעלען...

און ווען זי איז צו זיך געקומען — ווי די זון וואָלט זי מיט מילך אָפּגעגאָסן, — האָט זי זיך דערזעען אַפּן גלאַטן, מיט שטויב ברענענדיקן שאָסיי. אנטקעגניבער—דער זאַוואָד, און אָן, דאָרטן, ווייטער, אפן געבערג—דער אַר־בעטער-ישעוו, און פונדערווייטנס זעט זיך דער רויטער דאַך, אונטער וועלכן עס איז באַנאכט אן אויסגעליידיקטער געבליבן איר צימער.

נו, איז זי ווידער געבליבן איינע אליין. זי האָט זיך באַפריינדעט מיט מאטיע סאַוווטשוק, און מיט איר האָט זי די שטוב-טעג פאַרבראַכט. און די טעג און נעכט זיינען שוין ניט געווען מער קיין מוטנע: די טעג האָבן מיט זון געבליט, די נעכט — מיט שטערן. און ווען זי פלעגט זיצן אין איר גאַניקל, קוקן אַף די שטערן, הערן, ווי עס קלינגען ווי גלעקעלעך די טייכ־לעך אין דער נידער, פלעגט זי טראכטן וועגן גליעבן: וואו איז ער? לעבט ער? וועט ער קומען צו איר ווען ס׳ניט איז פון דער אומבאוואוסטקייט?

באטאָג, ווען די בערג האָבן ביז די סאמע שפּיצן זייערע אין לופטיקן שימער זיך צערונען, איז דאַשע געזעסן, ווי שטענדיק, אף איר גאַניקל און האט שמאַטקעלעך פאַריכט, און ניורעלע האָט דערנעבן, אפן צעמענט-בריקל פונם הויפל, מיטן קעצעלע געשפּילט. די ציקאַדן האָבן אף זייערע קעמעלעך מו־זיצירט, און ווייט, הינטער די זאַוואָד-געביידעס, אפן יאם, האָבן מעוועס אין דער לופטן אויפגעפינקלט.

איז פאַרבייגעגאנגען אַ סאָלדאט מיט וואנסן מיט שנור-וויקלען אף די פיס (ווייניק סאָלדאַטן גייען דען פאַרביי דעם פלויט אירן?), איז ער צוגע־גאַנגען צום פלויט, אָנגעשפּאַרט זיך מיט דער ברוסט אָן די פלאַנקעס (ווייניק סאָלדאַטן, גאַרנדיקע נאָך אַ נעקייווע, פלעגן דען צוגיין צו איר פלויט?). מיטאַמאָל האָט ער ניט געווינלעך, באַהאלטענערהייט, שטרענג זי א רוף געטאָן:

— דאַשע, שפּרינג ניט ווי א קאַץ — זיץ אפן אָרט. אַ יעדיעלע פון

גליעבן. זע — א פּאַפּירל איז אַראָפּגעפאַלן. באַנאַכט וועל איך קומען צו קריכן — שרעק זיך נאָר ניט.

און איז אַוועק. זי האָט נאָר באמערקט: ווי פּאסמעס קלאָטשע — די וואָנצן, ווי פּאסמעס קלאטשע — די ברעמען.

זי האָט געוואָלט ווי אַ הון פון גאַניקל אַראָפּפליען צום פלויט, נאָכן פּאַפּירל, נאָר דער סאָלדאַט האָט זיך ווידער אומגעדרייט צו איר—די פּאסמעס קלאטשע זיינען אף די אויגן אים אַראָפּגעפאַלן. האָט זי פאַרשטאַנען: מע דארף צוואַרטן, ביז ער וועט הינטערן באַרג פאַרשווינדן. און מיט אַ האַרץ, וואָס האָט געקוויטשעט פון בלוט, מיט אויגן, אין וועלכע דער טאָג האָט זיך אין אַ רויטן שטורעם געווירבלט, מיט די לעצטע טראָפּנס ווילן-אָנשטרענגונג, האָט זי צערטלעך ניורקען צו זיך פאַרנאַרט:

— קום אהער, צו דער מאַמען, ניוסענקע... גיכער, גיכער... הויב אויף אָן יענץ פּאַפּירעלע, גיב אָפּ דער מאַמען... אָט אַזוי... קום מיטן פּאַפּירל צו דער מאַמען אף די הענטעלעך... גיכער, גיכער...

און ניורקע האָט, ווי אַ הינדעלע, אַ פּיק געטאָן דאָס פּאַפּירעלע און ווי א הינדעלע אַוועקגעשפּרונגען צו דאַשען.

— מאַמע, נא!.. מאמע, נא!..

זי איז געבליבן ליגן בא איר אַף די קני און מיט די פיסלעך זיך צעבאָמבלט.

און דער רויטער געווירבל האָט זיך אַלץ געדרייט אין די אויגן, און דאס האַרץ איז גרייט געווען פּלאַצן.

און אַזעלכע ווערטער האָט זי איבערגעלייענט אין פּאַפּירל, און די-דאָזיקע ווערטער זיינען פון גליעבן אָנגעשריבן געווען (עס קאָן דען עמיצער אנדערש, אויסער גליעבן, אַזוי שרייבן?):

„דאַשע, איך לעב און בין געזונט. זיך און ניורקען זאָלסטו זעען היטן ביז גאָר. דאָסדאָזיקע פּאַפּירל פאַרברען גלייך, און יעפים מיט די וואָנצן וועט דיר אויסדערציילן, ווי און וואָס".

גליעב, ליבער, טייערער! אויב דו לעבסט און ביסט געזונט און ביסט אַ מונטערער צום לעבן,—איז זי, דאַשע, אויך שטאַרק און אף לעבן אַ גרויסער באַלן...

און באַנאַכט איז געקומען דער יעפים מיט די וואָנצן, וועלכער האָט געשמעקט מיט בערג און מיט וואַלד, און דאַשען האָט זיך געדאַכט, אַז ניט מיט וואַלד שמעקט ער, נאָר מיט גליעבן. אין דער פינסטערניש פון צימער באם פענסטער (איבערן הימל בלויז האָבן שטערן געטריפט), איז דאַשע געזעסן נעבן יעפימען מיט די וואָנצן און געציטערט פון ליבע צו גליעבן. און דער מיט די וואָנצן האָט מיט א הייזעריקער מאַכאָרקע-שטים, מיט אַ רעוואָלווער אין האנט, גלייך אָנגעהויבן פון אינעווייניק ארויסשעפּטשען אַזעלכע ווערטער, וואָס דאַשע האָט זיי קוים געקענט בייקומען.

— דו באַנעם, דאַשע, פון איין מאָל. דער ערשטער קלאַפּ: גליעב האָט אוועקגעשלעפּט זיינע פיס דורך די ווייסע קויכעס צו דער רויטער אַרמיי. וועט

די קישקע באַ אים ניט פּלאַצן—וועט ער דערטאַנצן. וועט ער אַריינפּאַלן אין אַ פּאסטקע—איז אויס מאַיסע... נאָר ניט וועגן אים גייט דער שמועס...

דאַשע האָט געציטערט און אַרויסגעמורמלט צעריסענע ווערטער:

— און עפּשער... איז, עפּשער... זאָג מיר, כאַווער יעפים... ער וועט דאָך אומקומען אין אַזאַ מין אַרומשלעפּעניש ?.. ער איז דאָך—איינער אַליין... ער איז דאָך צווישן מענטשישע כאַיעס—איינער אַליין...

— אין צווייטן קלאַפּ גייט דער שמועס ניט וועגן אים. דער צווייטער קלאַפּ איז דאָך—אַ וואָרט צו דיר—גליעבס וואָרט: האַלט זיך און צי אָן די אָדערן. אַזאַ טרייסלדיקע צייט איז איצט... איך וועל שטענדיק זיין באַ דיר אַף די אויגן. און דו וועסט זיין אונזער גרינע פּרוי: דאָס האָסטו — פון מיר און פון גליעבן, ווי פון איין נעשאָמע. טראַכט זיך איין. טו דאָס ניט בלויז פאַר גליעבן, נאָר פאַר דער גאַנצער גרינער כעווריע. זאָל די גאַנצע באַנדע אונזערע זיין פאַר דיר אַף אַ שטיקל צייט, ווי א מאַן. געדענק. איך וועל זיין אומעטום, וואו מע וועט נאָר דאַרפן. דו ווידער דאַרפסט אָרגאַניזירן די אַלע גרינע אַלמאָנעס אין אַ גוטער טשאַטע. דו אַליין גיי אַרבעטן אין איניען דערנערונג אין זאַוואָד-קאָאָפּעראַטיוו. דאָס וועלן מיר מאַכן איינס און צוויי. נו, און ווייטער — שאַ-שטיל. גיי ניט צו דער טיר, מאַך נאָר אויף די קליאַמקע.

אבער ווי זשע... ווי זשע וועט זיין מיטן טעכטערל מיט מיינעם ?.. מיט ניורעלען ווי זשע ?..

— געפין אַ גוטע פרוי און לאָז באַ איר אַף די הענט. ניורעלע וועט פון דיר ניט אַנטלויפן. זאָג נאָך, וואָס דו ווילסט זאָגן...

דאַשע האָט אַלץ געציטערט און אַלץ ניט געקאָנט פעסט, מיט דער פולער ברוסט אַרויסזאָגן דאָס נויטיקע וואָרט. און געזאָגט האָט זי נאָר אזוי:

— כאַווער יעפים, עפּשער... עפּשער בלאָנקעט איצטער ערגעץ אַרום גליעב איינער אַליין אין דער נאכט... און דער טויט איז פון אים אַף אַ טראָט... אויב גליעב איז אַף דעם געגאַנגען, וועל איך אויך אַף דעם אַוועק.

יעפים האָט א שלוקערץ געטאָן פון שמייכל אין דער פינסטער, און די האַנט זיינע האָט איר קני א צערטל געטאָן.

און איז אַוועק אַזוי שטיל, ווי ער וואָלט אינגאַנצן ניט געווען, ווי ער וואָלט בלויז ווי א טונקעלער נאַכטיקער שאָטן אין כאָלעם דורך די געדאַנקען אירע דורכגעגאַנגען.

און נאָכאַמאָל האָט דאַשע אויפגעציטערט, נאָר דאָס איז שוין געווען דערנאָך, אין סאָף פון א לאַנגער ריי פאַראַקשנטע האַרטע טעג אירע.

ניורעלען האָט זי איבערגעלאָזט באַ מאַטיען אַף די הענט (געצאָלט מיט אַ טייל פון איר ראַציאָן). אַ וואויל ווייבל מאַטיע, א וואוילע כאַווערטע, און א וואוילע האַנט האָט זי פאַרמאָגט צו ניורעלען.

אליין איז זי אַוועק אַרבעטן אין קאָאָפּעראַטיוו, אין בעקעריי, באַם ברויט פאַנאַנדערטיילן. אומבאַקאַנטע מענטשן פלעגן אַלע טאָג קומען, פלעגן

פּאַפּירלעך דערלאַנגען און זעק ברויט באַקומען פֿאַר די „אַרבעטער אַף די באַרג-געביידעס“.

און ווייבער, „גרינע אַלמאָנעס“, איז געווען באַ אַ האַלב טוץ. אַ העלפֿט פֿון זיי — זעקלערינס — האָבן געזידלט די מאַנען זייערע אַף וואָס די וועלט שטייט, זיינען צונויפֿגעגאַנגען זיך מיט אַנדערע און גאָר גיך פֿאַרגעסן אָן די פֿריערדיקע. די איבעריקע דריי, אַרבעטסלאָזע, האָבן זיך געשפּייזט פֿון וואַשן וועש די אָפֿיצערן, און באַנאַכט פֿלעגן זיי אויפֿנעמען ענגלענדער און סאָלדאַטן און באַקומען דערפֿאַר פּראָדוקטן. האָט זיי דאַשע אין אַ קליין הייפֿל צונויפֿגעקלאַפּט און געגעבן זיי אַן אַרבעט: אין די בערג גיין, אין שטאָט גיין, איבערגעבן די גרינע קליידער, שיך און פֿאַרשיידענע פּאַפּירלעך פֿון פֿאַרשיידענע נויטיקע לייט.

דערדאָזיקער דריילינג איז נעווען: פּימקע (אַ קאַלע-מיידל, דער ברודער פּעטראָ איז צו די גרינע אַוועק), מיט אַ צאַרטן אויסזעען, ווי באַ אַ פֿריילן; דאָמאַכע — אַ ברייטביינערדיקע מיט אַ געלער הויט, מיט דריי שרייענדיקע קינדערלעך אַף די הענט, און ליזאַוועטע — אַ יונגע אַקאָרע מיט אַ הויכער ברוסט און מיט אַ הייסער רויט-פֿאַרב אַפֿן פּאָנים (ניט געקוקט אַף דער הונגעריקער צייט). פּימקע איז אַ פֿאָלגעדיקע, באַ איר איז קיינמאָל ניט שאַיעך אָפּזאָגן, ניט קיין מאַנספּערשוין אַלס נעקייווע, ניט קיין פּרוי, ווען זי בעט פּראָדוקטן. דאָמאַכע איז אַ בייזע און איז גרייט טאָמער עפּעס נעקאָמע נעמען פֿאַר אירע אייגענע צאָרעס. און ליזאַוועטע איז אַ באַהאַלטענע און פֿאַרשלאָסענע, און באַטאָג, פֿאַר לייטן אין די אויגן — אַ ניט צוטריטלעכע. אָט וועמען עס האָט אין איין פּויסט צונויפֿגעקלאַפּט דאַשע. בלויז מיט זיי האָט זי איר אָפּרו פֿאַרבראַכט.

אין טויבע פֿינסטערע נעכט פֿלעגט יעפּים מיט די וואָנצן קומען צו גיין, פֿלעגט קלאַפּן מיטן רעוואָלווער אָן קני.

— ווייסט, כאַווערטעס-ווייבער, איין ריכטיקער קלאַפּ: שווייג — און געגוג. בייס זיך מיט די ציין דעם צונג אָפּ... דאָס סאַמע ערגסטע פֿלייש — דאָס איז דער מענטשישער ווידל. לעמאָשל, מע האָט דיך געפּאַקט און צוגענומען, איז — בייס אָפּ דעם צונג און שפּיי אים אויס, און מיט די אויגן טשעפּע ניט דעם צווייטן, באַהאַלט די אויגן אין בויך. באַנעם עס. אַ צונג קאָן קיין באַרג ניט אויפֿהויבן, אָבער פֿון דער ערד אָפּמעקן קאָן ער גאַנצע בערג...

אָט ווער עס איז געווען זייער ערשטער געטרייער לערער.

אַזוי איז אַוועק אַ יאָר. און דאָסדאָזיקע יאָר האָט פֿעסט אָנגעשטאָפּט דאַשען מיט געניטקייט, מיט ביטערקייט, מיט קראַפֿט: פֿון וואַנען האָט זיך עס נאָר גענומען... און די ווייבער זיינען אַריינגעוואַקסן אין איר קראַפֿט, און זי איז זייער אַטאַמאַן געוואָרן.

און אַפֿן סאָף פֿונם ערשטן יאָר האָט דאַשע ווידער אויפֿגעציטערט. פֿון יענער צייט אָן האָבן דאָס די ברעמען באַ איר איבער דער נאָז אַזוי זיכער זיך פֿאַרקניפּט, און די אויגן האָבן מיט קרישטאָל זיך אָנגעזאַפּט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען דאשע איז געשטאנען באַ דער סטאָיקע און האָט געטיילט ברויט דער לאַנגער ריי, — דער פרימאָרגן איז דעמאָלט געווען אַ געדיכטער, אַ יאָדערדיקער, אַ בלויער, מיט האַרבסטיקן פייער און גערוך, — האָבן אָפיצערן באַוואָפנטע מיט ביקסן דעם אוילאם צעטריבן און אַרויסגעשלעפּט זי פון איר ברויט-ווינקל. די מענטשן האָבן מיט פּאכעד אין אלע זייטן זיך צעשפּריצט און זיך צעלאָפן יעדער צו זיך אַהיים. און זי האָט מען אַוועקגעזעצט אַף אַ פּראַכט-אַווטאָ, צווישן אַ הורבע אָפיצערן און אַ'ועקגעפירט זי אַף דער דאַטשע, — אַהין, וואו זי איז שוין אַמאָל געווען מיט ניורעלען, — און אַריינגעווארפן זי אין דעמזעלבן קעלער. און ווידער זיינען הורבעסווייז מענטשן דאָרט געלעגן און געזעסן אָנגעווארפן, און ווידער זיינען זיי איר אלע פרעמדע געווען, יעדערער אַ פאַרלוירענער אין זיין אייגענעם אומגליק.

אָבער אַן אנדערע איז שוין דאשע געווען, ניט אזא ווי פריער. זי האָט געוואוסט, אז מיט אַסאַך האָט זי ריזיקירט, און איז גרייט געווען אויפצונעמען יעדע בייזע שאָ. זי האָט אַסאַך געטראַכט, ווי זאָל זי זיך האלטן, ווי זאָל זי זיך צו שוואַכקייט ניט דערלאָזן. אַלץ האָט זי געקאָנט אויסטראָגן — אַלע אינואים און עפּשער דעם טויט אַפילע, — אָבער אין האַרצן איז געבליבן איינס ניט איבערצוטראָגן: איבערשפּאנען איבער ניורעלען וועט זי ניט קענען.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער שימלדיקער צעמענט-טונקלקייט און דערזעען דאָרט די פאסמעסדיק-קלאטשעדיקע וואָנצן און ברעמען. זיי לאָזן זיך ניט דערקענען און גליטשן זיך שוין איבער אנדערע פּענימער. האָט זי פאַרשטאנען — מע טאָר זיך ניט לאָזן דערקענען. און נאָך האָט זי דערזעען: פּימקע ליגט אַ צעשויבערטע, ציטערט פון כליפּעניש, און נעבן איר זיצט איר ברודערל פּעטראָ און די באַקן זיינע זיינען מיט אינגלשן פּוך באַשאָטן, ווי מיט שטויב. ער גלעט די שוועסטער זיינע איבער די האָר, איבער דער פּלייצע און שעפּטשעט איר עפּעס מילד, און דער פּאָנים בא אים — ווי נאָך נעכט שיקערן.

דאָ האָט זי צום ערשטן מאָל באנומען דעם גרויל פון מענטשלעכע ליידן.

פריער האָט מען אוועקגעשלעפּט דעם מיט די וואָנצן און גלייך נאָך אים — זי געבראכט צו פירן. דער מיט די וואָנצן איז ניטאָ. דערזעלבער יונגער פּאָלקאָווניק מיט די שטעכלקעס איז געווען דאָרטן. אַ קוק געטאָן אַף איר — גלייך דערקענט.

— אַ, ווידער אַריינגעפאַלן צו אונז צו גאַסט?... נו, איצט וועסטו שוין פון דאנען ניט ארויס. נו, ווי האָסטו עפּעס געהאָדעוועט די גרינע? פאַרוואָס זשע האָסטו געלייגט, אז דו ווייסט ניט, וואו דיין מאן איז?

טאמעוואטע האָט דאשע אַפן פּאָלקאָווניק די אויגן אויסגעגלאצט און טאַמעוואטע געענטפערט:

— פון וואנען קאָן איך וויסן, וואו מיין מאן איז? איר האָט דאָך אים באַ מיר צוגענומען. און איצט וואַרפט איר אף מיר גרינע אַרויף...

— אָט וועלן מיר באלד דערגיין. אָפּפירן זי אין קיך און אָנהאָדעווען זי, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

מע האָט זי אַוועקגעשלעפּט אין אַ צווייטן, קלענערן קעלער אַריין, וואו אנשטאט אַ דיל איז געווען אַ שמוציקע שטינקענדיקע בלאָטע און אַ שטינקענדיקער מייסים־געררך. אין אַ מין שמוציקער יויך האָט זי דערזעען שטיקער בלוט־פּעטשא. און א נאַקעטער, אין שוידערלעכן מיעסן שמוץ, ליגט אַ מענטש, דרייט מיטן קאָפּ אין דער יויך און באגיסט זיך מיט בלוט. און צוויי געזונטע קאזאקן כריפּען און ברילן און פייפן מיט די שאַמפּאַלן.

עמיצער—זי געדענקט ניט ווער—האָט איר אָפּגעבריט די פּלייצע און די אַקסלען מיט אַ נאַהאַיקע, און דער ברי האָט זיך מיט אַ כאַיעשן געשריי אויפגעריסן.

— איי—איינס!... אַט האָסטו דיר, נעווײַלע! דאָסזועלבע—זע—וועט באַלד ווערן אויך פון דיר... באַוויז דערדאָזיקער נעווײַלע דעם פאַרשוין... דו דערקענסט דידאָזיקע כאַיע?

און בא איר איז שוין גאָרניט געבליבן אויסער א איבלדיק האַרץ. זי האָט צונויפגעקליבן אלע קויכעס פון דער נעשאָמע אַף ניט אומצופאַלן.

— וואָס זשע פייניקט איר?... פאַרוואָס?... פון וואנען זאָל איך קענען דעמדאָזיקן פעטער?

— לייג צו נאָך אַביסל געבראָטנס דעם פעטער...

און ווידער האָט מען יעפּימען מיט שאַמפּאלן געבראָקט, און ער איז געלעגן, געדרייט מיטן קאָפּ און געשוויגן. און דערפילט האָט דעמאָלט דאשע דעם גרויסן קאָרבן און שוידער, וואָס ליגט באַהאלטן אין זיין שווייגן. און האָט זי עס דערשפּירט — בלייבט איינס: שווייגן, אנציען ביז צום פּלאַצן אַלע אָדערן און צוקוועטשן דאָס האַרץ צו די ריפּן.

— אַנו, רייד, טייוולשע ליאַלקע, וואָס פאַר אַ געשעפטן האָסטו געהאט מיט אָט דעם אויסוואורף? זאָג — און מיר וועלן אים מער ניט טשעפּען, און דו וועסט זיך צו זיך אַהיים אָפּטראָגן...

— נו, קיין שום געשעפטן ווייס איך דאָך ניט... איך בין געבליבן מיט אַ קליין טעכטערל אָן אַ מאַן... נו, צו וואָס זשע מאַטערט איר מיך?...

און ווידער האָט אַף דורך און דורך אַ ברי געטאָן דער אומדערטרעגלעכער פייער. זי האָט זיך ניט איינגעהאלטן, דאָס האַרץ האָט געפּלאַצט און זי האָט זיך צעשריען מיט אַ שניידיקן קוויטש:

— אָבער וואָס האָב איך אייך דען געטאָן? נו, פאַרוואָס שלאָגט איר מיך?

— רייד... זאָג נאָר איין וואָרט, און דו וועסט זיין פריי...

און ווי נאָר זי האָט דערהערט דידאָזיקע ווערטער, האָט זי גלייך פאַרשטאַנען: דידאָזיקע מענטשן האָבן קיין אַנונג ניט פון איר ארבעט, און גענומען האָט מען זי גלאַט אזוי, ווי אַ פון לאַנג פאַרצייכנטע. קיין אנדערע ווייבער האָט מען ניט גענומען און זי האָט מען גענומען. אָבער פּימקע? פּימקע איז עפּעס אנדערש: פאַרן ברודער. מיסטאם צופעליק געכאַפּט אים בא איר אין שטוב. און אז דאשע האָט עס פאַרשטאַנען, האָט דאָס בלוט צוריק אין די אָדערן אַוועקגעשטראָמט.

— הערט אויף מיך פייניקן... איך ארבעט און שטער קיינעם ניט...

— גיב נאָך אַביסל לאָקשן דעם פעטער, אזוי, אַט אַזוי... שלאָג!...

שטאַרקער, ער זאָל זיך צעקוויטשען און אביסל אַ זופּ טאָן קאַשע.

דער קערפּער פון דעם מיט די וואָנצן איז שוין געלעגן טויט אין שמוץ און האָט נאָך געצאַפּלט שוין אין אָפּגייענדיקער גסיסע-קאָנוואולסיע. און די קאזאקן האָבן מידע, פון שוויס צעפּאַרעטע, געשמיסן איבערן בלוטיקן פלייש, און פון אונטער די שאָמפּאלן האָבן געקנאַקט בּרעקלעך פלייש און שפּריצן בלוט.

נעבן דאשען האָט זיך מיט אַ גרויל-קרעכץ אין אַ בלוטיקער קאַשע אַ קוילער געטאָן פעטראס, פּימקעס ברודערס, קערפּער. אַ פּאַרליאַפּעטער מיט שמוץ, מיט כאַיעשן שרעק אין די אויגן, איז ער אף די פיס אויפגעשפּרונגען, אויסגעגליטשט זיך, געפאַלן, ווידער אויפגעשפרונגען און אוועקגעלאָפן איבער דער בלאָטע, כליופּענדיק אין דעם בלוט-און פלייש-געקנעט. נאָך אים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צוויי קאזאקן מיט שאָמפּאלן. פּעטרא האָט זיך צערעוועט ניט מיטן גאָרגל, נאָר מיטן גאַנצן קערפּער. ארויסגעדרייט זיך פון זיי און צוריק, אַ בלינדער און פאַרפּאַלענער, אַוועקגעדרייט זיך אין קרייז. נאָר איין קאזאק האָט אים דעם וועג איבערגעהאַקט, זיך אַ קוויק געטאָן און מיטן גאַנצן קויעך אַ קנאַק געטאָן אים מיטן שאָמפּאל איבער די קני. פּעטרא האָט ווי אַ הונט זיך צעוואָיעט און מיטן בויך אינם שיטערן שמוץ אנידערגעפאלן.

מיט פאַרקילטע אויגן האָט דאשע געקוקט, ווי מע פייניקט די כאווי-רים, און, אַ שטומע, אַ געריירטע פון זינען, האָט זי דעם בליק פון זיי ניט געקאָנט אָפּרייסן. זי האָט געקוקט און גאָרנישט ניט געזען, אויסער בלוט, וואָס האָט געזאָטן, געבּרויזט, ווי אַן אויפגעשטורעמטער יאַם. אויך אין דער לופט איז געווען בלוט, און בלוט איז געווען אין מאַרך און הינטער די שטוי-ביקע לעכער-פענסטער.

זי איז צו זיך געקומען אין יענעם ליכטיקן צימער, וואו ס'איז געזעסן און געהוליכערט דער פאָלקאָווניק.

— נו, וואָס, יונג ווייבל, געפעלן געוואָרן אונזער קיך? און איצט דער-צייל, וואָס דו ווייסט...

— אָבער איך ווייס דאָך גאָרניט... כ'ווייס גאָרניט...

— און יענעם באָכער קאָנסטו אויך ניט—און יענע מויד?

— פּימקען קען איך און פּעטרען... איך האָב זיי געקענט ווי קליינע קינדער.

צוויי אפיצערן, אויך אַזוינע יונגע, ווי ער, האָבן אים אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער. לעכאַטכילע האָט ער זיך אביסל פאַרכמורעט, דערנאָך האָט ער אַ צוק געטאָן מיט אַ באַק.

— איצט, פּאלקאווניק, גיט זי אונז אַוועק: מיר וועלן זי אַביסל דורכ-דעזינפּיצירן.

און, גלייך אין פּאָנים אריין איר, האָבן זיי מיט מיעסע האוואיעס אַ האק געטאָן שרעקלעכע ווערטער, און פון דידאָזיקע ווערטער האָט ערגער ווי געטאָן, איידער פון דער נאהאיקע.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ ווינקל פונם צימער און מיט די הענט זיך צעפּאָכעט:

— מע דאַרף ניט!.. מע דאַרף ניט!.. איך וועל זיך ניט לאָזן ביז אין טויט אריין... אוי, מע דאַרף ניט!..

דער פּאָלקאָווניק האָט אַ האנט אויפגעהויבן און אַ לאַך געטאָן.

— נו, גוט... דאָס וועט ניט פּאַסירן, אויב דו וועסט דערציילן דעם עמעס. קום אַהער און דערצייל.

— וואָס זאָל איך אייך דערציילן, אַז איך ווייס גאָרניט... און וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר?.. ווי שעמט איר זיך ניט: איר זייט דאָך יונגע...

דער פּאָלקאָווניק האָט זיך מיט זיין פּלייצע צום שטול-ווענטל אָפּגעוואָרפן און שלאַנגיש די אויגן פאַרשטשירעט.

ביידע אפיצערן האָבן זי אונטער די הענט אַ כאַפּ געטאָן און אוועקגעשלעפּט אין אַ צווייטן צימער אריין. אומגעוואָרפן זי אפן דיל, אומפאַרשעמט אפגעדעקט זי און פאַרגוואלטיקט.

...ביז האַלבער נאַכט איז זי געלעגן אין קעלער אַ האַלב-טויטע מיט נאַקעטע פיס און בריסט. ווי מע האָט זי אוועקגעוואָרפן, אַזוי איז זי געבליבן ליגן. פּימקע האָט עטלעכע מאָל צו איר צוגעפּויזעט, איינגאַנצן אַ קרעכצנדיקע, אן ווערטער, געקלאַפּט זיך מיטן קאָפּ אָן איר ברוסט און צוריק אַוועקגעפּויזעט. צוויי מאָל האָט זיך איר ניורקע באַוויזן: זי שפּאַנט צו איר מיט די פּיסלעך אירע און טאַנצט אַ שיקערן האָפּאַק און דאַשע האָט זיך געצויגן צו איר, געשריען פון פּאַכאַד און עקל:

— מע דאַרף ניט... אוי, מע דאַרף ניט, ניורעלע... מע דאַרף ניט...

זי האָט געפּויזעט צו איר, ווי פּימקע, און פאַרצווייפלט "וועגן עפּעס געבעטן, ניט ווייסנדיק וועגן וואָס. און דערנאָך, ביז דער לעצטער שאָ, איז ניורעלע אָפן זינען מער ניט אַרויף און מער ניט באַוויזן זיך, ווי ניורעלע וואָלט גאָר ניט זיין אַף דער וועלט, ווי זי וואָלט געווען בלויז אַן אויסגעלאָשן בילד פון אַ פאַרלאָשענעם כאָלעם.

נאָך האַלבער נאַכט,—דאָס געדענקט זי אויך, ווי דורכן שלאָף,—איז זי צו זיך געקומען פונם גערודער פון אַ פראַכט-אווטאָ. זי איז געזעסן אפן דיל פון זיין הילצערנעם קאָרב און מיט איר זיינען דאָרט געלעגן און געזעסן נאָך מענטשן. ניט מיטאַמאָל האָט זי זיי דערקענט: פּימקע, דאָס ברודערל פּעטראָ און יעפים מיט די וואָנצן. און אַרום און אַרום זיינען געשטאַנען אפיצערן און קאַזאקן מיט ביקסן אין די הענט. אַלע האָבן געשוויגן און שווער און פייכט זיך געטרייסלט, ווי באַרמענעס.

און נאָר איינס איז בוילעט פאַרבליבן אין זיקאָרן—די פאַרשיידנפאַרביקע פונקען פון די שטערן, און די שטערן זיינען געווען זייער נאָענט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

און עס איז קיין פּאַכאַד ניט געווען. זי האָט געוואוסט—דער טויט וואַרט: די מאַשין וועט זיך אפּשטעלן, מע וועט זיי אַרויסשמיצן פון דעם הילצערנעם קאָרב, אַוועקפירן צום יאַם, און זי וועט דאָרט ניט ווערן. זי האָט עס

געוואוסט און דאָס האַרץ איז געווען ניט קיין האַרץ, נאָר אַ שטיק אייז. און קיין גרויל איז ניט געווען. עס איז נאר געווען אַ קעלט אין האַרצן ניט צו דערליידן. און אַזוי פֿראָסט איז עס געווען און פֿאַרגלייוערט אין דער נעשאָמע, פונקט ווי דאָס וואָלט ניט וואָר געווען, נאָר אַ געוויינלעכער, ווייניק באַוועגלעכער כאָלעם, אין וועלכן דו גלויבסט ניט, ווען דו זעסט, און דו ווייסט, אַז דידאָזיקע בילדער וועלן זיך גיך אויסלעשן. און ניורעלע פֿלעגט אָט פֿאַרגעסן ווערן, פונקט ווי זי וואָלט קיינמאָל אַף דער וועלט ניט זיין, און אָט פֿלעגט זי מיטאמאָל ווי אַ כוואַליע דורכשווימען דורך איר מיט פֿאַנאַנדערגעוואָרפֿענע הענטלעך און מיט איין קורצן:—אַי!.. עס פֿלעגט זי דערשיטערן דידאָזיקע כוואַליע, ווי אַ שמיץ מיט אַ נאַהאַיקע אין קעלער, און פֿלעגט ווידער פֿאַרשוואונדן און פֿאַרגעסן ווערן, ווי אַ לאַנג פֿאַרגאַנגענער כאָלעם.

ווי באַרמענעס האָבן זיך געטרייסלט די ליגנדיקע כאַוויירים: אי דער יעפים מיט די וואָנצן (מע האָט אים אין דער מאַשין אַריין אַריינגעוואָרפֿן, ווי אַ מעס), אי פימקע, אי פעטראָ. און קיינער האָט איר ניט באַנג געטאָן, נאָר דאָס האַרץ איז געווען ניט קיין האַרץ, נאָר אַ ניט צעגייענדיקער שטיק אייז.

און ווען די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז שוין דאַשע געווען ניט קיין לעבעדיקע. פונקט ווי צוזאַמען מיט דער מאַשין האָט זי אויך אויפֿגעהערט צו לעבן. און אַז מע האָט זי אַראָפּגעריסן פֿון דער מאַשין און אַנידערגעשטעלט זי אַף דער ערד,—איז זי געבליבן שטיין און געשטאַנען אויך אַזוי אומבאַוועגלעך, ווי זי איז געלעגן. עס האָט זיך נעבן איר אויך פימקע געשטעלט און אינגאַנצן געציטערט אין אַ קאַדאָכעס, געכאַפּט זי פֿאַרן קליידל און געטוליעט זיך צו איר, ווי אַ קינד. יעפים מיט די וואָנצן איז אַ טויטער געלעגן בײַ זייערע פֿיס. פעטראָ האָט זיך ווי אַ נאר געשטויסן אַף איין אָרט, א צעמאַזיקטער פֿון די שמיץ, געדרייט מיטן קאָפּ (דער פּאָנים איז שוואַרץ פֿון בלוט), געברומט, געפּרעפּלט און קעסיידער געשפּיגן.

און נאָר איינס האָט ווי ניט זי, נאָר עמיץ אַנדערש איבער איר פימקען אַפֿן אויער אַ שעפּטשע געטאָן:

— שוויג און שוויג... שוויג און שוויג... אַ בלינדע, אַ שטומע... שוויג...

עס האָט זיך אויסגעדוכט: אַ גרויסער האַמוין האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און אָפּגעריסן זי אָן אַ זייט.

דאָס האָבן פֿיר קאַזאַקן מיט די ביקסן א שטופּ געטאָן פימקען און פעטרען.

זיי האָבן זיך צעשאַרט מיט די פֿיס אונטערטעניק און שטום, ניט אומקוקנדיק זיך. און נאָר ווען זיי זיינען אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָט זיך פימקע צעשריען און זיך געוואָרפֿן ווי אַ פֿויגל. זי האָט זיך אַ ריס געטאָן צוריק און צעפּאַכעט זיך מיט די הענט.

— דאַשע, מיין טייערינקע דאַשע!.. וואָס טוען זיי מיט מיר, דאַשע!..

מע האָט זי אָפּגעשטויסן און פֿאַרטויבט מיט אַ זידלעריי געזידלט, און זי האָט אַ קוויטשע געטאָן, אַ וואָרף געטאָן זיך און אַפֿן זאַמד אוועקגעפֿאַלן.

מע האָט זי אַ ריס געטאָן פאַר די הענט און ווידער אַף די פיס אנידערגע־שטעלט. זי האָט שטום געשטעלט נאָך אַ פאָר טריט. אפגעשטעלט זיך און פארזאָרגט אויסגעשריִען:

— דאשע... וואָס זשע האָב איך עס אָפּגעטאָן?... איך האָב דאָך פאַר־געסן דעם שאַל אַפן אַכטאנאביל...

און ווידער האָט אַ פערדישע הוקערײ אירע ווערטער באַדעקט און פאָ־רויס זי געשטויסן.

און דאָרט, פאָרויס, אַפן שמאָלן זאַמדפאַס, וואָס ווערט צעשמאָלצן אין יאַם מיט טונקעלן גלי, דאָרט, וואו דער יאַם גייט ווי א שוואַרץ צעאקערט פעלד אָן אָפּשיין אין פינסטערניש אוועק, דאָרט האָט דאַשע געזעען נאָר טונ־קעלע שאָטנס, און דידאָזיקע שאָטנס האָבן ווי שיקערערהייט געטאַנצט שי־קערע אַף איין אָרט.

און ווידער האָט זיך א ריס געטאָן פּימקעס קוויטשעדיקער אויסגעשרײ:

— איך וויל ניט, כ׳וויל ניט... מיט די אייגענע אויגן מיינע וויל איך א קוק טאָן אַפן יונגן טויט אַף מיינעם!...

און ביזן סאַמע זאַלפּ האָט זי אַלץ ניט אויפגעהערט צו שרייען:

— אוועקט, אַוועקט!... כ׳וויל... מיט מיינע אייגענע אויגן וויל איך!...

און ווען עס האָבן אַ קנאַל געטאָן די שאָסן, האט זיך דאשען געדאַכט, אַז דער יאַם האָט געשריען און געזונגען מיט פּימקעס אויסגעשרייען.

האַרט צו דאַשען איז צוגעגאַנגען אַ שטײַפער שאָטן.

— צום לעצטן מאָל: זאָג, ווער רודערט צוזאַמען מיט די גרינע? איך גיב דיר דאָס וואָרט — גלייך פריילאָזן דיך אַהיים. אָדער — אָט... דו זעסט?... באַלד וועסטו אויך זיין דאָרט...

און פונקט ווי פריער האָט דאשע טאמעוואטע געענטפערט:

— איך בין ניט מער ווי אַ פרוי, איך קאָן דאָך ניט וויסן, ווער ס׳איז א גרינער, ווער ס׳איז ניט קיין גרינער. כ׳האב א טעכטערל ניורעלע, און איך ארבעט... עסן דאַרף מען דאָך...

און צעוויינט זיך. עמעס, צעוויינט האָט זיך ניט זי, נאָר אין האַרצן האָט ווי אַ פויגעלע זיך צעצאַפּלט דאָס טעכטערל, די קליינינקע ניורעלע.

— גוט... נעם דעמדאָזיקן גאָנער. שלעפּ אים אַוועק פאַר די הענט און די פיס צו יענע.

מע האָט אוועקגעשלעפּט יעפים מיט די וואָנצן, און דערהערט האָט דאשע ניט קיין זאַלפּ, נאָר איין איינציקן שאָס.

און ווידער איז צוגעקומען דער שטייפער אָפיצער.

— איך גיב אַ האַלבע מינוט...

— נו, וואָס זשע קאָן איך זאָגן?... נו, שיסט... שיסט זשע...

און זי האָט געפילט, ס׳וועט דורך נאָך איין אויגנבליק, וועט זי אוועקפאַלן אַפן זאַמד און וועט זיך וואָרפן און צאַפּלען ווי פּימקע, — עס האָט געפלאַצט און צעגאַנגען דאָס האַרץ, — און וועט זיך צעשרייען איבער דער גאַנצער וועלט.

דערנאָך האָט זי זיך מיטאַמאָל א קוילער געטאָן אין דער לופטן און זיך א קלאַפּ געטאָן מיטן קאָפּ אָן אַן אייזן.

ווידער האָט זיך געטרייסלט און געפּויקט די מאַשין, און ווידער, דאָרט, אין דער הויך, זייער נאָענט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, האָבן מיט גאָלדענע טראַפּנס די שטערן געקלונגען, און איבער די בערג האָט ווי א פייערדיקער נעפּל דער הימל געברענט.

מע האָט זי ניט ארייַנגעוואָרפן אין קעלער אַריין, נאָר אוועקגעפירט זי צוריק אין יענעם צימער. און דערזעלבער פּאָלקאָווניק האָט, ניט אויפהויבנדיק די אויגן אף איר, דייטלעך און פויל געזאָגט:

— פאַר דיר האָט קאווירט דער אינזשענער קלייסט. מיר גלויבן ניט דיר, נאָר דעם אינזשענער קלייסט.

...א גוט ווייבל איז מאטיע און א גוטע כאוועריטע (באַ איר זיינען דאָך פון הונגער די אייפּעלעך אירע דעמאָלט אומגעקומען)...

— דו קאָנסט גיין. נאָר ווייס: וועסט אַריינפאַלן—וועסטו שוין אהיים זיך מער ניט אומקערן. און נאָך עפּעס ווייס: דא איז מיט דיר גאָרניט פאָרגעקומען, און די אויגן דיינע האָבן גאָרניט ניט געזעען. און אויב דיין צונג וועט עפּעס ארויספּלאַפּלען ניט צו דער שאָ געדאַכט—וועט מיט דיר פּאַסירן דאָס, וואָס מיט דידאָזיקע הינט. נו, טראָג אָפּ דיינע פיס—מאַרש!...

און מער האָט שוין דאַשע קיין ציטער ניט געטאָן, ווייל פעסט און אַף שטענדיק האָט זיך שוין פאַרקניפּט באַ איר דער ברעמען-קנופּ איבער דער נאָז.

קיינעם האָט זי גאָרנישט ניט דערציילט, אָבער וווערטער האָט זי זיך אויסגעלערנט זאָגן צו דער פּאַסיקער מינוט און צו דער זאַך. אינדערהיים איז זי געווען נאָר באַנאַכט, און די ווענט אין צימער האָבן אָנגעהויבן שימלען, און די ווינקלען האָבן מיט שפּינוועבס און מיט שטויב זיך צעבליט. עס זיינען פאַרוועלקט און פאַרטריקנט געוואָרן די בלומען אפן פענסטער, דאָס פּאָנים האָט זיך אויסגעבלייכט באַ איר, און די אויגן זיינען געוואָרן קאַלטע און דורכזיכטיקע. זי פלעגט פאַרפאַלן ווערן באַ מאַטיען, באַ דער גוטער כאוועריטע, באַם צוגעלאָזענעם היימישן ווייבל. זי האָט זיך באַפריינדעט מיט סאַוווטשוקן, באַפריינדעט זיך מיט גראָמאַדען און פלעגט לאַנגע שאָען זיצן מיטן הויקערדיקן לאָשאַק אף די הויפן פונם זאַוואָד. זי האָט זיך אומבאַמערקט געגרייט באַגעגענען די רויטע אַרמיי. אי לאָשאַקן, אי גראָמאַדען, אי סאַוווטשוקן האָט זי פאַרפלאָנטערט אין איר געהיימער אונטערנעמונג. פריער פלעגן זיי באַנאַכט שלאָפן און באַטאָג פלעגן זיי קוקן אף די בערג. איצט זיינען זייערע אויגן באַנאַכט שלאָפלאָז געוואָרן און באַטאָג האָבן זיי זיך בלינד געמאַכט.

מיט א שטומע פראַגע אין די אויגן פלעגן סאָלדאַטן קומען צו גיין. א קוק טאָן פון דער זייט — פלעגן זיי קומען זיך נאַריש מאַכן, א שפּיל טאָן זיך מיט דער יונגער אלמאָנע. זיי פלעגן קומען איין מאָל, צוויי מאָל, דערנאָך פלעגן זיי פאַרפאַלן ווערן, און אנשטאָט זיי — נייע. און וואו זיינען פאַרפאַלן געוואָרן די פריערדיקע — דאַשעס געפיילטע אויגן האָבן וועגן דעם קיינעם גאָרנישט ניט געקאָנט דערציילן.

און דאַמאָלסט ערשט האָט דאָס דאַשע לויטן אייגענעם ווילן, ניט פּעלשנדיק מיט דער נעשאָמע אין גליעבן, זיך אָפּגעגעבן אנדערע מאַנספּער־שוינען. און ווען זי האָט זיך דערמאנט אָן דעם, האָט זי קיין כאַראָטע ניט געהאַט. ווי דאָס וואָלט אויך אריינגיין אין געדער פון איר געפּערלעכער אַר־בעס אונטער די אויגן און קוילן פון דעם קאָנטר־אויסשפּיר. ס׳פּלעגט פּאַסירן, אַז אַזאַ כעוורעמאַן פלעגט זיך צובינדן צו איר און גייט ניט אוועק אין די בערג. טאַינעט פון האַרצן:

— איך קאָן אָן דיר, דאַשע, ניט אַוועק... איך וויל ניט זיין קיין ווילדע כאַיע אין וואלד... צערטל מיך צו דער לעצטער מינוט... צוליב דיר זיינען קיינע שרעקן ניט שרעקלעך...

עמעס, עס זיינען געווען מינוטן, ווען זי פלעגט באַטויבט ווערן, — נאָר דאָס איז געווען איר קאָרבן. מיט וואָס איז אַזאַ קאָרבן גרעסער, ווי איר לעבן? און דידאָזיקע רעגע פלעגט אָנזעטיקן א מענטשן מיט קראפט און שרעקלאָזיקייט.

אין האַפן זיינען געשטאַנען ענגלישע שיפן — זיי האָבן געלאָדן אָנצאָ־ליקע מאַכנעס רייכע און אדעליקע, וואָס זיינען פון צאָפן געלאָפן.

און פון ערגעץ-וואו פון דער וויט, פון הינטער די בערג, האָט מיט א טויבן אונטערערדישן געדונער די ערד געבּרומט, און באנאכט האָבן פון דעמ־דאָזיקן דונערן מיט פייער די שטערן פון הימל געטריפט.

... און אין איינעם א הייסן פרילינגדיקן פרימאָרגן אין גאָלדענע פעדים, ווען ס׳איז אומעגלעך דעם יאַם פונם הימל אָפּצוטיילן, און די לופט — פון די בליענדיקע בוימער, — איז איבערן צעראַבירטן און צעשאָטענעם מיסט, איבער די פּגאָרים פון פערד און באַרמענעס פון מענטשן, דורכן איפּעש פון טויט־פּאַניק און דער ווייסער באַנדע, איז דאַשע, מיט א רויט טיכל אַפן קאָפּ, אוועק דאמאָלסט אין שטאָט אריין, קאָמוניסטן זוכן. זי איז געגאַנגען איינע אַליין, געגאַנגען דאן, ווען די איינוואוינער און די אַרבעטער, דערשראָקענע נאָך, האָבן מוירע געהאַט די קעפּ פון די לעכער אַרויסשטעקן. דאַשע איז געגאַנגען און די אויגן אירע און דאָס טיכל האָבן געברענט אין די זוניקע פעדים, און אין דעם בלוי פונם הימל און יאַם: די אויגן פון אינעווייניק—ווי בורשטין, און דאָס טיכל אַפן קאָפּ — ווי רויט בלוט.

עס האָבן זיך איר געטראָפן אפן וועג רייטער-רויטאַרמייער מיט רויטע שלייפן אף די העמדלעך, און דידאָזיקע שלייפן האָבן פונדערווייטנס געבליט ווי רויטע מאָן-בלומען. זי האָט געקוקט אַף זיי און געלאַכט, און זיי האָבן געמאַכט מיט די הענט, אויך געלאַכט און געשריען:

— אוראַ — דעם רויטן טיכל!.. דער רויטער פרוי — אוראַ!..

גליעב איז געלעגן באַ דאַשען אף די קני אַ דערדריקטער און האָט לאַנג קיין וואָרט פון ברוסט ניט געקאָנט ארויספּרעסן. אָט איז זי, זיין דאַשע... זיצט נעבן אים, ווי אַן אייגן ווייב, דיזעלבע שטים, און דאָס פּאָנים און די

הענט דיזעלבע, און פונקט אזוי ווי פריער קלאַפּט באַ איר דאָס האַרץ. אָבער עס איז שוין ניטאָ יענע דאַשע, וואָס איז געווען מיט דריי יאָר צוריק: יענע דאַשע איז אוועק פון אים אַף אייביק.

און א כוואַליע אומויסדריקבאַרע ליבע צו איר האָט אים מיט ווייטיק דערשיטערט. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט מיט ציטערדיקע הענט און, שטיקנדיק זיך, קעמפנדיק מיט טרערן, האָט ער זיך צעקרעכצט פון רעציכע, אָנמאַכט און צאַרטקייט צו איר.

— דאַשע, טייבעלע!.. ווען איך וואָלט נאָר געווען דאָ אין דידאָזיקע טעג... דו האָסט דאַמאָלסט אַליין געשלעפּט... ווען איך וואָלט געוואוסט!.. און איצט פּלאַצט מיר דאָס האַרץ, דאַשע... דו ביסט געלעגן מיט פרעמדע... דאַשע!.. איך וויל דיך שלאָגן און פּייניקן... צו וואָס האָסטו עס מיר דער-ציילט, דאַשע?.. אבער מיין האַנט הויבט זיך אַף דיר ניט... זי איז אָפּגעדאַרט געוואָרן, און זאָל זי פאַרשאָלטן זיין!.. נאָר דו אַליין... מיטן אייגענעם ווילן... מיט סאָלדאַטן... קאָן איך דען דאָס פאַרשטיין?.. דאַשע!.. מיילע.. איך קאָן פאַר דיר ניט שרייבן קיין געזעצן... און נאָענטער פאַר דיר האָב איך קיינעם ניט... דו ביסט דאָך געבליבן לעבן... דו ביסט אַליין אוועק און האָסט דיין אייגענעם קאַמפּס-וועג... דאַשע, טייבעלע, טייערינקע!..

— גליעב... דו ביסט אַ גוטער... א נאַרישער ביסטו, גליעב, אָבער אַ גוטער...

און ביז נאַכט זיינען זיי געזעסן אַרומגענומען, ווי זיי זיינען נאָך קיינ-מאָל ניט געזעסן, זינט די ערשטע טעג פון נאָך זייער כאַסענע.

XI

# פארקלעמעניש

1

## הענט פון א באַלעבאָס.

ביז באַגינען איז גליעב איבער די הייזער געגאַנגען און פערזענלעך אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פונם אָפּטייל. אף די גאַסן, אף די טראָטואַרן זיינען מיט ביקסן אף די פּלייצעס געשטאַנען וואַכזאַמע שטומע אַרבעטער־פיגורן. אין די גאַסן, פאַרשטעקטע און באַהאַלטענע אין זיך און אין פינסטערניש, האָט דער געהילך פון שווערע שטיוול די נאַכט מיט שוידער אָנגעזאַפּט. און פון הימל אַראָפּ האָט די לופט געגראָט מיט בלויער אויפגאַנג־שיין.

זשוק געפינט זיך אין קאַראַאול. ניט יענער זשוק איז עס געווען — אַ ליידיקגייער און אונטערקוקער, אַ פלוידערזאַק־דעמאסקירער, אַן איינגעהויקערטער טומלער,—פאַר גליעבן איז געשטאַנען א שטרענגער סאָלדאַט. און אַז גליעב איז צו אים צוגעגאַנגען, האָט ער ניט צעפּלאַפּלט זיך, ווי שטענדיק, נאָר שטייף געהאַלטן די ביקס. פון די אָפענע טירן פון א באַזונדער־הויז מיט די שפּיגל־פענסטער האָבן זיך היסטערישע קוויטשערייען פון אַ פרוי געהערט.

— ווער רודערט דאָ, זשוק?

— מע אַרבעט שוין דאָ ווי עס באַדאַרף צו זיין, פריינט... דו הערסט, ווי די כעווריעמאַנטע האָט זיך צעיאַכמערט!.. סאַווטשוק, דיין ווייבל, סעריאָזשע און צוויי טשעקיסטן אַרבעטן דאָ. כאַפּ זיך אַריין צו זיי — גיב אַ קוק, ווי מע פליקט די בורזשואַזיע... צוויי און צוואַנציק קלעפּ!..

אין גלעזערנעם קאָרידאָר, אין באַגינענדיקן טונקל איז א רויטאַרמייער מיט א ביקס געשטאַנען, און דורך דער אָפענער טיר, דורך די הויפנס שאָטנס איז געווען צו זען, ווי א צעשויבערטע פרוי האָט זיך אַפן דיוואַן געוואָרפן און אין אנגסטן די הענט געבראָכן.

עס האָט געקאָכט א שווערע איילנדיקע אַרבעט: עס האָט געקרעכצט דאָס מעבל, וואָס איז אַהער און אהין איבערגערוקט געוואָרן, ווייך זיינען גע־פאַלן אַפן דיל די בייכיקע פעקלעך, עס האָבן געטראָטן און געכריפעט שווע-רע שטיוול...

גליעב איז לויט דער מיליטערישער רעגילעס אריין דרייסט און האָט דער לעצטער מיט זיינע שטיוול צעטאפטשעט די קולטורעלע געמיטלעכקייט. ער האָט אף דער פרוי, וואָס איז ווי א געקרייציקטע אַפן דיוואן געלעגן, קיין קוק ניט געגעבן, און זי, א האַלב נאַקעטע, מיט א פאָנים פון א פאַרקילטן טייגעכץ, האָט מיט שוידער געקוקט אף די מענטשן מיט די ביקסן, און אף די מענטשן, וואָס האָבן אויסגעליידיקט די קאמאדן, גאַרדעראָבן און קאָסטנס. די פרוי האָט, ווייזט אויס, ניט געפילט נעבן זיך דאָס קליינע מיידעלע, וואָס האָט מיט נייגיר געקוקט אַף די פרעמדע פעטערס, וואָס זיינען אזוי אומגע־ריכט און אזוי גערודערדיק פון דער נאַכט אריינגעפאַלן.

א מענטש אין שלייקעס און שטעק-שיך, מיט גאָלדענע פענסנע אף דער נאָז, מיט א לאַנגער באָרד, ווי א שרויף, איז געשטאַנען א פאַרלוירענער, אָבער איינזאַם-כשיוועסדיקער, איז געשטאַנען נעבן שרייב-טיש און מיט א קאנוואולסיוו געלעכטערל מיט די פלייצעס געקוועטשט.

דאַשע האָט מיט א געניטע האַנט, ווי א באַלעבאָסטע, זאָרגזאַם און אויפמערקזאַם אפגעקליבן אַלץ, וואָס זי האָט געפונען פאָשעטערס, דאָס נוי-טיקסטע פון וועש, מאַלבושים און שטוב-זאַכן, און צונויפגעלייגט דאָס אלץ אף אויסגעשפרייטע יילעכער און אין וועג-קוישן.

— דאָס איז—פאַר די קינדער-הייזער... פאַר די קינדערלעך... פאַר די הייזער פונם אָפטייל פאַר אָפהיטן מוטערשאַפט און קינדהייט. כאָ-כאָ, א שטאָף... אָט האָבן זיי דאָס אַביסל אָנגעפאַקט זיך שטאָפן, וויפל קינדער מע וועט עס קאָנען דערמיט באַקליידן!..

סאווטשוק האָט ווי אַן אָקס געשטופט די שאפעס און קאמאדן, און די קנאַפלעך זיינע האָבן שמוציק געבלייכט זיך פון אָנשטרענגונג און דאָס פאָנים האָט זיך באַ אים מיט בלוט אָנגעגאָסן.

— אָט, טייוולשע נעשאָמעס, האָבן זיי דאָס אַביסל אָנגעשטאָפט די קאָסטנט מיט אַלדאס גוטס. אונזערע כאזיירים-טרייבער האָבן צינדערלעך גע־ניטעוועט און די הויקערס מיט זעק געריבן, און נידערטרעכטיקע מענטשן האָבן אין דידאָזיקע קופערטן שמאלץ אָנגעקליבן. האָ-האָ, אזא מין מוזיק—ניט קיין באלאבייקע, נאָר א גאַנצע האפן-בארושע (ער האָט דעם קלאַוויר געשלעפט): ווער זשע זאָל אף איר באלאבייקען, אויב ניט אקסן?..

סערגיי איז געשטאַנען מיט דער ביקס אין האנט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אין דעמדאָזיקן הויז פלעגט ער אמאָל אריינקומען, אין די יוגנט-יאָרן: טשירסקי—א באוואוסטער אדוואָקאַט. אין די אַמאָליקע יאָרן איז ער באַפריינדעט געווען מיטן פאָטער. א סאָציאליסט. א דעפוטאט אין אלע פיר דומעס. א דעפוטאַט אין דער גרינדונגס-פאַרזאמלונג לויט דעם צעטל № 7.

סערגיי האָט אַף אים ניט געקוקט און געקעמפּט מיט דער אייגענער אויפרעגונג: ער האָט מוירע געהאַט—טאָמער וועט מיטאַמאָל צו אים טשירסקי צו גיין, דערלאַנגען אים א האַנט און צערײדן זיך מיט אים, ווי מיט א נאָענטן מענטשן. ער האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אז ער דערקאָנט אים ניט, און, ביז ווייטיק צונויפדריקנדיק די ציין, האָט ער זיך געפּלייסט צו זיין שטייף און פעסט,—אזא ווי די כאווײרים זיינע, אָבער ער האָט געפילט, אַז די פיס ציטערן בײַ אים פונם פאָרגעפיל פון אַן אומפארמיידלעכן סקאַנדאַל.

און דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר שוידערלעך און ניט צו פאריכטן, איז געשעען פּראָסט און אומבאַמערקט. טשירסקי האָט געקוקט גלייך אין פּאָנים אריין און געקרימט דאָס מויל אין אַן איבלדיקן שמייכל, — געקוקט און אלץ געזוכט כאַפּן א רעגע אַף זיך איינצוקלאמערן אין אים מיט א וואָרט.

— סערגיי איוואניטש, איר פאַרנעמט זיך אויך מיט אזעלכע פיינע זאַכן, ווי דערדאָזיקער אָנפלי? אפן אונזער ביידנס שפּראַך האָט אזא זאַך אַמאָל געהייסן—רעציכע. פון דאַנען וועט איר, ווארשיינלעך, אוועק צו אייער פּאָטער, צו איוואַן אַרסעניטשן און דאָרט וועט איר אויך אזא מין אפּעראַציע מאַכן. דאָרט וועט איר ווארשיינלעך איבערלאָזן דעם טאַטעשי אייערן אביסל מער, ווי איר לאָזט מיר איבער. דאָ רייסט איר אראָפּ די לעצטע פּאָר טאַכטוינים. צי גאראנטירט איר זיך אקאָרשט ניט די אומבאַרירלעכקייט פון אייער יערושע? עפּשער וועט איר יאויך אונז, צוליב אַלטער פריינטשאַפט וועגן, טאָן א שטיקל כעסעד?

און די פרוי, איבערייסנדיק דעם געוויין אירן, האָט אויסגעצויגן צו אים די הענט, און אַף די באַקן בא איר זיינען טרערן געפלאָסן און געציטערט אַף די קישעלעך פון איר צעקראָכענער גאָמבע.

— סערגיי איוואַניטש... ליבינקער!.. איר זייט דאָך אונז אמאָל א נאָענטער געוועןֹ... וואָס טוט איר?.. ניט שוין זייט איר דאָס, סערגיי איוואניטש?..

סטאַרענדיק זיך זיין רואיק און שטרענג, האָט סערגיי, ביז קנאַק אין די געלינקן, די ביקס צונויפגעקוועטשט, און שאַרף, מיט אַן אָפּהילך אין מאַרך, קוקנדיק פאַרביי טשירסקין, ארויסגערעדט:

— יאָ, מיין פּאָטער וועט האָבן פונקט אַזאַ גוירל, ווי איר. פּונקט ווי איר, וועט אויך ער אָרויסגעזעצט ווערן פון הויז און וועט קיינמאָל אהין ניט צוריקקערן.

און ווי נאָר ער האָט אַרויסגערעדט דידאָזיקע ווערטער, איז אים גלייך לייכט געוואָרן, און דער מענטש, וואָס איז געשטאַנען בײַם טיש, האָט אים אויסגעוויזן לעכערלעך אין זיין געוועזענער פאריסנקייט און כשיוועס.

— אזוי, אזוי... איר האָט זיך אויסגעלערנט צו זיין גענוג אכזאריש... מיט מאַזל!..

דאשע האָט געפונען א גרויסע דיקע ליאַלקע מיט גרויסע אויגן און געלער וואָל אפן קאָפּ. זי האָט זיך צעשמייכלט און א שפּאַן געטאָן צום מיידעלע.

— סארא מערקווירדיקע ליאַלקע!.. נעם זי, קינדעלע! זי האָט נאָך

דיר געבענקט, ווען זי איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. אוף, סאַראַ צוויי פֿיינע ליאַל-קעלעך איר זייט ביידע!..

דאָס מיידעלע איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿונעם דיוואַן און מיט ביידע הענ-טעלעך זיך אָנגעקליאַמערט אָן דער ליאַלקע. דאַשע האָט געשמייכלט און גע-גלעט זי איבערן קאָפּ.

די פֿרוי האָט מיט גרויל זיך אַ ריס געטאָן צום מיידעלע און האָט עס אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער האַנט.

— נינע!.. זאָלסט זיך ניט דערוועגן!... קום אַהער... זעסט דאָך, זיי שעמען זיך ניט צונעמען בײַ דיר דאָס לעצטע העמדעלע. וואַרף עס זיי!.. קום אַהער!..

אָבער דאָס מיידעלע האָט, פֿעסט צודריקנדיק די ליאַלקע צו דער ברוסט, זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן דיוואַן און האָט זי צוגעדעקט מיט איר קליי-נינקן קערפּער.

— ס׳איז מיין ליאַלקע... מיינע!.. מאַמעלע!..

דאַשע האָט צונויפֿגעפּרעסט דעם קנופּ אויף די ברעמען.

— מאַדאַם, ווי איז אייך ניט קיין בויזאָען!..

סאַוואַטשוק האָט געסאָפּעט און געבורטשעט. ער האָט געשלעפּט פֿון שלאָפֿצימער די בעטגעוואַנט, פּעק מאַלבושים און געוואָרפֿן עס אויפֿן דיל. ער האָט געווישט דעם שווייס און געקוקט ווי אַ וואָלף אויף די מענטשן און כפּייצים.

— אָט, געטשישע נעשאָמעס, וויפֿל מע האָט דאָס אַביסל אָנגעשטאָפּט... ס׳אַן אַרבעט... אַביסל שווערער, ווי אין באַנדער-צעך... כאַפּט עס דער טייוול, אויפֿן ברעמסבערג צו אַרבעטן איז אַביסל מער צו דער האַנט...

דאַשע איז צוגעגאַנגען צו גליעבן און געשעפּטלעך באַריכטעט:

— אַלץ ווערט איבערגעשריבן, גליעב... ס׳איז גענומען געוואָרן אַלץ, וואָס איז נויטיק געווען... פֿון וועש און אַנטועכץ איז איבערגעלאָזן געוואָרן אַ גאַנג צום איבערבייטן... איך באַשליס צונעמען די בילדער און אַלטנהייטן: זייגערס, געפֿעס, שפּילצייג, ביכער. די ביכער וועלן מיר אינדערפֿרי פֿאַרכאַס-מענען פֿאַרן פֿאָלקביליד. און אַלץ, ווי אויך דעמדאָזיקן קלאַוויר — אין די קינדער-היימען און קליבן.

גליעב איז געווען קאַלט און מאַיסע-קאָמאַנדיר אין זיך פֿאַרשלאָסן.

— אַזוי, גוט. אַלדאָס איבעריקע, אויסער וועש, איבערלאָזן דאָ אויפֿן אָרט. אוועקשטעלן אַ שמירע פֿון צוויי מענטשן. ענדיקט.

— גוט. איך האָב אויך אַזוי געהאַלטן. מיר וואַרטן אויף פֿורן.

און איז אַוועק מיט אַ פּאָנים פֿון אַ שטרענגער באַלעבאָסטע.

גליעב איז צוגעגאַנגען צו סערגייען און אים אָפּגעפֿירט אין אַ זייט.

— וואו איז דאָס הויז פֿון דיין אַלטן? איך וועל צו אים אַוועק צו גאַסט.

און סערגיי האָט ניט געקאָנט באַגרייפֿן: צי איז דאָס כויזעק געווען אין גליעבס ווערטער אָדער אַ פֿריינטלעכער וויץ? האָט ער אין זיך דערשטיקט

דעם אומרו און פאַרלעגנהייט און האָט אַרויפגענומען די ביקס אף דער פלייצע.

— איך קאָן מיט דיר צוגיין, כאַוועך טשומאַלאַוו: ס'איז ניט ווייט פון דאַנען.

— ניין. פאַר דיר פּאַסט עס ניט. דעם אַלטן וועט זיין שווער. מיר גייען דאָך ניט פייניקן, נאָר טאָן אַן אַרבעט.

סערגיי האָט פעסט אַ דריק געטאָן גליעבן די האַנט און האָט זיך אָפּגעקערט.

אין שטערנדיקן באַגינען האָבן זיך געבלויט די הייזער. פון די בערג האָבן זיך שטיקערווייז געקוילערט כוואַליעס נעפּל און איבערן יאַם-אויסגוס האָט זיך געדרויכערט אַ פיאַלעטאַווער שימער. די פרימאָרגנדיקע שפּאַרבערס האָבן געקלונגען, און אין דער שטאָלענער כאַשכעס פון די בערג, זייער ווייט און זייער נאָענט האָבן געבלאַנדזשעט, געלאָשן זיך און ווידער אָנגעצונדן זיך געהיימניספולע שטורקאַטשן.

איבערשניידנדיק גליעבן דעם וועג, זיינען אף דער אויבערשטער גאַס, מיט ריטמישן טראָט, אין נאַדל-פעל פון באַגנעטן, אין געפּרעסטע רייען, רויטאַרמייער אין מאַרש-אָרדענונג געגאַנגען. געגאַנגען זיינען זיי אַפּאַנים אין אַסאַך קאָלאָנעס: אַן אומענדלעכער געדויש פון באַוועגונג האָט זיך געטראָגן אומעטום—איבער דער שטאָט, אין די הוילן פון די הייזער, אַפּן טראַטואַר, אַף די שטיינער פונם ברוק. מיט אַ קרישטאַלענעם געקלאַנג האָבן די וועגע-נער זיך געקוילערט. רויטע אַרמיי. מאַרש. שלאַכט-אַרבעט... דאָס אַלץ איז דאָך געוועזן אַזוי ניט לאַנג צוריק! אייגענע רייען... גליעבס העלם איז נאָך ניט אָפּגעקילט געוואָרן פון פייער און מאַרשן. זיי גייען און די שפּיזן זייערע קלינגען, פלעכטנדיק זיך אין שלאַנקער באַוועגונג. זיי גייען, און ער איז דאָ— אָט איז ער. פאַרוואָס געפינט ער זיך דאָ, ווען זיין אָרט אין דידאָזיקע רייען איז פריי? אַ מיליטקאָם פון אַ פּאָלק. דער העלם בריט דעם קאָפּ מיט נאָך ניט אָפּגעקילטער היץ פון שלאַכט-פייער...

מיט אַ ברייטן טראָט, שטיקנדיק זיך פון אויפרעגונג, האָט ער געאיילט צו די שפּיזיקע רייען, קעדיי צו קומען אין באַריר מיט זייער שטייפן, שלאַנקן שטראָם, קעדיי אָפּצוגעבן זיי זיין גרוס פון אַ רויטן סאָלדאַט. נאָר די רייען האָבן זיך אָפּגעריסן און ניט געוואָרן הינטערן ראָג, און נאָר צוויי רויטאַר-מייער איינער נאָכן אַנדערן, שטום טרייסלענדיק מיט די קלומעקלעך און פאַכנדיק מיט די ביקסן, האָבן בריים געשפּרייזט, אָנגעיאָגט זייערע כאַווייריב-

2

# אַ מענטש אַף פּיטער.

גליעב איז אַריין דורך דעם אָפענעם טירל פון סאַד און האָט דערזעען ניט דאָס, וואָס ער האָט געזען אין אַנדערע הייזער. מעכאַווע איז געשטאַנען נעבן אַ באַרג מאַלבושים און בעבעכעס און געשמייכלט. גראַמאַדע און לאַשאַק

האָבן איינע נאָכן אַנדערן געהאַלטן אין איין אַרויסטראָגן פּעק זאַכן און ביכער. פון די אָפענע טירן האָט זיך געטראָגן אַ געשריי און אַ געלעכטער פון אַ פריילעכן אַלטינקן.

— אַלץ, אַלץ... אי דאָס, אי דאָס... דידאָזיקע אַלע בעבעכעס פלעגן דעראָבערט ווערן דורכן מענטשן, קעדיי ער זאָל קענען זיין לעבן דערפירן ביז צו איין פונקט. געוויינלעך, פריינט, קומט פאַר דאָס צונויפזאַמלען דאָס לעבן אין איין פונקט ביז יענעם מאָמענט, ווען עס קומט דער טויט, דאָס הייסט ביז עס קומט ניט אָן אַזאַ צושטאַנד, וועלכער לייקנט אָפּ אַלע דריי אויסמעסטונגען. אַזאַ צושטאַנד איז טאַקע דער אידעאַל, וועלכער קען אויסגעמאָסטן ווערן נאָר מיט דער אַבסאָלוטער נאָרמע — מיטן נול. ניט עמעס, פריינט, דאָס איז זייער טשיקאַווע, אינטערעסאַנט און פריילעך?...

מעכאַווע האָט פונדערווייטנס געקוקט אויף גליעבן מיט מאָדנע גרויסע אויגן, און אין שמייכל אירן און אין די אויגן אירע האָט ער דערזען פאַרוואונדערונג און ברויז.

— טו אַ קוק, גליעב, אויף דעמדאָזיקן וואונדערלעכן שיגאַען. דאָס איז אונזער סערגייס פאָטער. דאָס איז אַ מענטש, וואָס קאָן זאָגן מער, איידער געוויינלעכע מענטשן. ווען דו וואָלסט נאָר געזען, מיט וואָס פאַר אַן אַנטציקונג ער האָט אונז באַגעגנט און מיט וואָס פאַר אַ פרייד ער רואינירט זיין אייגענע נעסט!...

און זי האָט אויפגעציטערט פון פרימאָרגנדיקער קילבלעכקייט און אַרויסרופעריש געצערטלט אים מיט די אויגן.

פאַרביי גליעבן איז מיט אַ מיליטערישן טראָט אַדורך אַן איינהענטיקער מענטש מיט אַן אָדלערשער נאָז און אויסערגעוויינלעך קליינער איבערשטער ליפּ. פאַרבייגייענדיק האָט ער זיך שאַרף איינגעשניטן מיט זיין בליק אין גליעבס פּאָנים און שטייף אַוועקגעשפּאַנט צום סאָד-טירל.

גליעב איז געבליבן שטיין, ווי פון אַ ברי.

— בירגער, איך בעט אייך צוריקקערן זיך.

דער איינהענטיקער האָט פלינק זיך אומגעדרייט רונד אַרום און פונקט אַזוי שטייף און אַלץ מיטן זעלבן שאַרפן בליק אַוועקגעשפּאַנט צוריק צו גליעבן.

— ווער זייט איר אַזעלכער? אייער סאָציאַלע לאַגע?

דער איינהענטיקער, ניט בייטנדיק דעם אויסדרוק אויפן פּאָנים און דעם מיליטערישן שטאָלץ, איז געשטאַנען אַנטקעגן גליעבן אין אָנגעשטרענגטער גרייטקייט.

— דמיטרי איוואַגין, אַ געוועזענער פּאָלקאָווניק, אָבער איצט אַ בירגער פון דער ראַטן-רעפּובליק. דער עלטערער זון פון דעמדאָזיקן פריילעכן זאַקן און דער איינציקער ברודער פונעם מיטגליד פון ר. ק. פּ., פון סערגיי איוואַגין. דאָקומענטן זיינען נויטיק?

— האַלט די דאָקומענטן בא זיך. אייער צימער וועט אונטערזוכט ווערן. איך בעט בלייבן.

— מיין ווינקל איז בא מיין פֿאָטער אין דירע. אַלץ איז שוין ביזן לעצטן שטרויעלע אויסגערייניקט. אָבער מיינע טאַשן זיינען נאָך געבליבן אומבארירט. פֿאַרלאַנגט איר?

און אין די קאַלטע שטאָכן פֿון זיינע אויגן האָט געשפּילט אַ פֿאַרבאָרגענער כויזעק. גליעב האָט מיט זיין מוטנעם בליק אויסגעהאַלטן די שאַרפֿקייט פֿון דמיטרי איוואַגינס שוואַרצאַפּלען און שטייף צונויפֿגעדריקט די ציין.

— אייערע טאַשן באַדאַרף איך ניט. איר קאָנט גיין.

איוואַגין האָט אַ קנאַק געטאָן מיט די אַפּצאַסן און ווידער זיך אויסגעדרייט רונד אַרום.

איבערן צימער האָט פֿלינק דער אַלטער אַרומגעשמייעט, דער אַלטער מיט דער באָרד, וואָס איז אים געוואַקסן אין אַ גראַד-עק צום קין. דער אַלטער האָט זיך געטומלט און אינגאַנצן געבערענט פֿון אַנטציקונג און היספּאַלעסדיקע אויסרופֿן.

— די עמעסע פֿרייהייט, פּריינט, איז אין פֿולשטענדיקן אָפּלייקענען געאָמעטרישע פֿיגורן און זייערע מאַטעריעלע פֿאַרקערפּערונגען. די קאָמוניסטן זיינען טאַקע דערמיט שטאַרק און קלוג, וואָס זיי האָבן געשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ די גאַנצע געאָמעטריע עווקלידס. איך נעם זיי אָן און האָב זיי ליב פֿאַר זייער פֿריילעכע רעוואָלוציע קעגן דער באַשטענדיקייט פֿון אַלערליי פֿאָרמען, פֿאַרוואַנדלטע אין פֿעטישן. פּריינט מיינע, לאָזט גאָרנישט ניט איבער: דאָס וועט זיין ניט קאָנסעקווענט און פֿאַר מיר — גרויזאַם. זיין צוגעבונדן אפֿילע מיט איין עקל פֿון אַ פֿוילן פֿאָדים צו די ווענט פֿון אַ קוב, אַ פּריזמע, אַ דרייעק—דאָס איז אַ גרעסערע גרויל, איידער זיין פֿאַרוואָרפֿן מיט גאַנצע בערג בעבעכעס.

לאַשאַק האָט געדרייט מיט די ווייסלען אַפֿן פּאָנים, מיט רויך דורכגעזאַפּטן, און האָט זיך ניט אָפּגעריסן פֿון דער אַרבעט. ער האָט צונויפֿגעקליבן אין אַ קופּע אַ פּאַק מאַלבושים, אַ קוק געטאָן אַפֿן אַלטן, אַ טראַכט געטאָן און אויפֿגעדונערט זיך מיט אַ באַס ווי פֿון בויך:

— זיידע, גיי אַרויס אַביסל אַף דער פֿרייער לופֿט. מירן דיך אַ לאָז טאָן זיך פֿיטערן. זיי אַ לייט און זוך זיך אַ נאָרע אין פֿיטער-פֿעלד. באָלבע ניט וועגן אָרימקייט—טרייב קיין קישעף ניט מיט שאָטנס...

דער אַלטער האָט געלאַכט און אין אַנטציקונג מיט די הענט געפּאַכט.

— אָט, אָט... אייער גרויזאַמקייט — דאָס איז ניטבאַוויגטע מענטשלעכקייט, פּריינט מיינע. אַ מענטש — אַף פֿיטערן זיך... וואָס קאָן זיין פֿולקומער פֿאַר דעמדאָזיקן צושטאַנד? ערד, הימל, אָנענדלעכקייט... אָט, אָט... אָבער פֿאַרוואָס, פּריינט, איז ניט געקומען מיט אייך מיין זון, סערגיי? איך וואָלט אים געוואָלט זען אין דער ראָלע פֿון מיין פֿייערלעכן ליקטאָר *)...

*) ליקטאָר — באַדינער פֿון די העכערע רוימישע אַמט-לייט. (די אַרבעט פֿון דידאַזיקע באַדינער איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיי פֿלעגן טראָגן פֿאָרויס זייערע פּאַטראָנען אַ בינטל ריטער מיט אַ האַק אינעווייניק). איבערז.

גראמאדע האָט געשלעפּט פון די שאפעס, פון די קופערטס און פון די ווינקלען שמאטעס, ביכער, טעפּיכער און געדרייט מיטן קאָפּ: ס׳איז אים דערעסן געוואָרן צו הערן דעם אלטנס פלאפלעריי.

— טאטעשי, דיסקוטירט ניט און פויקט ניט און אזוי ווייטער... איך לייג פאר אויסנוצן זיך אפן ארבעטס־פּראָנט, אזוי ווי בא אייך איז דאָ אָנ־געפּוישט געוואָרן פאַרשיידענער מאַטעריאל, אָבער שלעפּן אים קומט אויס מיר מיט לאשאקן...

אזאַ מענטש איז ער שוין דערדאָזיקער גראמאדע. אַליין אַ קליינינקער, אָבער די פאַמיליע אַ גרויסע, און ווערטער קוילערט ער אַרויס פון זיך גרויסע.

גליעב איז צום אלטן צוגעגאַנגען און אַ האַנט אים דערלאנגט.

— נו, ווי זשע, אלטינקער,—מע האָט אייך גוט אַ רייניק געטאָן? דער זון אייערער, סערגיי, רודערט אויך ווי עס באַדארף צו זיין...

— גוט... זייער גוט... אומזיסט איז סערגיי ניט געקומען, אומזיסט... איך וואָלט געוואָלט אַ קוק טאָן אף אים, געוואָלט...

— איר קאָנט דאָ בלייבן: דערדאָזיקער צימער—ער געהערט אייך. איר דאַרפט זיך ניט באַאומרואיקן. איר זייט אונזערער א קולטור-טוער. מע וועט אייך איבערלאָזן אלץ, וואָס איר פאַרלאנגט לאָזן באַ זיך.

דער אַלטער האָט מיט שרעק אף גליעבן אַ קוק געטאָן. נערוועז מיט די פינגער די באָרד געצופּט.

— ניין, ניין!.. אלץ, אלץ!.. דאָס איז—זייער גוט, אויסגעצייכנט!

גראמאדע האָט מיטן קאָפּ געדרייט און, א פגירע, מיט איבלדיקן ראַכמאָנעס געקוקט אף דעמדאָזיקן אַרומשמייענדיקן, אנטציקטן אַלטן כאָכעם.

— דער קאָפּ גייט כאַדראַם, כאָוועס טשומאַלאָוו, פון דערדאזיקער פארשאָלטענער אידעאָלאָגיע...

לאשאק האָט מיט די ווייסלען געדרייט און געברומט מיט א אינע־ווייניקסטן בויכיקן באַס, געברומט אָן ווערטער.

גליעב האָט אפן אלטן געקוקט און מיטן אינגעווייט אויפגעציטערט פון געלעכטער.

— גוט, טאטעשי: איר קאָנט לעבן ווי איר פאַרלאנגט זיך. איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אַז סערגיי פאַרמאָגט אזא טשיקאַוון אלטינקן...

ער האָט אים ווידער די האַנט געדריקט און פלינק אוועק צום אַרויסגאנג.

3

## אפן פיטער־פעלד.

אף דער הויפּט-גאַס, אין דער גאַנצער ברייט פון דעם שטיינער-ברוק, האָבן זיך אף עטלעכע קוואַרטאלן געצויגן און געפּילדערט מיט מאַרק־גע־טומל מענטשלעכע מאכנעס. געשרייען און הימטערישער געוויין פון פרויען

האָבן געפּאַסעוועט די שטיינערנע ווייטן פון די גאַסן. דער געריש און גע-קרעכץ האָבן צונויפגעקלאַפּט דעם האַמוין אין איין טשערעדע-געמיש, גע-פליקט אים אויף פּיצלעך און געדרייט אין פּאַנישן קראַהאַד און געווירבל. און דאָס אינגעוויט האָט זיך געדרייט אין קראַמפּן פון שרעק און פאַרפאַלנ-קייט. די מענער זיינען אונטערטעניק און טעמפּ געשטאַנען, צונויפגעטריבענע אין פאַרשיירן-פּענימדיקן געזאַמל, געפינטלט מיט די אויגן און געשמייכלט אין בלייכער פאַרלוירנקייט. די פרויען, מיט פּעקלעך און קעסטעלעך, מיט קינדער אויף די הענט, מיט קינדער פאַר די הענט זיינען געזעסן אויף זייערע בעבעכעס, געשריען אָן ווערטער, געוויינט, אומבאַוועגלעך און שטום געשטא-נען, געלעגן מיט וואַנזיניקע אויגן. אין אַנדערע ערטער האָבן זיך געקאָר-טשעט שוואַך-נערוונדיקע און אַרום זיי האָבן אין אויפגעברויזטן געטומל מענטשן זיך געפּאָרקעט.

טשירסקי איז געשטאַנען באַ אַלעמען אויף די אויגן, עטוואָס אַרויסגע-רוקט פאָרויס, אין אַן אונטערשטער העמד און שלייקעס, אָן אַ הוט, אין שטעקשיך, און מיט אַ טויטן שמייכל אויף די ליפּן האָט ער געקוקט מיט אַ פאַרלוירענעם בליק אויף די הייזער, ווי ער וואָלט זיי צום ערשטן מאָל געזען דאָ, אפן אוילאָם, וועלכן ער האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט פאַרטראָגן. די פרוי זיינע איז געזעסן אַפן פּאַק, אַ צעשויבערטע, האַלב-אויסגעטאָנענע און געקוקט אַלץ אין איין פּינטל מיטן רויט-פליישיקן פּאָנים אירן מיט די ווייכע קישעלעך. און דאָס מיידעלע זייערס האָט אַרומגעטאַנצט צווישן פאָטער און מוטער, דעם טאַנץ צום טאַקט עפּעס אַרויסגעזונגען און מיט ביידע הענטלעך שטייף צוגעדריקט צו זיך די גרויסע ליאַלקע.

די אבאזון, — געשוואָלענע בערג ווייסע פּעק — האָבן אין אַ גענצן רייַ זיך געצויגן פאָרויס, און עס האָט זיך געזעען ווי אַפן אויפשטייג פון דער גאַס האָבן זיי זיך אַרויפגעבויגן פון דער נידער און געשלעפּט זיך נאָך די פערדישע קעפּ.

אויף א צווייטן וואָגן, פאַרבייַ דעם האַמוין איז געזעסן אַ קאָמיוגיסט מיט אַ נאַקעטער ברוסט און צעפּאַטלטן קאָפּ. ער האָט געדריגעט מיט די פיס און געקנאַקט אַ פּאָלקע אויף אַ גיטאַרע. און ערגעץ ווייט, פון פאָרנט, האָט הייזעריק געכריפּעט און געקרעכצט צוזאַמען מיטן גאַנצן האַמוין אַן אויסגע-לאַסענע האַרמאָניע.

דער אָפּטייל פאַר באַזונדערע שליכעסן איז געשטאַנען אויף די טראָ-טוארן מיט די ביקסן צו די פיס, אויף אַ קלאַפּטער איינער פון דעם אַנדערן. פאַרמאַטערטע, פאַרכמורעטע נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט און שווערער אַרבעט, האָבן די קאָמוניסטן געקוקט אַפן האַמוין און אים ניט געזען. אין די געס-לעך האָבן געטופּעט און געטומלט אַנדערע מאַכנעס מענטשן—באַלעבעסלעך, וואָס האָבן זיך א לאָז געטאָן אהער קוקן אפן אומגעוויינלעכן ספּעקטאַקל.

ערגעץ וואו, זייער ווייט, האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע און זיך אָפּרופנדיק אויף איר האָבן זיך געלאָזט הערן אַנדערע שטימען. דער קאָנוואָי האָט די ביקסן אויף די אַקסלען אַרויפגעוואָרפן. דער האַמוין האָט אַ קנאַל

געטאָן און אויפגעציטערט געוואָרן פון א אינעווייניקסטן זיפץ, האָט זיך צעטומלט און צעצאַפּלט, ווי אַ יאריד. געיאמער, היסטערישע קוויטשן, אויס-געשרייען און אַ רעווענישׁ פון מענטשן, פון שרעק געריררטע. עס איז ניט געווען קיין לופט, ניט געווען קיין גאַסן און הייזער — עס איז געווען אַ גסיסע-אָרגיע, מעשוגענע פארצווייפלטקייט און מעשוגאַס.

די פורן האָבן זיך אַ ריר געטאָן, און דער האַמוין, אויסברעכנדיק אין א שטורמישן געיאמער, האָט זיך כוואליעסווייז א לאָז געטאָן איבער דער גאַס.

סערגיי איז געגאנגען הינטער דאַשען און הינטער זיי איז געגאנגען זשוק. אף דער אנדערער זייט האָבן געשווינדלט דער קליינינקער גראמאדע, דער הויקער לאשאק און מעכאווע.

מיט אַ מוטנעם אומעט האָט א ווייטיק באַ סערגייען אין ברוסט גע-נאגט. דאָס, וואָס עס פאסירט איצט, איז העסלעך און ווילד. דאָס קאָן די פּאַרטיי ניט אָנעמען. צו וואָס איז צונויפגעיאָגט געוואָרן דערדאָזיקער אוי-לאַם? דידאָזיקע פרויען אין געיאמער-קראמפּן? דידאָזיקע קינדער, וואס ווארפן זיך בא די מוטערס אין די הענט? דאָס קאָן ניט אָנעמען די פּאַרטיי, און פאר אים, פאַר סערגייען, איז עס צו שווער און אומדערטרעגלעך.

אָט איז דאָס מיידעלע מיט דער ליאלקע: זי האָט זיך איינגעקלאמערט אין איר מאמעס האנט און אליין האלט זי פאַר א האַנט די ליאלקע.

טשירסקי, הויך אויפהויבנדיק דעם קאָפּ, גייט רואיק, מיט אפּפערדיקער כשיוועס, די שלייקעס באַמבלען זיך בא אים אף די היפטן, און די הענט — אין די קעשענעס.

איינע, שוין גאָר א זקיינע אין א טשיפּעצל און א פעלערינע, הויקערט זיך, אָנשפּארנדיק זיך אף אַ שטעקן, ווי זי וואָלט געגאנגען אין אַ קרייץ-צוג, און עס האלט זי אונטער דער האנט אַ יונג מיידל איגאנצן אין ווייסן אָנגעטאָן. זיי וויינען ניט און די פּענימער בא ביידן איז ווי בא מאנאשקעס.

סערגיי האָט עטוואָס פאַרויס דעם פאָטער דערזעען. ער איז געגאַנגען איינער אליין, האָט באקוקט דעם אוילאָם און געצאפּלט מיט די ברעמען אין א שטילן שמייכל. אַ באָרוועסער. די הויזן אין לעכער. און געגאנגען איז ער מעשוגע: אָט האָט ער זיך געשלעפּט מיט די פיס, איבעריאָגנדיק אלעמען, אָט איז ער געבליבן שטיין, אָט האָט ער געשפּאַנט פאַמעלעך א טיף פאַר-טראכטער.

עס איז געווען א רעגע, ווען ער האָט דערזעען סערגייען און פריידיק די באָרד אַ צופּ געטאָן. ער האָט אויפגעהויבן ביידע הענט און אָפּגעוואַרט ביז סערגיי וועט צו אים צוגיין.

— דו ביסט מיין קאַנוואָיר, סעריאָזשע, און איך בין — כאָכעם, וואָס גייט אין גאלעס. ניט עמעס, ס'איז טשיקאווע? דיר פּאַסט ניט צו האָבן מיט מיר מאגעמאסע קאָלזמאן איך בין דיין ארעסטאַנט. איך האָב דיר נאָר גע-וואָלט זאָגן, אַז דיין געווער, וואָס היט אָפּ די פעסטונגען פון אייער רעוואָ-לוציאָנערער דיקטאטור, איז לעכערלעך און לעפּיש: עס פייפט, ווי א דודע,

אף די פלייצעס פון אַזאַ גרויזאמן באָלשעוויק, ווי דו. נאָר דו מעגסט מיר מעקאַנע זיין: איך פיל איצט די וועלט אזאַ גרעניצלאָזע, ווי עס האָט ניט געפילט אפילע שפינאָזע*), האגאם מארק אורעלין **) פלעגט אין די נעכט אזוינס זיך שוין כאָלעמען.

דער פאטער איז, זינט סערגיי האט אים געזעען צום לעצטן מאָל, נאָכ-מער אָפּגעלאָזן געוואָרן: דער מוטערס טויט איז פאַר אים געווען דער לעצ-טער קלאַפּ. מיט די שמאַטעס זיינע איז ער אינגאַנצן ענלעך געווען אף א בעטלער: ער איז געווען שמוציק, ניט געקעמט, און די פיס זיינע האבן גע-טריפט מיט בלוט און אייטער. און אַן איבלדיקער ראַכמאָנעס האט ביז פּי-זישן ווייטיק סערגייס האַרץ אָפּגעבריט.

— דו האסט ניט וואוהין צו גיין, טאטע. צי זיך אַריין, איך בעט דיך, צו מיר אין צימער — מיר וועלן צוזאַמען זיין. מע דאַרף עס ניט, טאַטע. וואו-הין וועסטו גיין? דו וועסט אומקומען, טאטע...

דער אַלטער האט פאַרוואונדערט די ברעמען אויפגעהויבן און ווי אַ פיצל קינד זיך פאַנאַנדערגעלאכט.

— א, ניין, מיין זון!... צו גוט ווייס איך דעם פרייז פון מיין פרייהייט. איך בין א מענטש, און א מענטש קאָן ניט האָבן קיין באַשטימטן אָרט, ווייל קיין שום לאָך איז ניט אימשטאַנד אַריינצונעמען אין זיך דעם מענטשלעכן מאַרך. יעדע געשעעניש איז דער בעסטער לערער: זע, ווי אומדערטרעגלעך עס איז פאַר קנעכט די פרייהייט, און וואס פאַר אַ קלאָלע עס איז פאַר דער הון אירע פליגל...

ווערעלע איז צו סערגייען שטום צוגעגאַנגען. זי איז, ווייזט אויס, גע-גאַנגען מיטן טראָטואַר, צוזאַמען מיט די נייגעריקע. מיט דער רעגילעסדיקער פאַרכידעשטקייט אין די אויגן, ציטערנדיק מיטן גאַנצן גוף אירן, האָט זי גע-פליסטערט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער אין סערגייס אויער אַריין, און איינס נאָר האט סערגיי אין איר שטים דערהערט — געבעט און טרערן.

דער פאָטער האט זיך צעלאַכט, מיט די הענט זיך צעשפּילט און אין זיינע פוסטע אויגן האט א פרייד א פינקל געטאָן.

— א, א... ווערעלע!... ליבע-קוואַל אָן אַ סאָף... מיט וואָס פאַר א גע-פיל האסטו אויפגענומען דעם מארטירער-קרייץ מיינעם, מיידעלע?... נו, קום, נו, קום אַהער!...

— איוואַן ארסעניטש!... איוואן ארסעניטש!... עס פרייט מיך אַזוי!... סערגיי איוואַניטש!... עס פרייט מיך אַזוי!...

און מיט אַ געפליגלטן טראָט צום אַלטן צוגעלאָפן. גענומען אים אונ-טער דער האַנט און אוועק מיט אים, ווי אַ טאָכטער, מיטן טרערן-שיין אין פּאָנים.

---

*) שפינאָזע בארעך — א בארימטער פילאָזאָף (געלעבט אין 17-טן יארהונדערט אין אמסטערדאם). פאר זיינע פריַיע געדאנקען איז ער דורך די קלייקוידעש פון דער דאמאלסטדיקער אידישער קעהילע אריינגעוואָרפן געוואָרן אין כיירעם. איבערז.

**) מאַרק אַורעלי („אנטאָנין”) — א בארימטער רוימישער קייסער און פילאזאף. איבערז.

— טאטע!...

סערגיי האט נאָך עפּעס א ווארט געוואלט זאָגן דעם פּאָטער (וואָס פּאַר א ווארט — האט ער פאַרגעסן) און אויסגעצויגן צו אים די האַנט. נאָר די האַנט האט קיין אָנשפּאַר ניט געפונען און איז געפאַלן: דער פּאָטער מיט ווערעלען זיינען אַוועק פון אים אין האַמוין אַריין.

נאָר דער אלטער האָט זיך ווידער אומגעדרייט און א קוק געטאָן אַף סערגייען, ווי א פרעמדער, מיט א קנייטש אין דער ברייט שטערן.

— זע, סעריאָזשע, ווי ניט ניי די געשיכטע איז: איך בין, ווי א מין בלינדער עדיפּ[1], און אָט זי איז — מיין אנטיגאנע[2].

און האט זיך צעלאַכט, אַ פרעמדער, א ווייטער, אַן אוועקגעגאַנגענער אין אַן אַנדערער, פּאַר סערגייען אומפאַרשטענדלעכער וועלט. סערגיי האט די ביקס אַפן אַקסל פאַריכט און ביז ווייטיק די ציין צונויפגעקריצט. אינע-ווייניק האט ווייטיקדיק די לעצטע סטרונע געפּלאַצט.

אַפן פוסטן פּלאַץ, הינטער שטאָט, אין גראָען גראָז, ניט ווייט פונם ברעג, האט דער האַמוין ווידער זיך אנידערגעזעצט אַף זיינע פּעק. די פורן זיינען שוין ניט געווען: מע האט זיי אָפּגעשיקט אין די לאַגערן פונם אויס-פּירקאָם.

אַפן ברעג האט זיך ווי אַ פאַרביקער שטריק געפּלאָכטן נאָך אַן אוי-לאָם: דאס זיינען געווען שטאָטישע באלעבאַטישע טעכטער, וואס זיינען אַהער געקומען צו לויפן.

עס האָט זיך שוין ניט געהערט מער קיין היסטערישע אויסגעשרייען, געיאָמער, געטומל. מע איז געזעסן, געלעגן, פאַרמאטערט זיך געוואַלגערט אַף די ערטער, ווי קראַנקע. איז דען ניט אַלץ איינס, וואס עס וועט מיט זיי דערנאָך געשעען? די קינדער האבן געטומלט, געשפּרונגען, געפּרואווט זיך שפּילן: ס'איז דאָך אזוי גוט אַפן גרינעם גראָז אַרומצולויפן, ווען די זון באַ-וויייזט זיך פון הינטער די בערג אפער אין דעם פרימאָרגנדיקן נעפּל, ווען דער נאָענטער יאָם בלויט זיך, שמעלצט זיך אין גאָלד ביזן האָריזאנט אַראָפּ און פלאַקערט אין פרימארגנדיקן רויך. עס ווילט זיך נאָר עסן... עסן!... די קינ-דער ווילט זיך שפּילן און וויינען: עסן, עסן!...

דערנעבן — די האַפּנס, נאר קיין שיפן זעען זיך ניט און די האַפּנס זיי-נען מיט גראז באַוואַקסן.

---

1—2) עדיפּ — דער נאָמען פון אַ גריכישן קעניג. פון אלטן-גריכישן מיטאָס. אנטיגאנע — זיין טאָכטער, וואס איז אים געבוירן געווארן פון זיין אייגענער מוטער, מיט וועלכער ער האט כאסענע געהאַט (ניט וויסנדיק, אז דאס איז זיין מוטער) און פּאַר וואס די געטער האבן אים פאַר-שאָלטן אַרויסגעטריבן צו ווערן פון זיין קעניגרייך. אנטיגאנע האט אים אַ בלינדן (ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז די פרוי, מיט וועלכער ער האט געלעבט, איז זיין מוטער, האט ער זיך אליין די אויגן אויסגעשטאָכן) באַגלייט אין גאָלעס.

א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

גליעב האט פאַרמארעשכוירעט געקוקט אַפן יאַם און אין יענער זײַט, פון וואנען לוכאווע מיט זײַן אָפּטייל האט באַדאַרפט אנקומען, מיט פורן, אָנגעלאדענע מיט די בעבעכעס פון די אַרבעטער און מיט זייערע פאַמיליעס.

אַ פּאָלק רויטאַרמייער האט אין שלאַכט־אָרדענונג מאַרשירט און געשפאלטן די נאַכטישע טיפקייטן. מיט אַ שטיינערנעם טראָט, מיט שטיינערנע געזיכטער זײַנען מענטשן שוידערלעך געגאַנגען אין דער שוידערלעכער פינסטערניש אַרײַן, אף בייזע אויסרופן פון פייערדיקע פויגל.

א האמוין, פון דער נאַכט א פאַרפייניקטער, אין קראַמפּן פון פאַרצווייפלונג, אַן אויפגעשוואָלענער פון שעפסענער אָנמעכטיקייט און האַכנאָע. אָט איז ער דאָ, אט דער האַמוין, אט די קיינעם ניט נויטיקע נאַרישע טשערעדע. האט דען געלוינט פאַטערן ענערגיע אַף דעמדאזיקן ערעוואַוו, בלויז קעדיי אַן איבעריק מאל אַ קלאַפּ טאָן זי מיט שרעק און אַרויסוואַרפן זי, ווי מיסט אין עק הויז? צו וואס דידאזיקע קיינעם ניט נויטיקע קינדער־געשרייען און די גאַנצע מעשוגענע פאַניק פון לעבעדיקע מייסים? דידאזיקע מענגע מענטשן שטינקט נאָר מיט שטוביקן שוויס, און דער שעפסענער פּאַכעד זייערער, וואס יאָמערט מיט פיין און מיט מעשוגאַס, קערט נאר די גאַל ביז צום ברעכן. עפעס אַף אַן אנדער מין אויפן האט מען געדאַרפט צעשטערן דידאזיקע נעסטן. זייער פאַכעד און שוידער וועלן דידאזיקע קינדערלעך אוועקטראגן מיט זיך אין דער צוקונפט אריין, ווייל פאַכעד און שוידער פאַרגעסן קינדער קיינמאל ניט.

דער פּאָלק רויטארמייער האט אין שלאַכט־אָרדענונג גליעבס אומרואיקייט מיט זיך אוועקגעטראגן. און דידאזיקע נאכט מיט בעבעכעס, א נאַכט, וואס טאַנצט מיט טאַכטוינים, מיט אונטערשטע קליידלעך און מיט שטינקענדיק שלאָף־וועש, האט גליעבן די נעשאמע געדריקט.

ניט אין דעם גייט עס: עס גייט אין גאר עפּעס אַנדערש. דער זאַוואָד אין פייערדיקן געקנאַל... טויזנטער ארבעטער צווישן די קנאַלנדיקע מאַשינעס. אַן ערד, וואס פלאַקערט מיט גאלד פון ווייץ. דאס איז ניטאָ, דאָרט, אין די בערג און הינטער די בערג,—האַרמאַטן, און רויטאַרמייער אין די שוצגראבנס קנאַקן מיט די ביקסנשלעסער. און אַף די פעלדער—וויסטעניש און רויבערגעזעמל, הונגער און נעקאָמע, נאַקעטע, פאַרווילדעוועטע מענטשן, וואס שטאַרבן אף דער פרוכטלאָזער שוואַרץ־ערד...

מיט א ביקס אַף דער פּלייצע איז מעכאווע צו סערגייען צוגעגאַנגען. עס איז געווען אַ שלאָפלאזע נאכט און פאליעס אויגן האבן געברענט מיט א פרימארגנדיקן גלאַנץ.

— לאַנג שוין האב איך אַזעלכע ברויזנדיקע מינוטן ניט איבערגעלעבט, סערגיי!... פונקט, ווי איך וואלט געווען אף דער מילכאָמע, אדער אין די אקטיאבר־טעג... גוט, וואונדערלעך גוט!... נו, און דו? פאַרוואס ביסטו אזא טריבער, סערגיי? נו?

נאָר אירע ווערטער, קלינגענדיקע מיט פריידיקער אויפגעברויזטקייט, זיינען געווען זייער ווייטע: ווי ער וואָלט געהערט און ניט געהערט, און ווי זי וואָלט דאָס אים געזאָגט אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג. און ער האָט געענט-פערט ניט דייטלעך, ווי אין שלאָף, — ניט איר, נאָר דעמדאָזיקן ווייטן אויס-געשריי, און ניט ער האָט געענטפערט, נאָר עמיצער אַנדערש.

— דער קאָפּ טוט מיר ווײ...

— וואָס איז מיט דיר? וואָס פאַר אַ קאָפּ קאָן איצטער זיין, ווען דאָס בלוט זידט איצטער, ווי דעמאָלט?... עס קאָן איצט ניט ווי טאָן דער קאָפּ... די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק?... כאַפּט זי דער טייוול!... וואו איז זי? ניטאָ זי!... מאָרגן נאָך וועלן מיר אַרויסטרייבן אַף צוואַנגס-אַרבעט דאָסדאָ-זיקע ביסל מיעסקייט... דו הערסט, סערגיי?

— איך ווייס ניט...

— ווי—איך ווייס ניט? וואָס רעדסטו?

— איך ווייס ניט...

רואיק איז ער געשטאַנען מיט דער ביקס אין די הענט, רואיק האָט ער אַפן אוילאם געקוקט, אַ פרעמדער און פאַרשלאָסענער אין זיך.

און מעכאווע איז פון אים אַוועק איבערן ווילד-גראָז, פאַרטשעפּענדיק זיך, איילנדיק זיך...

אַפן שטיינערנעם שאָסיי האָבן פורן געוודערט. בעבעכעס, קינדער אַף די בעבעכעס, און נעבן די פורן זיינען אַרבעטער און הייבער געגאַנגען. לו-כאווע האָט מיט ברייטע טריט דאָס גראָז געשניטן און די האָר בא אים האָבן פון פלינקן טראָט מיט שוואַרצן פלאַם געפּאַכט.

פּאַליע איז מיט אַ פלאַמענדיקן פּאָנים צו גליעבן צוגעלאָפן.

גליעב האָט די ברוסט אויסגעשטעלט און מיט אַ האַנט אַ מאַך געטאָן.

— כאַווײרים!... שטעלט זיך אויס!...

די קאָמוניסטן האָבן דעם קרייז צעריסן און מיט געלאַף, איינער דעם אַנדערן איבעריאָגנדיק, צו גליעבן צוגעשפּרונגען.

— אַנו, בירגער, פאַרנעמט אייערע בעבעכעס... שפּאַנט צו די נייע לעכער... געלעבט אין פּאַלאַצן—לעבט איצט אַביסל אין הייזקעס... דאָרט, אין פאָרשטאָט, וועט מען אייך ווייזן, וואו אַ טיר עפנט זיך... אַסאַך שטייט פאַר אייך אָנגעגרייט קאַבינעטן און זאַלן... שלאָפן אַף פּרוזשינעס און אָפּרוען אף דיוואַנען... ווי עס גלוסט זיך אייך!...

מענטשן, מאַכטלאָזע און אויסגעמאַטערטע, זיינען געזעסן אַפן גראָז, אַף די פּעק און זיינען געווען ווי צעקראָכן, בלינד און טויב. איוואַן ארסעניטש האָט דער ערשטער זיך אָפּגעריסן פון דער מענגע און איז אוועק איבערן גראָז צוזאמען מיט ווערעלען, און געגאַנגען זיינען זיי שטיל, אין ליבלעכער נאָ-ענטקייט, ווי זיי וואָלטן אַרויס אַף אַ געוויינלעכן פרימאָרגנדיקן שפּאַציר. דער אַלטער האָט געשמייכלט, געמאַכט מיט די הענט און גערעדט מיט איר אויפגעלעבט און אַנטציקט. נאָך אים האָבן זיך אויפגעהויבן און זיינען אַוועק נאָך אַ פּאָר מענטשן מיט פּעק און מיט קוישן, דערנאָך—נאָך און נאָך... און

מיטאמאָל האָבן זיך אלע צעאיילט, זיך געלאָזט קריכן, צעפּילדערט, צעלאָפן זיך און אוועקגעשפּאנט אין פאַרשיידענע עקן — אי אַפן שאָסיי, אי אַפן גראָז, אי צוריק אין שטאָט אַריין...

לוכאווע איז צו גליעבן צוגעלאָפן און, אָפּכאפּנדיק קוים דעם אטעם פון פארמאטערטקייט, אים פאַרן העמדל אָנגעכאפּט.

— גלייך אין פארטקאָם צוזאַמען מיטן אָטריאַד... היינט באנאכט גייען מיר איבער אף אַ קאַזאַרמע-לאַגע... אַ שלאַכט גייט הינטער די בערג... פּא-רייניקטע קויכעס פון די ווייס-גרינע... די שטאָט איז אין סאַקאָנע... דער ברעמסבערג איז קאַליע... די לעצטע אַרבעטער זיינען פון די דעליאנקעס אַנטלאָפן... בא די רויטארמייער אַפן ברעמסבערג זיינען פאַרלוסטן פאַראַן...

— וואָס האַקסטו דאָרטן, טייוולשע צורע?... דער ברעמסבערג?... יענער, דער אונזעריקער?... וואָס האַקסטו מיר דאָרטן?...

— יאָ, דערזעלבער, דער אייערקער... אייל דיך! דער זאַמל-פונקט— באַם פּאַרטקאָם.

גליעב האָט די ציינער צונויפגעדריקט און אין דער ברוסט אַ כאַיעשן בריל צעקוועטשט.

XII

# סיגנאַל-פייערן

## 1

## אַף דער וואַך.

גליעבס אָטריאַד האָט פאַרנומען דעם ראַיאָן פון צופוסן באַרג, הינטער דער שטאָט, וואו עס זיינען געווען די וויינגערטנער און סעדער פון דער פאָרשטאָט.

באטאָג, ווען אין קאזארמע זיינען פאָרגעקומען פראָנט-לימודים, האָט איבער דער שטאָט, פון הינטער די בערג אפער, ווי אַ פאַרטויבטער דונער, געקנאלט הארמאטן-אטעם: דאָרט, הינטער די רויכיקע באַרג-שפּיצן, איז אַ שלאכט געגאַנגען. דער געמישטער אָטריאַד פאר באזונדערע שליכעסן האָט זיך געגרייט אין פעלד ארויס אַף פאַרשטאַרקן די קויכעס, וואָס האָבן זיך גע-פונען אַף די שלאכט-פּאָזיציעס. באנאכט פלעגט דערדאָזיקער אָפטייל האַלטן די וואַך אף צו היטן די שטאָט.

באַטאָג פלעגט די שטאָט מיט די ליידיקע גאַסן אירע אַריינפאַלן אין שטילקייט און שוידער, באנאכט פלעגט זי אין כוישעך פאַרגיין. קיין עלעק-טרישע ליכט איז שוין ניט געווען, און די פענסטער פון די דירעס פון די איינוואוינער זיינען מיט לאָדנס געווען פאַרהאַקט און מיט פארהאנגלעך פאר-האנגען. און נאָר אין די אַנשטאַלטן, אין געדראנג און אין טאבאק-רויך, און אף די גאַסן האָבן די איינוואוינער און צוגעשאַרטע מיטגלידער פון די פּראָפ-אָרגאַניזאַציעס געהיימניספול מיט די ברעמען געוואונקען בא באַגעגענישן. און דאָס שושקען זיך און דאָס שיפּען האָט זיך איבערן שטאָט געטראָגן צו-זאַמען מיט די שטויב-ווירבלען, און דער ווינט פון די בערג האָט זיי צעטראָגן איבער די אלע שטאָטישע ווינקעלעך, אויסער דער שטאָט, צום באַרג-צופוסנס, אין די באַרג-שפּאַלטן, וואו הינטער יעדן קוסט און שטיין איז אַ באהאַלטענער סוינע געלעגן פאַרשטעקט.

אַ טייל פון דער פּרויען-אָרגאַניזאַציע אין דער שפּיץ מיט דאַשען איז אַוועק מיטן סאַניטאַר-אָפּטייל אַף די פּאָזיציעס, און דער צווייטער טייל אונטער פּאַליעס קאָמאַנדע האָט באַדינט דעם קאָמוניסטישן אָטריאַד אין די קאַזאַרמעס און דרינגענד צוגעגרייט דאָס אָפּפאָרן פון די אַרבעטער-פאַמיליעס אין פאַל פון עוואַקואַציע.

באַטאָג האָט גליעב עטלעכע מאָל פּאַליען באַגעגנט: זי איז אומדערמידלעך איבער די פּראָפּאַרייִנען אַרומגעלאָפן, איבער די אונטערנעמונגען, אין פּראַפּאַס, אין פּאַרטקאָם, אין אויספּירקאָם, אומעטום. זי האָט אין אַלע ווינקעלעך, אין אַלע אָרגאַניזאַציעס געוואָרפן אירע פּרויען צוליב אָנויפהערלעכער פּאַרבינדונג, אַף האַלטן די זאַך גרייט און אין פאַל פון אַ באַפעל מיטאַמאָל, מיטן גאַנצן פּאַרגעם, אין עטלעכע שאָ עוואַקואירן עטלעכע טויזנט פרויען און קינדער. נעבן זאַוואָד, אַף די ברעג-דאַמבעס, אין די פּאָרשטעט זיינען גרייטע צוגן געשטאַנען, די לאָקאָמאָטיוון האָבן זיך געהייצט און די וואַגאָנעס זיינען גרייט געווען איינצושלינגען אין זיך און אָנלאָדן דאָס, וואָס דאַרף עוואַקואירט ווערן, און דער אָטעם פון די לאָקאָמאָטיוון האָט זיך אויסגעמישט מיט די קרעכצן פון ווייטן און פּאַרטויבטן האַרמאַטן-געדונער.

פּאַליע איז שוין צוויי מעסלעס ניט געשלאָפן, און די אויגן אירע האָבן געפיבערט און דאָס פּנים האָט מיט אַ טיפּוס-פּאַרויטלטקייט געברענט.

אין דעמדאַזיקן טאָג האָט זי אַ מינוט צייט אָפּגעריסן, צוגעלאָפן צו גליעבן אין קאַזאַרמע אריין און צעלאַכט זיך מיט די טרוקענע ליפּן. זי האָט ניט באַמערקט, ווי עס האָט בא איר געשטראָמט בלוט פון די שפּעלטעלעך און באַפּאַרבט די ציין און אויסגעמישט זיך מיט סלונע.

— אָט איז עס, גליעב, די עמעסע זאַך... מיר האָבן געלעבט — געבראַקט די טעזיסן וועגן די פּראָפּאַרייִנען און וועגן דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק... געדרייט זיך אַף דער טאָג-טעגלעכער גראָער קאַרוסעל... טויב און בלינד געוואָרן אַף זיצונגען, געהאָדעוועט ביוראָקראַטיזם, אויסגעהויכט זיך, פּאַרוואַנדלט זיך אין פּראָפּעסיאָנעלע פונקציאָנערן. די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק... איינמאָל האָב איך געהערט, ווי אַ וואַסער-טראַנספּאָרטלער — אַ טויכער—האָט געזאָגט: „דידאָזיקע נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז סייכלדיק אויסגעטראַכט: אַ שענק מיט וויין און ביר,—אַפּן אָרט צו טרינקען און מיט זיך צונעמען... דאָס וועל איך אונטערהאַלטן און גרויסאַרטיק שטימען”... ניין, גליעב, דאָס וועט ניט זיין... דער צענטער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר וועט אַף דעם וועג זיך ניט שטעלן... ניין !..

גליעב האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער ביקס און האָט זיך צעלאַכט.

— דו טאַנצ ניט אַרום, ווי אַ הון, כאַווערטע מעכאָווע. אָט וועלן מיר אַ זעץ טאָן די באַנדיטן און — אַ סאָף צו דיין עמעסער זאַך. ס'וועט זיך ענדיקן דער צוזאַמענפאָר און מיר וועלן פּאַרקאָכן אָט די באַרימטע נייע עקאָנאָמפּאָליטיק. און דיין טויכער וועלן מיר אַנידערזעצן אין דער קאָמונ-

ווירטשאַפט: זאָל ער דאָרטן פּלאָדיען פאַרשיידענע רעסטאָראַציעס, און פון די רעסטאָראַציעס שלעפּן געלט.

פּאָליע האָט דערשראָקן אויפגעצאַפּלט, און די ברעמען האבן בא איר פון בייזקייט אויפגעציטערט.

— דאס וועט קיינמאל ניט זיין... די פּאַרטיי קאָן ניט באטראַכטן די פראגע אזוי, ווי איר אַלע באַטראַכט זי. מיר קאָנען ניט פאראטן די רעוואָ-לוציע. דאָס וואלט געווען שוידערלעכער ווי דער טויט. דאָס איז אומעגלעך. די אינטערווענציע איז דאך צעקלאַפּט, די בלאָקאַדע איז א ווילדע אונטערנע-מונג. אונזער רעוואלוציע האט די גאנצע וועלט אָנגעצונדן. דער פּראָלעטאריאט פון אלע לענדער איז מיט אונז. די רעאַקציע איז מאכטלאָז. און צי איז דען די נייע עקאנאָמפּאָליטיק ניט רעאַקציע, ניט רעסטאווראציע פונם קאַפּיטאַ-ליזם? ניין, דאס איז אן אומזין, גליעב.

— אט האסטו דיר?.. וואס פאר א רעאקציע איז עס דיר, וויבאלד דאָס איז דער פויער און די פּראָדוקציע?

— וואס? עס זאלן, הייסט עס, ווידער זיין מערק? ווידער בורזשואזיע? ווילסטו דען, מע זאָל אונזער זאוואָד אָפּגעבן אין קאָנצעסיע צו קאַפּיטאַליסטן? וועגן דעם האט מען היינט גערעדט אין אויספירקאָם. און שראָם זאל שוין האבן וועגן דעם געשיקט א פּאָרטראג אין הויפּטצעמענט. דאָס וועט דיך פרייען? אזא רעאַקציע איז דיר צום הארצן?

גליעב האָט זיך געביטן אין פּאָנים און, א געטראפענער, האט ער זיך אָנגעבויגן צו פּאָליעס אויגן.

— וואס, ווי, כאווערטע מעכאָווע? א קאָנצעסיע? וועלכע קאָנצעסיע? וואס האַקסטו א קאָפּ? די ארבעטער זאלן גאר אָפּגעבן זייער זאוואָד די בורזשויען? מער פאַרלאנגען זיי גאָרניט?.. איך וועל זיי באווייזן א קאָנ-צעסיע, די קאַנאַליעס...

— אהאַ, ס'האט א פּיק געטאָן? אָט האסטו דיר „מירן זיך א נעם טאָן די נייע עקאנאמפּאָליטיק"... גיט זיך א נעם, אדעראַבע!.. קאָנצע-סיעס, רעסטאָראַנען, מערק... באלעגופים, פּראָעקטן-מאַכער און ספּעקוליאַנטן... וועסטו עפּעס עפּשער זאָגן וועגן ארבקאָאָפּן?.. נערשטייער, קאָאָפּעראציע... עפּשער דארף מען דאָס אלץ. אָבער ניט קיין צוריקטריט... נאר ניט דאס... נאָר ניט דאָס... פּארטיפּן, אָנציגדן א וועלט-סרייפע, ניט ווארפן די דערקעמפטע פּאָזיציעס, נאָר נעמען דורך שלאַכט נייע... אָט!..

זי איז אַנטלאָפן מיט רויטע פלעקן אפן פּאָנים, און ער, גליעב, איז געשטאנען און אן אויפגעציטערטער געטראַכט וועגן דעם, וועגן וואָס פּאָליע האט נאָר וואָס גערעדט.

...אין דערדאזיקער נאַכט איז גליעב געשטאַנען מיטן אָטריאד אין טאָל, הינטער דער שטאט און אָפּגעהיט דעם שאָסיי-ראַיאָן און די פּאָרשטעט. אלע מענטשן זיינען פאַרטיילט אין א קייט, אָנגעהויבן פון שאָסיי לויט א קרומער ליניע צו די שיפּואים פונם בארג-צופוסנס, און א פאטרול פון דריי כאוויירים

האָט ארומגעבלאָנקעט איבער דער פאָרשטאָט און גערודערט די שרעקיקע הינט, און לויט זייער געביל האָט מען געקענט וויסן, וואו דער פאַטרול שפאַנט.

גליעב און סערגיי זיינען געשטאַנען אפן זייט פון וואלד און האָבן נאָכגעקוקט נאָך די פייערדיקע שטורקאַטשן אין די בערג.

אָן איז א פלאם ווי א געלער פויגל אפן בארג אויפגעפלויגן און איז אוועק אינדערהויך. ער איז אויפגעפלויגן ווי א ראקעטע־שטראָם און דעם כוישעך צעשניטן. עס האָט אויפגעפינקלט אן אויסגעצויגענע האנט און אקסלען פון א מענטשן.

זייער ווייט, אין בארג־שפאַלט האָט זיך אויפגעריסן פונקט אזא פליענדיקער שטורקאטש און איז אוועקגעפלויגן אין דער פינסטערניש ארײַן, ווי אַ פאלנדיקער שטערן. העכער האָט אויפגעצאַפּלט און אוועקגעקוילערט זיך א דריטער, דערנאָך — נאָך און נאָך... זיי האָבן זיך געלאָשן, געצונדן, גערופן זיך געדרייט און געוויקלט אין שלאַנגישע קאָנוואולסיעס...

א פייערדיקער פויגל איז אראָפּגעפאַלן און צעצאַפּלט זיך אין די קוסטן. ער האָט אויפגעפינקלט ווי א פאָכער פון פונקען און איז אויסגעלאָשן געוואָרן, און דער כוישעך איז דאָרט געוואָרן פעט און געדיכט, געציטערט און געשוועבט, אן אויפגערודערטער פונם פייער. און געלע שטערן און ברענענדיקע פויגל זיינען אלץ געפלויגן אין די בערג און אין די שפאַלטן אי נאָענט אי ווייט.

גליעב האט ארויפגעלייגט א האנט אף סערגייס פלייצע.

— מע דאַרף אים פאַקן, צו אלדי שווארצע יאָר... ער בעט זיך אַפּן צילצײַנדל...

— יאָ, ער איז גאָר נאָענט. דאָס ברענט ער ענגלישן פולווער. דו זעסט? ער ווייסט דאָך, אַן צווייפל, אז מיר געפינען זיך דאָ, און ער האָט ניט מוירע דערשאָסן צו ווערן. איבעריקנס, מיר האָבן פאַרשפּעטיקט, כאַווער טשומאַלאָוו: ער האָט זיין ארבעט שוין אָפּגעטאָן. דו זעסט — ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן. ער וועט שוין ניט ריזיקירן...

גליעב האָט רואיק זיין פּיפּקע אָנגעצונדן און געקוקט אף די בלאָנדזשענדיקע שטערן אין די בערג.

— ווען ער וואָלט ניט געהאלטן, אז מיר מיט דיר זיינען—נאַראָנים און פאַכדאָנים, וואָלט ער ניט געטאַנצט בא אונז אונטער דער נאָז. ער וועט זיך נאָך א לאַנגע צייט שפּילן — אָט וועסטו זען.

סערגיי האט א קוק געטאָן לענגויס דעם שאָסיי. דער שאָסיי האָט זיך געריכערט ווי אש און געלאָשן זיך אין דער פינסטערניש. דאָרט, וואו מע האָט שוין קיין וועג ניט געזען, האט ווי א שווארצער בארג־וואָלקן זיך געטונקלט מיט די צווייגן זיינע א ריזיקער בוים. און סערגייען האָט זיך געדאכט, אז צווישן די צווייגן פון דעמדאָזיקן בוים האָט זיך אלץ געצונדן א שוועבעלע און ניט געקאָנט זיך אָנצינדן.

— אומעטום סאָנים, גליעב. וואָס זשע איז דער כידעש, וואס זיי זיינען אויך דאָ, צוזאַמען מיט אונז?

דאָרט, הינטערן וואַלד, — דער וואָקזאַל. נאָר אויך דאָרט איז שטיל, די נאַכט פּעכקעט נאָר, ווי אַ כאַיע, און איז אין שלאָף מאַלעגיירע.

ניט ווייט אָפּן שאָסיי האָט אַ וואַגן געסקריפּעט און געקלונגען מיט די רעדער.

דאָס אַלץ איז נאַרישקייטן. דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז אָט וואָס: אַ שקוואַל האָט אָראָפּגעשווענקט די גאַנצע אַרבעט, וועלכע איז אָנגעהויבן געוואָרן מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטקייט און ענטוזיאַזם. דער ברעמסבערג איז צעשטערט און די וואַגאָנעטקעס וואַלגערן זיך ווידער אין די שטיינער און קוסטן, ווי אין יענע טעג, ווען ער, גליעב, איז אַרומגעגאַנגען איבערן פאַרזשאַווערטן מיסט מיט אַ נאָגעניש אין האַרצן. ווידער שטייען די דיזעל-מאָטאָרן אין די צעך-קאָרפּוסן ליידיקע און קאַלטע. ווידער — ליידיקגייערײַ און כוישעך. עוואַקואַציע פון פּלייטים, הונגער, פּײַן, שלאַכט-סיטואַציע. ווידער די ביקס אין דער האַנט, ווידער, עפּשער, שוץ-גראָבנס, מאַרשן, רויך און שמוץ פון צעשאָסענע פּולווער און ניט פון אַרבעטס-פײַער.

איז ער דען בעקוועם צו קעמפן פאַר אָרגאַניזירן די קויכעס אָפּן אַרבעטס-פראָנט, ווען, אָנהויבנדיק פון די מאַשינעס ביז אַ טשוואָק, איז אַלץ כאָרעוו, צעוואַבעוועט, פאַרזשאַווערט, ווען ס'איז ניטאָ קיין הייצוואָרג, ניטאָ קיין ברויט, ניטאָ קיין טראַנספּאָרט, און די וואַגאָנעס וואַלגערן זיך אויף די רעלסן, ווי אויף אַ בייסוילאָם, ווען בײַ די פּירסן וועלן נאָך לאַנג קיין שיפן זיך ניט רוקן. צי איז דען ניט גערעכט דער אויספּירקאָם-פאָרזיצער באַדין, ווען ער קוקט אויף אים, ווי אויף אַ נאַר, וועלכער ווייסט אַליין ניט, פאַר וואָס ער נעמט זיך? אַ קנאַקער. אַן אויפגעקומענער. אַ פּערעאָדאָם. דרייט אַ מויעך. מע איז נאָך ניט אימשטאַנד צו האַלטן פעסט אין די הענט דאָס ווייניקע, דער סוינע באַדראָט נאָך די סאַמע עקזיסטענץ פון דער אַרבעטער-מאַכט — ווי זשע קאָן מען בויען פּלענער וועגן אויפלעבן זאַוואָדן? צו וואָס באַדאַרף מען די פּראָדוקציע, אויב דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון דער רעפּובליק איז פּאַראַליזירט אויף יאָרן און דאָס לאַנד שטאַרבט פון הונגער און פאַרווילדקייט?..

דער שטורקאַטש האָט ווידער אויפגעפלאַמט מיט זײַנע פײַערדיקע האָר, נאָר איז שוין געווען ווייטער און העכער. די קוסטן האָבן זיך אָנגעגליט און געוואָרן ווי לעבעדיקע. פײַערדיקע פלעדער-מײַז זײַנען זיך איבער די בערג צעפלויגן. הינטער דער שטאָט האָבן איבער דעם נעפלדיקן טונקל פון הימל קוילן-אויסלאַדן ווי בליצן געציטערט.

— איך האָב דיר געזאָגט, סעריאָגע... זע: ווידער האָבן זיך די שיידים פון גענעם צעשפּיגן.

— אָט דאָס איז גאָר גוט. אַזאַ אילומינאַציע האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעען. קומט אויס, אַז מיר געפינען זיך אין אַ פאַרשלאָסענעם קרייז.

— אָ-וואַ, אין אַ זאַק, כאַפּט עס דער טײַוול! שפּרינג אין הימל אַרײַן.

— אין דידאָזיקע נאַכטישע שאָען טראַכט איך, כאַווער טשומאַלאָוו, וועגן דער צוקונפט. אונזערע קינדער וועלן זיך פאָרשטעלן אונדז ווי גרויסע העלדן און זיי וועלן שאַפן לעגענדעס וועגן אונדז. און אַפילע אונזער אינדער-

וואָכן און דאס הונגעריקע געצוואונגענע ליידיקגיין אונזערס, אָט דאָסדאזיקע באנאכטיקע דעזשורעווען מיינס דאָ צוזאמען מיט דיר וועלן זיי דערהויבן אף א שטופּע, ווי עס דריקן זיך אויס מאַטעמאַטיקער. דאס אַלץ וועט זיך אָפּשפּיגלען אין זייער דימיען, ווי אן עפּאָכע פון העלדישע טאטן און טיטאַנישע טואונגען. און איך מיט דיר, קליינע שטויבעלעך פון דער מאַסע, וועלן זיי אויסווייזן זיך ווי גיגאַנטן. די פאַרגאנגענהייט ווערט שטענדיק פאַראלגעמיינערט און צו א שטופּע דערהויבן. זיי וועלן ניט געדענקען אונזערע טאָעסן, אַכזאריעס, פעלערן, שוואכקייטן, אונזערע פּראָסטע מענטשלעכע ליידן און פארשאָלטענע פראַגן. זיי וועלן זאגן: אָט זיינען געווען מענטשן, וואָס זיינען מיט קראַפט געווען אָנגעזאָפּט און האָבן פון קיינע מין צוימען ניט געוואוסט. אָט זיינען מענטשן, וועמען עס איז באשערט געווען צו געווינען די גאַנצע וועלט. און צו אונזערע קוואָרים וועט מען קומען צו גיין, ווי צו אומלעשבארע ליכט-טורעמס. און ווען איך טראכט וועגן דעם, שעם איך זיך אביסל און פריי מיך מיט דער פאראנטוואָרטלעכקייט, וואָס מיר טראָגן פאַר דער מענטשהייט. מיך דריקט די צוקונפט, טשומאַלאָוו: אונזער אומשטערבלעכקייט — דאָס איז א צו שווערע מאַסע.

— איז מיילע: דאָס איז ניט וויכטיק. וואָס עס וועט זיין, וועט זיין: די געשיכטע אַרבעט ווי עס באדארף צו זיין. פאַר מיר איז, צום טייוול, וויכטיק, ווי מיר וועלן די ארבעט רוקן... אָט האָבן מיר אויפגעמאיסטרעוועט דעם ברעמסבערג, און זיי, אויסוואורפן, האָבן אים צעבראָכן. ווידער הויב אָן פון דאָסניי אַלץ. אָט האָב איך געטראַכט, מירן לאָזן דעם זאוואָד, — און דאָ, אָט האָסטו דיר — אַ באַנדע... זיי שטערן, קאנאליעס, — אָט וואָס עס פאַרדריסט ביז אין ביין אַריין...

— צו פּאָשעט דענקסטו, טשומאלאוו: דער מאַרך ליגט באַ דיר באַלעבאטיש, ווי ציגל. און באַ מיר זיינען די מאַרך-צעלן, ווי פויגל אין אַ שטייגל.

— גאָר אַזאַ מין קאָפּ באַ דיר, סעריאגע!... האלטן דאָרטן אין מאַרך אזעלכע מינע באשפּעענישן איז שלעכט: זיי טומלען, פאַרשאָלטענע... אַרויסלאָזן — אויך שלעכט: ס'וועט א ליידיקער פויק בלייבן...

די נאַכט האָט געלויכטן מיט אָנענדלעכער טיפקייט, און דער כוישעך אירער האָט אויפגעפינקלט מיט בייזוויליקע פייערן. און דידאָזיקע פייערן, וואָס זיינען אומרואיק ארומגעפלויגן אין דער נאַכט, ווי סאוועס, און די עלעקטרישע בליץ-אויסברוכן אין די וואָלקנס זיינען געווען געהיימניספול און שווינדערלעך. עס האָט זיך גענעענטערט די גרויסע שאָ. דאָרטן אונטער די בערג, דאָרט, וואוהין עס פליען אריבער די פייערדיקע פאַקעלן-מעסער פון די שטורקאטשן, אין די שמאָלע בארג-שפּאלטן — דאָרטן נעסטלט זיך נאָך אַ ניט דערטויטע כאַיע. זי באַוועגט זיך דאָרטן, אַ באהאַלטענע, און קריכט פון די קאזאקישע סטאניצעס, און די בערדיקע פויערים, די סטאניצע-באטקעס רייסן זיך אַהין מיט אויסגעשטשירעטע ציין פון מענטשן-פרעסער, מיט געהוק, מיט שווערדן, וואָס גלאנצן מיט בלוט. ווי היישעריקעס וועלן זיי אַרויסקריכן און

פאַרפולן די סטאַניצעס, און באַלעגופישע אויפשטאנדן וועלן פאַרהילן מיט רויך און בלוט די פעלדער, די אטשערעטן, די בערג־צופוסנס און דעם סטעפּ.

די בערג און די וועלדער זיינען מיט מענטשן־כאַיעס אָנגעפּוישט. בא־טאָג באהאלטן זיי זיך צווישן די געדיכטע געוויקסן און היילן, אָדער זיי שפּאַ־צירן ארום איבער דער שטאָט אין מאַסקעס פון פריינט פון דער רעוואָלוציע. אומעטום זיינען זיי פול: אין די רייען פון די אַרמייער, אין די סאָוועטישע קאַבינעטן, אין די הייזער פון פרידלעכע, אומשולדיקע בירגער. ווער קאָן זיי אָנווייזן, אָנרופן זייערע נעמען, צעקוועטשן זיי ווי שלאַנגען? נאָר ווי עס קומט נאָר אָן די נאכט, אזוי קריכן זיי ארויס פון זייערע לעכער און, באַ־שיצטע פונם כוישעך, הויבן זיי אָן זייער פאַרעטערישע ארבעט. אָט צינדן זיי זייערע סיגנאַל־פייערן, און די פייערן פלאַקערן און פליען צו די היישער־דיקע פעלדער, רופן און לאכן מיט זייער בלוטדורשטיקן געלויכט.

איבערן שאָסיי, פון די בערג אראָפּ האָט מעטאליש געקלונגען אַ וואָגן. הילכיק האָבן געקלאפּט די טלאָען פון אָן אויסגעמאטערט פערד. מיט אַ שלע־פערדיקער הייזעריקייט האָבן שטימען עפּעס אומפאַרשטענדלעך געבאָמבלט.

מיט די ביקסן אונטער די ארעמס איז גליעב און סערגיי אוועק אי־בערן שאָסיי, וועלכער האָט זיך אין דער נאַכט־כאַשכעס געוויגט און צערונען געוואָרן...

עס האָט זיך שוין בוילעט געזעען אַ פערד. די מאָרדע האָט טונקל געגליט פון די בליק־און פייערן־אויסברוכן אף די בערג. אָפן וואָגן האָבן זיך שאָטנס געבלייכט. אַסאַך זיינען זיי געווען, און דער וואָגן האָט אויסגעוויזן ווי אַ גרויסער און געשוואָלענער.

— שטיי!... ווער איז דאָ?

גליעב האָט זיך זיי געשטעלט אין וועג, פאַר דעם פערדס מאָרדע און די ביקס פאָרויס געהאלטן.

— פאַרוואונדעטע...

— דער פּאראָל?

— וואָס פאַר אַ פּאראָל, צום טייוול? דו זעסט דען ניט, די קעפּ אונ־זערע זיינען אין טירובאנען אָנגעטאָן?

— ווי זיינען אונזערע געשעפטן?

— גיי גיב זיך אַ שפּיל דאָרטן — וועסטו זיך דערוויסן... די מייז האָבן זיך פאַרוקט אין די לעכער, און מיר שניידן... און זיי ענטפערן אונז מיט שראַפּנעל... נישקאָשע, רויכיק אַביסל... מיר שטעלן פּאסטקעלעך אויס, היגנ־טישן זון... זיי פרעגלען זיך אונטער און קוויטשען, ווי כאַזיירימלעך... מיר האָבן געפּאַקט באַ א האלב מייעלע אָפּיצערלעך און זיי דערציילט די מאַיסע... די אויגן בלויז זיינען באַ זיי, ווי פרעשלעך, געשפּרונגען... צוויי שוועסטער־לעך האָבן היינט די גאַנצע כעוורע פריילעך געמאכט... אָן קישקעס זיינען מיר געבליבן... מע האָט זיי אַנידערגעשטעלט אָפן ראַנד פון פעלז אונטערן ציל־ציינדל... האָט איינע ארויסגעקוויטשעט: — כאַמעס, מיעסע מאלפּעס!... און — מיטן קאָפּ אראָפּ... די צווייטע: — כאמעס, שלעפערישע קאנאליע!... און — אַ

קנאַק אראָפּ! — מיט די פיס ארויף... אזא מין פאָרשטעלונג — אין דער מאמען דיינער — די קישקעס האָבן געפּלאַצט...

— און ווי האלט עס מיט פרישע קרעפּטן? איר וואַרט?...

— צו וועלכן טייוול באדארפן מיר עס!... מירן זיי פלינק אין איין שורעלע אויסשטעפּן... פארלוסטן און געהאָרגעטע איז בא אונז א קלייניקייט... און פאַרוואונדעטע — דאָס איז ערשט די ערשטע פאַרטיע... די איבעריקע — אין די שוץ-גראָבנס... מיר ליגן פון אויבן, און זיי — אין טעלער... ניט אַהין, ניט צוריק — ניט מיטן עק, ניט מיט דער מאָרדע זיך אַ דריי צו טאָן... אָן עמעס שטויסל, אין דער מאמעס מאמען אַריין...

— נו, וואויל, כעוורע! ריר!...

2

## דער אײנהאַנטיקער געפאַנגענער.

די בערג האָבן זיך צעבליט אין אַ פייערדיקן סאָד. די בליצן האָבן אין נעפּל איבערן יאַם געשיינט.

סערגיי און גליעב מיט ביקסן אין די הענט זיינען ווי שטומע שאָטנס איבערן שיפּוי פון בארג, צווישן די קוסטן געקראָכן. הויפנסווייז האָבן די פייערן אויפגעפלאמט, געשפּרונגען איבער די קוסטן, געשפּריצט מיט פונקען, געלאָשן זיך און ווידער אויפגעפלאמט, ווי פלאַמענדיקע פויגל.

זיי זיינען פאַרביי דעם שעכט-הויז דורכגעגאַנגען. קיין פלויט איז ניט געווען: רואינירט. די טירן און פענסטער — געלעכערט. עפּשער זיצן דאָרט אויך פאַרשטעקט סאָנים, מיט אַ גרייטער קויל אין דער ביקס?

— שפּאַן שטיל, ווי אַ קאַץ, סעריאָגע, פאַרטשעפּע ניט די קוסטן, האלט שטייפער די ביקס... מירן אים פאַקן אַ לעבעדיקן...

גליעב האָט זיך אָנגעשטרענגט און אָנגעצויגן ווי אַ סטרונקעלע און געגאַנוועט זיך מיט אַ הינטישער פלינקייט. אַ אומדייטלעכע פרייד האָט סערגייען פאַרשיקערט. ניט אָפּרייסנדיק די אויגן פונם פייער, האָט ער אלץ גע-האלטן אין איין שמייכלען, אַליין ניט וויסנדיק דערפון. די הענט און די פיס האָבן בא אים געציטערט, פונקט ווי ער וואָלט אַ באַפליגלטער פון דער הויך געפלויגן. דער געדיכטער שפּינוועבס האָט קלעפּיק אים דאָס פּאָנים פאַר-שמירט און די צווייַגן פון די קוסטן האָבן הינטער די אויערן די הויט געריסן. אַף די וויעס האָבן פערלמוטערנע שטראַלן אויפגעפינקלט. אין די קוסטן האָבן כוואַליעס וואַרימע זיך געקנוילט: דאָס האָבן אַרויסגעאָטעמט די אָפּקילנדיקע זיך שטיינער, און די פרילינגדיקע בלעטער פון די בוימער האָבן אין דערדאָ-זיקער לופט זיך געוויגט.

די נאַכט איז אַף מעהאַלעכן אַ געגנאַרערין: דאַכט זיך נאָענט, דאכט זיך ווייט. אָבער עס זעט זיך אינגאַנצן בוילעט אַ מענטש, אַ באַלויכטענער פון אַ שטורקאטש. ער איז געלאָפן אין געפּלאָנטערטע קרייזן בארג אַרויף,

געדרייט זיך, אויסגעצויגן די לינקע האַנט איבערן קאָפּ, און זיין פיגור האָט זיך געקרימט און איין אַ זייט געבויגן. די קנייטשן פון זיין העמדל און היטל האָבן מיט פייער געפינקלט, ווי זיי וואָלטן פון זיך שטראַלן לאָזן. דער לינקער אַרבל האָט זיך באַ אים ווי אַ שמאטע געבאָמבלט.

ביידע האָבן מיט איין באַוועגונג מיטאַמאָל זיך אַנידערגעזעצט. זיי האָבן שאַרף, מיט איין אויגנבליק בלויז, אַ קוק געטאָן איינער אַפן צווייטן — פאַרשטאַנען.

— אומבאַדינגט אַ לעבעדיקן, אומבאַדינגט, טשומאַלאַוו... דו זעסט ?..

— זיי ניט קיין שלימאַזל—מירן אים פּאַקן... שפּיר נאָך... דאָס גאַנצע אינגעווייט און דעם מאַרך—אין די אויגן אריין...

דאָס בלוט האַקט אין די שלייפן, ווי אַן אַראָפּגעפאַלן גלעקעלע. איינ-הענטיקע איז אזוי פיל פאַראַן... איצט איז אסאך איינהענטיקע פאַראַן... זיי פלעגן שטענדיק אומרו ארויסרופן באַ סערגייען, און אין די ליידיקע ארבל זייערע האָט ער געפילט א דראַאונג און א באַהאַלטענעם קלאַפּ. דער ברודער איז אויך מיט א פוסטן אַרבל. ער בלאַנקעט אויף ארום, ווי א שוידערלעכער, געהיימניספולער געשפענסט.

דער איינהאַנטיקער איז געבליבן שטיין און האָט זיך וואַכזאַם צוגע-הערט. ער האָט געדרייט דעם קאָפּ אַף רעכטס און אַף לינקס. ער איז גע-שטאַנען מיט דער פּלייצע צו זיי און דאָס פּנים זיינס האָט זיך נאָר אין פּראָפיל געזעען. אין דעמדאָזיקן פייערדיקן פּראָפיל האָט זיך סערגייען געדוכט, אז ס׳איז דער באַקאַנטער רויבערישער שנאָבל.

ווי א פלאַמעדיק שלענגעלע האט אויפגעפלאַטערט דער פייער און ווי א ראַקעטע אין די קוסטן אריינגעפאַלן. די פינסטערניש איז א געדיכטע און פאַרשלעפּנדיקע געשטאַנען, ווי א בלאָטע. עס האָבן זעלטענע טריט איבער די שטיינער זיך צעהילכט, און די קוסטן האָבן זיך צערוישט, ווי פון א ווינט-ריס.

— טיו—צום טייוולס מאמען, ארויסגעלאָזן!.. יאָג ווי דער ווינט, סע-ריאָגע!.. מירן אים פאַרטרייבן... צו דער מאַמען...

און גליעב איז אין די קוסטן אַריינגעשפּרונגען, צעשפּאָלטן די שטיינער מיט די אָפּצאַסן און ניט געוואָרן אין דער פינסטערניש. די פּליטן און די שטיינ-דלעך האָבן געקנאַקט און געשפּריצט אונטער די פיס און קלינגענדיק זיך צע-פלויגן, ווי גלאָז-שערבלעך. סערגיי איז אוועקגעשפּרונגען גלייך נאָך זיי, און אים האָט זיך ווידער אויסגעדוכט, אז ער איז געוואָרן לופטיק-גרינג, באַ-פליגלט, און ווי א פויגל אוועקגעפלויגן די צאַפּלדיקע בליצן און די בערגיקע פייערן אנטקעגן.

— שטיי!.. איך וועל דיך דערשיסן, הינטישער זון... שטיי!.. פאַרויס האָט ווי אַן אָקס גליעב געברעוועט און סערגיי האָט אין דעם נאַכט-כוישעך ניט געהערט ניט קיין טראַט-געהילך, ניט קיין געשרייען, ניט קיין שאָסן. ער איז געפלויגן לייכט און וואָגלאָז, און ניט קיין ערד אונטער די פיס איז ניט גע-ווען, ניט קיין פייף פון ווינט אין די אויערן, ניט קיין ווייטיק פון די נאָדלען

פון די בוימער, וואָס האָבן דאָס פּאָנים געשטאָכן און געריסן די הויט ביזן פליייש. ער האָט זיך געשטיקט און געשריען, אבער וואָס האָט ער געשריען — האָט ער אליין ניט געהערט.

פון דעם כוישעך ארויס, דעם וועג אים איבערקרייצנדיק, האָט מיט גע-פליגלטן גאלאפּ איבערן בארג א צעווילדעוועט פערד זיך דורכגעטראָגן. נעבן סערגייען האָט ער זיך צעכראפּעט, מיטן אינגעווייט זיך אויפגעריסן, אָן די שטיינער זיך אויסגעגליטשט, א קלאפּ געטאָן מיט די פיס די לופט און מיטן ווײדל די קלעפּ פון די פיס אראָפּגעווישט. ער האָט ווידער ווי אַן אויפרייס א כראָפּע געטאָן און איז צעשאָטן געוואָרן אינם כוישעך. און אף יענעם ארט, וואו דאָס פערד איז געווען, האָט א לאך שימירירט.

סערגיי האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט. ווייט האָבן טלאען די שטיינער געמאלן, און גליעבס געשרייען האָבן זיך שוין ניט געהערט.

עס האָבן בליצן אין עלעקטרישע אנטלאדונגען געציטערט, און מיט פאספאר האָט זיך דער נעפּל געשטויבט. און ס'איז אומעגלעך געווען צו פאַר-שטיין, וואו דער הימל איז, און וואו דער יאם. אונטן איז די שטאָט ווי א בייסוילעם געלעגן אָנגעוואלגערט — הרודעס אן א פונק פייער, ריזיקע קוואַ-רים. בערג וואלגערשטיינער און שטיין-גרובן. הינטן — סערגיי האָט זיך אומגע-קוקט — האָבן שטורקאטשן איבער די בערג ארומגעבלאנקעט. אף יענער זייט בארג און העכער נאָך, אין די בארג-ציין, אף די בארג-שפּיצן און שפּיזן האָבן שטערן זיך געווימלט. זיי האָבן אויפגעפינקלט און געלאָשן זיך, געפלויגן ווי פייערדיקע שלאנגען, פאנאנדערגעפלאקערט זיך ווי שייטערס און אין פלאַ-מיקע שטראמען גערונען פון די בארג-שפּיצן אראָפּ, איבער די בארג-שיפּואים, אין די באַרג-שפּאלטן אריין.

אונטן, אין טאָלכל, האָבן מענטשן געזיפצט און געברומט, און עפּשער האָבן דאָס גאָר הינט איבער א נעוויילע זיך ארומגעריסן און די שטיינער האָבן ווי שערבלעך גלעזערנע געקלונגען.

דאָרט איז גליעב און דארט איז אויך דער איינהענטיקער. פון צוויי סאָ-נים מוז איינער באַזיגט ווערן.

אזוי פיל איינהענטיקע איז איצטער פאראן. פארוואָס זאָל דער, וואָס איז אין כוישעך פארשוואונדן געוואָרן, רעגן סערגייען?

ער איז אוועקגעשפּרונגען אַראָפּ איבערן פעלזן-ראנד, און דער באָדן האָט זיך אונטער זיינע פיס צעשפּאָלטן און צעשטויבט געוואָרן.

... גליעב האָט זיך צווישן די שטיינער אין קראמפּן געוואָרפן, די פּליי-צע אויסגעבויגן און גערעוועט. סערגיי האָט דערזען, ווי ער האָט מיט דער קני די ברוסט געדריקט באַ אַן אויסגעצויגענעם מענטשן און מיט ביידע הענט צו יענעם אין גאָרגל זיך איינגעקלאמערט.

— דו שפּאַסט, נידערטרעכטיקע וואלד-כאיע, דו וועסט שוין פון מיינע הענט ניט ארויס!.. אן עק, מענואוול!.. מיינער ביסטו!.. העלף, סעריאגע... באזוך אים, דעם אויסוואורף... רייניק אויס אלע קעשענעס, אלץ, וואָס דו וועסט געפינען...

מיט ציטערנדיקע הענט, מיט א פיבערדיקע איילעקייט האָט סערגיי געשאַרט אין די קעשענעס פון די הויזן און פונם פרענטש. ער האָט געפונען בלויז א קעסטעלע מיט טאַבאַק, שוועבעלעך און א סקארינקע ברויט. און ווען ער האָט זיך צוגערירט צום אפגעהאַקטן שטיקל קלעצל פון דער לינקער האַנט, איז ער אַ פארכאלעשטער געבליבן פון א שניידיקן זעץ אין דער ברוסט אַריין.

— איך האָב עס געוואוסט, גליעב... ס'איז מיין ברודער... ס'איז מיין ברודער, גליעב... איך וועל אים באַלד דערהאַרגענען... איך וועל אים דערשיסן, גליעב...

— וואויל... הויב אויף זיין געווער באַ מיר אונטערן פוס. אנו, גיב זיך א טרייסל, גוטער ברודער... שטעל זיך אין עק, סעריאגע, און האַלט גרייט די ביקס... און עפשער, וויבאלד ער איז—דיין ברודער, עפשער אָפּגעבן אים דיר, אַף דיין כעסעד?... נו?.. וואָס קאָנסטו זאָגן צו זיין פאַרטיידיקונג?..

און אין דעמדאָזיקן כויזעק האָט סערגיי מיט ווייטיק א סינע דערפילט. אים האָט זיך געדאַכט: גליעבס אויגן האָבן ווי גליענדיקע קוילן אויפגעגלאַנצט.

— הער אויף זיך כאָכמענען, טשומאלאוו... אָדער פיר אים אוועק, אדער איך וועל אים דערהארגענען אפן ארט... דו האָסט קיין רעכט ניט צו ריידן מיט מיר אין אזא טאָן...

— נו, גענוג, מאַרדעווע זיך ניט, שלימאזלדיקער באאוולטער...

בא סערגייען האָבן די הענט און די פיס געציטערט.

... דמיטרי האָט זיך אף די פיס געשטעלט, געוואלט זיך אָפּטרייסלען, נאָר די האַנט איז אין גליעבס פינגער געווען פאַרשמידט. האָט ער זיך פאַרכליניעט און צעהוסט.

— ווידער, סעריאזשע, אַן אומגעוויינלעכע באַגעגעניש... פונדעסטוועגן ביסטו גאָרניט ווערט אנטקעגן אָט דעם גרויזאַמען יונגאַטש. איך האָב געהאַט די ערע צו באַגעגענען זיך מיט אייך אין שטוב פון מיין פריילעכן פאָטער אין יענעם מאָמענט, ווען איר האָט אים געראַבעוועט. עס טוט מיר באַנג, וואָס מיין ברודער סעריאָזשע איז דעמאָלט ניט געווען: איך וואלט אים דעם שאַרבן דורכגעשאָסן...

גליעב האָט זיך אָנגעבויגן צום פּאָנים פונם איינהענטיקן, נאָר די האַנט האָט ער ניט ארויסגעלאָזט.

— אהא, אַן אומגעריכטע באַגעגעניש, העלד פּאָלקאָווניק. אין סאד באַם אַלטינקן בין איך געווען א גאַנץ פיינער טיפּעש: מע האָט געדאַרפט דעמאָלט פּאַקן. נו, געגאַנגען זאָל ווערן, כעוורע! ס'איז דעם כאווער טשיביס א גאַסט לויט זיין גוסט נאָך...

דמיטרי האָט געוואָלט ריידן, נאָר דער געלעכטער האָט זיינע ווערטער געריסן און ער האָט זיך געשטיקט פון דער אָנשטרענגונג רואיק צו זיין.

— ס'איז מיר א גרויס קאָוועד צו גיין מיט אייך, פריינט... באזונדערס מיט אייך, פראכטפולער מיליטקאָם... נאָר מיין האנט לאָזט פונדעסטוועגן

אַרויס: איך בין ניט קיין קינד און ניט קיין פריילין, אַז איר זאָלט אַרויס-ווייזן צו מיר אַזאַ רירנדע זאָרגזאַמקייט. דער באַזיגטער סוינע אייערער וועט גיין מיט אייך פּונקט אַזוי שטאָלץ און פעסט, ווי איר, זיגער... איך בעט אייך בלויז, מיליטקאָם, איר זאָלט נאָר אַ טראָפּן באַזייטיקן פון מיר מיין בלוט-אייגן ברודערל, סעריאָזשען, מאַכמעס איך בין ניט זיכער, צי ליידט ער ניט איצט פון דעם ערגסטן מין פּרויען-היסטעריע... באַרואיק זיך, סעריאָזשע: דו רעגסט זיך צופיל, מיין פריינט...

סערגיי האָט מיט די ציין געקנאַקט און בעשום אויפן ניט געקאָנט ביי-קומען די איבלדיקע ניטגוטקייט אין האַרצן. ער האָט געברויכט אומגעהויערע אָנשטרענגונגען אַף זיך ניט צעשרייען און ניט אַ ווארף טאָן זיך אַפן ברודער אין אָנפאַל פון כאַיעשן צאָרן.

זיי זיינען אַרויס פון גראָבן און אַוועק מיטן וועג, וואָס איבערן באַרג-שיפּוי.

איבער די בערג און אין טונקעלן הימל האָבן בליצן געפלאַטערט.

— און פונדעסטוועגן, קוסטאַרלעך, זיינען אייערע געשעפטן פּאַסקודנע. מאָרגן וועט מיט אייער מאָרך דער ברוק פּאַראָומריייניקט ווערן. אַ שאָד, וואָס איך וועל עס ניט זעען מיט מיינע אויגן. און דיך, סעריאָזשע, וואָלט איך עפּנטלעך אויפגעהאַנגען באַ די טויערן פון מיין הויז...

סערגיי האָט זיך צעלאַכט און פאַרוואונדערט זיך, וואָס ער האָט אין אַזאַ רעגע לאַכן געקאָנט.

— האָסטו דען געקאָנט, דמיטרי, זיך ריכטן, אַז איך וועל דיך צום טויט פירן? און אַט זעסטו?... ווי אַזוי מע וועט דיך דערשיסן, — דאָס וועל איך ניט זעען. נאָר בלויז דאָס אליין שוין, וואָס מע האָט דיך געכאַפּט... געכאַפּט באַ מיין אַנטייל... גיט מיר אַ באַפרידיקונג... איך פיר דיך אונטער מיינער אָן אייגענער קויל...

דמיטרי האָט געלאַכט פריינטלעך, — פריילעך און פראָסטהאַרציק געלאַכט.

— נו, ס'איז פון דיר ניט אויסצוהאַלטן, סעריאָזשע... דו ביסט אַ וואונ-דערבאַרער קאָמיק, אַף מיין וואָרט...

גליעב האָט דמיטריס האַנט אַרויסגעלאָזט און פאַרוואָרפן די ביקס הינ-טער דער פּלייצע.

— אַנו, פּאָלקאָווניק... אַ יאַ, ס'איז אַ גוטער שפּאַציר פאַר דער טייוול-שער נאַכט?... ווען באַלעבעסלעך וואָלטן דאָס געזעען, וואָלטן זיי געזאָגט: אָט אַ פריילעך פאָלק, כעוורע מאַידימס!...

דמיטרי האָט געלאַכט, נאָר אין זיין שטים האָט זיך אַ וואונד געפילט. און סערגייען האָט זיך געדאַכט, אַז ער לאַכט גאָרניט, אַז ער צאַפּלט זיך אין אַנגסט און בענקשאַפט און וויל זאָגן אַזוינס, וואָס מענטשלעכע ווערטער קאָ-נען ניט אַרויסריידן.

— יאָ, יאָ... זייער פריילעך!... עס טוט מיר באַנג, סעריאָזשע, וואָס דו וועסט ניט אַנטיילנעמען אין דערדאָזיקער טשיקאַווער שפּיל, וואָס רופט זיך אָן — צעשיסונג. איך וואָלט זייער געוואָלט, זייער געוואָלט, סעריאָזשע... מיר

וואלטן די קינדהייט אונזערע דערמאָנט... דו געדענקסט גוט אונזערע קינדער-יאָרן?... מיר ווילט זיך, דו זאָלסט אין יענער שאָ אליין די ביקס אף מיר אָנשטעלן... עפשער וועסטו דאָס איצטער, גלייך טאָן?... אייערע ווענטלעך— זיי זיינען שוידערלעכער פאַר יענע בייסוילעם-נעכט, פאַר וועלכע איך האָב זיך אַזוי געשראָקן אין דער קינדהייט... איך וויל ניט, מע זאָל דאָרט מיין נע-שאָמע אויסלייזיקן... קום מיט מיר, סעריאזשע, ביזן סאָף: דאָס וואָלט געווען זייער שיין... א סיוזשעט פאַר העראָאיק... צוויי לייבלעכע, בלוט-אייגענע ברי-דער האָבן אין אומאָפּווענדנדיקן ווידערשפּרוך צונויפגעגאָסן אין איין טראָפּן זייערע צוויי טראָפּנס בלוט... א? טשיקאַווע?... ראָמאַנטיש?...

דער שטאָט-פּאטרול איז מיט אויסגעשטעלטע ביקסן זיי אנטקעגן גע-גאַנגען.

XIII

# לאנגזאמער טראָט

1

## אפן קערפונקט.

ווידער זיינען אָנגעקומען רואיקע, פאראָקשנטע טעג מיט ווירטשאפט־לעכע זאָרגן, מיט וואָכעדיקער אומזעבארער ארבעט אין די אָפּטיילן, אין די ארגאַניזאַציעס און אפן זאַוואָד. און דידאָזיקע טעג זיינען געווען פונקט אזעלכע, ווי פאַר דעם אויפשטאנד פון די ווייס־גרינע און די קאזאקן:—ווידער האָבן קאנצעליאריעס מיט פּאַפּירן זיך צערוישט, ווידער—זיצונגען אין אויספירקאָם, אין פּראָפּראַט, אין דער עקאָנאָמבאראטונג, און דידאָזיקע אלע זיצונגען — אין טשמעלענדיקן טאַבאַק־רויך, מיט אָנגעוואָרפענע פּאַפּיראָס־שטיקלעך אפן דיל, מיט אנענדלעכע דעבאַטן, רעזאָלוציעס און פלענער. אָבער אין די נעכט האָט מען שוין אין די בערג מער ניט געזעען קיין ארומבלאנקענדיקע אומרו־שטור־קאטשן. אלע שאַבעס פלעגן פּויערים פון די ארומיקע דערפער פּראָדוקטן אין שטאָט ברענגען צו פירן — קאַרטאָפל, מעל, גריננס, אייער, פּי און אויפּעס, און מיט דעמדאָזיקן גוטס פלעגן זיי דעם גאַנצן מאַרק־פּלאַץ אין פארשטאט פאר־נעמען, און די לופט האָט פּריעדיק געשמעקט מיט פערד־שווייס, מיט פּי־צויע, מיט מיסט. אין די באַרג־שפּאַלטן, וואוהין פריער איז קיין צוטריט ניט געווען ניט פאר קיין פוסגייער, ניט פאַר קיין רייטער, האָבן זיך געעפנט רואיקע וואַלד־וועגן, וועגן באַלעבטע מיט מענטשישן פוס־טראָט, מיט סקריפּ פון וואָגן, מיט דרעמל־אנווארפנדיקער ליד פון דעם ערד־האָרעפּאשניק.

און ווידער זיינען שטאָטישע איינוואוינער און געשעפטס־מענטשן אין העמדלעך, אין פּרענטשן, אין לעדער, מיט פּארטפעלן און אן פּארטפעלן פון די בלינדע דירעס זייערע ארויסגעקראָכן, פון אונטערערד, אף די גאסן ארויס זיך ארויסגעשאָטן, און קיינער האָט ניט דערמאָנט וועגן דער עוואקואציע,

וועגן דעם האַרמאָטן-געדונער הינטער די בערג, וועגן דעם איבערגעלעבטן שוידער פון די פאַרגאַנגענע נעכט.

הימלדיק האָט דער יאַם געבלויט אין די באַרג-ברעגן, און אױף דער ברעג-דאַמבע האָבן וועגענער און לאַסט-אויטאָס געדודערט, און אויפן יאַם האָבן ביזן סאַמע האָריזאָנט זיך צעפּאָכט מיט זייערע שאַרפע פליגלען די ווייס-זעגלדיקע פישער-שיפלעך. אַלע אינדערפרי פלעגן פון ערגעץ באַ די קאָבאַ-טאַזשן טערקישע פעלוקעס אָנקומען. זיי פלעגן זיך באַווייזן און הוידען זיך אויף די כוואַליעס, רייבנדיק די בעטאַנישע ווענט פון די שיף-דאַמבעס און קריצנדיק אין פאַרשיידענע ריכטונגען די לופט מיט די דינע שפּינדלעך פון זייערע מאַסטבוימער. די צוגעשאַרטע מיטגלידער פון פּראָפאַריינען האָבן שוין באַ די באַגעגענישן זייערע ניט געוואונקען מיט די ברעמען, ניט געשעפּטשעט זיך, ניט געשושקעט זיך אויף די ראָגן און אין די פּלויטן אַריין, נאָר געשעפּט-לעך און הויך געשמועסט וועגן דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, וועגן וואַ-לוטע, וועגן די טערקישע פעלוקעס און קאָנטראַבאַנדע.

אויף דער הויפּט-גאַס, נעבן די מאַגאַזינעס, וואו עס זיינען געווען די לאַגערן און באַזעס פון פאַרשיידענע ווירטשאַפטס-אָרגאַנען האָבן לאַסט-אויטאָס און פלאַטפאָרמעס געדודערט, האָבן פערד געהרעוועט און זיך געביסן, און אַרבעטער-אויסלאָדער האָבן גאַנצע טעג געפּילדערט, געמאַמלט זיך און געכריפּעט אונטער דער מאַסע פון פעק, קאַסטנס און זעק. די הויפּט-גאַס האָט אונטער דער זון געברענט, געשמעקט מיט פּרילינגדיקן הימל, געפּוצט זיך אין פאַר-געפּיל פון די נייע האָפענונגען. אַמאָל האָט זי געבליט מיט די אויסגעפּוצטע שוי-פענסטער, געאָטעמט מיטן גערוך פון פּאַרפומען און מיטן לויש פון די אַרומשפּאַצירנדיקע מאָדע-פרויען, און באַנאַכט פלעגט זי זיך צאַפּלען אין שטראַלן פון עלעקטרישע רעקלאַמעס. דער מאָרגנדיקער טאָג האָט זיך גע-טרוימט מיט אַ פאַרויטלטן שמייכעלע פון די זאַטע, אין דער פאַרגאַנגענהייט פאַרשוואונדענע טעג, — דער מאָרגנדיקער טאָג אָן טשעקאַ, אָן ראַציאָן-ברויט, אָן ענגשאַפט פון דירעס, אָן רעגיסטראַציעס און איבערעגיסטראַציעס, אָן פאַר-קלעמען די בורזשויען, אָן נער-קאַרטלעך און אָן אָבליגאַטאָרישער אַרבעטס-פליכט.

ווייבער און מיידלעך מיט פּאַריסענע איבער די קני קליידלעך זיינען גע-שטאַנען אויף די פענסטער און טרעפּ, האָבן געוואַשן און געפּוצט די שפּיגל-שויבן, און פאַרעלטערטער שמוץ איז אין גרעלע שטראָמען אויפן טראָטואַר אַראָפּגערונען. פון דעם פינסטערן כאַלעל פון די מאַגאַזינעס האָט געטראָגן מיט שימל און מיט פאַרדומפּענער קעלער-קילקייט. מיט אַ הילכיקן עכאָ (פּוסט זיינען נאָך די קראָמען געווען) האָבן דאָרטן מיידלשע לידער אָפּגעקלונגען און צעבערעקלט זיך אין קוויטשעדיקן געלעכטער און רופערייען איינע צו דער אַנ-דערער. קעגן די צעעפנטע טירן און פענסטער האָבן לידיקגייערישע מענטשן זיך געשטופּט און לאַנג, מיט אַן אומרואיקן נייגיר געקוקט אין די קראָמען אַריין, אויף די נאַסע פענסטער, אויף די נאַקעטע ווייבערשע ליטקעס. און דאָרט, וואו די פענסטער האָבן זיך געשוואַרצט מיט דורכזיכטיקער פּוסטקייט, און אי-

נעווייניק האבן העמערלעך געקלאַפּט און הובעלן געפּייפט, איז אין דרויסן אַף די טירן און פאַסאַדן האָבן בלענדנד-ווייסע קוואַדראַטן און פאַסן די אויגן געשניטן:

„אין א קורצער צייט ארום וועט זיך דאָ עפענען אן ארבקאָאָפּ".

„דאָ עפנט זיך א קאפע".

„אוניווערסאַלע קראָם „יעפּאָ".

„האנדלס-געזעלשאפט „מאַנופאקטור".

און אַף די גלאטע גרויע ווענט פון דעם שטאָט-הויז (קאָמונווירטשאפט) —מיט ארשיניקע אויסיעס:

„ווער עס ארבעט ניט—דער עסט ניט"

„אַף די רואינען פון דער קאַפּיטאליסטישער וועלט וועלן מיר אויסבויען די גרויסע געביידע פון קאָמוניזם".

„מיר האָבן פארלאָרן בלויז די קייטן, אָבער גע- ווינען געווינען מיר די גאנצע וועלט".

אַפן מארק-פּלאץ האט מען טישלעך און ביידלעך צונויפגעקלאַפּט. דאָרט האבן האַק און זעג געקנאקט און אין האָלץ זיך איינגעביסן, גאָלדענע זעג-שפּענדלעך האבן אונטער דער זון געפינקלט, און אין שטאָט, איבער די גאסן האט זיך דער רויעך פון סאָסנע-סמאָלע און אייל-פאַרב געטראָגן.

באַם פאָלקבילד האבן פון אינדערפרי ביז פיר לערער מיט בלויע גע- שוואָלענע פּענימער זיך געשטויסן. אין קופקעלעך און הייפעלעך זיינען זיי געשטאנען און גערעדט אפן טראָטואַר, נעבן די ווענט, האַכנאָעדיק פאַר- צווייפלטע, ווי בלינדע. אזוי האָבן זיי זיך געשטויסן נעבן דעם פאלקבילד א גאַנצן ווינטער און דעם גאַנצן כוידעש מארט. אין די שולן האבן אַנשטאלטן זיך באַזעצט, די ביבליאָטעקן און קאבינעטן זיינען צעראַבעוועט געוואָרן, די בענק האָט מען צעהאקט אף הייצווארג, און אין פאָלקבילד זיינען קיין געלט- צייכנס ניטאָ. וואס זשע האבן זיי אנדערש וואָס צו טאָן, ווי צו זיצן דאָ און האַכנאָעדיק וואַרטן אַף די סכירעס, וואס מען האט זיי פון הארבסט אָן נאָך ניט אויסגעצאָלט?

און ווען סערגיי פלעגט אַרויסגיין פון א זיצונג פון דער קאָלעגיע, פלעגט ער אף דער גאַס גלייך פאַרטשעמעליעט און פאַרשטיקט ווערן אינם געמיש פונם לערער-געזאַמל. ניט געווען קיין גאַס, ניט געווען קיין טראטואר, די לופט איז געווען א שווערע און א נודנע פון די ארויסאַטעמונגען זייערע, פון די שמוציקע לייבער און קליידער, פון די געשוואָלענע פּענימער און מוטנע אויגן, פאַרונענע מיט טרערן און מיט שטילן האַכנאָעדיקן געבעט. דידאָזיקע געדיכטע טשערעדע האט אים ארומגערינגלט מיט אַן ענגן קרייז—א ווייַנע- דיקע איז זי געווען דידאָזיקע טשערעדע מענטשן, א שלעפּעריש-קלעפּיקע, מיט טרוקענע ציין הינטער די ליפּן פון אן ערד-קאָליר, ווי באַ מייסים. און נאָר איינס האבן פאַרדומפּן ארויסגעקרעכצט און געשעפּטשעט איינציקע שטי- מען און, עפּשער, אלע מיטאמאָל:

— סערגיי איוואניטש!... סערגיי איוואניטש!... טייערינקער סערגיי איוואניטש!... איר זייט אליין א לערער... איר ווייסט גוט... ווי זשע איז עס, סערגיי איוואניטש?...

און סערגיי פלעגט זיך דורכשטופן דורך דעם קאפצאַנישן הו-הא און האט קיינעם ניט געזעען, מיט אַראָפּגעלאזטע אויגן און פאַרשעמט געשמייכלט. געשמייכלט און געפּייניקט זיך פון עפּעס אַן אומדייטלעכער שולד קעגן דידאָ-זיקע פארמאטערטע האלב-טויטע מענטשן.

— איך קאָן גאָרניט מאַכן, כאַווײרים... איך פאָדער, איך מאָן, נאָר וואָס קאָן איך מאַכן? איך ווייס אַלץ, כאַווײרים... איך קאָן גאָרניט... און ווען וועט זיין א מעגלעכקייט—ווייס איך אויך ניט...

ער איז געגאַנגען, געאיילט זיך און ניט געקאָנט ארויסרייסן זיך פונעם אוילאם, און בעשום אויפן ניט געקאָנט אנטלויפן פון דידאָזיקע האכנאָעדיקע, הינטישע אויגן און מייסים-ציין.

...ווידער איז איינגעאָרדנט געוואָרן א מאסאָווער ארבעט-זונטיק. ווידער האבן זיך נעבן דעם ברעמסבערג, ווי א מוראשקעס-קראַנץ, טויזנטער ארבעטער געפּאָרעט און געקנאלט מיט די האמערס, קאילעס*) און גראָבאייזנס. כשי-ווּעסדיק אָנשפּאַרנדיק זיך אף זיין שטעקן, האט דער אינזשענער קלייסט ווי-דער אנגעפירט מיט די מאסן-ארבעטן. און צו נאכט צו האט דער ברעמס-בערג ווידער געשפּילט אַף זיינע ראָלן ווי אף פּלייטעס, און די רעדער פון דער עלעקטריע-איבערגעבונג האבן זיך צעפּאָכט מיט זייערע אייזערנע שטאנ-גען אין פאַרשיידענע ריכטונגען און קרייצונגען, און באנאכט האָט דער זאַ-וואָד ווידער אויפגעפינקלט מיט עלעקטרישע שטערנדלעך.

די ארבעטער פון ראַיוואלד האבן די גאנצע גאס נעבן דעם ראטפּאָלק-ווירט פארהאטיעט. פאטלאטע, אין שמאטעס, מיט פאַרטריקנטן שמוץ אף די פּענימער, ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס פון דער ארבעט געקומען, מיט העק אין די גאַרטלען, האָבן זיי זיך געשטופּט צו דער פאראד-טיר, אָנגעבלאָזן ווי פּען-כערס די אויגן און גערעוועט, ווי ווילדע, ווי אף א מיטינג, אָן ווערטער, מיט בלויזע טיפּע זיפצן פון אינגעווייט ארויס.

די טירן פון ראטפּאָלקווירט זיינען געווען פאַרשלאָסן, און דער אוילאם האט געווירבלט אפן ברוק, אף די טראטוארן, געשפּארט אף די ווענט, אף די טירן, געבריקט איינע די אנדערע ביז קנאק אין די ביינער. פּאָרויס, נעבן די סאמע טירן האבן איינצלנע אונטערגעריסענע, הייזעריקע שטימען גע-שריען אין די ווענט אריין, אין אוילאם, אלע צוזאמען און איינע איבער-שלאָגנדיק די אנדערע:

— דערלאַנג אהער דעם ראטפּאלקווירט!... דעם ראַיוואלד, די אויס-וואורפן די פּאַסקודנע, אהער אַפן שטריק!... דערלאנג אהער די גאנעפעצן און רויבער, די הינטישע זין, באנדיטן... וואו איז די טשעקא? פאַרוואָס

*) קאילע—א שאכט-האמער מיט לאַנגע פאַרשאַרפטע שפּיצן פוןביידע זייטן. איבערז.

עפּעס קוקט די טשעקא ניט מיט די אויגן, נאָר מיטן הינטן?... דערלאַנג אהער די קאָמוניסטן!... פאַרוואָס זיצן זיי עפּעס דאָרטן, הינטער די טירן, די קאמוניסטן?...

אַף די טראָטואַרן זיינען אין איינציקע רייען, אָנגעשפּאַרט מיט די פּליי-צעס אָן די ווענט, אַנדערע אַרבעטער געזעסן און געקייט דאָס פּאַיקאָווע ברויט. זיי זיינען געזעסן אַף דער זון און זיינען געווען פאַרכאַלעשטע פון היץ,—פון היץ, וואָס איז אָנגעזאָפּט געווען מיט אַספאַלט-געריך און מיט צעגליטן שטויב. פויל און פאַרדרעמלט האָבן זיי געקוקט אַף די צערודערטע כאַווירים זייערע, אָדער זיי האָבן אינגאַנצן ניט געקוקט, און נאָר שטיל און ליידיקגייעריש גע-רעדט צווישן זיך, פאַרווײַלט זיך מיט שפּייען אַפן טראָטואַר, געגאַנגען אונ-טערן ווינקל אַרונטער, צו די טויערן פון ראַטפּאָלקווירט, און מאַשטין געווען צו עטלעכע מיטאַמאָל, שטויסנדיק איינע די אַנדערע מיט די עלנבויגנס און אַקסלען.

נאָר אָט שפּרינגט אַרויף אַף די טרעפּלעך פּונם גאַניקל זשוק, צעפּאָכט זיך מיט די הענט, און פון דידאָזיקע פאָכן גיט זיך אַ וויג כוואַליעסווייז אי-בערן אוילאָם דער שטילווערנדיקער געטומל:

— כאַווירים, אַכטונג!...

און זשוק האָט צעשפּרייט זיינע הענט איבערן קאָפּ, ווי פליגלען. דער-נאָך האָט ער אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל פון קאָפּ, אויפגעהויבן עס אינדערהויך און ווי אַן אָקס באַקוקט דעם אוילאָם מיט אַ שווייגעוודיקער דראָאונג. און אין די סאַמע לעצטע רייען אפילע האָט זיך געזעען, ווי די אויגן האָבן געפינקלט באַ אים מיט אַ פאַרשיקערטער פייכטקייט.

— איך קאָן דידאָזיקע כעוורע אַף דורך און דורך... זעט, כאַווירים, ווי איך האָב זיי צונויפגעדרייט מיט אַ פעסטן שטריק... (ער האָט מיט די הענט באַוויזן, ווי אַזוי ער האָט זיי צונויפגעדרייט און די ציין געשטשירעט דערביי). איך האָב זיי אַלע אַרויפגעבראַכט אַף דער ליכטיקער שיין, אַלע זיי צום ווענטל געשטעלט, אַלע קורץ אָפּגעשוירן... ביוראָקראַטיע האָט זיי צעפרעסן, אָט די פלאָקנשיסער... מיר, אַרבעטער-קלאַס, ווייסן, ווי אַרום מע דאַרף פאַרן קאָל-נער א נעם טאָן... איר האָט ניט געזעען, אָבער איך האָב עס יאָ געזעען: זיי טראָגן שלייקעס און שנייצן זיך די נעזער אין נאָזטיכלעך אַריין. אָבער פאַר-מאָגן מיר דען שלייקעס, פאַראַן דען באַ אונדז דידאָזיקע אומעגלעכע נאַריש-קייט—נאָזטיכלעך און טייערע ציין? דאָס גאַנצע ביסל גאָלד זייערס, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און וואָס זיי האָבן ניט פאַרמאָגט, האָבן זיי אַף די ציין אַרומ-זוימען באַנוצט... איך האָב זיי אַלעמען, כאַווירים, מיט צוויי און צוואַנציק קלעפּ געפּאַקט...

בלויז אין די פאָדערשטע רייען האָט מען געזעען, ווי זשוק איז פון די טרעפּלעך אַראָפּגעפּלויגן און אַ פאַרוואונדערטער צו א וואַנט פון אַ טראָטואַר זיך צוגעקלעפּט. אַף זיין אָרט האָט דער אוילאָם דערזעען באַדי-נען, דעם אויספירקאָם-פּאָרזיצער. זיין פּאָנים איז געווען אומבאַוועגלעך,

און די אויגן פאַרטונקלט, — ניט קיין מענטש, נאָר עפּעס א מין טשוהונענער אָפּגאָט.

די ערשטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט רואיק און שטיל, ווי באַ זיך אין קאַבינעט, נאָר זיין שטים איז געווען בוילעט און הילכיק.

— כאַווײרים, אין אונזער שטאָט געפינט זיך צוואַנציק טויזנט אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַריער. פון די דראַזיקע צוואַנציק טויזנט זייט איר, אַ קליין הייפעלע געקומען אהער אַ גאנצע כאַפּטע, ווי פון אַ יאריד און מיעס דעזאָרגאַניזירט איר די שלאַנקע רייען פון רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. ס'איז אַ כאַרפּע און אַ פאַרברעכן, כאַווײרים! אין וואָס גייט עס דאָ? וואָס ווילט איר? איר האָט דען ניט קיין פּראָפּאריין? האָט איר דען ניט קיין אַרבעטער-אָרגאַנען, וואו איר וואָלט גלייך געקאָנט שטעלן אַלע פראגן, וואָס רעגן אייך איצט, און לייזן זיי אף אַ דרינגענדיקן אויפן?

דער עוילאָם האָט שווער אויפגעציטערט און אויפגעריסן זיך מיט אַ געפילדער און טופעריי.

— דערלאַנג אהער די רויבער!.. דערלאַנג אהער די ראַיוואַלדישע גאַנאָווים!.. מירן ניט גיין אף דער אַרבעט... אנטלעכץ!.. פּראָוויזיע!.. מיר זיינען ניט קיין רעסטאַנטן... גאזלאַנים, היטעטישע זין!..

באַדין האָט אויפגעהויבן אַ האנט און דער פּאָנים בא אים האָט זיך ניט געביטן: ווי פריער איז ער געווען מעטאַליש אומבאַוועגלעך און האַרט, מיט אַ בראַנזעוון אָפּשיין.

— איך בין ניט געקומען אהער אף צו שטרייטן און אמפּערן זיך מיט אייך, כאַווײרים. אַלע אייערע פאָדערונגען, וואָס וועלן אַרויסגעשטעלט ווערן דורך אייערע פאָרשטייער, דורך אייערע אָרגאַנען און דעם פּראָפּראַט, וועלן באַפרידיקט ווערן. אָרגאַניזירטערהייט צעגייט זיך אף די ערטער. ווייסט, אַז יעדע פאַרהוליעטע שאַ אין דיראַזיקע שווערע טעג פאַר דער רעפּובליק ברענגט שאַדן אָפּן ווירטשאַפטלעכן פראָנט. און די שולד וועט פאַלן נאָר אף אייך. איר וועט ניט אָפּוואַשן דעם שאַנד-פלעק, וועלכן איר וואַרפט אָפן פּראָלעטאַריאַט. ער האָט צופיל שלאַכט-פאַרדינסטן, אַז ער זאָל קאָנען פאַרטראָגן אַזאַ שאַנד. ניט איר זייט געגאַנגען אף דעראַזיקער דערנידערנדיקער אַרויסטרעטונג. דאָס איז אַן אַרבעט פון אייינצלנע מאַכלויקעס-מאַכער. איך ווייס, ווער זיי זיינען, די דראַזיקע אויפּבּרויזער און מאַכלויקעס-מאַכער, אָט איז ער — נאָר וואָס פאַר מיר איז ער אַרויסגעטראָטן — זשוק. איך קאָן אים שוין לאַנג. איך וועל גלייך אָפּגעבן אַ באַפעל, אַז מע זאָל אים אַרעסטירן.

און באַדין האָט נאָך ניט באַוויזן צו ענדיקן, ווי זשוק, איינגאַנצן אַ צעשויבערטער, אַ בלייכער, מיט אויגן אַרויסגעשפּרונגענע פון די וויעס, האָט זיך נעבן באַדינען צעשפּרונגען און צעשריען זיך מיט אַ קוויטש, ווי אַ הונט:

— ניט עמעס!.. ניט עמעס!.. כאַווײרים, דאָס איז ליגן!.. איך קאָן דאָס ניט פאַרטראָגן, כאַווײרים...

אין די פּאָדערשטע רייען, נעבן דעם אויספּירקאָם־פּאַרזיצער האָבן זיך אין גערּאַנגל געהוידעט הענט, קערפּערס, און אַ צעווילדעוועטער, באַטויבנ־דיקער געבריל האָט זשוקס געשריי אַרונטערגעריסן, און דער אוילאָם האָט זיך צעשטורעמט, צעוויגט, מיט די הענט זיך צעפּאַכט און ס׳איז געווען צו דערוואַרטן: אין אַ רעגע אַרום וועט באַ דער וואַנט נעבן דער טיר געשען אַ צעיושעטער, אַן אומפּאַרמיידלעכער סטיכישער געריכט.

— שלאָג זיי!.. וואַלגער, שלעפּ!.. הינטישע זין!.. אונזער זשוק... אַף די הענט זשוקן. גיב אַ שטעל זשוקן אין דער שפּיץ!.. זשוק!.. זשוק!..

דער אויספּירקאָם-פּאַרזיצער איז ווי פריער געשטאַנען אַף דעם אוי־בערשטן טרעפּל פונם גאַניק, אין שוואַרצן לעדער און אומבאַוועגלעך, מיטן טשוהונענעם פּאָנים זיינעם האָט ער געקוקט אַף דעם ברילנדיקן האַמוין, און די אויגן זיינע זיינען לײדיק געווען, ווי שוואַרצע לעכער. ער האָט געקוקט, ניט פינטלענדיק מיט די אויגן, און געוואַרט: ס׳וועט אַדורך נאָך עטלעכע רע־געס און דער האַמוין וועט זיך אונטערייסן, זיך אָפּלאָזן—וועט ער ווי שאָף שלאַבעריק און נאָכגעביק ווערן.

אָבער ער האָט זיך ניט דערוואַרט: לוכאַווע האָט געשטערט. דער שוואַר־צער פלאַם פון זיינע האָר און די דינע הענט זיינע זיינען שוין געווען אין געפּלי, ווי פליגלען. און די דורכדרינגענדיקע, ווי באַ אַ פויגל אַליאַרמירנדיקע שטים זיינע מיטן געווײנלעכן היספּאַלעסדיקן דריי האָט פּיטאָמאָל אָפּגעהאַקט דעם טײוולשן, כאַעישן הו-האַ.

— כאַווײרים,—אַ וואָרט! שטייט רואיק און הערט!

דער האַמוין האָט ווידער אויפגעציטערט און איז אָפּגעפּלאַסן צוריק אין די זייטן פונם ברוק. דערנאָך צוריק אַ שפּאַר אַנגעגעבן צום גאַניקל.

— לוכאַווע!.. שנייד, לוכאַווע, כאַוועד!.. באַלד וועט לוכאַווע באַ אַלע־מען די פּעל אַראָפּפּליקן... דעק, כאַווער!..

און לוכאַוועס האָר זיינען צעשויבערט, זיין פּאָנים—שאַרף-ביינערדיק פאַר־שניצט, און די אויגן האָבן געאַטעמט: אָט פינקלען זיי אויף אין זייער קיי־לעכדיקער טיף, אָט צאַפּלען זיי אונטער די ברעמען, ווי פייערדיקע פינ־טעלעך.

— צו וועלכן שוואַרצן יאָר מאַכט איר זיך דאָ צום נאַר, כאַווײרים? די העק הינטער די גאַרטלען, די זעקלעך אַף די פּלייצעס, און קליידונג און שוכ־וואַרג וואַקסן אַף די בוימער. דאָס איז, כאַווײרים, אַזאַ מין שפּריכווערטל, די עכטע מאַיסע איז אָבער אַזאַ: אין אַ שאָ אַרום טרעטן מיר אַרויס, דער זאַמל־פּונקט איז באַם פּראָפּראָט. פּראָדוקטן לאָדט מען איצט אַף די וועגענער. אַף פּאַרוואַלטן מיט דער באַזאַרגונג האָט דער פּאַרטקאַם אויסגעטיילט דעם כאַ־ווער זשוק. פּראָדוציר־קליידונג ווערט אַרויסגעגעבן צו איין פּאָר. דאָס גאַנצע געזינדל פון ראַי־וואַלד—צו אַלדי שוואַרצע יאָר ווערט עס געשיקט! שטעל זיך אין רייען און—איייניק, כעוורע, אַף די ערטער.

דער האמוין האָט מיט געפּילדער און געטומל באַם גאַניקל זיך צעבו-שעוועט, און לוכאוווע האָט מיט צעוואָרפענע הענט און פיס אין דער לופטן זיך געקוילערט.

דער האמוין איז אוועק מיט דער גאַס און ווי אַ ראָד אין געסל אַריין פאַרקערעוועט. באַדין און לוכאוווע זיינען באַ דער וואַנט פון ראַטפאַלקווירט איינער קעגן דעם אַנדערן געשטאַנען און מיט די אויגן איינע די אַנדערע געעקבערט.

— זיינער צייט האָב איך געגעבן צו וויסן, וואוהין מען באַדאַרף, וועגן אייערע פּערעאַדאַמשע שטיק מיטן „פאַרקלעמען" די בורזשואַזיע. צו דידאַזיקע אינגלשע שטיק דאַרף אַ סאָף געמאַכט ווערן, ליבע כאַווײרים. מיט וועלכע פולמאַכטן האָט איר זיך עס באַנוצט, דוואיגירנדיק אָן אַ באַשטימונג פונם אויספּירקאָם דעם אַפּאַו׳אַט פון ראַיוואָלד? וועגן דעם וועט ווידער צו וויסן געגעבן ווערן די קאַנט-אָרגאַנען, און איך וועל שוין פאַרשטיין, ווי אייך אוועקשטעלן אַף אייערע ערטער.

לוכאוווע האָט זיך געשטשורעט און געשמייכלט, און פונקען זיינען פון די אויגן געפלויגן, געצאַפּלט זיך און געלאַכט.

— ביו-ראַ-קראַט...

זיי האָבן זיך ווידער איינגעביסן מיט די צאַפּלדיקע אויגן איינער אין דעם אַנדערן און זיינען אוועק אין פאַרשיידענע זייטן.

2

## מיט פאַראַקשנטן טראַט.

דורכן פענסטער פון דער זאַוואָד-פאַראוואַלטונג איז צו זען: אַנטקעגן, אַפן בערגל — דער קלוב „קאָמינטערן" (באַטאָג געפינען זיך דאָרטן בלויז קאָמיוגיסטן — פאַרברענגען דאָרטן די פיזקולטור-שאָען, מיט נאַקעטע הענט, מיט נאַקעטע פיס, אין קורצע הויזלעך), און דאָרט, אין דער לופטיקער ווייט, אין דעם קראַטעראַרטיקן אויפלי פון בערג זעט זיך פון דער טיף אַרויף ביז די באַרג-שפּיצן אַף אַ הויך פון 800 מעטער — דער ברעמסבערג. אַרויף און אַראָפּ, איינע די אַנדערע אַנטקעגן, איינע די אַנדערע אויסמיידנדיק, דער-נעענטערנדיק זיך און דערווייטערנדיק זיך איינע פון די אַנדערע, קריכן צוויי וואַגאַנעטקעס. פון דער ווייטן זיינען זיי קליינינקע, ווי שילדקרויטן, און זיי גליטשן זיך איבער די רעלסן לאַנגזאַם און גלאַט: פינף מינוט — אַרויף, פינף מינוט — אַראָפּ, און באַגעגענען זיך ווידער ערשט אין אַ פּערטל שאָ אַרום. אַרויף גייט עס אַ ליידיקע, אַראָפּ — אַ בייכיקע, מיט האָלץ אין אַ קוב אויס-געלייגט. עס זעט זיך, ווי אַף דער עלעקטריע-איבערגעבונג פאַכן די רעדער מיט זייערע שפינדלעך אין פאַרשיידענע ריכטונגען און קרייצונגען. און פון שפיץ באַרג ביז דער עלעקטריע-איבערגעבונג, אַפן מעשופּעדיקן אַראָפּגאַנג, אַף אַן איינגעגלעטן וועג קומען צו פאָרן און פאָרן אָפּ לאַסט-אַווטאָס און פורן.

דאָרטן און אַף די דעליאַנקעס אַרבעטן די אַרבעטער פון ראַי-וואַלד, און די אַרבעטער פונם זאַוואָד פאַרוואַלטן מיט דער אַרבעט פון דעם ברעמסבערג.

גליעב — דער באַפולמעכטיקטער פון די אַרבעטער — איז גאַנצע טעג אין דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג. דאָ געפינען זיך ספּעצן, געשיקטע פון ראַטפאָלקווירט, ספּעצן, וועלכע הויבן ניט אָן צו וויסן די זאַוואָדישע איניאַנים. זיי זיצן דאָ שוין באַ א יאָר און האַלטן אין איין שטודירן די קאָמפּליצירטע ווירטשאַפט-סיסטעם. זיי זיינען אַלע אַזעלכע צוגעגלעטע, בלייכע פון ציכטיקייט, מיט האַלזטיכלעך. אַלע זיינען זיי געגאָלטע, אַפן ענגלישן שטייגער, ווייסינקע, און אָן אַ פרעג טאָן קאָן מען איינעם פון דעם אַנדערן ניט אונטערשיידן. אָבער וואָס טוען זיי באַ זייערע דעמבענע ביוראָען, פאַרוואָס ריידן זיי ווי זיי וואָלטן זיך סוידען, איז שווער צו פאַרשטיין. און אַן אויסזען האָבן זיי א געשעפטלעך קאַלטן, און אַף גליעבן קוקן זיי מיט אַן אומקלאָרער פראַגע (אַזוי קוקט מען אַף אים אויך אין ראַטפאָלקווירט), און אַף זיינע פראַגן ענטפערן זיי אים פריער מיט א שטומער דערשטוינונג און דערנאָך מיט מאָדנע ווערטער אַזעלכע מיט אַ האַלבן מויל, דורכן פאַפּיראָסןרויך אַרויס און פאַרטראַכטן פוסטעפּאַסעווען, און דידאָזיקע ווערטער האָט גליעב ניט פאַרשטאַנען, פאַרשטאַנען האָט ער בלויז איין וואָרט, וואָס ער האָט שוין לאַנג פיינט געקראָגן:

— אינדוסטרביוראָ...

אין קעמערל האָט מען לויט זיין פאָרטראַג באַשלאָסן: פאָדערן אַ ברייטן באַריכט פון דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג אַף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער. מע האָט באַשלאָסן — מע וועט דעקן אַף וואָס די וועלט שטייט. און אַז מע וועט האָבן גוט אַריינגעטיילט, וועט מען פאָדערן, אַז די אַרבפויערשע אינספּעקציע זאָל אַ רעווידיר טאָן. און ער אַליין האָט ביז פון די קויכעס זיך אַרויסגעשלאָגן, שטודירט די לאַגע — אין ווערטער האָט ער ניט געגלויבט, האָט ער אַרויפגעוואָרפן אַף זיך אַ פרייוויליקע קאַטאָרגע — אין די ציפערן זיך פאַנאַנדערקלייבן, אין די באַריכטן, אין די ביכער, אין די לויפנדיקע איניאַנים, אין די אָרדערס, אין די פלענער. אין די ערשטע טעג האָבן די שווערע הענט שלעכט געפאָלגט, און ער האָט דעם צונג מיט די פאַרגרעבטע פינגער פאַרמאַזאָליעט: וויפל ס׳איז געווען בויגנס, אַזוי פיל אַרבעט האָבן געהאַט די פינגער, אַזוי פיל מי פארן צונג. ער איז צעטומלט געווארן אין די ערשטע טעג, און די אַרבעט איז אומזיסט פארלוירן געגאַנגען — ער האָט גאָרניט ניט פארשטאַנען אין דעם אָנגעוואַלגערטן מיסט פון ציפערן און טאַבעלן. אַף זיינע פראַגן האָבן די געגאָלטע ווייס-האָריקע ספּעצן געענטפערט העפלעך, און ווען זיי פלעגן ענטפערן, פלעגן זיי קוקן אַף אים מיט א פארכידעשטער פראַגע, און הינטער דער פראַגע — א גוט-באַהאַלטענער כויזעק, שפּאָט און פאַראַכטונג. און מיט דידאָזיקע געגאָלטע ספּעצן, וואָס האָבן אַזוי זאָרגזאַם אָפּגעהיט זייער ציכטיקייט, איז גליעב אַליין געווען העפלעך, אליין גערעדט האַלב שטיל און געשטעלט זיי נאַרישע פראַגן, וואָס פלעגן אַרויסרופן א שמייכל באַ זיי, אָבער אַנדערע פראַגן,

איבער וועלכע ער האָט דורך נעכט געטראכט, פלעגן באאומרואיקן די ספּעצן, ברענגען זיי אין פארלעגנהייט, און יענע פלעגן ענטפערן בלויז איין וואָרט:

— די אינדוסטרביורא... ראטפּאָלקווירט... הויפּט־צעמענט... „ראַש" *).

גליעב האָט געקוקט דורכן פענסטער אף דער אַרבעט פונם ברעמס־בערג, האָט שטודירט די זאוואָד־איניאָנים, וועגן וועלכע עס האָבן באדארפט וויסן בלויז ספּעצן, און גערעכנט, וויפל וועט צוגעשטעלט ווערן ביז ניי־יאָר האָלץ פון די געהאקטע וועלדער.

— איין קוב אין א האלבע שאָ. אין אַ טאָג — באַ צוויי וואַכטעס — פיר און צוואנציק קוב. אין א כוידעש — 600, און ביז סאָף יאָר — 4800. ווייניק: דאָס לייזט ניט דעם קריזיס. דער ברעמסבערג וועט דאַרפן ארבעטן ווינטער.

פון דער טיף פלעגט דאָס האָלץ גיין איבער אַן אנדער ברעמסבערג: די וואגאנעטקעס זיינען ווי שילדקרויטן איינע נאך די אנדערע געקראָכן פון זאוואָד צו די בערג, און פון די בערג צום זאוואָד, אויסמיידנדיק איינע די אנדערע: אַרויף — ליידיקע, אַראָפּ — מיט האָלץ. אונטן, באַ דער עלעקטריע־טראנסלאציע, פלעגן זיי פונם שטאָלענעם קאנאַט זיך אָפּשפּיליען, זיך אָפּשטויסן צו דעם דורכזיכטיקן טורעם, און אפן טורעם פלעגן זיי מיטן ליפט פליען אראָפּ: אין דער נידער — מיט האָלץ, פון אונטן ארויף — ליידיקע. אפן דעק פונם שווארצן לאך, דאָרט, וואו די רעלסן גייען זיך פאַנאַנדער איבער די טונעלן אין געפלאָנטערטע גאַסן און געסלעך, פלעגן די וואגאנעטקעס ווידער אויפגעכאַפּט ווערן פון שטאָלענע קאנאטן און פאַרשוואונדן ווערן אין דער פינסטערניש. און צוריק, אנטקעגן, פלעגן ליידיקע וואגאָנעטקעס מיטן ליפט זיך אויפהויבן, ארויפליען אינדערהויך, אין לאָך אריין, וואו די ליכט האָט אין בלאָע פאַסמעס געפלאַטערט.

אויך דאָ איז גליעב געווען, און ווען ער פלעגט פאַרבייגיין, פלעגט ער פארשיקערט ווערן פון דעם עלעקטרישן גערויש פון די רעדער, פונם גע־קלאנג און קוויטשעריי פון די וואגאָנעטקעס, פון דער פלינקער ארבעט פון די ארבעטער, און ער פלעגט אף דער ערד אוועקוואַרפן זיינע העפטן מיט די איניאָנים און טאַבעלן און פלעגט זיך אָפּטוקן אין דעם געטומל און גע־רויש פון דער אַרבעט. און ער האָט געזעען, אַז אַנדערע פּנימער זיינען באַ די אַרבעטער געוואָרן, ניטאָ מער דער קרענקלעכער אויסזעען, נאָר שוויס און פאַרברענטקייט פון מי, און אין די אויגן — אָנשטרענגונג און נאַקעטע בריסטן, וואָס הויבן זיך און פאַלן פון מידקייט. ס׳איז גוט. אויפ־לעבנדיקע מי. בלוט, וואס קאָן שוין מער ניט אָפּגעקילט ווערן.

באנאַכט פלעגט ער שוין מער ניט אָפּוואַרטן, ווי פריער, אף דאַשען. ער פלעגט ניט פאַרשליסן די טירן און פלעגט זיך פרי לייגן שלאָפן. און ער האָט ניט געוואוסט אין א וואסערע שאָ דאשע קומט צו גיין. און ווען ער פלעגט זיך אף אַ ווײַלע אויפכאַפּן און טרעפן זי, פלעגט ער זעען: דאַשע

*) ראש — „ראט פאר ארבעט און שוץ" — Совет Труда и Обороны. איבערז.

זיצט באַם טיש און, אָנשפּאַרנדיק דעם קאָפּ אַף די הענט, באַוועגט זי שטיל מיט די ליפּן — זי לייענט. אינדערפרי, ווען ער פלעגט אַוועקגיין אַף דער אַרבעט, פלעגט זי מיט איין פלאַטער פון אירע ברעמען א שמייכל טאָן צו אים מיט אַן אינעוויייניקסטער זאַפטיק־צעבליטער פרייד.

און אָט אין די נעכט (אויך באַטאָג פלעגט זיך טרעפן) פלעגט נאָך דאַשען, דורך דאַשען פּאַליע צו אים קומען און פלעגט אים מיט אירע לאָקן באַרירן. און קומען פלעגט זי צו אים אַן אַנגעצילעוועטע, א גרייטע צו צערטלעריי מיט אַזעלכע גרויסע, רופנדיקע אויגן...

3

## א ל י א ר ם.

ס'איז נויטיק געווען אליין זיך צו דערוויסן, וואָס איז עס אַזוינס די אינדוסטרביוראָ, וועלכע איז געווען אַזא אומבאַזיגבאַרער צודעק פאַר דעם ראַטפּאָלקווירט און דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג. דידאָזיקע שווערע הרודע איז געשטאַנען אף זיין וועג, און אַלע זיינע פראַגן פלעגן דאָרט פאַרשטעקט בלייבן אָן א שום ענטפער. האָט ער באַשלאָסן: פאָרן און דערלערנען אַפן אָרט. אויב עס וועט נויטיק זיין דעקן, איז גלייך פון דאָרטן פאַרקערעווען די האַ־לאַבליעס צו מאָסקווע, צו לענינען, אין העכסטן ראַט פאַר פאָלקס־ווירטשאַפט, אין ראַט פאַר אַרבעט און שוץ — דערציילן, דעמאַסקירן, ברעכן דעם קאָפּ, סקאַנדאַלן אויפהויבן, אַלעמען אף די פיס שטעלן און זיינס זיך דערשלאָגן, דעם זאַוואָד דאַרף מען לאָזן — לאָזן אום וואָס עס זאָל ניט גיין.

אין דער זאַוואָד־פאַרוואַלטונג—א אומווירטשאַפטלעכקייט, אומטעטיקייט און סאַבאָטאַזש. אין ראַטפּאָלקווירט — סאַבאָטאַזש, פאָרמאַליזם, און עפּעס אַן אינעוויייניקסטע, אומזעבאַרע אַרבעט. און אַלע—פאַרנומענע, מיט בייכיקע פאָרטפעלן אונטער די אָרעמס, געגאַלט לויטן קאָמוניסטישן שניט. די דריי־שטאָקיקע געביידע ציטערט אַזש יעדן טאָג פון די פאַרשמייעטע מענטשן, וואָס לויפן פון טיר צו טיר, און יעדן טאָג, פון 10 ביז 4, זיינען די טראָטואַרן נעבן דערדאָזיקער געביירע פאַרמיסטיקט פון קאַראַהאַדן אומגעוויינלעך באַריי־דעוודיקע מענטשן, וואָס אַמאָל פלעגן זיי זיך שטויסן אין די קאָפּעס און אף דער בירזשע. און דידאָזיקע מענגעס — בלויז באַם ראַטפּאָלקווירט. ניטאָ קיין מענגעס באַם געזונט־אָפּטייל, באַם פאָלקבילד, סאָצ. פאַרזיכערונג. איבעריקנס, אַסאַך מענטשן שמייען אַרום אויך נעבן דעם ערד־אָפּטייל, קאָמונווירט, אוי־סערהאַנדל.

איז אָט גליעב געגאַנגען פאַר זיין אַוועקפאָרן אין אויספּירקאָם, אין ראַטפאָלקווירט, אין פאַרטקאָם — געקליבן מאַטעריאַלן, האַשאָרעס, פלענער און באַשטימונגען. ער האָט מיטגענומען מיט זיך א בריוו פון באַדינען צו א באָקאַנטן כאַווער, צו א מיטגליד פון דער קאָנטביוראָ פון צ. ק. ר. ק. פּ. און א בריוו פון זשידקין — אויך צו א כאַווער, א מיטגליד פון דער קאָנטי־שער ק. ק.

ער איז געגאַנגען איבער דער גאַס — געאײַלט זיך אהיים, און ביז דער היים, אַפֿן זאַוואָד, איז געווען פֿיר ווערסט. ער איז געגאַנגען און ווי ער וואָלט די גאַס צום ערשטן מאָל געזעען. ניט די גאַס איז עס, ניט אזוי זעט זי אויס, ווי מיט א כוידעש צוריק. דעמאָלט זײַנען די קראָמען מיט די שפּיגל פֿענסטער געשטאַנען ליידיק, אָדער דאָרט זײַנען לאַגערן פֿון פֿאַרשיידענע אָפּטיילן געווען, און די פֿענסטער זייערע זײַנען שטויביק געווען און מיט בלאָטע פֿאַרליאַפּעט. און איצט... אויך איצט זײַנען פֿאַראַן לאַגערן, ווי פֿריער, נאָר אָט צווישן זיי —

„דאָ ווערט געעפֿנט אין א קורצער צײַט... א גאַ-סטראָנאָמיע"...

„א קאַפֿע מיט א שטענדיקן סטרונע-אָרקעסטר"...

„א האַנדלס-געזעלשאַפֿט..."

„כאַווייריִם, פֿאַרשטאַרקט דעם צוזאַמענשלוס פֿון דער שטאָט מיטן דאָרף"...

„אין א קורצער צײַט"...

„ווער עס ארבעט ניט, — יענער עסט ניט"...

אין דעמדאָזיקן לאָזונג, אין די אַרשיניקע אויסיעס אף דער וואנט פֿונם שטאָט-הויז (קאָמווירט) האָט עמיצנס כויזעקדיקע האַנט מיט בלאָטע פֿאַרשמירט דעם ערשטן „ניט", און אלע פֿאַרבייגייער האבן זיך ניט געקאָנט צוגעוואוינען צו דער נײַער ווערטער-קאָמבינאַציע און האָבן געלאַכט:

„ווער עס ארבעט, — יענער עסט ניט"...

ארבעטער-ראַציאָנען... צינדערלעך און זעקלערײַ... האַנדלס-געזעלשאַפֿט... דער באַרוועסער, אָפּגעשליסענער סאַוטשוק... הונגעריקע קינדער אין די קינ-דערהיימען... כורבן און פֿאַרווילדטקייט... קאַפֿע מיט א סטרונע-אָרקעסטר... און די שפּיגל-פֿענסטער הויבן אָן בליִען מיט די ערשטע בלומען פֿון די וויטרינעס...

גליעב איז א צערודערטער געבליבן שטיין און האָט בעשום אויפֿן ניט געקאָנט אויספֿאָרמירן יענע גרויסע פֿראַגע, וואס האָט זיך ווי א נעפּל גע-קנוילט אין מויעך. יאָ, נײַע עקאָנאָמישע פּאָליטיק. רעגולירונג און קאָנטראָל. מערק. נער-שטייער. קאָאָפּעראַציע.

אזוי. א קאַפֿע מיט א שטרײַך-אָרקעסטר... און דער האַלבער פֿונט ראַציאָן-ברויט? און נאָך וואָס גיט מען ארויס — איין אַרשין מאַנופֿאַקטור וואָנצן-גלעטערלעך און זאָקן-בענדלעך פֿאַר די דאמען? פֿאַרוואָס הויבן אָן אזוי גיך די שוי-פֿענסטער פֿאַרזיסט ווערן? און פֿאַרוואָס איז אזוי נודנע און אומרואיק אף דער נעשאָמע?

אף דער צווייטער זײַט גאַס, בא א שוי-פֿענסטער פֿון א קאַפֿע האָט ער פֿאָליען דערזעען. זי איז געשטאַנען צו אים מיט דער פּלייצע, געקוקט אין פֿענסטער אריין און ניט געקאָנט זיך אָפּרײַסן. פֿאַרביי איר איז ראש אדורך א מענטש אין א נײַעם פֿרענטש מיט א פּאָרטפּעל אונטערן אָרעם (ווער טראָגט דאס איצט ניט קיין פּאָרטפּעל?), האט זי א שטויס געטאָן מיט אן

אַקסל און פון שוי-פענסטער זי אָפּגעשטופּט. זי האט עס ניט באַמערקט און צוריק געשטעלט זיך אַף איר אָרט.

גליעב איז די גאַס אריבער. אנידערגעשטעלט זיך נעבן איר, אַקסל צו אַקסל: זי וועט אים דערפילן און פון שוי-פענסטער זיך אָפּרייסן. אָבער פּאָליע האָט אויך אים ניט באַמערקט — געשטאַנען מיט אויגן, געשטאַרטע אין דעם פענסטער-טונקל אריין. דאָרט, הינטערן גלאָז, אין רויכיקער, דעמערדיקער טיף, זיינען ארום טישלעך פּאָרווייז און גרופּעסווייז געזעסן שאָטנס, צוריק געקומענע פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אַ קאפע... אין דער נאָענטסטער צייט... הייסע קוכנדלעך מיט פאַרשיי-דענעם געפילעכץ.

און פון דעם געדיכטן כוישעך האָבן דורכן פענסטער פאַרשטיקטע קלאַנגען געשטראָמט פון ווייטע פידלען.

און הינטער זייערע פּלייצעס, אפן טראטואר—הוניוואטע ריידעלעך אַף דער גיך:

— ... אין פעסטער וואלוטע, נאָר אין פעסטער וואלוטע... א רייזע קיין סוכום... סכוירע פריש אנגעקומענע פון אויסלאַנד... פראנקאָ... פעלוקעס... א פּראָצענט ריינעם רעוואך...

גליעב האָט זיך אומגעקוקט—דער אדוואָקאַט טשירסקי, און מיט אים — א געוועזענער גרויסער ווייגנערטנער. ער פלעגט אים באַגעגענען אין ראט-פּאָלקווירט. דאָרט האָט ער אויך טשירסקין באַגעגנט. וואס פאר א געשעפטן האָבן זיי אין ראַטפּאָלקווירט?

פארשאָלטן זאָל דאָס ווערן! אין זאַוואָד שמעקט נאָך מיט אָקטיאבר, און דער קאָפּ האָט נאָך ניט אָפּגערוט פונם בירגער-קריג. און ווען ער איז אין שטאָט, איז עפּעס ווי א מעשונעדיקער קער קומט פאָר, און די וועלט בייט איר אויסזעען...

גליעב האָט אין א שפּאַס דעם פּאָרטפעל פון פּאַליעס הענט א שלעפּ געטאָן. זי האָט אויפגעציטערט און איז צו זיך געקומען. זי האָט מיט שרעק אַף גליעבן א קוק געטאָן, און אין אירע אויגן האָט ער דערזען א דערשטיקטן אויסגעשריי.

— פאַרקוק זיך ניט אַף דידאָזיקע כעוורע, כאַווערטע מעכאָווע. אויב ביסט מעקאַנע—וואַרף זיך בעסער אריין אין דערדאָזיקער גרוב און דערשטיק זיך דאָרטן. קום אין פּרויען-אַפּטייל אריין.

— נו, אָט, זאָג מיר, גליעב... דו פאַרשטייסט עפּעס דערין? איך גיי ארום איבער דערדאָזיקער גאַס און גלאָץ די אויגן, ווי א נאַר. וואָס קומט מיט מיר פאָר? איך קוק ביז קאָפּווייטיק, ביז ציין-קריצעניש און—איך פאַר-שטיי גאָרניט... איך פאַרשטיי גארניט, גליעב...

— גיי אין פּרויען-אָפּטייל. זאָלן דאָ גלאָצן די אויגן עמעסע נאראנים און אויסוואורפן...

ער האָט זי געגומען אונטערן ארעם און איז אוועק מיט איר לענגויס דער גאַס, און פּאליע האָט דערשראָקן אין די זייטן זיך ארומגעקוקט, אין די

טירן און פענסטער פון די קראָמען אריינגעקוקט, און אירע אויגן האָבן זיך געצאַפּלט, ווי טראָפּנס אפן ווינט.

— היינט וועל איך אין פרויען-אָפּטייל ניט גיין. דאָרט איז דאשע. דיין ווייב איז א זעלטענע פרוי: זי וועט ווייט אוועק. וועסטו זעען... איבעריקנס, וואָס קאָן מען דען זאָגן וועגן אנדערע, ווען דו פאַרשטייסט גאָרניט אין זיך אַליין?.. נעכטן בין איך געווען איינע, און היינט—אַן אַנדערע...

— ס'איז א כארפּע, כאוועדטע פאַרוואלטערין פון פרויען-אָפּטייל, א פּאַניקע אָנטרייבן! שלאָגן דארף מען און ניט וויינען, און ניט הינקען אַף א פוס. וויז ניט ארויס דעם ווייטיק און נעם זיך ניט פאַר קיין קוילעס: ס'וועט פאַרטריקנט ווערן די וואונד און אראָפּפאלן, ווי א קרעץ פון א הינטישער פעל.

גערעדט האָט ער גראָב, און די האַנט אירע האָט ער צארט געדריקט.

— וואָס טוט זיך מיט מיר, גליעב? עפשער קאָנסטו זיך פאנאנדערקלייבן אין דעמדאָזיקן פלאָנטער?.. איך בין עפּעס ווי א צעדולטע. איך פיל, ווי דער באָדן אונטער מיינע פיס וויגט זיך. איך בין דאָך געווען אף די פראָנטן, געזעען עמעסן גרויל... צוויי מאָל איבערגעלעבט דעם שרעק פון אומפארמיידלעכן טויט. בין געווען אַן אקטיווע אנטיילנעמערין פון די מאָסקווער שלאַכטן. און אָט איצט לעב איך איבער אזוינס, וואָס האָט מיט מיר נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט. פונקט ווי איבער מיר וואלט א מיעסער האַמוין זיך איזדיעקעוועט, און מיר איז א ביזאיען, ווייל איך קאָן זיך ניט פאַרטיידיקן. דאָס איז נויטיק אזוי? דאָס איז אומפארמיידלעך? דאָס איז א נויטווענדיקער רעזולטאט פון אונזערע ליידן און קארבאָנעס?... אזוי איז עס טאקע, גליעב?.. עפשער ביסטו אויך צעדולט? זאָג מיר אָפן. עפשער מענטשלסטו זיך נאָר, גליעב, פון געוואוינהייט?

זיי זיינען דערגאנגען ביזן ראטנהויז. פּאליע איז געבליבן שטיין, אבער ניט אָפּגעריסן זיך פון גליעבן, און עס איז געווען צו זעען, אז איר איז שווער געווען צו בלייבן איינע אליין, און ס'איז איר שווער געווען צווישן מענטשן זיין. גליעב האָט זיך גערעגט. פון וואָס מער—פון פּאָליעס ווערטער, אדער אים האָט זי געצויגן, זי, וואָס דרינגט אין אים אריין צוליב דאַשען, דורך דאשען?

אַ קאָנצעסיע אַפן זאַוואָד. גליעב האָט זיך דערשראָקן פאַר אָט דעם נייעם פאַטאַלן וואָרט. מע ווייסט ניט, ווער עס האָט דאָסדאָזיקע וואָרט אַפן ווינט געווארפן, און ער האָט דעמאָלט פון קיינעם קיין טאָלק ניט געקאָנט דערגיין. ס'איז געווען אַן אונטערערדישער קלאַנג, און דערדאָזיקער קלאַנג איז אין קורצן אין נעפּל צערונען געוואָרן. נאָר אָט האָט די גאַס זיך צערעדט מיט א גאָרגלדיקער שפּראַך פון שוי-פענסטער און שמייענדיקן געדרענג פון ספּעקוליאַנטן און הענדלער. דאָס איז גאָר עפּעס אנדערש. די צוימען האָבן געפּלאצט, און פון די שפּאלטן האָט זיך אַ גאס געטאָן דער שטינקענדיקער שמוץ, און פון די פינסטערע ווינקלען און לעכער זיינען אַרויסגעקראָכן נעסטלעך און ווערים. דידאָזיקע נייע צאראַאס האָט מען ניט געקאָנט בייקומען מיט איין ריר: דאָ האָט מען באַדאַרפט גוט אַ גריבל טאָן זיך, האָבן אַ געזונטן אטעם און געדולד.

פאליע. אָט איז זי נאָענט נעבן אים, און אין די ווערטער אירע ליגט אַזוי פיל נעשעאָמע-פריינטשאפט, און זי נויטיקט זיך איצטער אזוי שטאַרק אין זיין קראַפט. און געפילט האָט ער אין איר אַ גרויסע צערודערטקייט, אָבער אריין אין איר אינעווייניק ווייך און באהיטזאם האָט ער ניט געקאָנט: עפשער האָט ער ניט געקאָנט, און עפשער האָט אים דערצו פּאַשעט די רעגילעס גע־פעלט. עס האָט זיך געוואָלט זאָגן איר אַ ליב וואָרט: צורעקן זי, ווי מיט אַ שינעל, פון קעלט, און אין שטילן פליסטער איבערגיסן צו איר זיין האַרץ.

— איך וועל ניט גיין אין פּרויען-אַפּטייל. קום צו מיר, — וועסט זיצן אַביסל. מיט דיר וועט מיר גיט זיין אזוי שלעכט. דו קאָנסט באלד אַוועקגיין, אָבי נאָר עס זאָל בא מיר בלייבן דער געפיל, אז איך בין ניט אַליין. עפשער וועסטו מיר זאָגן אזא וואָרט, וואָס וועט מיך אויסניכטערן, און איך וועל אָנ־הויבן אַף אַלץ קוקן מיט אנדערע אויגן...

און זי האָט אים אונטערגעשטופּט צו די שפּיגל-טירן פונם אַריינגאַנג.

און ביזן סאמע צימער אירן — אַף די מירמל־טרעפּ, אין שמאָלן קאָרי־דאָר, — האָט זי אַלץ זיין האַנט ניט ארויסגעלאָזט און אַלץ געכאַזערט איינס און דאָסזעלבע — געשוויגן אַ ווײַלע און געזאָגט, געשוויגן און ווידער גע־זאָגט:

— אַזוי באַדאַרף זיין? יאָ?... אזוי באדארף זיין?...

אין צימערל — ליכטיק און ליידיק. אַן אייזערן בעטל, אַפן בעטל — אַ גרויע קאָלדרע, אַ ווייסע קישן. איבערן בעט — לעניך. באַם פענסטער — אַ טישל. אַפן טישל — ביכער און פּאַפּירן אָנגעוואָרפן. און נאָר איינס האָט גליעב דערפילט: דער צימער האָט מיט פּאָליען געשמעקט. אויב ער וואָלט אַפּילע ניט געוואוסט, אַז זי וואוינט דאָ, וואָלט ער סײַ-ווי-סײַ דערפילט, לויטן גערוך.

זי האָט אַ ווארף געטאָן דעם פּאָרטפּעל אַפן טיש און ניט אַנידערגע־זעצט זיך, נאָר אָנגעשפּאַרט זיך אן וואנט, נעבן טיש. גליעב האָט זיך אויך ניט געזעצט. איבערן צימער זיך דורכגעאנגען. געבליבן שטיין נעבן דער טיר אין דער לינקער וואַנט.

— און ווער וואוינט דאָרטן, הינטער דער טיר?

— דאָס איז סערגייס צימער.

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין דער טיר מיטן פויסט. אינעווייניק, אין דער ליידיקייט פונם צימער האָט אַן עכאָ אָפּגעהילכט. ער איז צוגעגאַנגען צו דער טיר אין דער רעכטער וואַנט, נעבן פּאָליען.

— און דאָ?

— איך האָב מוירע פאַר דערדאָזיקער טיר. דאָ וואוינט דער אויספּיר־קאָם-פּאָרזיצער. איך האָב אים ניט ליב: אין אים איז דאָ עפּעס שווערס. און מיר דאכט זיך אַלע מאָל: ס'וועט זיך עפענען די טיר, און ס'וועט פּאַ־סירן... איך ווייס אליין ניט וואָס עס וועט פּאַסירן... עפשער, דער טייוול ווייס וואָס...

— ער קריכט צו פרויען, אָט דער אויספּירקאָם-פּאָרזיצער.

— פאַרוואָס? פון וואנען איז דאָס באַ דיר אזא מין אויספיר?

פאָליע האָט זיך צעלאכט, נאָר דער געלעכטער האָט זיך אויסגעגליטשט פון זיך אליין: די אויגן אירע האָבן אינעווייניק צו זיך געקוקט און זי האָט זיך אינגאַנצן צו איר ווייטיק צוגעהערט.

— ער קריכט צו פרויען, און איך וועל נאָך האָבן צו טאָן מיט אים באַ אַ געלעגנהייט.

— סארא קנעכט דו ביסט נאָך, גליעב!... דאַרפן מיר דאָך סאָפקאָל־סאָף מאַכן אַ רעוואָלוציע אויך אין זיך. אין יעדן פון אונז אליין דאַרף זיין אַן אומראַכמאָנעסדיקער קריג. קיין זאַך לעבט ניט אזוי לאַנג און פאַראַקשנט, ווי אונזערע רעגילעסן, געפילן און פאָרורטיילן. אין דיר בונטעוועט אייפער־זוכט, — איך ווייס עס. דאָס איז ערגער איידער דעספּאָטיזם. דאָס איז אזא עקספּלואטאציע פון מענטש דורך מענטש, וואָס קאָן פאַרגלייכט ווערן נאָר מיט מענטשנפרעסעריי. אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן, גליעב: צו דאשען וועסטו דערמיט ניט קאָנען צוקומען — וועסט צעקלאפּט ווערן.

— איך בין שוין אזוי אויך צעקלאפּט, צו אַלדי שוואַרצע יאָר...

— נו, אָט. און ניט אומזיסט. עס קומט דיר אזוי.

— דאָס איז ריכטיק. פאַראַן עפּעס אזא מין שעדיש האַטשיקל אין דער ליבע. דעמדאָזיקן נוס דאַרף מען קאָנען גוט צעקנאַקן.

און ווידער האָט פאָליע אומרואיק און פאַרלאָרן אַרומגעקוקט זיך. זי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט מיט די הענט אין די לאָקן, און פאַרקרימט דאָס פּאָ־בים, ווי פון קאָפּווייטיק.

— יאָ, אַ נוס, גליעב... אַ שטאַרקער נוס... אָבער צעקנאַקן דאַרף מען... און דאָס קערל אין אים, פיל איך, איז זייער אַ גיפטיקס און ביטערס. מיילע, כאפּט עס דער רואך, אויב מע דאַרף אזוי... מיר האָבן זיך פאַרסאַמט מיט בלוט, אָבער אין בלוט טאקע האָבן מיר דעם קעגנגיפט געפונען. וואו אָבער שטעקט דער קעגנגיפט פאַר דעם אינדערוואָכן, וואָס קריכט פון דער פאַרשאָלטענער פאַרגאַנגענהייט אַרויס?... אָט אין וואָס דער גרויל שטעקט. מיט זיך איז שטענדיק שווערער צו קעמפן, ווייל אינדערוואָכן איז די נעשאָמע שטענדיק פאַרמישפּעט אַף איינזאַמקייט.

און זי איז געשטאנען אַנטקעגן גליעבן אזא פּאָשעטע, אַזאַ אָפענע, אזא פאַרלאָרענע אין איר צערודערטקייט, אזא צוטרוילעכע און נאָענטע, ווי ער וואָלט זי געקאָנט שוין לאַנג, ווי זי וואָלט שטענדיק געווען אזא אויפגערו־דערטע און אויפגעברויזטע. ס'איז געווען זי ארומצונעמען, אף די הענט אַרויפּ־כאפּן, און זי וועט ווי אַ קינד זיך צודריקן צו אים און זי וועט ווערן אַן איי־גענע, ניט אָפּצורייסן, און פון זיין צערטלעריי וועט זי זיך בארואיקן און ווידער זיך צעלאַכן, ווי ניט לאַנג צוריק.

און מיט אַ כוואַליע שטומער צאַרטקייט האָט ער זי צום ברוסט צוגע־דריקט און מיט דער באַק אירע לאָקן געגלעט. און זי האָט זיך פריער דער־שראָקן און זיך אינגאַנצן צונויפגעקנייטשט בא אים אין די הענט. דערנאָך

האָט זי אויפגעצאַפּלט, אַרומגעכאַפּט אים ארום האלז און געקוקט אַף אים מיט איינע טרערן.

— גליעב... ליבער!... ווען דו וואָלסט וויסן, ווי איך גאַר נאָך דיין מונטערקייט און קראַפט! מיר איז זייער שווער, גליעב... פיל עס, גליעב, און פאַראַכט ניט... דו ביסט מיר דער סאמע נאָענטסטער מענטש, און איך האָב דיך זייער ליב...

און ער, גליעב, האָט אַלץ געשוויגן און געדריקט זיך מיט זיין באַק צו אירע לאָקן. און נעבן בעט, ווען זי איז געווען אין די לעצטע רעגעס, און ער האָט זי שוין אַף די הענט אויפגעהויבן, — האָט זיך אַ דראָבנער קלאַפּ אין טיר דערהערט.

— כאוורטע מעכאווע, מע קאָן? דו ביסט באַ זיך?

און די טיר האָט זיך אויפגעמאַכט. דאָס איז געווען דאשע. דאָס רויטע טיכל האָט אויפגעפינקלט, און דאָס פּאָנים איז געווען דאָס פריערדיקע, — אַ לויטערס מיט סייכלדיקע אויגן, מיט יונגע צעעפנטע ציין, נאָך ניט אָפּגעקילטע פון דער זון.

— אַזוי גאָר... ס'איז גליעב?... דו קאָנסט אַף קיין אָרט ניט איינזיצן, ביסט אַהער אויך פאַרקראָכן?... אָט אַ יונג!...

און צעשאָטן זיך אין אַ פריילעכן געלעכטער. אַף איין אויגנבליק בלויז האָט אַ בליץ געטאָן באַ איר,—גליעב האָט דאָס דערזען,—שרעק אין די אויגן, און הינטער די וויעס האָט עפּעס ווי אַ בלאס הייטל אַ צאַפּל געטאָן. און עפּשער האָט זיך עס נאָר אויסגעוויזן גליעבן, ווייל ער האָט זיך אליין דערשראָקן און ניט מיטאמאָל זיך געקאָנט באַהערשן. מעכאווע איז אָפּגעטראָטן פון אים און האָט זיך צעלאַכט: דאשע איז דאָך ניט קיין נאַר, און אירע אויגן קאָנען זען ניט נאָר אַזעלכע קלייניקייטן.

— ביסט ניט אייפערזיכטיק, דאשע? באַ דיין גליעבן האָב איך געוואָלט באָרגן אַביסל קראַפט... ער איז אזא מין היפּאָפּאָטאַם, אז אים שרעקן ניט אָפּ קיין שום פאַרדרייעניש...

— פאַרוואָס איז גליעב עפּעס מיינער? ער קאָן נאָך אינדערעמעסן מיינען, אז ער איז אַ קראַפט. ער, דערדאָזיקער גליעב, באַנעמט נאָך ניט אַסאַך זאַכן. וואָס עמעס איז עמעס: אַ יונג איז ער אַ מערקווירדיקער, נאָר אַ נאַרישער איז ער, כאוורטע מעכאווע!... אוף, סאַרא נאַרישער!...

גליעב האָט זיך געשטעלט צווישן זיי און אַרויפגעלייגט די הענט זיינע אַף איינער און אַף דער אנדערער.

— אָט האָסטו דיר, צום טייוול!... אָט דעם נוס דאַרף מען צעקנאַקן... זאָל איך אַפילע די ציין צעבּרעכן... באַ דאשקען איז איצטער יעדער נוס, ווי אַ פליי אַפן הינטישן צאָן...

דאשע האָט אַ שמייכל געטאָן און צום טיש אוועק.

— איך, כאוורטע מעכאווע, גיי פון פרויען-אָפּטייל... מיר האָבן דאָך אָט-אָט אַ פרויען-קאָנפערענץ... דו האָסט עס פאַרגעסן?... היינט אַף פינף איז באַשטימט די זיצונג פונם פּראָפּראַט, און דו דאַרפסט האַלטן אַ פאָרטראַג.

— איך געדענק עס, דאשע. נאָר בעסער וואָלט זיין, ווען דעם פּאָר־טראג וואָלסטו האלטן: איך קאָן היינט גאָרנישט ניט באַנעמען. טו עס, דאשע, און איך וועל ביז מאָרגן זיך אויסזיצן דאָ און אַביסל זיך צוגרייטן.

— עס גייט, כאווערטע מעכאווע. ס'וועט אזוי זיין.

זי האָט פּאָליען אַרומגענומען מיט איין האַנט און שטרענג אַ קוק גע־טאָן אף איר דורך די ברעמען.

— כאווערטע מעכאווע... איך ווייס... לאָז זיך נאָר ניט אָפּ, טייע־רינקע... מיר זיינען מעכויעוו צו זיין שטענדיק אף דער וואַך: דעם קאָפּ אַף די פּלייצעס, און מיט די הענט האלטן פעסט דאָס האַרץ. קוועטש צו די נעשאָמע צו די ריפּן, כאווערטע מעכאווע, און היט דיין געזונט... דו, טייערער כאווער, מעגסט עס ניט הערן... וואוהין זשע אנטלויפסטו? בלייב. צי דען ביסטו דאָ געהיים? און איך האָב עס ניט געוואוסט...

בא דאשען האָבן מיט פייכטקייט די אויגן בעגלאנצט, און פּאָליע האָט געקוקט אין פענסטער און געלאַכט, ווי אַ קראַנקע.

— אָט טייוולשע ווייבער!... אַ שטאַרקער נוס אף די ציין, צו אַלדי שוואַרצע יאָר!...

און איז ארויס אַ רויטער פון כאַרפּע און פאַרוואונדערונג.

אין קאָרידאר האָט ער טשיביסן באַגעגנט. לויט זיין רעגילעס האָט טשיביס אים קיין האַנט ניט דערלאנגט און ניט באַגריסט זיך מיט אים. און געגאַנגען איז ער שטייף, אָבער שווער, און געקוקט האָט ער אף אים, ווי אף אַ פרעמדן, אָן מינדעסטן צאַפּל פון בליק.

— נו, איז אָט. ראַיוואַלד, ווי עס איז דיר באַוואוסט, איז אַוועקגע־שיקט אין אַ היימלעכן לאַך. זיי האָבן זיך גלייך דאָרט מיט שטויב באַדעקט, און דער שטויב האָט זיך ווי אַ וואָלקן אין אַלע אָפּטיילן אויפגעהויבן, און אַלע אָפּטיילן זיינען ענלעך אף אַ מעשוגאָים-הויז. זשוק האָט זיך אַרויסגע־וויזן פאַר אַ גוטן שויטע. היינט בין איך ניט געשלאָפן. באַנאכט שלאָף איך ניט: איך שלאָף נאָר אינדערפרי און נאָך מיטאָג. איצט וועל איך זיך צו־לייגן אף אַ האַלבע שאָ. דו ווייסט, דערדאָזיקער איינהענטיקער איז אַ גרויס־ארטיקער מענטשלעכער עקזעמפּליאר... מע האָט אים דערשאָסן אין קעלער. איך פלעג אין די נעכט שמועסן מיט אים מיט גרויס געננוס. די בורזשואַזיע האָט פאַרשטאַנען צו געבן דער יוגנט אירער אַ הויכע קולטור, און מיר דאַרפן זיך נאָך בא איר אַסאך, זייער אַסאך לערנען. קעדיי צו באַהערשן די קולטור, דארף מען וויסן, ווי אַזוי זיך באנוצן מיט איר. און דאָס איז שוין גאָרניט אַזוי פּאָשעט, האָב עס אין זינען.

— סטאָפּ, סטאָפּ, כאווער טשיביס! אָט דאָס איז בעריעש. ארומגע־שמעקט, אַרומגעשמעקט און — אונטערגעשניטן אונטערן סאַמע וואָרצל דידאָ־זיקע גאנצע כעווראַיע... זשוק, טייוולשער זשוק—ער האָט אַפּילע אויפגעהערט ארומצושלעפּן זיך און מיטן צונג קלאַפּן...

— אהא, דאָס איז דערפֿאַר, ווייל ער האָט זיך געפֿונען אין גוטע הענט. פֿון די צוויי צענדליק ייִערע וועלן מיר אַ זיכערע העלפֿט צעשיסן. מיט דידאַזיקע סטאַטיסטן וועלן מיר איינאָרדענען אַן עפֿנטלעכן ספּעקטאַקל אין מעלוכע-טעאַטער. איך גיב איבער דעם איניען אין רעוואָלוציאָנעל. און פֿאַרן „צוקלעמען״ די בורזשואזיע וועלן מיר פֿונדעסטוועגן כאַפּן אַ גאָב. א טיפּשעס איז עס געווען. פֿונקט צו דער צייט פֿונם פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר. און וויבאַלד אַ טיפּשעס, איז אומבאַדינגט — רייסערײַ. ווי מיינסטו, ווער וועט ווערמען אויפֿרעסן?

— איך מיין אַזוי, כאַווער טשיביס: באַדינען וועסטו מיט הוילע הענט ניט נעמען, אָבער אויפֿרייסן אים קאָן מען נאָר מיט אַ מינע.

— אָט. נאָר דאָרט זיינען שוין פֿאַרלייגט גוטע מינעס. נעם עס דיר אין אַכט. וואַכעדיקייט — איז רייסערייען, און רייסערײַ — דאָס איז הערויִזם, פֿאַרוואַנדלט אין באַלעבעסלדיקייט. איך שלאָף שטענדיק בײַ אָפֿענע פֿענסטער און טירן. בײַטאָג איז דער שלאָף געזונט און פֿריש, ווייל ער איז אָנגעזאַפּט מיט מענטשן און מיט זון. די סאַמע פֿריילעכסטע צייט בײַ מיר איז די נאַכט. קום צו מיר אַריין, וועלן מיר מיט דיר אינטערעסאַנט די צייט פֿאַרברענגען. בײַנאַכט זעט מען שטענדיק מער, ווי בײַטאָג.

— און דער כאַווער לענין שלאָפֿט בײַנאַכט, כאַווער טשיביס? איך האָב געהערט, אַז ער איז אויך אַזאַ אָן שלאָף, ווי דו, און האָט ליב פֿייער.

— איך ווייס ניט. איך מיין אויך, אַז ער האָט ליב פֿייער.

— נו, איז ווי זשע איז עס, כאַווער טשיביס? אויף די גאַסן, הייסט עס, קאַפּע מיט שטענדיקע אָרקעסטערן? ווידער די אַלטע טייוולשע קלאַפּערגעצייג?

— אָט. און דו האָסט זיך דערשראָקן? איך וועל אין קורצן אַוועק פֿון דאַנען. פֿאָר צוריק אין דער אַרמיי: מושטיר זיך אויס נאָך אַביסל אין גע-שולטקייט און גיב אַ לערן אַביסל איוורע. מיך באַאומרואיקט דאָס אויף קיין האָר ניט. מע דאַרף קענען קוקן אויף דער זון און אויף בלוט און אַלציינס מיט די אויגן ניט פֿינטלען. ניט מוירע האָבן, אַז די זון זאָל די אויגן אויס-ברענען, און דאָס בלוט זאָל די נעשאָמע פֿאַרסאַמען. דערצו דאַרף מען בלויז אי די זון, אי בלוט פֿאַרמישן אינײנעם אין איין מולטער.

ער האָט אויפֿגעהויבן די וויעס און אַ שמייכל געטאָן, און גליעב האָט ווידער בײַ אים אין די אויגן דערזעען קינדערשע לויטערקייט און אַ פֿייער-דיק פֿינטעלע, וואָס האָט אומרואיק אין שוואַרצאַפּל זיך געוואָרפֿן און ניט געקאָנט רואיק בלייבן.

טשיביס איז אַוועק איבערן קאָרידאָר שטייף און שווער. און גליעב האָט ערשט איצט דערפֿילט, אַז טשיביס איז טויט-פֿאַרמאַטערט און טראָגט אין זיך אַן אומדערטרעגלעכע שווערקייט.

XIV

# באַלעטשואוועס קומען

1

## דורך גאלגאטע קיין קאנאסע *).

אין קאַטער האָבן צוזאַמען מיט טשיביסן זיך געזעצט זשידקי, גליעב, סערגײ און פאָליע.

טשיביס האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, אַ קוק געטאָן אַף אַלעמען און אינגלש מיט די ציין אַ גלאַנץ געטאָן.

— מיר פאָרן, כעוורע! האַלט זיך שטייפער! לאָז די מאַשין מיליט-יאַמאַן! **).

און ער האָט אַ זעץ געטאָן אין פלייצע דעם מאטראָס, אַ פאַרשמירטן, מיט אַ טעל געוואָרענעם פאַנים, ווי אַ צעקנייטשטער עמער, מיט בלאָטע אין די ריזיקע הענט, איבערגעפלאָנטערטע מיט גראָבע אָדערן.

ווייט אַפן רייד, אין פלאַמענדיקע שימערירנדיקע שטראַמען איז אַ דאַמפער געשטאַנען, ווי אַ ריזיקער פעלז, וואָס וואַקסט פונם וואַסער אַרויס. דאָס איז געווען דער ערשטער דאַמפער מיט באַלעטשואוועס.

אין גרינער וויגעניש האָבן די שיף-דאמבעס אף פיצלעך זיך געבראָכן, געפלויגן אין די בלויע טהאָמען אַריין, געצאַפלט מיט די אָנצאָליקע שטריק

*) גאלגאטע — אַ באַרג נעבן יערושאלאים, וואו, לויט דער לעגענדע, איז יעזוס קריסטוס געקרייציקט געוואָרן. לויט דער קריסטלעכער סימבאָליק באדייט גאלגאטע — אַ וועג פון ליידן.

קאַנאָסע — אַ שלאָס אין איטאליע. אין פריען מיטלאלטער האָט דער קעניג פון דייטשלאנד העינריך דער 4-טער געהאט פאַרפירט א שארפן קאַמף קעגן דעם רוימישן פויבסט גריגאָרי דעם 7-טן. ער איז אָבער באַזיגט געוואָרן און האָט געמווט קומען קיין קאַנאָסע, וואו ס'האָט זיך צייטווייליק געפונען דער פויבסט, און בעטן בא אים מעכילע. גיין קיין קאַנאָסע הייסט טשואווע טאָן, זיך אונטערגעבן.

**) מיליטערישער יאַם-מאַן („וואָיענמאָר"). איבערז.

און געשטראָמט אַראָפּ מיט פּעטע נאַפּט-שטראָמען. פּאָרויס, בא דער נאָז, האָט אַ גרינער וואַסער-שטורעם געקלונגען מיט אַ קרישטאַלענעם געקלונג און צע-שאָטן זיך ווי גלאָז-שערבלעך. פון הינטן, באַם רודער, הינטער גליעבס פּלייצע, האָט שנייאיק געשוימט זיך אַ ריזיקע כוואַליע, העכער פאַר די קעפּ. און דאָרט, בא די מאָלן, וויקלען זיך איינע אין די אַנדערע צוויי דעלפינען און קוילערן זיך איינע איבער די אַנדערע ווי טשוהונענע רעדער. פונקען שמייסן אַרויס פון זייערע קיילעכדיקע פּלייצעס און שטעכן וויטיקדיק די אויגן.

די ברעג-דאמבעס און מאסיווע קאבאטאזשן זיינען באַזעצט מיט אומ-צאָליקע מענטשן-מענגעס. דידאָזיקע מענגעס שימירירן אין זייערע באוועגונגען מיט העלע רעגנבויגנדיקע פארבן. און אין וואסער — אויך האַמוינים: זיי וויגן זיך, פינקלען אויף אין די כוואַליעס, גלאַנצן אויף אין סנאָפּעס פייערדיקע פלעקן. לאַנג זיינען שוין דאָ קיין דאַמפּערס ניט געוועזן. צוזאַמען מיט די ווייסע זיינען זיי ניט געוואָרן. מע האָט זיך אויסגעבענקט נאָך אַן אָקרענטל, און אַ דאמפער איז איצט — אַ יאָנטעוו.

דער באַרטן פונם אָקרענט האָט פון דער נאָז ביזן רודער געברויזט און געוויגט זיך מיט קרענץ אנדערע האַמוינים. פון דער ווייטנס זעען זיי אויס, ווי קלייניקע באַפליגלטע באַשעפעניש, ווי טשאטעס רוענדיקע יאַם-ראָבן, ווען זיי טריקענען די פליגלען זייערע אַף דער זון.

סערגיי האָט געקוקט אַף דער שוואַרצער מאכינע פונם דאמפער און געביסן דעם נאָגל אַפן מינדסטן פינגער. גליעב האָט אים געקנאַקט איבער דער האַנט, אָבער יענער האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן.

— דורך גאַלגאטע — קיין קאַנאָסע... אַזאַ איז דער וועג פון דער קאָנטר-רעוואָלוציע...

זשידקי האָט זיך אַ קרים געטאָן אַף סערגייען, און די נאָזלעכער האָבן זיך בא אים צעבלאָזן און בלייך געוואָרן.

— וואַרף אוועק, סעריאָזשע, דאָסדאָזיקע אינטעליגענטישע פון היץ ריידן. אַזוי ריידן איצט נאָר סמענאָוועכאָוועצעס.

און סערגיי האָט גערעדט צו זיך אליין, און עפּשער — צו אלע בייוועזנדע מיטאַמאָל:

— אַף דעמדאָזיקן אקרענט געפינען זיי זיך — דריי הונדערט מאַן... און פערצן אָפיצערן... אַז מע האָט זיי אין טואפּסע אַפן ברעג ניט געוואָלט אַראָפּ-לאָזן, האָבן זיי געמאָלדן: „דער דאמפער וועט צוריק ניט גיין: זאָל מען אונז שיקן אהין און אהין. מיר וועלן אראָפּ אפן ברעג און — זאָל מען אונז צע-שיסן”... דאָס איז גרויסאַרטיק. זיי טראָגן איצט אין זיך זייער אַסאַך ענער-גיע. דידאָזיקע ענערגיע דאַרף מען נעמען. נעמען און — זי איבעראַנדערשן.

זשידקי האָט מיט די ציין אַ קנאַק געטאָן.

— אָבער וויפל האָבן זיי בא אונז צוגענומען? וויפל איז עס דערשלונ-גען געוואָרן אונזער בלוט, אונזערע קויכעס, דו האָסט עס דיסקאָנטירט?... דער קאָפּ דרייט זיך דערפון...

— נו, איז וואָס? ליידן און בלוט קאָנען ניט אויסגלאָשן ווערן. די טעווע פון בלוט איז צו פאַרוואַנדלען זיך אין ליידן, די טעווע פון ליידן — צו פאַרוואַנדלען זיך אין גוואורעס, און דורך די מאַסן — אין פלאַנעטאַרישן קאַמף...

פאַליע האָט אַף סערגייען אַ קוק געטאָן און צעלאַכט זיך. זי האָט ווי־דער אויפגעבליט מיט פרילינגדיקער פרייד, און די ברעמען האָבן באַ איר ווידער מיט זון געפינקלט.

— אָך, סעריאָזשע, דו ליבער דיבעק... אונזערע גאָרגלדיקע דעלע־גאַטקעס וואָלטן דיך צעפּיקט, ווען זיי וואָלטן דיין כאָכמע דערהערט...

גליעב האָט אַף די דעלפינען געקוקט. צוויי יאָג־רעדער האָבן זיך גע־דרייט און געהויבן אייגע נאָך די אַנדערע — אויפגעפינקלט און ווידער דער־טרונקען געוואָרן. מיט די שאַרפע שווערדן אַף זייערע פלייצעס האָבן זיי מיט רעגלמעסיקע פאַכן געשניטן דאָס געדיכטע וואַסער פון נאַפט און מילך. און ווען זיי פלעגן פאַרשווינדן אין די טיפענישן, האָבן די וואַסערן זיך געשמאַלצן געדיכט, אָן כוואַליעס, אָן שפּריצן.

די שיף־דאַמבעס זיינען שוין געבליבן ווייט הינטן. די בערג, וואָס פינק־לען מיט קופּער אַף די אויסבויגן אין פיאָלעטאָוער כאַשכעס, הוידען זיך ווי וויגעלעך און שווימען אין יאַם. דאָס שפּילט זיך דער קאַטער אַף דער יאַם־וויגעניש, און דער אַקרענט הויבט זיך אויף און פאַלט, פאַרשטעלט אַ האַלבן הימל און הויכט זיך ווי אַ וואָלקן־קראַצער. אַי טשיביס, אַי זשידקי, אַי פאַ־ליע, — זיי אַלע זעען אויס קלייניקע און בוילעטע ווי אין אַ רעליעפן שפיגל. און אויך ער, גליעב, — אַ קלייניקער איז ער און דאָס האַרץ בלויז איז אַ גרויס, גרעסער פאַר אים אַליין.

סערגיי האָט אַלץ ניט געקאָנט אָפּרייסן די פייכטע אויגן פונם דאַמפער און אַלץ געביסן דעם נאָגל פונם מינדסטן פינגער.

אין אינגעווייט פון אַקרענט האָט מיט אייזן געברומט און געקרעכצט און אין דער לופט געדונערט.

— צום טראַפּ! שטאָפּ!

אינדערהויך, אַפן באָרטן פונם אַקרענט — קרענץ אַשיקע פּענימער. זיי האָבן געקוקט אַראָפּ מיט פאַרטשאַדעטע, שטאַרע אויגן, געצאַפּלט מיט טויזנ־טער הענט און גערעוועט אין שטורמישן געבריל, ווי אין אַ מעשוגאַס־אַנפאַל. אינ־דערהויך, הינטער די קאַרוסעלן פון שטריק און הויב־קראַנען, האָט זיך גע־ווירבלט אַ בלויער רויך. אונטן, אַף די פאַרבוימלטע כוואַליעס, האָט זיך גע־שווענקט און געקנאַקט ווי אַ קוילנוואָרפער אַ קליין דאַמפערל מיט אַ רויטן לייוונט איבער רודער — אַ גרויזאַם שטויבעלע פון דער פייערדיקער ר. ס. פ. ס. ר.

אַן ענגלענדער אין שליפעס — דער קאַפּיטאַן אַפּאָנים, — איז ווי אַ גוילאַם באַם טראַפּ געשטאַנען, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אַן דעם פּאַראַפּעט און ליידנ־שאַפטלאָז געקוקט אַראָפּ אַפן פליענדיקן קאַטער אין די כוואַליעס.

די ווייטע ברעג-דאמבבעס האָבן געשטראָמט און געבליט ווי אַ פעלד פון מאָן. און אינם אינגעווייט פונם דאַמפער האָט אייזן געברומט מיט אַ טויבן דערשיטערנדיקן געדונער.

2

## אָנצײַנערדיקע װעלף.

און עס האָט פּאַסירט: באָלשעוויקעס האָבן געקנאַקט מיט די פּ דיקע יוכטע-שטיוול. איז דען ניט אַלציינס—דער פּאַרטקאָם אָדער די דעק פון אַן ענגלישן אקרענט? דידאָזיקע מענטשן זיינען ניט ענלעך אף יענע, וועמעס שיך האָבן עטלעכע פּאַרבן פון דער דעק אָראָפּגעריבן. יענע זיינען פאַרגעסן גע-וואָרן, אָבער דידאָזיקע קאָן מען ניט פאַרגעסן. קיינמאָל וועט מען ניט פאַר-געסן דידאָזיקע שוידערלעכע מענטשן פון דעם שוידערלעכן לאַנד...

גרויע מענטשן האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אין אַ שווייסיקן, שטינקנדיקן האַמוין. אויפגעשטאנענע מייסים, — אַ טיפּוס, וואָס האָט זיך מיט שימל צע-בליט. בלויע, געשוואָלענע פּענימער, אומזין אין די אויגן. אָפּגעשליסענער באראקעס-האַמוין. ניט צו פּאנאנדערקלייבן, וואו זיינען דאָ אָפּיצערן, וואו — דאָס גראָע פּי, סאָלדאַטן. פאַרמישפּעטע זיינען זיי געשטאנען ווי אַ שווייגנ-דיקע שאָפּן-טשערעדע.

זשידקי האָט מיטן ענגלענדער אין די שליפעס גערעדט און אַליין איז ער אויך געווען ענלעך אַף אַן ענגלענדער.

טשיביס איז געשטאנען אין זיין געלן לעדער, ווי אין מעטאל, און גע-רעדט לײַדנשאפטלאָז און בוילעט:

— די אָפּיצערן—פּאָרויס און נעענטער. די איבעריקע—צוריק.

דער האַמוין האָט זיך אַ רודער געטאָן—פּלאַץ אַף דער דעק אָפּגעריי-ניקט. און דערדאָזיקער פּלאַץ האָט אויסגעזעען ווי אַן עשאַפאָט-פּלאַץ.

מיט די זייטן האָבן זיך דורכגעשטופּט דורכן אוילאם בראווע שלעפּער מיט געוועזענער געכאָליעטקייט אף די פּענימער, מיט הונגער-געדראָלנקייט און שמוץ אף דידאָזיקע פּענימער. ניט צו באַנעמען—צי זיצט אין יעדערן פון זיי אַ דיבעק, צי זיינען זיי שיקער פון פאַרצווייפלונג און פרייד, אָדער דאָס זיינען מעשוגאים אין אונטערטעניקייט צום לעבן.

פּאָליע האָט שקאציש געלאַכט. טשיביס האָט גערעדט, און זי האָט גליעבן געזאָגט:

— זע, גליעב: זיי זעען אויס, ווי דערשטיקטע. זיי פּלעגן די הענט-לעך באַ דאַמען קושן. איצט זיינען זיי פאַרשטונקענע, ווי פּאַרפוילטע ווערים...

טשיביסעס שטים איז געווען אַ גלייכע און אויסגעלאָשענע, ווי דער שטויב אַף זיין פּאָנים.

— איר זייט אונזערע סאָנים. איר האָסט אונז. איר האָט אין די טויזנ-

מער אונז אומגעבראכט, אונז—אַרבעטער און פּויערים. איר זייט געפּאָרן אין דער האָפענונג, אז איר וועט דאָ געפינען ניט טויט, נאָר לעבן. נאָך וואָס זייט איר געקומען אין ראַטן-רוסלאנד?

אַן אַלטינקער, מיט אַ זילבערנעם בערשטעלע אף די קינבאקן, איז פון דער ריי אַרויס. און עפשער איז עס גאָר קיין אַלטינקער ניט געווען, עפשער האָט בלויז שימל דאָס פּאָנים מיט אַלטקייט באדעקט.

— מיר האָבן קיין מוירע ניט אָפּצוענטפערן... א, ניין... מיר זיינען בלויז—פּיינלעך אויסגעמאטערטע מענטשן. א צעקלאפּטער סוינע איז ניט קיין סוינע. מיר האָבן דען איבערגעלעבט ווייניקער פאַר אייך? אויסער היימלאנד האָבן מיר גאָרנישט, און אָן דעם היימלאנד עקזיסטירן מיר ניט. מיר זיינען פאַרשאָלטענע, אָבער אין דערדאָזיקער פאַרשאָלטנקייט ליגט דער אויסקויף פאַר אונזערע זינד. זאָל דאָס היימלאנד פון אונז פאָדערן פּיין, טויט... מיר זיינען גרייט, מיר זיינען אונטערטעניק. איר וועט ניט צונעמען בא אונז די-דאָזיקע פרייד...

און ווען ער האָט גערעדט, האָט ער אף טשיביסן ניט געקוקט, נאָר פּייערלעך דעם קאָפּ צו דער זון אויפגעהויבן.

טשיביס האָט געשוויגן און שטאַר געקוקט אַף אים דורכן הייטל פון זיינע וויעס.

מע האָט געשוויגן. דאָס שווייגן האָט זיך געפילט אין איין אלגעמיינעם זיפץ; און עס האָט זיך געפילס: ס׳וועט דורך אַ ווײַלע—און ס׳וועט פּלאַצן די שפּינוועבס-הייטל, און אַלץ וועט ווערן אויפגעריסן אין געבריל און אין קאָנוואולסיעס.

עס האָט זיך צעשריען און אין קאָנוואולסיעס זיך צעוואָרפן אַ קליין אָפיצערל—אַ יונגלינג.

— איך בין אָפּגענאַרט געוואָרן... איך בין בלינד געווען... איך בין אַ מערדער, יאָ... גיט מיר די מעגלעכקייט באַרעכטיקן מיין לעבן... זאָל זיין שטאַרבן, אָבער — באַרעכטיקן...

און בלויז דער זיפץ זיינער האָט מיט באַהאַלטענעם אומרו דעם ווילאָם אויפגערודערט. טשיביס האָט מיט ביטל זיך אָפּגעשאָקלט פון דעם אָפיצערלס אויסגעשרייען.

— אויסגעצייכנט. אָבער מיט וואָס וועט איר דערווייזן, אז איר זאָגט עמעס?

דער אָפיצערל איז צו טשיביסן צוגעלאָפן און דאָס העמד אף זיך צעריסן.

— דערשיסט מיך גלייך... דערשיסט!..

טשיביס האָט ווידער קאַלט זיך אָפּגעטרייסלט פון אים.

— גייט זיך אף אייער אָרט! איר קאָנט פאָרן צוריק, ניט אראָפּגייענדיק אַפן ברעג. זייט איר זיכער אין דעם, אַז מיר וועלן אייך ניט שיסן?

דער אָפּיצער האָט אינדערהויך די הענט זיינע אויפגעוואָרפן. די אַרבל פון זיין העמד זיינען אים אַף די פּלייצעס אראָפּגעפאַלן. און די פויסטן זיי-נען בּאַ אים געווען ווי פּרעמדע—רויטע.

— איר קאָנט מיך ניט דערשיסן... איר קאָנט ניט... איך וויל לעבן... לעבן!..

מע האָט אים געכאַפּט אונטער די ארעמס און אוועקגעפירט אַן א זייט. און דאָרט האָט ער געהאַלטן אין איין הייזעריקן ארויסכריפּען אלץ איינס און דאָסזעלבע:

— לעבן!.. לעבן!..

פאליע האָט זיך געקרימט און געלאַכט, און די אויגן זיינען בּאַ איר געווען גרויסע און קיילעכדיקע פון פרייד.

— סארא שוואַכע נערוון עס זיינען בּאַ דידאָזיקע ווערימלעך!.. צו וועלכן טייוול בּאַדארפן מיר זיי, גליעב? זאָג זיי, סעריאָזשע... מיך וועלן זיי ניט פאַרשטיין...

סערגיי האָט טשיביסעס אַקסל צונויפגעדריקט, און די שטים זיינע האָט זיך בּאַ אים געבראָכן פון אינעווייניקסטן ציטער.

— כאָווער טשיביס, האָט מוט צו זאָגן זיי אנדערע ווערטער, פאַר אונז מער אנשטענדיקע... איזדיעקעווען זיך איבער מענטשן—דאָס איז גרינגער פון אַלץ... נעמט זיך א מער שווערערע ראָלע—ריידן מיט סאָנים, ווי מיט מענטשן...

טשיביס האָט צעשטרייט א קוק געטאָן אף אים, ווי א בלינדער, און ארויסגעזייט דורך די ציין:

— איך וועל אייך בּאַלד אָפּשיקן אַפּן ברעג, כאָווער איוואַנין, וואָס פאַר אַ מאיסע?

דער אוילאָם האָט זיך גערודערט און ווי פרירנד זיך געהויקערט און געשוויגן. ווי שמוציקע מאַנעקענעס האָבן זיי געקלעטערט אַף די רופּארן פון די ווענטיליאַטאָרס, אַף די אקסלען איינע די אנדערע, די מאַסטבוימער ארומ-געגומען, ווי מויערקעפּלעך געפויזעט ארויף, צעדולט געקוקט אַף די מענטשן, וועלכע זיי האָבן ניט געקאָנט בּאַגרייפן,—צי פאַרמאָגן זיי מער שוידער, אָדער שפּיל, דורכגעזאַפּט מיט גיפט. און זיי האָבן געוואַרט אַף עפּעס שרעקלעכעס: געוואַרט, אַז עס וועט פּלאַצן ווי א זייפן-בלאָז דער גאַנצער געטומל, ס'וועט אַלץ צעשאָטן ווערן אין א שטופּעניש און ס'וועט אלץ אין שטויב צעמאָלט ווערן, און דאַמאלסט וועט אלץ ווערן פּראָסט, און ס'וועט אלץ זיין גוט און גרינג.

גליעב האָט געקוקט אַף דער שטינקענדיקער מענטשן-מאַסע, אַף די שוויי-סיקע, אָנגעלאָפּענע פּענימער, און ס'איז אים אַף קיינעם קיין ראַכמאָנעס ניט געווען—געווען בלויז נייגעריק און לעכערלעך.

... וועלף. אט זיינען זיי, דידאָזיקע וועלף. איבער די שטאָכן פון דער רעפּובליק האָבן זיי מיט בלוט אין די אויגן זיך ארומגעיאָגט. דריי פייערדיקע יאָר פון גרויסע ליידן. אין קאַמף מיט זיי האָט ער זיך אויסגעלערנט זיי

האָסן, ווייל דער טויט האָט געוויישט איבער אים אין די שטורעמס און שלאַכטן, די מילכאָמע-נעכט זיינען רויט באַלויכטן געוואָרן מיט סרייפעס, און די טעג זיינען פאַרסאַמט געווען מיט בלוט און רויך. און איצט—אט זיינען זיי, די-דאָזיקע וועלף... די אויגן האָבן זיך בא זיי אויסגעלאָשן, און די קינבאַקן האָבן זייערע ציין פאַרלאָרן.

גליעב האָט טשיביסן געהערט און געשמייכלט: גוט!.. אָבער ווייניק—מע דאַרף, עס זאָל זיי שטאַרקער ווי טאָן... שטאַרקער... ער האָט ביז קריצן די ציין געמאָלן, און ס'האָט זיך אים אַלץ געוואָלט אויסשיסן מיט א געלעכ-טער און מיט א מאַמעס מאַמען אריין.

פונם אָפיצערן-הייפל איז א מענטש ארויס—איינגאַנצן פון בראָכוואַרג, א ביינערדיקער. ער איז נאָענט צו טשיביסן צוגעגאַנגען, קימאַט אָנגערירט אים מיטן אַקסל.

— מע רעדט דאָ וועגן איזדיעקעווען זיך און וועגן אכזאריעס... איר מיינט—איר האָט וואונדער באוויזן און... עק... (א צוק געטאָן מיטן קאָפּ) אריבערגעשטיגן?.. פיצלעך קינדער זייט איר... און פיצלעך קינדער ווייסן ניט פון קיין קאַשמאַרן... נו, אט דער גיפּס?... אָבער... עק... מיר זיינען לאַנג שוין אָפּגעסאַמט... און—יא—צופיל, אז מיר זאָלן קענען פילן א ברי... אייערע קלעפּ טוען ניט ווי... איר באַווייזט אקאָרשט די קונץ א קלאַפּ צו טאָן אזוי, אַז עס זאָל אף אַן עמעס ווי טאָן... עק... איך האָב געענדיקט...

און שלאַבעריק זיך אָפּגעקערט.

טשיביס האָט דורך זיין שטויב אַפּן פּאָנים א שמייכל געטאָן...

— איר זייט גערעכט. אָבער אומזיסט מענטשלט איר זיך. אייך איז גאַנץ גוט באַקאַנט, וואָס פאַר א ווייטיק מיר קענען אייך פאַרשאַפן. ניט עמעס דען? מע קאָן אונז ניט פאַרוואַרפן אומגערעכטיקייט און לייכטזיניקייט.

דער צעבויטעטער מענטש איז אָפּגעטראָטן, ניט אומקוקנדיק זיך.

דאָס אָפיצערל איז ווידער געקומען צו לויפן—אַן אָפּגערוטער שוין נאָכן היסטעריע-אָנפאַל.

— מיר קאָנען איצט נאָר נעקאָמע נעמען... נעקאָמע נעמען אומראַכמאָ-נעסדיקער, איידער איר... אָן אלעמען... אָן אייראָפּע... אָן דער גאַנצער וועלט... איך וועל זיך קענען באַרעכטיקן...

טשיביס האָט זיך א טשורע געטאָן, און זיין פּאָנים איז געוואָרן אוי-סערגעוויינלעך פאַרשאַרפט און איינגעשרומפּן.

— מיר נעמען ניט קיין נעקאָמע—נעמט עס זיך אין אכט. מיר קעמפן פאַרן גרויסן אידעאַל פון דער מענטשהייט—פאַרן קאָמוניזם. און נעקאָמע-נע-מער פאַרניכטן מיר, ווי פאַרברעכער, מיר פאַרמאָגן א גוטע מיל: איר וועט עס זעען...

די אָפיצערן האָבן געשוויגן און זייערע פּענימער האָבן זיך מיט שפּינ-וועבס באַדעקט.

טשיביס האָט אַף דער זון א קוק געטאָן, א שפּריץ געטאָן מיט די פונ-קען אין די אויגן, און דער שטויב האָט זיך מאָמענטאַל פון זיין פּאָנים אָפּגעווישט

— ... מיר עפענען די טירן... אין נאָמען פון די ארבעטנדיקע... מיר פאַרגיבן אייך... אייערע קויכעס אוועקגעגעבן דער רעפּובליק פון די ראַטן...

מער האָט מען גאָרניט ניט געקענט הערן. שפּרינגערייַ. שטופּעניש. מע-שוגאָים-געלאַף. מע האָט זיך געקוילערט צו טשיביסן מיט אפענע מיילער און מיט אויגן, וואָס קריכן פון די אָרביטן אַרויס. עס האָט געשריען טשיביס, ס'האָט געשריען מעכאווע, ס'האָט געשריען סערגיי. און גליעב האָט אויך גע-שריען, אָבער וואָס ער האָט געשריען—קיין איין וואָרט האָט ער ניט פארגע-דענקט. א סאָלדאט מיט א נאַקעטער פלייצע איז אַפן בויך אפן שיף-דעק געלעגן און אַפן קאָל געיאָמערט. עמיצער האָט זיך הייזעריק געזידלט אין דער מאַמען אריין, שטיקנדיק זיך פון פרייד.

באַ סערגייען האָבן די הענט און די פיס געציטערט. ער האָט געמוזט אָן א זייט אָפּגיין, קעדיי זיך צו באַרואיקן.

די מאסטבוימער וויגן זיך אין די הימלען אַריין ווי בלומען-שטאַנגען. די אנטענע שפילט פון מאסטבוים צו מאסטבוים מיט די דראָטן. און די הויב-קראַנען דרייען זיך אין דער לופטן ווי פרילינגדיקע קארוסעלן. דער יאם און די לופט—אין פייערדיקער וויגעניש.

זשידקי האָט גערעדט מיטן ענגלענדער אין די שליפעס. אומרואיק האָט אויפגעציטערט די פיפקע באַם קאַפּיטאַן אין ווינקל מויל, און די אויגן האָבן זיך באַ אים ארויסגעשטאַרצט און אומרואיק געגרינט זיך. אבער דורך א ווילנס-אָנשטרענגונג האָט ער זיך געסטארעט האַלטן זיך מעיושעוודיק און כשיוועסדיק. פלינק, ווי אַן אווטאמאט, האָט ער צוגעלייגט די האַנט צום היטל און ווי א. קעמל קרום אוועקגעשפּאַנט איבער דעם דעק, טרייסלענדיק מיטן שווערן הינטן. זשידקי האָט אים נאָכגעקוקט און געלאכט. און ווען ער האָט דערזעען סערגייען, האָט ער אונטערגעוואונקען צו אים און ברייט צעבלאָזן זיינע אזיא-טישע נאָזלעכער.

XV

# שוים

1

## וואָך.

א גאַנצן זומער זיינען קיין רעגנס ניט געווען. דער הימל איבערן יאַם־אויסגוס איז געווען אַ פּאַרזשאַווערטער, און דער יאַם הינטער די זאַמד־בערג האָט שימירירט מיט גלאַנציקע מיראַזשן. אין דידאָזיקע מיראַזשן האָבן זיך געבלייכט זעגל־שיפן, פּעלוקעס און ווייסע זאַמד־בערג. באַ די ברעגן איז דער יאַם געווען אַ גרינער און דורכזיכטיקער — אין וויגעניש, אין הימל שטיקלעך, מיט נאַפּט־פּערלמוטער באַדעקט, מיט בלומען פון מעדוזן און וואַסער־געוויקסן, אָנגעזעטיקטע מיט בלוט. עס זיינען געשוואומען אף דער שטאָט, אַף די בערג־הויפנס שטילע ברעג־ווינטן מיט גערוכן פון מאַליוסקן און שוועבל־וואַסערשטאָף. און קיין האָריזאָנט האָט זיך שוין ניט געזען: אי דער יאַם, אי דער הימל האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין לופטיקן אָקעאַן. און די בערג האָבן זיך אין היץ געבראָטן און אין די בערג־שפּאַלטן האָבן פעטע גרינע וועלדער זיך צעוויקלט. די שיפּואים פון די בערג האָבן מיט אייזן און שוועבל געפינקלט אין דעם פיאָלעטעוון האַלב־טונקל.

די שטאָט האָט אומדערטרעגלעך געסאַרפּעט מיט שטיין און אייזן, מיט די צערייצטע גאַסן־ברוקן און מיט שטויב פון די פּלעצער, און די מענטשן האָבן זיך געשטיקט פון דער זון און פון די אָנגעברענטע שטיינער, און די אויגן האָבן ניט געקאָנט קוקן אפן גלאַנץ פון די טראָטואַרן, וועגס און ברע־נענדיקער לופט. און אַף די בולוואַרן, אין שאָטן האָט געטריקנט אין מויל, האָט דאָס פּאָנים געברענט דער טרוקענער ווינט, און די אַקאַציע־בלעטער האָבן געשמעקט מיט צעהיצטער פּריעניש. די גאַסן זיינען געווען אויסגעליי־דיקטע און האָבן געצאַפּלט זיך אין זייער שפּיגלדיקער ווייטקייט: עס האָט זיך געדאַכט, אַז די מענטשן זיינען אַנטלאָפן פון דעמדאָזיקן געגנים־פייער, און דאָס לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט. און נאָר דאָ און דאָרט האָבן לאַנגזאַם

געשפּאַנט האַלב-נאַקעטע פֿאַרברענטע שאָטנס מיט פֿאָרטפּעלן אונטער די אָרעמס, און שיקערע, מיט פֿאַרגאָסענע אויגן און מיט פּענימער צעפּלאַמטע, ווי פֿון באָד אַרויס, האָבן זיי פֿאַרמאַטערט געקעמפּט מיט דער שווערקייט פֿון די אייגענע פֿיס.

די קראָמען האָבן געגלאַנצט מיט זייערע אויסגעפּוצטע שוי-פֿענסטער, פֿון די קאַפֿע-הייזער האָבן אַרויסגעהילכט דורך זייערע אָפֿענע טירן פֿאַרשיידענע שטימען, קוילעס און קנאַקעריי פֿון שפּיל-ביינדלעך און האָבן צאַרט געזונגען מיט דורכזיכטיקע פֿידלען און מיט זיפֿצן פֿון קלאַווירן.

אין דידאָזיקע טעג האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן שמעקן אין דער קיך פֿון פֿאָלקנער אין ראַטן-הויז מיט פֿליישיקן באָרשטש, מיט טאָמאַטן-זאַפֿט, מיט גרינס.

אין מיטאָג-שאָ פֿלעגן אין דער קיך פֿון פֿאָלקנער אין ראַטן-הויז באַגעגענען זיך אַלע פֿאַראַנטוואָרטלעכע טוער — דאָס גאַנצע אויבערשטע פֿון שטאָט. זיי פֿלעגן זיצן אַרום די טישן גרופּעסווייז, צו צוויי, גאַנצע קאָמפּאַניעסווייז, און געווען זיינען זיי אַלע צוזאַמען אין עס-זאַל באַ א מייע. און אין די געריכט-דאַמפֿן האָט דער צימער געפּויקט און געדונערט מיטן מענטשלעכן געטומל, מיטן געקלאַנג פֿון די טעלער און מעסער, און די אָפֿענע פֿענסטער האָבן געברענט מיט זון פֿון גאַס, און די ליכט האָט געדיכט געבלויט זיך מיט שטויב און טאַבאַק-רויך.

באַדין פֿלעגט שטענדיק מיטאָגן באַ איין טיש מיט שראַמען און מיטן פֿאַרוואַלטער פֿונם געזונט-אָפּטייל, מיטן דיקן דאָקטאָר סוקסין, — א מענטש שטענדיק אַ שווייגנדיקער, שטענדיק אַ נעבעכדיקער און דערשלאָגענער, שטענדיק אַ פֿאַרשוויצטער, א טויבער און צעשטרייטער. אַ צעשוואומענער, קיינמאָל ניט געגאָלטער, מיט א פֿערדישן האָר-בערשטל אַפֿן שאַרבן, פֿלעגט ער שטענדיק פֿאַרלאָרן קוקן באַדינען אין די אויגן אַריין און קיינמאָל ניט פֿאַרשטיין, וואָס דער אויספֿירקאָם-פֿאָרזיצער פֿלעגט אים זאָגן, וואָס עס פֿלעגן ריידן די מיטשפּרעכער און שטענדיק דינסטפֿאַרטיק צובאָמקען ניט מיטן האַלדז — מיטן בויך.

— יאָ-א... יאָ-יאָ-א...

און שווער איז אים געווען צו ריידן דערפֿאַר, ווייל דער צונג איז באַ אים געווען אומגעווייינלעך לאַנג: ער פֿלעגט זיך ניט פֿאַטויפֿען אין מויל און באַם ריידן פֿלעגט ער זיך שטענדיק אַרויסגליטשן, ווי א מאַליוסק. ער פֿלעגט אָפֿט ניט קענען בייקומען די ווערטער: זיי פֿלעגן בלייבן פֿאַרשטעקט באַ אים אין מויל און זיך דרייען צוזאַמען מיטן גאַווער, צוזאַמען מיטן צונג און פֿלעגן צעריבן ווערן אין דער אָנמעכטיקייט זייערער אַרויסגעזאָגט צו ווערן.

אָפֿט פֿלעגט זיך צו זיי צוזעצן דער נערקאָמיסאַר כאַפּקאָ, וועלכער איז געווען ענלעך אַף אַ דאַרפֿיש באַלעגופֿל, אַ פֿלינקער און שאַרפֿאויגלדיקער. ער פֿלעגט לאַנג עסן, לענגער פֿאַר אַלעמען: קיין צייט ניט געווען — ער פֿלעגט אַלץ אין די זייטן זיך אַרומקוקן, שטרענג און מיט כשאַד אַלעמען באָכגעשפּירט, ווער ווי עס עסט, אָפֿט אויפֿגעשפּרונגען פֿון שטול און גע-

שטעקט די נאָז אין דער קיך אַריין, אין געפעס-צימער, צו די שכיינים, וואָס האָבן ניט גענוג ריין געלאָזן זייער טיש נאָכן עסן, צו די סאָוועטישע פריילינס, וואָס האָבן מיט די קאוואַליערן מיט קייקעלעך ברויט געשפּילט.

די שטים זיינע איז געווען מיט אַ בראָך און ער האָט געקוויטשעט, ווי אַ מעסער אַפן שאַרפשטיין.

אין קיך:

— אנו, אַזוינע און אַזוינע... ווער איז דאָ דער עלטסטער?.. דערלאַנג אַהער דעם פּאַרוואַלטער... פאַרוואָס עפּעס קליינע פּאָרציעס?.. איר גאַנוועט, אויסוואורפן... איך וועל אייך גיך צונויפדרייען... טאָקע מאָרגן פאָדער איך אַ רעוויזיע פון דער אַרבעטער-פּויערשער אינספּעקציע...

אין זאַל נעבן די טישן:

— לויט אייך קומט אויס, אַז אַ נערקאָם עקזיסטירט דערויף, אַז איר זאָלט אומזיסט-אומנישט ברויט איבערן דיל און איבערן טיש צעוואָרפן?.. לוי, כאַווירים: מירן פלינק דערציילן די מאַיסע... אנו, פריינדלעך... דאָ איז ניט קיין שאנטאַן און קיין באַזונדערע קאַבינעטן איז דאָ ניט פּאַראַן... קריך, קלייב צונויף דידאָזיקע קיילעכלעך, די ברויט-קיילעכלעך, די, וואָס איר האָט אין פלירט אָן אין יענע פראַנטלעך געוואָרפן... פּיק!.. פון וואַנען? פון וואָסער אָפּטייל? גוט, איך וועל פאָדערן, מע זאָל אייך צו שטאָטן-פּאַרקירצונג דערלאַנגען... דידאָזיקע אינטעליגענטישע טאַקטיק, כאַווירים, באַהאַלט אַביסל טיפער, אין די אונטער-הויזן אַריין: באַ דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט ווערסטו ווייט מיט איר ניט פאַרפאָרן...

און ווי ער פלעגט נאָר אַריינקומען אין קיך, פלעגן באַלד זיך אָנהויבן קריגערייען און מאַרק-סקאַנדאַלן.

צום אָוונט-עסן פלעגן זיי אין זאַל ניט זיין, נאָר זיי פלעגן זיך צונויפקלייבן צו שראַמען אין צימער (און שראַמס צימער איז געווען מיט טעפּיכער באַהאַנגען, מיט פעלן, מיט ווייך מעבל). אמאָל פלעגן זיי דאָרטן ביז טאָג זיך פאַרזיצן, אָבער וואָס זיי האָבן געטאָן באַ שראַמען אין צימער אין דידאָזיקע נעכט האָט קיינער ניט געוואוסט, און נאָר די צוקלייבערינס פונם ראַטן-הויז פלעגן זעען פלעשער אונטערן טיש, פלעגן אויסקערן פון צימער שאָלעכץ פון וואורשט און ליידיקע שאַכטלעך פון קאָנסערוון, און די פּריי-מאָרגנדיקע לופט האָט אין צימער געשטונקען מיט אָפּגערויכערטע פּאַפּיראָסן און הייוון.

איז אָט האָט איינמאָל אָנגעהויבן דעזשורען עטלעכע נעכט דורכאַנאַנד נעבן שראַמס צימער אַ מענטש מיט אַן אַזיאַטישן אויסזעען, מיט זורויסגעשלאָפּעטע רויטע ווייסלעך, מיט אַ שפּיציקער נאָז. דאָס איז געווען צכעלאַדזע. אמאָל איז ער געווען מיט די גרינע, האָט מוטיק פּאַרטיזאַנעוועט צוויי יאָר, און איצט איז ער פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די שטאָטן פון נערקאָם. אַ באָרוועסער, אין אַ פאַרשמאַדערט העמדל פון די פּאַרטיזאַנישע צייטן, איז ער געדולדיק און שטום געשטאַנען באַ דער טיר, געהאַלטן אין איין

גלאָצן די גרויזאַמע ווייסלען אין שפּאַלט צווישן דער טיר און דעם ביישטידל אין שאָען לאַנג אונטערגעהערט די באַהאלטענע שטימען אין צימער. טיף הינטער דער וואַנט האָבן טריט געהילכט,—פלעגט צכעלאַדזע די הויקערדיקע ליטקעס אויסקערעווען און אָן אַ זייט אָפּטרעטן. און ווען די טיר פלעגט זיך אויפעפענען און עמיצער פון די פיר פלעגט מיט צעפּלאַסטע אויגן אין אָפּטרעט אַרויס, פלעגט צכעלאַדזע בליקן וואַרפן אין דער צעעפענטער טיר. אין דעם אינעווייניק אריין פונם צימער, און מיט הונגעריקע ווייסלען שלינגען די סוידעס פון שראַמס היימלעכער נעסט. מע פלעגט אים ניט באַמערקן— זיי פלעגן פאַרבייגיין און ניט אָנשטויסן זיך, וואָס טוט עפּעס דאָ אָוונט-איין און אָוונט-אויס דערדאָזיקער גרוזין. ווייניק מענטשן דרייען זיך אַרום אין די קאָרידאָרן פונם ראָטן-הויז? צייכנט זיך דען צכעלאַדזע מיט עפּעס אויס פון אַלע איבעריקע געוויינלעכע מענטשן, וואָס שטויסן זיך אינם ראָטן-הויז?

אָבער אַנטדעקט און געפּאַקט אים גערבן דער טיר האָט דער נערקאָמיסאַר כאַפּקאַ.

צכעלאַדזע האָט ניט באַוויזן אָפּצושפּרינגען פון דער טיר. נאָך צו נאָך האָט ער זיך אָף כאַפּקאַ אָנגעשטויסן.

— וואָס איז דאָס?..

און האָט אים אָנגעהויבן צו דעקן פון קאָפּ ביז די פיס.

— אַזוי גאָר? וואָס טוסטו דאָ, טייוולשע מאָרדע? שפּיאָנעוועסט?.. דערלאַנג אַהער דיין פּאַרטיי-בילעט!..

פון צכעלאַדזען האָט א שפּריץ געטאָן בלוט, ער האָט זיך צעבונטעוועט, די ווייסלען זיינען בייז פון אונטער די וויעס אַרויס. ער האָט נאָך מער אויסגעבויגן די פּלייצע זיינע און די ציין אַרויסגעשטשירעט:

— וואָס פּראוועסטו שטיק? צו וואָס דיינע גוואַלדן?.. וואָס טוסטו? וואָס פּאַר אַ פּאָליטיק בויסטו? זאָג נאָר אקאָרשט...

כאַפּקאָ האָט, ווי אַ האָן, זיך איינגעקלאַמערט אין צכעלאַדזעס העמדל און פלינק צעאַרבעט זיך מיט די הענט און פיס. צכעלאַדזע האָט זיך אין זיינע אייגענע הויזן פאַרפּלאָנטערט, מיט אַ שאַרפן דריי אַ וואָרף געטאָן זיך אין דער זייט און האָט מיטן קאָפּ און מיט דער ברוסט אָן דער וואַנט זיך אַ קנאַק געטאָן.

— דו, איינער... דאָס איז דיר ניט דער צאַרישער רעזשים, דו מיעסע קאַנאַליע!.. קינטאָשקע*) דו!.. איך וועל דיר, ברודער, פאַר אַזעלכע שטיק גלייך אָפּן אָרט פון דער פּאַרטיי אַרויסוואַרפן... איך וועל דיר, ברודער קינטאָשקע, ניט דערלויבן קאָנטר-רעוואָלוציע דאָ פאַרפירן...

א צוגעדריקטער צו דער וואַנט, מיט צעשפּרייטע הענט, האָט דער באַטויבטער צכעלאַדזע מיט ווילדער פאַרלאָרנקייט געקוקט אף כאַפּקאָ, הייזעריק געאָטעמט און בעשום אויפן ניט געקאָנט אף איין אָרט די מיט בלוט

*) א זידל-צונעמעניש פון די קאווקאזער שוואַטים. איבערז.

אָנגעגאָסענע ווייסלעך איינהאַלטן: זיי האָבן באַ אים געשפּרונגען צווישן דער באָז און די באַקביינער, ווי בלעזלעך.

פון צימער איז באַדין אַרויס און מיט אַ שווערן טראָט, מיט די הענט אין די קעשענעס איז ער האַרט צו צכעלאדזען צוגעגאַנגען:

— וואָס איז געשעען?

— א שפּיק, היִנטישער זון!.. דאָס איז דיר ניט די מענשעוויסטישע גרוזיע... אַרעסטירן אים טייקעף דאָ אַפן אָרט און אָפּשיקן אים אין טשעקאַ... דערויף עקזיסטירט דאָ פאַר דיר, טייוולשע מאָרדע, די ראַטנמאכט, אַז דו זאָלסט דאָ א נאַכטשפּירעניש פארפירן נאָך פאַראַנטוואָרטלעכע ראַטן-טוער, וואָס אַרבעטן אַן אומבאַגרעניצטע צייט און וואָס שלאָפן ניט גאַנצע נעכט?.. נעם באַ אים, אויספירקאָם-פאָרזיצער, דעם פאַרטבילעט זיינעם און גיב אים אין די ציין...

באַדין האָט שאַרף געקוקט אף צכעלאדזען מיט זיינע שוואַרצע נאכטישע אָרביטן.

— איך קען דיר געבן גוט, צכעלאדזע. כאפּקאָ לייגט. ער האָט שפּירעט אויסגעטרונקען, איז ער שיקער.

כאפּקאָ, אַן איבעראַשטער, האָט, ווי אַ פויגל, א קוויטשע געטאָן, פאַר-כליניעט זיך און אַ פאַטש געטאָן זיך אין שאַרבן.

— וואָס?.. אויספירקאָם-פאָרזיצער!..

— רייד, צכעלאדזע. איך ווייס פאָרויס, וואָס דו וועסט זאָגן. זאָג אָפן— ערלעך און פעסט.

בא צכעלאדזען האָבן די ציין געציטערט און דאָס פּאָנים איז מיט שווייס באַגאָסן געוואָרן פון אָנשטרענגונג און פּיין.

— יאָ, איך פלעג שטיין... שטיין און הערן... יאָ.. געגאנגען, געשפּירט, ווי דו בויסט אַרבעטער-פּאָליטיק... וואָס טוסטו?.. פאַרוואָס פאַרפירסטו דאָ נידערטרעכטיקייט?.. ווי פילסטו דעם אַרבעטער-מענטש?.. וואָס ווייסטו?.. הונגער ווייסטו?.. בלוט ווייסטו?.. כורבן ווייסטו?.. פאַרוואָס האָסטו קיין ביזאָיען ניט? כאַווער!..

באַדין איז ווי אַן אָפּגאָט קעגן צכעלאדזען געשטאַנען און געהערט אים אויפמערקזאם און שטרענג. כאפּקאָ האָט קוויטשעדיק געלאַכט, שיקער מיט א פייף. באַדין האָט אַנידערגעלייגט א האַנט צכעלאדזען אף אַן אקסל און געזאָגט צו אים ניט מיט זיין שטים, נאָר מיטן אינגעווייט זיינעם:

— כאווער צכעלאדזע, גיי אַהיים. מאָרגן וועסטו באקומען אַ קאָמאַנ-דירונג אין אָפּרו-הויז אַריין. דו דאַרפסט זיך אַביסל צומונטערן. דו זעסט: איך מאך ניט קיין סאָד פון מיינע מאַיסים, און ס'איז ניט נויטיק דיין אַכטונג געבן אף כאַוויירים. אין דעם פראַט איז די אַרבעט בא אונז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויסגעצייכנט, און קוסטאַרעווען דאָ איז ניטאָ וואָס. גיי.

ער האָט זיך אָפּגעקערט און איז אַוועק פון אים אין שראַמס צימער. און כאפּקאָ האָט אים נאָכגעמאָל, מאַיסע באַלעבאָס, באַקוקט פון קאָפּ ביז די

פיס, און, נאָכמאַכנדיק באַדינען, האָט ער די הענט אין די קעשענעס אַרייַנגע־שטעקט, און דערפון איז ער געוואָרן נאָך קירצער און קיילעכדיקער.

— נישקאָשע, ברודער, איך וועל דיך אין קורצן נעמען אַף אַבאָרדאַזש...

א געהויקערטער און צעבראָכענער איז צכעלאַדזע מיט א וואַקלדיקן טראָט, ווי א קראַנקער, איבערן קאָרידאָר אוועק, שאַרנדיק זיך מיט דער פּלייצע אָן די ווענט.

נעבן דער טיר פון זשידקיס צימער איז ער שטיין געבליבן. ער האָט ניט באַמערקט, צי האָט ער אַליין אויפגעמאַכט די טיר, אָדער זי איז געווען אָפן, ער האָט נאָר דערפילט, ווי עמיצנס האַנט האָט אים אונטער דער פּאַכווע אָנגעכאַפּט און אין צימער אַרייַנגעשלעפּט. ער איז געבליבן שטיין אַפן שוועל. דאָס לעמפּל, וואָס איז איבערן טיש געהאַנגען, האָט באַלויכטן די שמוציקע פּוסטקייט פון א קליינעם האָטעל-צימער מיט ווענט, באַדעקט מיט פייכטקייט און שימל.

— נו, קום, זיץ אַביסל. דערצייל, וואָס איז אַזוינס דאָרט געשען. וואָס פאַר א ניט גוטער האָט דאָס דיך געבראַכט צו שלעפּן אַהער האַלבע נאַכט?

זשידקי האָט אים ווידער גענומען אונטערן אָרעם און צום טיש צוגע־פירט, אַנידערגעזעצט אים אַף א בענקל, און אַליין ניט געזעצט זיך—געבליבן שטיין קעגן אים, אַביסל א פאַרכידעשטער, מיט בלאַסע נאַזלעכער און צאַפּל-דיקע ברעמען פון א באַהאַלטענעם כויזעק-שמייכל. צכעלאַדזע האָט א קוק געטאָן אַף אים מיט געבעט און צאָרן אין די שוואַרצאַפּלען. ער האָט אָפּגע-זיפצט, און די ווייסלען זיינען בא אים מיט טרערן פאַרלאָפן. פון שוואַכן עלעקטרישן ליכט האָבן די גריבלעך אין די באַקן, אונטער די באַקביינער געטונקלט זיך, ווי בא א שאַרבן. ער האָט ווילד א זעץ געטאָן מיטן פויסט איבער דער קני, אויפגעהויבן זיך און שאַרף, דורך טרערן, ווידער א קוק געטאָן אַף זשידקין אין בייזער פאַרצווייפלונג און ווידער זיך אַנידערגעזעצט.

— כאַווער זשידקי... שיסן דאַרף מען... דורכויס שיסן, כאַווער זשידקי... מיך שיסן, דיך שיסן... זאָג מיר, וואָס פאַר א קער דאָס לעבן באַכט?.. זאָג מיר, ווי דאַרף מען טאָן די אַרבעטער-זאַך?.. איך האָב בלוט פאַרגאָסן — צען וואונדן געווען... און וואו איז מיין בלוט? וואו איז דער הונגער? וואו איז דער כורבן?.. וואו איז די פּאַרטיי, כאַווער זשידקי?.. וואָס פאַר א טואונג טוען זיי? שאַנד מאַכן זיי, נידערטרעכטיקייט מאַכן זיי... שיס מיך, כאַווער זשידקי... איך קאָן ניט פאַרטראָגן אַזא שמוץ און נידערטרעכטיקייט... איך קאָן ניט פאַרליידן...

זשידקי איז פאַרביי צכעלאַדזען דורכגעגאַנגען זיך, א שווייגנדיקער, אַן אויפגערודערטער, מיט א מאָגער געוואָרענעם פּאָנים און מיט אויגן עטוואָס אויסגעמאַטערטע פון נאַכטראַכטן. ער האָט זיך אַלץ געכאַפּט מיט די הענט פאַרן קאָפּ און נערוועז געשאַרט די האָר אַף דער פּאַטילניצע. דערנאָך איז ער האַרט צו צכעלאַדזען צוגעגאַנגען און אַנידערגעלייגט אים די האַנט אַפן אַקסל: געוואָלט האַרציק, אָן ווערטער, באַרואיקן אים, אָבער די מילדקייט

זיינע האָט ער מיט קיין זאך ניט געקאָנט אויסדריקן, און פון דער ניט געוואוינטער צאַרטקייט זיינער האָט ער פאַרשעמט און פאַרלאָרן זיך צעשמייכלט.

— א שיגאַען ביסטו, צכעלאדזע! וואָס רעוועסטו צוליב נאַרישקייטן? נו, איז כאַפּט זיי דער טייוול!.. טו דיין זאך און ווייס, אז דו ביסט פאַר דער רעפּובליק טייערער איידער זיי אלע צוזאַמען גענומען. שפּיי אף זיי, אויב דו קאָנסט זיי ניט א נעם טאָן פאַר די לאַצן, אָדער קלאַפּ זיי לויט דער פּאַרטיי־ליניע, ניט קאַרגנדיק קיין קויכעס.

צכעלאַדזע האָט ווידער מיט געבעט און פאַרצווייפלונג אף זשידקין א קוק געטאָן, א מאך געטאָן מיט די הענט און דעם קאָפּ אף די הענט אַראָפּגעלאָזט.

זשידקי איז אוועק איבערן צימער און אף צכעלאַדזען שוין מער ניט געקוקט. געטראכט און געביסן די נעגל.

— דאָ שטעקט גאָר עפּעס אנדערש, צכעלאדזע: ניט דאָס, וואָס עס פּייניקט דיך. דיינס — איז צו קליינלעך. דאָ איז א שרעקלעכער געווירבל. עס רוקט זיך אָן נאָך שרעקלעכערע ליידן, איידער דער בירגער־קריג, כורבן, הונגער, בלאָקאַדע... קעגן אונז שטייט איצט א סוינע א באהאלטענער, וועלכער שלאָגט ניט מיט דער ביקס, נאָר מיט אלע רייצן און ניסיוינעס פון קאפּיטאַליסטישן האנדל־וואנדל. אין אונזערע הענט געפינט זיך די גאנצע סיסטעם פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט. דאָס איז אלץ. אָבער עס קריכט ארויס פון זיין לאָך דאָס באלעבעסל. ער הויבט אָן פאַרגאָסן ווערן מיט פעטס און פאַרשיידענע געשטאַלטן אָנעמען. ער פלעכט זיך שוין א נעסטעלע אויך אין אונזערע רייען און זיכער באַריקאַדירט ער זיך מיט דער רעוואָלוציאָנערער פראַזע און מיט פאַרשיידענע רויטע אַטריבוטן פון באָלשעוויסטישע גוטע מידעס. מאַרק, קאפע, שוי-פענסטער, זיסער ביסן, היימלעכע אויסשטאַטונג, אַלקאָהאָל. נאָך שלאַכט-אומשטענדן רייסן זיך מענטשן פון דער קייט אראָפּ: דאָ איז דאָ פון וואָס צו כאַפּן א ציטער... דאָ איז פּאַניק, בראָך, בונט... און ניט פון אויסגעמאַטערטקייט, — ניין: פון געזונטן רעוואָלוציאָנערן פּראָטעסט, פון צופיל אנטוויקלטן קלאַסן-אינסטינקט, פון קלאַסן-ראָמאַנטיק. און פונקט דאָ זיינען שוין די אַלטע קאַמפּס-מעטאָדן קיין געווער ניט. דער סוינע איז א נידערטרעכטיקער, א כיטרער און ניט צו כאַפּן אים. מע דאַרף זיך אויסשמידן נייע מיטלען פאַר א נייער סטראַטעגיע. דאָ וועסטו מיט בלויזן אויפגעבראַכט זיין און מיט בונט ניט נעמען: דאָס איז שוין רעאַקציע און היסטעריקע. דאָ דאַרף מען אויסקאמען זיך ביז אינעווייניק, איבערגליען, איבערשמידן אין זיך דעם באָלשעוויק צו א דויערנדיקן באלאַגערונגס-צושטאַנד. די ראָמאַנטיק פון די שטורמישע פראָנטן איז געשטאָרבן. איצט דאַרף מען ניט קיין ראָמאַנטיק: איצט דאַרף מען נאָר רואיקע, קאַלטע, פלינקע טוער, איינגעאקשנטע טאָג-אַרבעטער מיט שטארקע ציין, מיט אָקסענע מוסקולן און געזונטע נערוון. מע דאַרף זיין א באָלשעוויק ביזן סאָף. צכעלאַדזע, באַרואיק זיך, כאַווער, און לאָמיר נעמען און צוזאַמען א טראכט טאָן איבער אַסאך פראגן, וועלכע פאָדערן א גרויסע מאַרך-ארבעט...

צכעלאַדזע האָט געקוקט אויף אים מיט אַרויסגעשטאַרטשעטע רויטע ווייסלעך, אָנגעשטרענגט זיך צוגעהערט, און דער נידעריקער שטערן זיינער אונטער די פערדישע פּאַטלעס האָט זיך אין דיקע שווייסיקע פאַלדן געקנייטשט. ער האָט זיך אַלץ געמאַטערט באַנעמען, אַריבערשיטן אין זיך זשידקיס ווערטער, איבערמאַלן זיי און אָנזעטיקן מיט זיי זיין בלוט.

ער האָט אין פאַרצווייפלונג א ריס געטאָן זיך פאַר די נאַסע פּאַטלעס האָר זיינע און געדרייט מיטן קאָפּ.

— כ׳פאַרשטיי בעשום אויפן ניט... וואָס פאַר פּוסטע מאַיסעס צעשמירסטו?.. באַ מיר איז א נעשאָמע א פּראָסטע און ווערטער פּראָסטע... זאָג: צו וואָס פאַרדרייסטו א קאָפּ?... ווי אזוי ענטפערטסטו מיר: געליטן האָב איך, צי ניין? ווייסגווארדייער געשלאָגן, צי ניין? א וואָרט אן אייגנס, בלוט אייגנס, אַרבעטערישעס פאַרמאָג איך, צי ניין?.. און וואו איז מיין בלוט, א?.. הינט האָבן אויפגעפרעסן... סט׳זאָגן, ניין, יא?.. אינגאַנצן א נידערטרעכטיקער מענטש איז איצט געקומען... פאַרשטייסט?.. גאָרנישט ניטאָ!.. אויס!..

ער איז אויפגעשטאַנען און פלינק אַרויס פון צימער, און זשידקי האָט געהערט ווי באַ צכעלאַדזען אין האַלז האָבן טרערן געכאָרכלט.

זשידקי האָט זיך לאַנג צוגעהערט צו צכעלאַדזעס טריט און ווידער אַוועקגעשפּאַנט איבערן צימער, ניט אויפהערנדיק בייסן די נעגל דאָס פון איין האַנט, דאָס פון דער צווייטער.

... ער האָט ניט געקאָנט אויסהאָבן דאָס, וואָס עס איז געווען. און אויסערלעך איז געווען, אייגנטלעך, בלויז אַזוינס, וואָס איז שוין פריער אויך געווען. אויך פריער פלעגן קומען צו פליען כאַווײרים פון דער קרייז-ביוראָ פון צ. ק., אויך פריער איז שטרענג קריטיקירט געוואָרן די אַרבעט פון דעם פּאַרטיי-קאָמיטעט. דאָס איז נאַטירלעך און נויטווענדיק. קעסיידער, ווי פריער, א קאָנצענטרירט שווייגן און אן ערפּורכטיקע אָנגעשפּיצטקייט פון די פּאַראַנט-וואָרטלעכע טוער צו דעם קאַלטן און אָפיציעלן כאַווער פונם קאַנט-צענטער און פונקט ווי פריער האָט זיך קאַלט אָנגעהויבן דער ריטואַל פון דער זיצונג:

— טייערע כאַווײרים!..

נאָר דאָס, וואָס ס׳איז פאַרגעקומען ניט לאַנג צוריק, אונטער א שאַבלאָן-פאָרם פון זאַכלעכער קאָרעקטקייט, איז געווען אַזוי אומדערוואַרט און ווייטיקדיק.

דער באַרימטער איניען וועגן א קלעם טאָן דער בורזשואַזיע... וועגן דעם האָט מען ווייניקער פון אַלץ גערעדט... יעדע זיצונג אין דער אָנוועזנהייט פון דעם ווייסבערעמענדיקן אינטעליגענט פון דער קאַנט-ביוראָ איז געווען אַן אויפרייס פון מאַכלויקעס צווישן אים (דאָ איז אויך לוכאַווע) און באַדינען, פאַרניכטנדיקע קריטיק פון דעם ווייסבערעמענדיקן כאַווער איבער דער אַרבעט פונם פּאַרטקאָם... קאַנטישע ק. ק. ... אָנצוהערענישן וועגן אַריבערפירן אויף נידעריקערע אַרבעט...

איז עס א פּראָסטע רייסערייַ אָדער א קאַמף פון פאַרשיידענע קויכעס? דער כאַווער פון דער ביוראָ פון צ. ק. האָט עס אָנגערופן רייסערייַ, און אַלע

דופן עס אָן רייסעריי. אזוי פּאָשעט. און יעדערער פון זיין ווינקל קוקט אַרויס און שפּירט נאָך, מיט וואָס דערדאָזיקער קאַמף וועט זיך ענדיקן. מען טרייבט רעכילעס. מען צעטיילט זיך אַף פּיינטלעכע לאַגערן.

ארויס פון דעמדאָזיקן קאַמף אַ באַזיגטער, ווען דו ווייסט, אַז דער עמעס איז מיט דיר,—דאָס איז צו שווער: דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן, ווייל דאָס איז אַ סאָף. איינמאָל דורכגעפאלן,—וועסטו צעקוועטשט ווערן. קאַמף— ביזן סאָף. אומדערמידלעכער, איינגעאקשנטער, אָנגעשטרענגטער קאַמף, אין וועלכן מע דארף זיך באנוצן מיט יעדן געווער, אין וועלכן מע דארף אויסנוצן אַלע פעלערן און שוואכע זייטן פון דעם סוינע. באַדין קלאפּט ווי אַ בעריע: ער באנוצט זיך אויסגעצייכנט מיטן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, מיט דער אַדמיניסטראַטיווער געניטקייט און מיטן אייגענעם כוש. אים דארף מען פּאַקן פון אַ צווייטער זייט. ניט שטענדיק קאָן מען זיין שטארק, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף לעבעדיקע מאַסן. מאסן—דאָס איז אַ שטעקן מיט צוויי עקן: מען קאָן זיין אַ פירער פון די מאַסן, אָבער מע קאָן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאָרבן, אין אַ קנעכט און אַ דעמאַגאָג. ער, זשידקי, ער איז נאָענט צו די מאַסן, אָבער באַדין—ער איז איבער די מאַסן, אָפּגעריסן פון די מאַסן, און דער כאַוועך פון דער ביוראָ פון צ. ק. האָט פונדעסטוועגן אָנגעוויזן זשידקין אַף באַדינען, ווי אף אַ מוסטער. דידאָזיקע ווערטער וועט ער קיינמאָל ניט פאַרגעסן:

— איר זייט נאָך פאַרהעלטניסמעסיק אַ יונגער מיטגליד פון דער פּאַרטיי: איר האָט ניט ניט די נויטיקע שטייפע אויסגעהאַלטנקייט, ניט דעם בוילעטן פאַרשטאנד פארן מאָמענט, ניט דעם דורכגעטראַכטן צוגאַנג צום איניען, און דעריבער פאַלט איר אָפּט אריין אין פערעאָדעמשע שטיק. דער כאַווער באַדין איז דורכגעגאַנגען אַ ריזיקע שול פון פּאַרטייאישער און סאָוועטישער אַרבעט, און איר וואָלט פיל געקאָנט באַ אים לערנען. פאַרוואָס האָט איר ניט געקאָנט קאָנטאַקטירן אייערע טאַטן און געבן אַ ריכטיקן אנאַליז פון די אָביעקטיווע אומשטענדן און האָט פאָרסירט די געשעענישן, וועלכע האָבן געדאַרפט אָנעמען אַן אַנדער ריכטונג און אַנדערע פאָרמען? דאָס אַלץ זאָג איך אייך דערפאר, ווייל די ביוראָ פון צ. ק. שעצט אייך פונדעסטוועגן ווי אַ פעאיקן טוער, און ווייסט אייער איבערגעגעבנקייט דער פּאַרטיי...

פונדעסטוועגן!... דערדאָזיקער ווייסינקער אינטעליגענט האָט גענומען אַף זיך אַ צו פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלע — צו זיין אין נאָמען פון דער פּאַרטיי זיין לערער. דידאָזיקע אַלע געקומענע אָדלערס זיינען גאָר ניט אזוי שרעקלעך און ניט אזוי באַדייטנדיק, ווי זיי ווייזן אויס אַף די ערטער.

קלאָר איז איינס: קיין ראָמאנטיק איז ניטאָ, די ראָמאַנטיק איז געשטאָרבן, זי איז אין דער פאַרגאַנגענהייט. די פייערלעכע רעוואָלוציאָנערע אוואַנגאַרד? — אוואוידע איז פאַרשוואונדן אין דער געשיכטע, און די דערשיטערנדיקע הימנען זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. ניט אַוואוידע, נאָר—טאַט, מע דאַרף זיך איבערשליסן אין אַנדערע שטראָמען, קעדיי מע זאָל קענען יעדן פאַקט מאַכן פאַר אַ געהאָרכזאַם און זיכער געווער אין דעם טאָג-טעגלעכן קאַמף.

ער, זשידקי, ער האָט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין שראַמס צימער, ער האָט געוואוסט, פאַרוואָס שראַמס צימער איז באַהאַנגען מיט טע־פּיכער און מעבלירט מיט ווייך מעבל, ער האָט געוואוסט, אַז שראַם האָט ניט געזעען די שווינדלערייען, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין ראַיוואַלד.—געוואוסט האָט עס זשידקי, אָבער קיין ליאַרעם ניט אויפגעהויבן, קעדיי ניט אריינצוטראָגן קיין דעזאָרגאַניזאַציע אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. ער האָט געוואַרט אַף אַ גינ־סטיקן צופאַל, ווען ער וועט קענען דערלאַנגען אַ געשיקטן און טרעפלעכן קלאַפּ. קיין ראָמאַנטיק איז ניטאָ: ראָמאַנטיק—דאָס איז געווען נעכטן. און היינט—קאַלטע אויסגערעכנטקייט.

פאַרוואָס זשע ניט אויפרודערן דעם גאַנצן שמוץ פון דער באַלעבעסל־דיקער וואָכעדיקייט, וואָס איז געלעגן פאַרשטעקט הינטער דער טיר פון שראַמס צימער? פאַרוואָס זשע ניט דערגראָבן זיך צו אַלע אָרדערס אַף וואורשט, אַף פאַרשיידענע שינקען און אַף שפּירט פונם געזונט־אָפּטייל?

ער איז ארויס פונם צימער, בייסנדיק זיך די נעגל, און אוועקגעשפּאַנט אין דער נאַכטישער טיפקייט פונם קאָרידאָר, וואו עס האָט ווי אַ טונקעלער אָפּשיין אַף דער וואַנט געשוויגן די אָפענע טיר פון טשיביסעס צימער.

2

## אַ שווער שטיקל וועג.

גליעב האָט זיך דערשלאָגן, אַז מע זאָל איינשליסן אין טאָג־אָרדענונג פון דער עקאָנאָמבאַראַטונג אַ פּאָרטראַג וועגן דער נויטווענדיקייט פון טייל־ווייזן לאָזן דעם זאַוואָד. די שפּייכלערס שטייען ליידיקע. ס'איז פאַראַן קלעפּ־קעס אַף הונדערט טויזנט פּעסלעך. מע וואָלט געקענט גלייך אָנהויבן דאָס איבערמאָלן דעם קלינקער און ברענען דעם צעמענט אין איינעם פון די אויוונס. פאַרטיקער שטיין איז געלעגן הרודעסווייז, אין די טויזנטער קובן, אין די שטיין־גריבער. מע האָט נאָר געדאַרפט לאָזן די צווייטע מאַגיסטראַל פון ברעמסבערג, די ערשטע מאַגיסטראַל זאָל פאָרזעצן איר אַרבעט פון טראַנספּאָרטירן האָלץ.

דעם פאָרטראַג האָט געמאַכט גליעב אליין אין דער אָנוועזנהייט פון דעם אינזשענער קלייסט, וואָס האָט זיך דאָ געפונען אַלס עקספּערט. שראַם האָט קאַלטבלוטיק און מעטושטעש דערווידערט: ווידער האָט ער גערעדט וועגן אַ פעסטן פּראָדוקציע־פּלאַן, וועגן אַ פעסט־צונויפגעקלאַפּטן אַפּאַראַט, וועגן דער אינדוסטרביוראָ, וועגן הויפּטצעמענט. באַדין איז געזעסן אין זיין געוויינלעכער פּאָזע, אָנגעשפּאַרט אַפן טיש מיט זיין שוואַרצן לעדער, גע־שוויגן און געקוקט פון אונטער די ברעמען אַפּער אַף גליעבן, אַף שראַמען, אַפן אינזשענער קלייסט, און ס'איז אומעגלעך געווען צו פאַרשטיין, מיט וואָס פאַר אַ גאַנג ער גייט אין דערדאָזיקער פראַגע, צי איז ער אַף גליעבס אָדער

אַף שראַמס זײַט. זשידקי און לוכאווע האָבן קורץ און אַנטשיידן זיך אַרויסגעזאָגט פֿאַרן דאָזיקן באַריכט און פֿאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע: אָן שום טאַיִנעס צוטרעטן צו דער צוגרייטונגס-ארבעט איבער דער אויפשטעלונג פֿון דער פּראָדוקציע.

באַדין האָט זיך אָפּגעוואָרפֿן צום ווענטל פֿונם פֿאָטעל, און צום ערשטן מאָל האָט ער אַ שמייכל געטאָן צו גליעבן מיט אַ קורצן פֿריינטלעכן בליק.

— קיין אַנדערע פֿאָרשלאָגן זײַנען ניטאָ. און די רעזאָלוציע פֿון כאווער לוכאווע וועלן מיר ניט שטימען: קיינער דערווידערט ניט קעגן איר.

שראַם, אַן אומענטשלעך אָנגעשטרענגטער, ווי אַ וואַקסענע פֿיגור, האָט פֿאַראַקשנט אַרויסגעברומט, ווי אַ בײַזער בויך-ריידער:

— איך דערווידער קאַטעגאָריש און אָן אפּנויג.

— די רעזאָלוציע איז אָנגענומען, און דער כאווער שראַם דערווידערט אויך ניט אין טאָך.

— איך דערווידער יאָ.

באַדין האָט אַף שראַמען קיין קוק ניט געטאָן, און מיט די אויגן צו גליעבן געשמייכלט:

— דער כאווער שראַם דערווידערט ניט. אין די באַדינגונגען פֿון דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק ווייזן אַרויס די פּראָדוקטיווע קויכעס פֿון אונזער רעפּובליק ווידערגעבורט און וואוקס. די פֿראַגע וועגן לאָזן דעם זאַוואָד ווערט אַן אַקטועלע פֿראַגע. מיר זײַנען צוגעטראָטן צו אַן אָנגעשטרענגטן ווירטשאַפֿטלעכן אויפֿבוי. די פּראָדוקציע פֿון דעם זאַוואָד, אַפֿילע באַם איצטיקן צושטאַנד פֿון דער אַרבעט-פּראָדוקטיווקייט גיט די מעגלעכקייט צו באַפֿרידיקן די נויטן פֿון די גרויסע שטעט און אינדוסטריעלע ראַיאָנען. די פֿראַגע איז געלייזט, זי פֿאָדערט נאָר אַ דעטאַלע פֿאַנאַנדערארבעטונג. און איצט וויל וועגן דערדאָזיקער פֿראַגע עפּעס זאָגן דער כאווער טשיביס.

דורך די פֿאַרשטשורעטע ברעמען האָט טשיביס געקוקט אף שראַמען פֿונם טונקעלן ווינקל הינטערן טיש, און האָט זיך געמאַטערט אין דרעמל און לאנגווייל.

— אָט. איך זאָג אויך, אַז שראַם דערווידערט ניט. שראַם קאָן ניט דערווידערן, און אויב עס דאכט זיך, אַז ער דערווידערט, איז גלויבט ניט, וואָס איר הערט. שראַם איז שוין ניטאָ: שראַם איז אַן אנאכראָניזם.

און איז ווידער פֿאַרגליווערט געוואָרן אין בלינדן לאנגווייל און פֿאַרמאטערטקייט.

גליעב האָט דערזען, ווי שלאַבעריק ס'האָט אויפֿגעצאַפּלט און איז אַלט געוואָרן שראַמס ווייבערשער פּאָנים, ווי די אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן באַ אים מיט מוטנעקייט און שרעק.

דער נערקאָמיסאר כאַפּקאָ האָט אלעמען באקוקט מיט אַ שטרענגן בליק פֿון אַ באַלעבאָס און אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט איבערן טיש.

— אַזוי!.. האַלט זיך, נערקאָם! איצט וועט מען די לעצטע פֿאַר הויזן אַראָפּציִען. און אין אַ כוידעש אַרום וועלן מיר מיט אַ דרענגל אין האַנט אַוועק אַף אַ צוזאַמענשלוס מיטן דאָרף: דערלאַנג אהער דעם נערשטייער, טייוולשער באַלעגוף!.. דאָס איז דיר ניט דאָס אַכצנטע יאָר: דאָס איז דיר אַ פּייג אַפּן צוזאַמענשלוס...

צו אים האָט קיינער זיך ניט צוגעהערט: מע איז געוואוינט געווען ניט צו הערן, וואָס ער רעדט. זיינע וויצן, מיט אַ בייזן אַרומקוקן זיך אין די זייטן, האָט ער שטענדיק פֿאַר אַלעמען גערעדט, אָבער געהערט און געטראַכט איבער זיי האָט ער איינער אליין.

לוכאַווע האָט נערוועז צום טיש זיך דורכגעשפּאַרט און אריינגעטראָגן אַ פֿאָרשלאַג:

— קאָמאַנדירן דעם כאַווער טשומאַלאַוו אין דער אינדוסטרביוראָ, קעדיי וואָס גיכער דורכצופירן דעם באַשלוס פֿון דער עקאָנאָמבאַראַטונג און דער־שלאָגן זיך פֿאַרגרעסערטע אָרדערס פֿאַר די נויטן פֿונם זאַוואָד.

און איז צוריק נערוועז און שנעל אַוועק אַף זיין אָרט נעבן דער וואַנט, פֿאַרקליבן זיך אַפּן שטול מיט די פֿיס און פֿאַרשטעקט דעם קין אין די קניעס אַריין.

גליעב איז צום אינזשענער קלייסט צוגעגאַנגען, אונטער דער האַנט אים גענומען און זיך צעלאַכט.

— איך פֿאָר, ווי צוויי מאָל צוויי... עך, וועל איך דאָס אויפהויבן, צו דער טייוולשער מאַמע, אַ טומל דאָרטן, אין דער אינדוסטרביוראָ!.. קומט, כאַווער טעכנאָנפירער!.. דאָס איז אייך, כאַווערים, ניט קיין טעכנאָנפירער, נאָר אַ גאָלד... אַ מערקווירדיקער ספּעץ פֿון דער סאָציאַליסטישער ראַטן־רע־פּובליק... דו שפּילסט זיך מיט אונז!...

און אין אַ טאָג אַרום איז גליעב אַוועקגעפֿאָרן אין דער אינדוסטרביוראָ און צוגעזאָגט אומקערן זיך אין אַ וואָך אַרום.

אינם זאַוואָד איז געגאַנגען די ארבעט. מע האָט רעמאָנטירט די קאָר־פּוסן, די רעלסן־וועגן, די מאַשינעס און די מעכאַניזמען אין די פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען. פֿון באַגינען ביז פֿיר פֿאַרנאַכט איז די צעגליטע לופֿט צווישן דעם זאַוואָד און די בערג, אַ ציטערדיקע אין די שימערירנדיקע כוואַליעס, אַ הייס־אָנגעזאַפּטע מיט ציקאַדן, מיט שטויב און מיט גרינס. האָט געקנאַלט מיט מעטאַל, געכריפּעט מיט טאָקער־וואַרשטאַטן און געזונגען ווי אַ סטרונע אונטער די פֿענסטער פֿון דעם עלעקטראָ־מעכאַנישן קאָרפּוס.

און דער ברעמסבערג, וואָס האָט געאַרבעט אַף צושטעלן האָלץ, האָט טאָג־איין טאָג־אויס געקנאַקט מיט זיינע וואַגאַנעטקעס, און די שטאָלענע שטריק האָבן, ווי פֿריער, ווי פֿלייטעס געשפּילט אַף זייערע ראָלן. אַף דער ברעמ־דאַמבע האָבן וואַגאַנעס געדודערט, קליינע לאָקאָמאָטיוולעך האָבן הילכיק גע־פּייפֿט, און ווי שאָסן האָבן געקנאַקט די שייטלעך האָלץ, געוואָרפֿענע אין די וואַגאָנעס אַריין.

אין בלאָען, גלאַנצנדיקן האָפן זיינען אין אומפאַרשטענדלעכער דערוואַר־טונג געשטאַנען איינזאַמע אומעטיקע דאַמף־שיפן.

דאַשע פלעגט פאַרפאַלן ווערן אינם פרויען־אָפּטייל, אָף פאַרזאַמלונגען, אין קאָמאַנדירונגען. ליזאַוועטע האָט יעדע וואָך צונויפגענומען די פרויען אין קלוב־זאַל, און אין די אָפענע פענסטער האָט ביז האַלבע נאַכט געבושעוועט דער ווייבערישער גאָרגלדיקער געטומל און געטרודערט די שטילקייט פון די פאַרטראַכטע אוונטן, און פון די באַרגיקע מיט וואַלד באַוואַקסענע באַרג־פּאַסן.

און ווען זיי פלעגן זיך אין דער פינסטער פאַנאַנדערגיין איבער די הייזער, פלעגן זיי פאַרזעצן זייער געטומל, און די געשרייען זייערע זיינען ענלעך געווען אָף זייערע אַמאָליקע קריגערייען איבער אַ הון, איבער אַן איי, איבער היימישע צאָרעס. אָבער אַז מע פלעגט זיך צוהערן—פלעגט מען כאַפּן: ניט געווען מער קיין קריגערייען אין זייער געטומל — זיי פלעגן נאָר אין דער אָוונטיקער שטילקייט אַרויסטראָגן זייערע היציקע דיסקוסיעס פון קלוב אַרויס און פאַרזעצן זיי דאָ אָף די אָוונטיקע טונקעלע גאַסן.

— ליזאַוועטע — ניט ריכטיק... זי איז ניט גערעכט...

— פלוידער ניט, מאַלאַשקע!.. זי, ליזאַוועטע, זי זאָגט שוין דאַפקע יאָ ריכטיק... מיר אַלע, ווייבער, זיינען דיזעלבע אויסוואָרפן...

— אויב אַלע זיינען אויסוואָרפן, וויל איך טאַקע ניט זיין קיין אויס־וואָרף... אָט וועל איך נעמען און וועל זיך אָפּשערן די האָר... די ווייבערשע צעפּ, ליבע כאַווערטעס, זיינען פאַר די ווייבער אַ שטריק מיט אַ שלייף: די צעפּ זיינען פאַר די מענערישע הענט באַשאַפן געוואָרן, און פאַר די ווייבער— אַ פינסטער מאַזל...

— ס'הויבט זיך ניט אָן!.. זאָל מיך דער טייוול נעמען, אויב איך וועל מיך לאָזן פירן פון אַן אויסגעלאַסענער פרוי... און די איקאָנעס וועל איך ניט אַראָפּנעמען, און איר אָף צולאַכעס וועל איך אין קלויסטער גיין... פאַר ליזאַוועטען איז היים—אַ פרעמדע בעט, און הייליקע קירכע—די קאָמוניסטישע כעוורע...

— נו, יאָ... זעט נאָר, וואָס ס'איז געוואָרן פון די באַכערים, און די מיידלעך — ווי צויגן — קאָמיוג!... פריער האָט מען געציטערט פאַר אַן אַוויירע, און פאַר מענטשן האָט מען דערעכערעך געהאַט, און היינט צו טאָג— קאָמיוג!...

— און איר — בעהיימעס איינע... ווינציק האָבן אייך די זייטן געריבן אייערע בערדיקע הינט...

— פון אַ בעהיימע הער איך... און פאַרנאַרישט קאָן מען באַ היינ־טיקע צייטן ווערן איינס און צוויי... וועסט טאַקע ווערן אַ בעהיימע, אויב דו וועסט פאַרייסן דאָס קליידל און דו וועסט וואַרפן אי דעם מאַן, אי די קינדער, אי די אייגענע היים...

— גו, יאָ! דערפֿאַר זאָרגט טאַקע קיינער ניט וועגן די אַרבעטס־לייט: מע האָט צעעפֿנט פֿאַרשיידענע מאַגאַזינעס, קאַפֿייען, און די פּרוי האָט מען מיטן ווינט געלאָזט... פֿייגער זיך, ווי עס גלוסט זיך דיר, ווי אַ פּאַסקודנע שלעפּערין...

און אַזוי יעדע וואָך: אַלצײַנס, צי ס'איז אין דער שפּיץ פֿון די פֿאַר־זאַמלונגען געשטאַנען ליזאַוועטע מיט דאַמאַכען, אָדער ס'איז זיי דאַשע געקו־מען צו הילף.

דורך דעם קאָמערל און דעם קלוב האָט מען צונויפֿגעקלאַפּט צוויי גרופּן אַף ליקווידירן דעם אַנאַלפֿאַבעטיזם, און אַז מע האָט אָנגעהויבן די לימודים, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בײַ די טישן זיצן בלויז ווײַבער. האָט דאַשע מיט איר וואָרט דערלאַנגט די ווײַבער אין סאַמע האַרץ אַרײַן.

— ווייסט, ווײַבער: איר האָט פֿאַרוקט די מאַנספֿאַרשוינען און פֿעסט דערוויזן אײַער פּראָלעטאַרישע באַוואוסטזיניקייט...

און די ווײַבער האָבן געשריען און געפּלעסקעט מיט די הענט אין מיידל־שער פֿרייד און זײַנען ענלעך געווען אַף באַרג־קראָען.

יעדן טאָג, אינדערפֿרי און פֿאַרנאַכט, פֿלעגט דאַשע ארײַנקומען אין קינ־דערהיים אַפֿן נאָמען פֿון קרופּסקע אַף אַ לאַשטשע טאָן ניורקען, און זי האָט געזען, אַז פֿון טאָג צו טאָג צאַנקט ניורקע, ווי אַ ליכטל. ניורקע איז אויס־געדאַרט געוואָרן און די הויט אַפֿן פּענימל איז געל און צעקנייטשט געוואָרן, ווי בײַ אַ זקיינע. ניורקע האָט געקוקט אַף איר מיט פֿאַרטרויערטע אָפּגרונ־טיקע אויגעלעך און דאַשע האָט דערפֿילט: דידאָזיקע אויגעלעך האָבן דער־זען עפּעס גרויסעס און אומויסדריקבאַרעס, און קליין און ווײַט זײַנען פֿאַר דידאָזיקע אויגעלעך געוואָרן די זון און דער הימל. איצט האָט שוין ניורקע מערסטנטייל געשוויגן, געטראַכט, און אי דאָס פּענימל אירס, אי די אויגן זײַנען שוין גלײַכגילטיק געווען, ווען דאַשע פֿלעגט זיך מיט איר צעשיידן.

און צום ערשטן מאָל פֿאַר דעם לעצטן יאָר האָט דאַשע איבערגעלעבט אַן אומדערטרעגלעכן ווייטיק, אָבער דעמדאָזיקן ווייטיק האָט זי טיף בײַ זיך אין האַרצן באַגראָבן. קיינער האָט ניט באַמערקט בײַ איר דעמדאָזיקן ווייטיק, און בלויז די כאַווערטע מעכאַווע האָט אַ קוק געטאָן איינמאָל אַף איר פֿון איר טיש און פֿלוצלונג אָנגעשטעלט אַף איר איר אויפֿמערקזאַמען, אויפֿגע־רודערטן בליק.

— וואָס איז מיט דיר, דאַשע? האָסט עפּעס אַ ווייטיק אין האַרצן...

— אַזוי גאָר!.. פֿון וואַנען זשע איז עס צו דיר אַזאַ פֿאַנטאַזיע געקומען, כאַווערטע מעכאַווע?

פֿאָליע האָט פֿאַרשוויגן און שטאַר דאַשען ארומגעכאַפּט מיט אירע פֿאַר־מאַטערטע אויגן אין די לאַנגע וויעס. און אין דידאָזיקע אויגן האָט דאַשע דערזען עטוואָס ענלעכעס אַף ניורקעס פֿאַרומערטע אויגן.

— איך האָב ניט געוואוסט, דאַשע, אז דו ביסט פעאיק זיך פאַרשטעלן און לייגן.

— נו, זאָל זיין, פאַראַן א ווייטיק, כאַווערטע מעכאווע. צו וואָס באַדאַרפסטו וויסן, וואָס פאַר א ווייטיק איך האָב? דאָס גייט קיינעם ניט אָן.

— יאָ, דאַשע, דאָס איז עס טאַקע. מיר זיינען פעסט אָרגאַניזירט און שטייף פארבונדן, אָבער שוידערלעך פרעמד איינע די אנדערע אין אונזערע פערזענלעכע לעבנס, און עס גייט אונז ניט אָן, ווי אַזוי און מיט וואָס עס לעבט יעדער איינער פון אונז. אט טאקע... אין דעם שטעקט דער שוידער. איבעריקנס, דו האָסט דאָך ניט ליב. ווען מען רעדט וועגן דעם...

און זיי זיינען ביידע אנטשוויגן געוואָרן, פאַרפרעמדטע, פאַרשלאָסענע אין זיך.

ניורעלע צאַנקט, ווי א ליכט,—די איינציקע, די בלוט-אייגענע ניורעלע, און קיינער קאָן ניט זאָגן, פאַרוואָס צאַנקט ניורעלע. צו וואָס נוצן די דאָקטוירים, וויבאַלד זיי זיינען ניט אימשטאַנד צו זאָגן א קלאָר וואָרט, וויבאַלד זיי זיינען אָנמעכטיק ארויסצורייסן פונם קינד יענעם כאלאס, וואָס פרעסט זי אויף? זי, דאָס פיצעלע קינד, דאַרף דאָך אַזאַ נישטיקע הילף פון דערוואַקסענע... יאָ. ס'איז אַן עמעס: ניט דאָקטוירים דאַרף מען דאָ. זי, דאַשע, ווייסט בעסער פאַר אַלע דאקטוירים אין דער וועלט, פאַרוואָס ווערט ניורקע אויסגעלאָשן, ווי א שטערנדל באַגינען. ניט נאָר דער מאַמעס מילך האָט נויטיק א פיצל קינד: א פיצל קינד נערט זיך מיט דער מאַמעס האַרץ און מיט דער מאַמעס צאַרטקייט. עס דארט און וועלקט א פיצל קינד, אויב די מאַמע אָטעמט ניט אַף זיין קעפל, וואַרימט עס ניט מיט איר בלוט און זעטיקט ניט אָן זיין וויגעלע מיט איר נעשאָמע און גערוך. א פיצל קינד — דאָס איז א בלימעלע אַף א פרילינגדיקן עפלבוים. ניורקע איז אראָפּגעריסן געוואָרן פון צווייגל און אוועקגעוואָרפן געוואָרן אַפן וועג.

די שולד פאַלט נאָר אַף איר, אַף דאַשען, און דידאָזיקע שולד וועט זי קיינמאָל ניט קאָנען אויסהאבן. און ניט פון איר גוטן ווילן איז דידאָזיקע שולד געגאַנגען, זי איז געקומען פון ערגעץ וואו פון דרויסן, פונם לעבן, פון יענער קראַפט, וואָס אין איר מאַכט האָט זי זיך אַליין געפונען און וועלכע זי האָט מיט א טרעפלעכן וואָרט ניט געקאָנט אָנרופן. די ווערטער: רעוואָלוציע, קאמף, אַרבעט, פאַרטיי—האָבן געהילכט, ווי ליידיקע פעסער, נאָר אָט דאָס סאמע וויכטיקסטע אין דידאָזיקע ווערטער—דאָס ענדלאָזע, דאָס אומפאַרמיירלעכע, וואָס זי האָט געטראָגן אין זיך,—דאָס איז געווען פאַר איר אַלץ, וואו ס'איז ניט געווען קיין טויט, וואו זי איז אליין געווען א שטויבעלע.

עס איז געווען בלויז איינס: ניורקע גייט אויס, ניורקע לעשט זיך אויס, ווי א פונק. ס'איז געווען ניורקע און—ניורקע וועט מער ניט זיין. זי האָט געפלאַטערט אַמאָל מיט אירע פיסעלעך באַ איר אַף די הענט, אַף דער ברוסט, געפויזעט, געלערנט זיך גיין און פלאַפּלען. געגאַנגען און געשפילט. געוואקסן. ס'איז געווען אַמאָל: זי האָט ניט געקאנט אריבערשפּאַנען איבער ניורקען, ווען דער טויט האָט שוין געקנאַקט מיט די ציין, און נאָך איז געווען: ניורקע

איז זיך צעגאַנגען און אויפגעלייזט געוואָרן באַ איר אין בלוט צוזאַמען מיט איר פאַרגאַנגענהייט, און ווען זי, דאַשע, איז צו דער טליע געגאַנגען, האָט זי וועגן ניורקען ניט געטראַכט. אָבער ניורקע איז פאַר איר געווען, ווי א ווייטער געשפענסט, אין די לעצטע רעגעס...

און אָט איצט האָט זי ניורקען דערזעען א לעבעדיקע, מיט א פּאָנים פון א זקיינע און מיט אָפּגרונטיקע אויגן, פון טויט פאַרטרוימטע, און ווידער ווי אמאָל קאָן זי איבער ניורקעס טויטן קערפּער ניט אריבערטרעטן. און זי האָט געזען: ניורקע—דאָס איז דער קאָרבן פון איר לעבן, און דערדאָזיקער קאָרבן —איז שווער, אומדערטרעגלעך פאַר איר.

און אזא מין געשפּרעך האָט זי געהאַט מיט ניורקען אין איינער א פריִמאָרגנדיקער שאָ:

— ניורעלע, דיר טוט עפּעס וויי, טאָכטערל, יאָ?

ניורעלע האָט מיטן קאָפּ א שאָקל געטאָן: ניין.

— וואָס זשע ווילסטו, זאָג?

— גאָרניט וויל איך ניט.

— עפּשער... ווילסטו עפּשער דעם פּאַפּאַ זעען?

— איך וויל ווייַנטרויבן, מאַמעלע.

— נאָך פרי, טייבעלע: ווייַנטרויבן זייַנען נאָך ניט פאַרטיק געוואָרן.

— איך וויל מיט דיר, דו זאָלסט קיינמאָל ניט אוועק, און דו זאָלסט נאָענט, נעבן מיר... און ווייַנטרויבן... אי דיך, אי ווייַנטרויבן...

זי איז געזעסן באַ דאַשען אף די קני און, א הייסינקע, איז זי צעגאַנגען אין איר, אין דאַשעס, וואַרימקייט.

און ווען דאַשע האָט זי אַנידערגעלייגט אַפן בעטעלע, האָט ניורקע לאַנג געקוקט אף איר מיט טיפע אויגעלעך, לאַנג געקוקט א קאָנצענטרירטע אינגאַנצן אין זיך, און געענטפערט האָט זי אַף דאַשעס שווייגנדיקן פאַרטרערטן בליק:

— מאַמעלע... מאַמעלע!..

— וואָס, טאָכטערל?

— גאָרניט... אַזוי... מאַמעלע... מאַמעלע!..

איז דאַשע ארויס פון קינדער-היים און האָט ניט אוועקגעשפּאַנט, ווי געוויינלעך, אראָפּ, צום שאָסיי, אין דעם פרויען-אָפּטייל, נאָר איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין די געדיכטע באַרג-געוויקסן, אַפן גראָז זיך אנידערגעווארפן, אַפן גראָז, וואו ס'איז שטיל, טויב און איינזאַם געווען, וואו ס'האָט געשמעקט מיט ערד און מיט גרינס, וואו די זון האָט זיך דורך די בלעטער דורכגעריסן און מיט העלע פלעקן, ווי מיט ווייסן אַרבעס, געשאָטן, און לאַנג האָט זי דאָרט געוויינט און געצופּט מיט די פינגער די געוויקסן.

איינמאָל באַנאַכט, ווען גליעב איז אינדערהיים ניט געווען, איז אַף אַן אווטאָמאָביל באַדין צו איר געקומען צו פאָרן. זי האָט געהערט, ווי אונטערן פענסטער האָט דער מאָטאָר געפּעכקעט, איז זי פון צימער ארויס. אַפן גאַניק האָט זי זיך ברוסט אָן ברוסט מיט באַדינען צונויפגעטראָפן. באַדין האָט טאַ-

קע געוואָלט גלייך, דאָ אַפן אָרט אַרומנעמען זי, אָבער זי האָט אים שטרענג אָפּגעשטויסן.

— כּאוועך באַדין, דאָס וועט קיינמאָל מער ניט געשען.

באַדין האָט די הענט אַראָפּגעלאָזט און איז געוואָרן אַ שווערער און שלאַבעריקער.

— דאַשע!.. איך האָב געוואָלט מיט דיר אַליין בלייבן... איך האָב געהאָפט, דו וועסט מיך באַגעגענען אַביסעלע וואַרימער...

— כּאוועך באַדין, פאַר גלייך אוועק און באַלבע ניט אומזיסט.

און זי איז אוועק. פעסט פאַרשלאָסן די טיר און הילכיק מיטן פאַרוקער אַ קלונג געטאָן.

3

# ד ע ר ק א ש מ א ר.

אין די פרימאָרגנס, ווען פאַליע פלעגט גיין אין פרויען-אָפּטייל און אין די פאַרנאַכטן, נאָך פיר, ווען זי פלעגט צוריק אַהיים זיך קערן, פלעגט זי איי־בער די גאַסן ווי אַ ווינט לויפן. מיט ברייטע טריט האָט זי געשפּאַנט איבער די טראָטואַרן, איבער די גאַסן, איבער דער ברעג-דאַמבע, ניט געקוקט אין די זייטן און ניט געזען קיין מענטשן. מענטשן זיינען אַנטקעגן געגאַנגען, נעבן איר געגאַנגען, פון הינטן און איבערגעיאָגט זי, אָבער דידאָזיקע אַלע מענטשן האָבן אין די אויגן בא איר זיך אָפּגעשפּיגלט ווי צעשוואומענע שאָטנס, און ניט פּנימער זייערע האָט זי געזען, נאָר פיס אין באָטן, באָרוועסע, אין וויקל־שנורן און הויזן, אין קליידלעך, אין אַראָפּגעהאַנגענע פרויען-זאָקן, — אַסאַך פיס, וואָס האָבן זיך געשאַרט פאַרויס און צוריק, פיס אומדערמידלעכע און פאַרשטויבטע. זי פלעגט אין די זייטן זיך ניט אַרומקוקן—זי פלעגט קוקן נאָר אַף די פיס, אַף אירע אייגענע און פרעמדע. זי האָט ניט געקענט דעם קאָפּ אויפהויבן און שטייף און רואיק אַ קוק טאָן אַף די שוי-פענסטער, אַף די אָפענע טירן, אַף די מענטשן, וואָס האָבן איצט געהאַט אַנדערע פּנימער. זי האָט ניט געקוקט, אָבער זי האָט געזען: פרויען—ניט אַזעלכע, ווי ניט לאַנג צוריק, אין פרילינג. ס'האָבן זיך צעבליט די מאַלבושים: אַף די היט—בוקעטן בלומען, דורכזיכטיקער באַטיסט, אַף די פיס—שיכעלעך מיט פראַנצויזישע אָפּ־צאַסן... און אויך די מענער זיינען אַנדערע געוואָרן: מאַנישקעס און האַלז־טיכלעך און נייע פריש-געשטעפטע געמזש-שיך. און אין דער לופט האָבן זיך ווידער געטראָגן פּאַרפום-רייכעס און די שטימען האָבן הילכיק און פריידיק געקלונגען, ווי באַ פויגל. אין די קאַפע-הייזער, אין די אָפענע טירן, אינם טונקל, בלויען פון טאַבאַק-רויך, האָבן זיך געפלאָנטערט און געפלאַטערט שאָטנס, און טויב און ווייט האָבן זייערע שטימען געהילכט, דאָס געפעס האָט געקלונגען, די שפּיל-ביינער האָבן געקנאַקט, און אומבאַוואוסט פון וואַנען, פון דער טיפעניש פון אַ טאַבאַק-לאָך האָבן געשטראָמט קלאַנגען פון אַ סטרונע־אָרקעסטער, קוים צו הערן.

פון וואַנען איז דאָס אַלץ אָנגעקומען? און פאַרוואָס איז עס אָנגעקומען אַזוי פלינק, אַזוי פרעך און פעט? פאַרוואָס איז דאָס אַלץ אַדורכגעגאַנגען דורך איר, פאַליען, און אָפּגעזעצט זיך באַ איר אין אַ נאָגנדער בענקשאַפט און צע-שויבערט די געדאַנקען אירע?

עס האָט אויסגעזעען אַזוי, ווי זי וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדן לאַנד און וואָלט זיך פאַרלוירן, און פון דער נעשאָמע האָט זיך אָפּגעטאָן עפּעס טייערס, עפּעס אַזוינס, וואָס וועט שוין קיינמאָל זיך ניט צוריקקערן און אָן וואָס עס איז אוממעגלעך צו לעבן. און נאָך: אַ כאַרפּע, אַ שאַנד און אַ ניטבאַזינטער שוידער. זי האָט מוירע געהאַט, — אַט וועט צו איר צוגיין ווער ניט איז פון די אַרבעטער אָדער פון די דיראָזיקע אָפּגעריסענע, צעפּרעסענע דורכן הונגער, מיט אייטערנדיקע אויגן און וועט זי אַ פרעג טאָן שטייף:

— נו? איז אַט צו וואָס איר האָט זיך דערשפּילט? איז אַט וואָס איר האָט געוואָלט? שלאָג זיי, די אויסוואורפן און גענאַרער!..

און דיראָזיקע שטענדיקע שרעק האָט דעם קאָפּ אירן געטשאַדעט מיט האַלוצינאַציעס.

איינמאָל, אין אָנהויב אויגוסט, האָט זי אַף דער ברעג-דאַמבע, אַף די רעלסן און אַפן מיט קוילן-שטויב באַדעקטן קאַבאַטאַזש דערזעען אַ גרויסן אוילאָם אָפּגעריסענע, האָריקע, קעלעדיקע מענטשן. קופּקעסווייז זיינען זיי געלעגן, געזעסן, געווימלט זיך אַנגעוואַלגערטע. מאַנספּאַרשוינען, ווייבער, קינ-דער. עס האָבן געקוויטשעט, פאַרכלינעט זיך, געריסן זיך אין אַ געוויין אַף אַ קאָל זויג-קינדער. עמיצער האָט טויב און פינסטער געקרעכצט. ווייבער האָבן לייז געזוכט איינע באַ די אַנדערע אין די קעפּ, מאַנספּאַרשוינען—אין די העמ-דער און די נעט פון די הויזן. און פּענימער זיינען באַ אַלעמען געווען — גע-דראַלענע.

פאַרבייגייענדיקע פאַרנומענע מענטשן האָבן מיט נייגיר און שטרענגער פאַרוואונדערטקייט אָפּגעשטעלט זיך און די לופט געשמעקט.

— ווער זיינען זיי דאָס אַזעלכע? הונגערנדיקע?

און פון דער שטויביקער, שטינקענדיקער, אָפּגעשליסענער קופּע האָט מען הייזעריק געברומט:

— א-א-ן או-ו-ו-מגליק!.. פאַרוואָרפן געוואָרן—אַף צאָרעס... עפּשער וועלן מיר דורכקומען, אַרויסקריכן... פון דער וואָלגע... פון דער הונגערנדי-קער ערד... א-א-ן או-ו-ו-מגליק!..

און ביז סאַמע פאַרטקאַם האָט פאַליע מיט ווייטיק, ביז שוידער, גע-טראָגן אין זיך דיראָזיקע הייזעריקע שטים, די פאַרלוירענע אין קרעכץ, אין קופּע שטינקענדיקע לייבער, דעמדאָזיקן ווייטיקדיקן קוויטש פון אַ זויג-קינד.

— א-א-ן או-ו-ו-מגליק!..

דערנאָך פלעגן גאַנצענע טעג איבער די גאַסן פון שטאָט אַרומבלאָנקען מישפּאָכעסווייז און איינציקווייז דיראָזיקע הונגעריקע פּויערים מיט שאָפּענע פּענימער, אין צעריסענע קליידער, אין פּאָסטעלעם, מיט קינדערלעך אַף די

הענט און באַ די הענט, און זיי אַלע האָבן געזונגען מיט שוואַכע שלוקערצנ־דיקע שטימעס:

— ...י־י־י־ט אַ הונגעריקן... ברידער... א־א־ן או־ו־ו־מגליק!..

אין די נעכט פלעגט פאליע שלאָפן אין קאַשמאַרן, שאַענווייז פלעגט זי זיך אַ שלאַפלאַזע מאַטערן, און אין דיראָזיקע שאָען האָט זי געהערט דאָס, וואָס זי פלעגט הערן באַטאָג,—זי האָט געהערט קלאָר, פייגלעך־דייטלען: עס האָט אַ סטרונע־אָרקעסטער געשפּילט, אַ ווייטער, אַ רופנדיקער, עס האָבן די שפּיל־ביינדלעך געקנאַקט, און הינטערן פענסטער, אין גאַס, האָבן נעבעכדיק געקלאָגט אויסגעלאַשענע שטימען:

— העלפט... ברידער... א־א־ן או־ו־ו־מגליק!..

זי פלעגט אויפשפרינגען פון בעט, זיך געשלעפּט מיט די באָרוועסע פיס צום פענסטער און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און מיט שניידנדיקן ווייטיק אין די שלייפן האָט זי געקוקט אין דער נאַכט אַריין. שטיל, פוסטער כוישעך, ליידיק. זי פלעגט זיך צוהערן און ווידער אומקערן זיך צוריק אין דער פאַרדומפּנקייט פון איר בעט. זי פלעגט איינשלאָפן. ווידער אויפכאַפּן זיך פון מאָדנע דער־שיטערנדיקע שטויסן. און ווידער—ווייטע פידלען, קנאַקן פון די שפּיל־ביינד־לעך, געלעכטער און הונגעריקער געבעט מיט אַ קוויטש פון זויג־קינדער אויס־געמישט.

איז אָט אין איינע פון אַזעלכע צעגליט־שלאָפלאָזע נעכט איז געשען דאָס, וואָס זי האָט שוין לאַנג דערוואַרט, ווי עפּעס אַן אומפאַרמיידלעכעס.

ערגעץ וואו אין קאָרידאָר האָט אַ טיר זיך צעפּראַלט און מיטאַמאָל אַרויסגעשאָסן מיט קוילעס און געלעכטער, און דידאָזיקע שטימען האָבן זיך אוועקגעקוילערט איבערן קאָרידאָר, צעבריקלט זיך און אוועקגעשוואומען ווייט, איבערפלעכטנדיק זיך ערגעץ וואו אין דער טיף מיט אַנדערע פאַרשיידענע קוילעס.

ווידער האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר, אויפגעדונערט ווי אַן אויפּרייס און די שטימען און די טריט זיינען פאַרפאַלן געוואָרן אין דער נאַכטישער שטילקייט. זייער ווייט האָבן זינגעוודיק טראָפּנס געקאַפּעט, און פון דער פינ־סטערניש האָבן פידלען געשטראָמט. זי האָט פאַרשטאַנען: דאָס האָבן אונטערן פענסטער געזונגען זייערע אומעטיקע לידער די טעלעפּאָן־דראָטן.

— ...ברידער לייבלעכע... העלפט... א־א־ן או־ו־ו־מגליק!..

ניין, זי וועט ניט איינשלאָפן.

...לידער פון אַרבעטער־מאַסן, מאַסן אין געווירבל און געשטראָם, רויטע פּענימער, רויטע פאָנען, רויטע גוואַרדיע אין פייערדיקן שלאַקס־רעגן פון שפּיזן... דער כּאַוועד לעבין אַפן רויטן פלאַץ. פונדערווייטנס זעט זיך, ווי עס פינקלען אויף זיינע ציין, ווי עס ציט זיך אויס זיין קין און ווי רופנדיק עס וואַרפט זיך פאַרויס זיין האַנט מיט די צעשפּרייטע פינגער, און אונטער דעם פּעלצענעם היטל קנייטשן זיך זיינע באַקן און באַקביינער. און עס דאַכט זיך, ער לאַכט. און מער איז גאָרניט געבליבן אין זיקאָרן, אויסער דערדאָזיקער רופנדיקער האַנט, אויסער דעמדאָזיקן ווייסן גלאַנץ פון די ציין און קנייטשן

אַף די באקן. ווי לאַנג דאָס איז שוין געווען!.. ווי אַ כאָלעם, ווי בילדער פון דער פריסטער קינדהייט. דער נארד-אסט קערט דעם שטויב אף די גאַסן... דעם שטויב און דעם אש... פאַרוואָס איז פריער ניט געווען קיין שטויב, און איצטער שטיקן זיך די סארפנדיקע טעג און נעכט מיט אַש?..

בא סערגייען אין צימער איז אויך שטיל, אָבער אין דערדאָזיקער שטילקייט—אַ פאַפירן-שארך. פארטראכטע טריט גיבן אַמאָל אַ שמיר איבערן דיל דארטן. ליבער סערגיי, ער שלאָפט אויך ניט. זיין שלאָפלאָזיקייט מעסט ער אויס מיט דורכגעלייענטע זייטלעך.

אַ שטילער קלאַפ אין טיר. אין ווערכער טיר—ניט צו פאַרשטיין.

— נו? ווער איז דאָרט?

באדינס שטים, און נאָך דער שטים נאָך זעט זיך אן, אז ער שמייכלט.

— פאלינקע, דו שלאָפסט? טו זיך אן און קום ארויס אף אַ מינוט: איך האָב צו דיר אן איניען.

— איך קאָן ניט, באדין. מאָרגן.

— מע קאָן ניט, פאלינקע. הויב זיך אויף און קום אַרויס.

די שטימע האָט אַ בריאזג געטאָן און שטייף זיך אויסגעגלייכט. אַ רע-דעלע האָט זיך אַ דריי געטאָן און די טיר האָט זיך געעפנט. טונקעלע ליכט האָט אין דער קארידאָר-פוסטקייט אַ פראל געטאָן. וואָס הייסט עס? ווי איז דאָס אַזוי געשעען, וואָס זי האָט היינטיקע נאַכט פאַרגעסן צו פאַרשליסן די טיר? אגעוו האָט זי דערזעען, אַז באדין האָט אן אויסערגעוויינלעכן אויסזעען: האַלב—אַ ווייסער, האַלב—אַ שוואַרצער.

— נו, אָט, אַזוי איז בעסער. דו ביסט צו ניט רירעוודיק.

ער האָט פאַרמאַכט די טיר און אַ קנאַק געטאָן מיטן שליסל. די הענט האָבן זיך ווידער אויסגעלאָשן אין דעם כוישעך, און דער כוישעך איז געוואָרן ענדלאָז. און ציזאַמען מיטן כוישעך, געדיכטער מאכנדיק דעם כוישעך, ער אַליין, באדין—אַ שטיק כוישעך, האָט ווי אן אומדערטרעגלעך שווערע הרודע גערוקט זיך צו איר.

און ס'איז אומפארשטענדלעך געווען, פאַרוואָס האָט זי דורך די הענט אירע, אין שוידער אויסגעצויגענע, געשטיקט זיך מיט איר שעפטשען:

— וואָס ווילסטו פון מיר האָבן, באדין?.. וואָס ווילסטו?..

און זי האָט ניט באוויזן די הענט אראָפצולאָזן: שוידערלעך שווער איז ער געפאַלן אפן בעט און צוגעשטיקט זי צום קישן.

— שווייג, פאלינקע... שווייג, שווייג!..

זי האָט זיך געשטיקט אונטער זיין אומדערטרעגלעך שווערן קערפער, געשטיקט פון שווייס און טשעמעלעדיקן בראנפן-גערוך. זי האָט זיך ניט גע-ווערט, אַ דערשטיקטע פונם כוישעך,—זי האָט זיך ניט געקאָנט ווערן: צו וואָס, ווי באלד עס איז געווען אומפארמיידלעך און אומאָפווענדלעך?..

ווען איז באדין אוועק, האָט זי ניט געוואוסט. ס'האָט אין פונקען גע-וויקלט זיך און געקרעכצט דער ענדלאָזער כוישעך. ערגעץ ווייט האָט גע-ברומט אַ ריזיקער אוילאָם, און אומענדלעך האָבן דונערס זיך געקוילערט. יא,

דאָס איז—דער נאָרד-אסט. דאָס איז—ניט קיין רעגן און ניט קיין דונער: דאָס איז—דער נאָרד-אסט. איצט איז דער הימל טרוקן און דורכזיכטיק, און די שטערן פינקלען זיך דורך העל און שאַרף מיט בלענדנדיקע סנאָפּעס רעגנבויגן-שטראַלן.

איז געווען באַדין אדער ער איז ניט געווען? עפּשער איז עס בלויז אַ געוויינלעכער קאָשמאַר? אַ וויסטער כאָלעם? קאָשמאַרן זיינען דאָך שטענדיק רעאַל, ווי דאָס לעבן. ניט דערפאַר אַמאָל זיינען זיי אַזוי שוידערלעך און דערשיטערן אַזוי די נעשאָמע? איז געווען באַדין, אָדער ער איז ניט געווען?

זי איז אומבאַוועגלעך געלעגן, איינגאַנצן אַ נאַקעטע און אויסגעמאַטערטע. דאָס העמד איז געווען פאַריסן העכער איבער דער ברוסט אריבער און צונויפגעקנייטשט אין אַ נאַסער שמאַטע און געשטונקען מיט שווייס און מיט נאָך עפּעס אן איבלדיקן גערוך, וועלכן זי האָט פריער גאָרניט געקענט. און לאַנג האָט זי איר קערפּער ניט געקאָנט דערפילן: פּונקט ווי זי וואָלט בלויז אַ קאָפּ פאַרמאָגט און קיין קערפּער ניט. אומעטום—פוסטקייט און ענד-לאָזיקייט: שוואַרצער אפּגרונט. און זי איז ניטאָ, בלויז—דער קאָפּ, און דער קאָפּ שווימט לייכט און געוויכטלאָז אין דעמדאָזיקן שוואַרצן אָפּגרונט. און דאָרט אין דעם כוישעך און הינטער דעם כוישעך,—אַ דערשיטערנדיקער גע-דונער און געבריל פונם שטורעם. ס'איז אַזוי גוט און רואיק, און ס'איז גאָר-נישט ניטאָ, און ציים עקזיסטירט ניט.

סערגייס טריט האָבן זיך צו איר טיר צוגעשאַרט און זיינען געבליבן שטיין דאָרטן. פאַרוואָס איז סערגיי צו איר טיר צוגעקומען? פאַליע האָט דער-הערט דידאָזיקע טריט, און דאָס האַרץ האָט אויפגעצאַפּלט און דער קערפּער איז פּלוצלונג אָנגעפילט געוואָרן מיט בלוט און מיט קאַנוואולסיע. אין די פיס, נעבן בויך,—אַ טעמפּער ווייטיק. באַדין... יאָ, זיין טיר—איז דערנעבן, צו-קאָפּנס. ער איז געווען און אַוועק. און עס איז ניט געווען קיין שוידער—עס איז גאָרנישט ניט געווען. אָבער אין דער טיף, ערגעץ אַרום האַרצן צאַפּלט זיך און ציטערט ווי אַ סטרונע, בינדט זיך אויף און פאַרבינדט זיך, פליעסקעט ווי אַ הייסער שטראָם און שטיקט אין האַלז אַ בריענדיקער אומעט...

די ציין קנאַקן זיך און קאָגען איינע אַף די אַנדערע ניט טרעפן, און ס'איז אַ ווייטיק און אַ ברי אין האַרצן, אין האַלז, אין די ציין...

— אוי!.. אוי!..

אין קראַמפּן האָט זי זיך אַפן בעט געוואָרפן, אַפן דיל אַראָפּ און מיט-אַמאָל פאַרשטיינערט געוואָרן פון דעם טויט-שרעק, וואָס האָט זי ארומגע-כאַפּט. ווידער ווערט געדיכט און פאַלט אַף איר מיט ריזיקער שווערקייט דער כוישעך. אָט קריכט ער, שטיקט זי און בייסט זיך איין מיט די שאַרפע נעגל אין איר לייב.

פאַרלירנדיק דעם באַוואוסטזיין, איז זי, אַ באָרוועסע, אין איין העמד, אין קאָרידאָר אַרויסגעלאָפן. זי האָט זיך פאַרן הענטל פון דער טיר אין סער-גייס צימער אָנגעכאַפּט און געצאַפּלט, אַ בלינדע פון שרעק, און ניט געקאָנט אפרייסן די אויגן פון דער אפענער טיר אין צימער אריין.

— סערגיי! סערגיי!.. גיכער!.. איך בעט דיך!.. סערגיי!..

זי האָט מיט די נעגל די טיר געצופּט, געקראַצן און ווי אין כאַלעם האָט זי געפילט—די טיר אָטעמט הינטער איר און קען זיך בעשום אויפן ניט אויפמאַכן.

און ווען די טיר האָט זיך געעפנט, האָט פאַליע סערגייס האַלז אַרומגע־כאַפּט און געשטיקט זיך אין געיאָמער, אַ קליינינקע, אָן אומבאַהאָלפענע מיט קינדערשע ריפּעלעך.

באַ סערגייען האָבן הענט און פיס געציטערט, און דאָס האַרץ האָט גע־קלאַפּט. ער האָט זי צום בעט אַפּגעפירט און מיט אַ קאָלדרע זי צוגעדעקט. ער האָט אַ גלאָז וואַסער אנגעגאָסן, און די ציין אירע האָבן אָן גלאָז גע־קלאַפּט, און דאָס וואַסער איז אין שטראָמעלעך געראָנען איבערן קין.

— דאָס איז—עקלהאַפט, סערגיי... דאָס איז—שווינדערלעך... איך ווייס ניט, וואָס עס איז פאַרגעקומען, נאָר פאַרגעקומען איז עפּעס אַזוינס ניט צו פאַריכטן, סערגיי...

ער האָט זיך געזעצט אַף אַ שטול נעבן איר און ווייך, פאַרשעמט פּאַ־ריכט דעם קישן אונטער איר קאָפּ, די קאָלדרע, און געגלעט אירע הענט, האָר און באַקן.

— נו, מע דאַרף ניט... באַרואיק זיך, פאַליע... איך ווייס... ווען דו וואָלסט אַ געשריי געטאָן, וואָלט איך די טיר אַרויסגעזעצט און וואָלט אים דערשטיקט...

— דו ווייסט ניט, סערגיי... דו ווייסט ניט... קעגן אים קאָן מען זיך ניט ווערן... פון אים קאָן מען זיך ניט אַרויסראַטעווען...

— לאָמיר ניט ריידן, פאַליע. טרינק אויס נאָך אַביסל וואַסער און שלאָף איין. איך וועל זיצן נעבן דיר, און דו שלאָף: דו דאַרפסט אומבאַדינגט איינ־שלאָפן. דאָס איז—דער נאָרד-אָסט... שוין לאַנג קיין נאָרד-אָסט ניט געווען... מאָרגן וועט פריש און קיל זיין...

— סערגיי!.. סעריאָזשע, דו ביסט מיר אַזאַ נאָענטער און אייגענער!.. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט געשעען, סעריאָזשע... און איך האָב ניט גע־קאָנט .. איך ווייס ניט, וואָס וועט זיין, סערגיי...

ער איז געזעסן נעבן איר און האָט געציטערט מיט אָן אינעווייניקסטן פיבער ניט איינצוהאַלטן. און אויפגעציטערט האָט ער צום ערשטן מאָל אין יענעם מאָמענט, ווי נאָר ער האָט דערהערט באַדינס שטים. און דעמאָלט טאַקע האָט ער דערפילט, אַז דער דיל אונטער זיינע פיס האָט זיך צעהוידעט און צעוויגט, און מיטן ערשטן קנאַל פונם נאָרד-אָסט האָבן אַלע כפייצים ווייערע ערטער געלאָזט און צעפלויגן זיך, און אַוועקגעפלויגן, ווי פויגל.

— איך האָב געוואוסט, סעריאָזשע, אַז ס'וועט גלאַט אַזוי ניט אָפּגיין... דו האָסט געזען דידאָזיקע פענימער, דידאָזיקע קוילעס?.. ברידער העלפט... אַ-אַ-ן אָ-ו-ו-מגליק!.. און די שפּיל-ביינדלעך, און די פּירלען אין קאָפּע... און די שוי-פענסטער... אַ רעוואָלוציע, וואָס איז אין הענדלעריי פאַרוואַנדלט גע־וואָרן... און אָט דאָס... דאָס אַלץ—איז איינס, סעריאָזשע...

— יא, דאָס איז אלץ איינס, פאליע... מע דארף איבערלעבן דאָסדאָזיקע שוידערלעכע שטיקל צייט... מיר דארפן איבערלעבן... איבערלעבן, אום וואָס עס זאָל ניט גיין...

זי איז איינגעשלאפן, און די הענט אירע זיינען בא אים אין די הענט געלעגן, און ער איז געזעסן נעבן איר אומבאוועגלעך און ביזן סאמע באָגינען געקוקט אף איר שטאר, מיט שטילער, אומעטיקער ליבע.

4

## פאַרהאמעניש.

אפן זאוואָד איז נאך גליעבס אָפפאָרן געגאנגען א הייסע רעמאָנט-אַרבעט. די צעבראָכענע שויבן אין די פענסטער און דעכער זיינען נאָך ניט אריינגעשטעלט געווען, און אין די בעטאָן-ווענט האָבן נאָך די לעכער זיך געשווארצט אין די פאַרזשאווערטע אייזערנע ריטער, אָבער אינעווייניק, אין די פארטונקלטע אינגעווייטן פון די זאַוואָד-געביידעס, אונטער דער ליכט פון עלעקטרישע לעמפעלעך האָט שוין געפויקט און געדונערט דער עכאָ פון האַמערס און עקבערס, די קריצערײַ און געקלאַנג פון מעטאַל.

ס'האָבן געאַרבעט באַם רעמאָנט אלע פאראנענע ארבעטער — בא צוויי הונדערט מאַן. דער רעמאָנט פון דעם זיך דרייענדיקן אויוון האָט געפאָדערט צו זיך א באזונדערע אכט. מע האָט געדאַרפט איבערגיטעווען די שטאָלענע באַשלאָגעכץ ארום דעם אויוון און אפסניי אויסמויערן פון אינעווייניק מיט פייער-ווידערשטענדיקן ציגל. אפסניי האָט מען געדאַרפט אפגיסן און אפשלייפן קליינע מעטאַלישע טיילן צו די פאַרשיידענע קאָמפליצירטע מעכאַניזמען. זייער רואינירט זיינען געווען די רעזערוואוארן פאר שיטערן טייג, וואו מע האָט באַדאַרפט מאַכן נייע באוועגלעכע מיש-לאָפּעטעס און בייטן גאַנצע סיסטעמען טרויבן, אויסטערלישע צילינדרישע זיפּן און אלערליי איבערפלעכטנדיקע זיך, לייכטע אין זייערע ליניעס און צייכענונגען הילצערנע און מעטאַלישע מאַכשירים. ווייניקער פאַר אלץ איז געווען ארבעט אין דעם עלעקטראָ-מעכאַנישן קאָרפוס און אין דעם מאַשינען-אָפטייל. דאָרט איז געווען ברינזע. ברינזע האָט געלעבט—האָבן די מאַשינעס אויך געלעבט.

מענטשן, בלאָע פון שטויב, האָבן ארומגעשמייעט, געקראָכן ארום די אויוונס, געשפרונגען איבער די רעשטעוואניעס, איבערן האַפּט פון באַלקנס, לייטערס, פאראפעטן, ווי שפינען האָבן זיי דאָרט ארומגעפויזעט, ווי מייז האָבן זיי געגריזשעט אין די לעכער און שפּאַלטן דעם פארטריקנטן שטויב, געשרויפט, געשניטן, געזעגט דאָס אייזן און קופער, געפלאָנטערט זיך אין די נעצן פון דראָטן, געשריען, געריסן זיך, געזידלט זיך, די ציין געשטשירעט, געשפיגן מיט שמוץ און געשטיקט זיך פון שטויב, פון דומפקייט, פון פלוצלינגדיקן שטורעמדיקן מי-פיבער.

אַף דער צווייטער מאַגיסטראַל איז די ארבעט געגאַנגען רואיקער און שטילער. מע האָט דאָרט געביטן די רעלסן אין פאַרשיידענע ערטער, די ווי-אַדוקן געלאַטעט און גערייניקט די וועגן פון שטיינער און מיסט.

דער זאַוואָד איז ווי פריער געשטאַנען אין שטויב און פאַרלאָזנקייט, אָבער אומעטום האָט זיך שוין געפילט זיין אָטעם און דער ערשטער מאַשינען-ציטער. אין די מעכאַנישע קאָרפוסן האָבן שוין אומויפהערלעך, סאַי בײַטאָג, סאַי בײַנאַכט, געברומט און געברילט די דיזעל-מאטארן.

און יעדן טאָג איז דער אינזשענער קלייסט, אינגאַנצן אין ווייסן אָנגעטאָן (אי דאָס רעקל, אי די הויזן, אי דער הוט), שטרענג און כשיוועסדיק ארומגעגאַנגען איבער די ערטער, וואו די ארבעט איז געגאַנגען, און צום ערשטן מאָל האָט זיין פּאָנים אויפגעצאַפּלט מיט א שטילן איינגעהאַלטענעם שמייכל פון אויפרעגונג. ווי אמאל האָבן אַרומגעשמאַיעט נעבן אים די אלטע טעכניקער און עלטסטע, און פונקט אזוי נאכלעסיק, ווי אמאל, האָט ער זיי אָפּגעגעבן זיינע פאַראָרדענונגען און באַפעלן, אויפצאַפּלענדיק מיטן קאָפּ צום טאַקט פון זיינע ווערטער. אָבער מיט די אַרבעטער איז ער, ווי פריער, געווען טרוקן, שווייגעווודיק און איז פאַרבייגעגאַנגען פארבײַ זיי גלייכגילטיק, פאַרפרעמדט און בלינד.

גליעב איז אוועקגעפאָרן אַף א וואָך און איז פאַרפאַלן געוואָרן אַף א גאַנצן כוידעש. פון דער צווייטער וואָך אָן נאָך זיין אוועקפאָרן איז די ארבעט אוועק מיט האַפּסאָקעס, און צום סאָף איז זי אינגאַנצן געבליבן שטיין. די זאַוואָד-פאַרוואַלטונג האָט אויפגעהערט אויסצופילן דעם באַשטעטיקטן פּלאַן און באַזאָרגן מיט מאַטעריאַלן לויט דער סמעטע, און אין ראַטפּאָלקווירט האָט מען זיך צו קיין טאָלק בעשום אויפן ניט געקענט דערשלאָגן. ווידער — אינדוסטר-ביוראָ, הויפּט-צעמענט, מעלוכע-פּלאַן...

אין דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג זיינען די ציכטיקע ספּעצן מיטן אינזשענער קלייסט געווען אָפּנהערציק.

— הערט אויף, הערמאַן הערמאַנאָוויטש, אייער מאָדנע אויפירונג, פּונקט ווי איר וואָלט ניט געוואוסט, אז דער זאַוואָד קאָן ניט געלאָזט ווערן. צו וואָס באדארפן זיי אייגנטלעך א זאוואָד? ס'איז דאָך לעכערלעך, הערמאַן הערמא-נאָוויטש... לאָמיר אָננעמען, אז דער זאוואָד ארבעט שוין, און די פּראָדוקציע איז אָנגעקומען אַף די לאגערן. איז וואס זשע ווייטער? דער מאַרק? אָבער קיין מאַרק איז דאָך ניטאָ. פריער האָט זיך מיט אונזער צעמענט געגערט הויפּטזאכלעך דער אויסלענדישער מארק. און איצט? בויאונג? אָבער קיין בויאונג איז דאָך אויך ניטאָ, און עס קאָן ניט זיין, ווייל עס איז ניטאָ ניט קיין קאפּיטאלן, ניט קיין פּראָדוציר-קויכעס. א טאראראם האָבן זיי אויפגעהויבן א גרויסן — דאָס דארף מען זיי אָפּגעבן גערעכט. אָבער אָט — קויכעס קלעקט ניט, קיין געניטקייט ניטאָ, קיין מיטלען ניטאָ פאר אויפבוי-ארבעט. און עס קאָן ניט זיין, וויבאלד עס איז ניטאָ קיין פּריוואטער קאפּיטאל און פּריוואטע

אונטערנעמערישקייט. אף א נאַציאָנאַליזירט פערד וועט מען ווייט ניט פאָרן. וואלענס-נאלענס*) וועט אויסקומען צו ווענדן זיך צו די וואריאגן**).

דער אינזשענער קלייסט האָט קאַלט און מיט כשיוועס אויסגעהערט די ספּעצן, געררויכערט א פּאַפּיראָס, ניט געאַמפּערט זיך, אָבער באַמערקט קורץ און וואָגיק:

— איך בין געקומען אהער ניט צו לייזן פראַגן פון געביט פון פּאָלי־טישער עקאָנאָמיע און דער אלגעמיינער סיסטעם פון מעלוכע-ווירטשאַפט אין רוסלאַנד. איך האָב א באַשיידענע אויפגאַבע: פּאָדערן פון דער זאַוואָד-פּאַר־וואַלטונג, אַז זי זאָל אויספילן דעם פּראָדוציר-פּלאַן אַפן נאָענטסטן שטיקל צייט. די רעמאָנט-ארבעטן זיינען איבערגעריסן געוואָרן צוליב דער שולד פון דער זאַוואָד-פּאַרוואַלטונג.

די ספּעצן האָבן געקוקט אף זייערע הענט און באַהאַלטן דעם שמייכל זייערן אין קארעקטער גרייטקייט צו קומען אנטקעגן דעם אינזשענער קלייסט.

— די זאַוואָד-פּאַרוואַלטונג, הערמאַן הערמאַנאָוויטש, איז דאָ מיט קיין זאַך ניט שולדיק: זי באַקומט אלע אינסטרוקציעס פונם ראַטפּאָלקווירט. ווענדט זיך דירעקט צו דעמדאָזיקן אַנשטאַלט.

דאָס זיינען געווען נייע מענטשן, געשיקטע פון ראַטפּאָלקווירט, אָבער דידאָזיקע מענטשן האָבן, אונטערן צודעק פון לאיאַליטעט, פעסט געטראָגן אין זיך די פאַרגאַנגענהייט. אויך ער, דער אינזשענער קלייסט, האָט געטראָגן אין זיך דידאָזיקע פאַרגאַנגענהייט, אָבער זי איז געוואָרן פאַר אים א ווייטע און טויטע: דידאָזיקע פאַרגאַנגענהייט איז פאַרברענט געוואָרן אינם פייער פון דער געגנוואַרט, און פון דער פאַרברענטער פאַרגאַנגענהייט זיינען בלויז האלא־וועשקעס געבליבן. ער און דידאָזיקע מענטשן האָבן זיך שוין איינע די אנדערע מער ניט פאַרשטאַנען. און ער האָט געזען, ווי זייערע אויגן פלעגן זיך לעשן פון זיינע אומגעריכטע ווערטער, ווי אין זייער שמייכל איז געלעגן באַהאַלטן כויזעק, אומצוטרוי און פאַכדאָנעס. דערדאָזיקער מאָדנער מענטש איז אָדער צו כיטרע, אָדער אויווער-באָטל געוואָרן פון פאַנישן פאַכעד פאַר די באָלשעוויקעס...

דער אינזשענער קלייסט איז געגאַנגען אין ראַטפּאָלקווירט. און אויך דאָרטן האָט מען אים באַגעגנט פּונקט אזוי מיט אכטונג און אויפגעלייגט, ווי אן אייגענעם מענטשן, און געשמייכלט האָט מען דאָרטן פּונקט אזוי, ווי אין דער זאַוואָד-פּאַרוואַלטונג, רעטעניש־דיק, פּילדייטיק, געשמייכלט דורך גאָלדענע ציין, דורך שאַרפע רעמאָזים אין די אויגן.

*) וואָלענס-נאָלענס—ווילנדיק—ניט-ווילנדיק.

**) וואַריאַגן—פרעמדלענדער. לויט דער לעגענדע האָבן די ארטיקע שוואָטים פון אוראלטן רוסלאַנד, וועלכע האָבן בא זיך ניט געקאָנט איינשטעלן קיין אָרדענונג, געמוזט זיך ווענדן צו די „וואריאגן” (אייגנטלעך—סקאנדינאווער) מיט א פאָרשלאַג-ביטע: „אונזער לאַנד איז רייך און מיט שעפע, נאָר קיין אָרדענונג איז אין דעם ניטאָ. קומט איבער אונז געוועלטיקן”. „זיך ווענדן צו די וואריאגן” הייסט זיך ווענדן נאָך הילף פון דער פרעמד אף אלע מעגלעכע באדינגונגען.

א י ב ע ר ז.

פונקט אזוי כשיוועסדיק און קאַלט האָט ער אויך דאָ קורץ און בוילעט דערציילט וועגן דעם ציל פון זיין קומען, און דאָ, ווי אין דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג, האָט ער געהערט איידל-אָפיציעלע ענטפערן אין א נעפּל פון פאַרבאָרגענעם כויזעק פאַרהילט.

— יאָ, דאָס אויספילן אייערע סמעטעס האָט זיך פאַרהאַלטן, ווארשיינלעך וועלן זיי איבערגעקוקט ווערן. איר פאַרשטייט, מיר קענען ניט קעגן דעם ווילן פון דער אינדוסטרביוראָ און הויפּט-צעמענט... קאַלזמאַן עס זיינען ניטאָ די געהעריקע באַדינגונגען... דער פאַרזיצער פון ראַטפּאָלקווירט, ווי א געניטער און באדאכטער מענטש (און אין די אויגן — א שטארער, שפילעוודיקער געלעכטער) האָט איינגעשטימט מיט אונזער פאָרטראג... דאָ איז אלץ צו איילעוודיק... וואָס וועט הויפּט-צעמענט זאָגן... ס'איז דא א גרונט צו טראַכטן, אז אין דער אינדוסטרביוראָ און באַזונדערס אין הויפּט-צעמענט וועט דידאָזיקע גאנצע מאיסע מיטן זאַוואָד קיין מיטגעפיל ניט געפינען... מיר ווארטן אף אווטאָריטעטע אָנווייזונגען...

דער אינזשענער קלייסט האָט שוין אָן טעכניקער און אָן עלטסטע איינער אַליין אַרומגעבלאָנקעט איבער די זאַוואָד-קאָרפּוסן, איבער די רעלסן, לאַנג באַקוקט די פאַרוואָרפענע בריקלעך און געביידעס, די צענומענע מעכאַניזמען, די אָנגעוואָרפענע קופעס מיסט אף די איבערגעריסענע אַרבעטן, געטראַכט און מאָרעשכוירעדיק געקלאַפּט מיטן שטעקן אין די שטיינער, אינם אָפּפאַל און אין די פאַרוואָרפענע מאַטעריאַלן. און נאָר איין מענטש בלויז האָט זיך אים באַגעגנט אין דידאָזיקע שטומע שפּאַצירן זיינע — דער שוימער קלעפּקא מיט ברעמען און אַ באָרד, ווי פון צעמענט אויסגעקנאָטן.

גליעב איז געקומען צו פאָרן מיט אַ פאַריסענעם העלם אַף דער פאַטילניצע, אינגאַנצן אַ שמוציקער און צעקנייטשטער פון וועג, אָבער מיט לויטערע, ווי אויסגעוואַשענע אויגן. ער איז אַהיים ניט אַוועק און אַוועקגעשפּאַנט גלייך אין זאַוואָד אַריין. פאַרבראַכט דאָרט אַ קורצע ווײַלע און, אַ בלאַסער פון אויפרעגונג, אַ פאַרבלענדטער פון העלישן קאָעס, מיט אַ מאַמע-געזידל אף די ליפּן, מיט ברייטע טריט האָט ער אַוועקגעשפּאַנט אפן ברעמסבערג. אומעטום—פוסטקייט, מיסט און בראָכווארג, ווי אין די ערשטע טעג פון זיין קומען פון דער אַרמיי.

שטיקנדיק זיך פון קאָעס, האָט ער מיט געלאָף זיך אוועקגעטראָגן אין דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג.

די ציכטיק געקליידעטע ספּעצן, אין סמאָקינגען, אין האַלזטיכער, זיינען פאַרטויבטע פון אומגעריכטן קנאַלן און גאָרגלדיקן מאַמע-געזידל, פאַרוואונדערטע און פאַרלוירענע פאַרגליווערט געוואָרן אף זייערע ערטער: ווער ס'האָט געהאַלטן אין גיין — דער איז שטיין געבליבן, ווער עס איז געזעסן — איז אויפגעשטאַנען, ווער עס האָט געשריבן — האָט דעם קאָפּ ניט געקאָנט אויפהויבן מיט פאַרגליווערט-געוואָרענע הענטל-פּען נעבן דער נאָז.

פון סאַמע שוועל אָן האָט גליעב אָנגעהויבן באַטויבן אַלעמען און ארויסברענגען די ווערטער פון ברוסט און פון סאַמע אינגעווייט זיינעם.

— וואָס פאַר אַ קאַנאַליע, זאָגט מיר, האָט דאָס אָפּגעטאָן די־דאָזיקע נידערטרעכטיקע אַרבעט?.. איך וועל די צורעס אַלעמען צעפּאַטשן פאַר אזאַ מין פאַרעטערישקייט... וואו איז דער דירעקטאָר?.. איך וועל באַלד אַלע מענואוואַלים אין טשעקא אריין אַוועקיאָגן פאַר סאַבאָטאַזש און קאָנטר-רעוואָלוציע... איר האָט געמיינט: וויבאַלד איך בין ניטאָ, קאָנט איר אייער אַלטע טאַקטיק פירן? איר האָט געמיינט, אַז אָן מיר וועלן אייערע פאַרשיווע שטיק דורכגיין?.. טייוולשע ליאַלקעס, איך וועל אייך אַלע אַפּן האַלז אַ שטריק אָנטאָן...

ער איז געלאָפן פון צימער צו צימער מיט אַ פּאָנים, אָנגעגאָסענעם מיט בלוט, עמיצן געזוכט, קיינעם ניט געזען, די שטולן געשליידערט, די פּאַפּירן פון די טישן אַראָפּגעשמיסן, די מענטשן געשטופּט און געוואָרפן, אויב זיי האָבן זיך נאָר אין וועג אים זיך געטראָפן. די ווי פּופּן-צאַרטע מאַשיניסטקעס האָבן דערשראָקן אַף זייערע שטולן זיך געקראַמפּט און פאַרשטעקט זייערע האָר-לעקעלעך אין די קלאַוויאַטורן פון די מאַשינקעס.

און מענטשן זיינען געשטאַנען און געזעסן אין פאַרוואונדערונג און פאַרלוירנקייט, שטומע פון פּאַכעד, און ווען ער איז אַוועקגעלאָפן פון זיי, האָבן זיי פּאַכדאָנעסדיק זיך איבערגעקוקט און פאַרשטעלט זיך די פּענימער מיט די הענט און מיט פּאַפּירן.

ווען זיין צעיושעטער דראַנג איז אַביסל אריבער פון געשריי, האָט ער אַ וואָרף געטאָן אין איינעם פון די צימערן זיין שינעל און רוק-זעקל און אריינגעריסן זיך צום דירעקטאָר אין קאַבינעט אריין. מיט פּונקט אַזאַ אויפ-גערודערטער פאַרוואונדערונג, אָבער אַ שטרענג-רואיקער האָט אים באַגעגנט דער געהילף-דירעקטאָר, מילער, אַ מענטש מיט אַ זילבערנעם האָר-בערשטל אַפּן שאַרבן, מיט זילבערנע געשווירענע וואָנצעלעך, מיט גאָלדענע פּענסנע אַף דער נאָז. ער איז אויפגעשטאַנען, אַ גלאַנץ געטאָן מיט זיינע גאָלדענע ציין און אויסגעצויגן אים אַ האַנט איבערן טיש אריבער.

— וואָס האָט איר זיך דאָרט צעפּילדערט, כאַווער טשומאַלאָוו? איר זידלט זיך אַזוי, אַז די שויבן פּלאַצן.

גליעב האָט זיך ניט געזעצט און די אויסגעצויגענע האַנט ניט באַ-מערקט. ער האָט זיך מיט אַ זייט צו מילערן געשטעלט און אויסגעדרייט צו אים זיין אָפּגעברענט, אויסגעדאַרט פּאָנים.

— ווער האָט פאַראָרדנט אָפּצושטעלן די אַרבעט אַפּן זאַוואָד?

מילער האָט ווידער אַ גלאַנץ געטאָן מיט די ציין און צעפּירט מיט די הענט אין האַכנאָעדיקער מאַכטלאָזיקייט.

— איר פּראַוועט נאָר ניט קיין נאַרישע שטיק און האַקט גלייך, וואָס פאַר אַ הונט האָט דאָס באַגראָבן די גאַנצע אַרבעט אין פולן ברען אירן?

מילער האָט אַ צוק געטאָן מיטן קאָפּ, א גלאַנץ געטאָן מיט די גלעז-לעך פון דעם פענסנע, און זיין פּאָנים איז אָפּגעריבן און פארזשאווערט געוואָרן.

— קוידעמקאָל, כאַווער טשומאַלאָוו, וואָלט איך אייך געבעטן, איר זאלט זיין אַביסל פאָרזיכטיקער אין אייערע אויסדריקן. די זאַוואָד-פּארוואַל-טונג איז דאָ מיט קיין זאך ניט שולדיק. מיר האָבן אָפּגעשטעלט די ארבעט דערפאר, ווייל דער ראטספּאָלקווירט האָט ניט געפונען פאר מעגלעך פאָרצו-זעצן דעם רעמאָנט צוליבן פעלן פון די נויטיקע מיטלען און דער סאנקציע פון די העכערע ווירטשאפטלעכע אָרגאַנען.

— גיט מיר דידאַזיקע פאראָרדענונג פונם ראַטספּאָלקווירט. צונויפגע-שמעקט זיך, קאנאַליעס, מיט דער ראטספּאָלקווירטישער כעוורע: געמיינט, אז אין מיין אָפּוועזנהייט וועט אייך געלינגען די קאָרט איבערבייטן? געמיינט, אז אין דער אינדוסטרביוראָ וועט מען מיך מעשאַלייעך זיין, און אייך וועט אין דער הייסער מינוט דאָס מאַזל א שפּיל טאָן? איר שפּאסט, טייבעלעך: איך וועל געפינען א מיטל אָוועקצוזעצן אייך אונטערן גלאָז.

— וואָס זשע פאר א גרונטן האָט איר, כאווער טשומאלאָוו, אַף אַרויפ-צוואַרפן אף אונז אַזעלכע שווערע באשולדיקונגען? איך פּראָטעסטיר אפּן סאמע קאטעגאָרישן אויפן: ניט באדאכט רעדט איר באליידיקנדיקע ווייד. מיר זיינען דאָך ניט קיין קליינע קינדער: מיר קאָנען דאָך ניט ארויסגיין פון די ראמען פון די אינסטרוקציעס און פאָרשריפטן, וואָס קומען פון אויבן. מיר זיינען אפילע באזייטיקט געוואָרן פון אנטייל נעמען אין דידאָזיקע געשעע-נישן: אלע לאגערן זיינען אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן פונם ראטספּאָלקווירט, אַלע דאָקומענטן זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון די איניאָנים דורך א פאָרשטייער פון ראטספּאָלקווירט... זייט אזוי גוט און מאכט סקאַנדאלן ניט אונז, נאָר דעם ראטספּאָלקווירט.

גליעב האָט זיך שארף אומגעדרייט צו מילערן און א קנאַק געטאָן מיטן פויסט אין טיש.

— איר האקט מיר ניט, איך בעט אייך, קיין פוסטע מאַיסעס. איך קען אויסגעצייכנט אלע אייערע מאכינאַציעס. איך וועל אייך אַזוי ניט דורכלאָזן צוליב אייערע שיינע אויגן. איר האָט, פריינט, פאַרגעסן דעם איניעץ מיט ראַיוואַלד. איר וועט אַף אייער אייגענער פעל דערפילן, ווי אַזוי מע שיסט קאנאליעס. איר האָט מיך פּאַר א נאַר געהאלטן און געקלאַפּט מיך מיט דער אינדוסטרביוראָ, און איך וועל אייך די קעפּ און די ריפּן צעברעכן. ווייסט, אז פון מאָרגן אינדערפרי אָן טרעטן די אַרבעטער צו צו דער אַרבעט. דער רעמאָנט דארף פארענדיקט ווערן אין צוויי כאדאָשים אַרום, און פון האַרבסט אָן וועט דער זאוואָד זיין אין פולן גאנג. פארשטאנען?

מילער האָט א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס, פארלוירן א שמייכל געטאָן און געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דערשטיקט זיך מיט זיין טרוקענעם צונג.

אפן בריקל, נעבן דעם זאַווקאַם, האָבן זיך ארבעטער געשטופּט, גע-זאַמלט זיך אין קופּקעלעך אין לאַנגווייל פון גיין ליידיק, געזעסן אין שאָטן אַף דער ערד נעבן דער וואנט, ארויסגעגאנגען און אריינגעגאנגען אין דער טיר, געררויכערט, געפּילדערט פאַרשיידנשטימיק און הילכיק, דונערנדיק גע-לאַכט. גראמאדע איז געשטאנען אפן הויכן גאַניק, אין דער אָפענער טיר פון דער קאנטאָר, געפּאָכט מיט די ביינערדיקע פויסטן און געריסן זיך אין שווינד-זיכטיקער צעהיצטקייט.

— ווי עס איז באַוואוסט, כאווירים, איז עס צייטווייליק, אָבער מיר זיינען מעכויעוו ווי אַן ארבעטער-קלאַס באַציען זיך באַוואוסטזיניק און אזוי און וויטער... מיר וועלן אין שלאנקע רייען ווי א קעמערדל און פאַרזאַמלונג א רעוואָלוציע ארויסטראָגן, און אזוי ווי דער פּראָפּראַט און פּראָפבוי זיינען אונזערע לייבלעכע אָרגאַניזאציעס, וועלן מיר אזוי ארום קאָנען באשיצן אונ-זערע אינטערעסן און לאָזן דעמדאָזיקן איניען אין גאנג אף איבערגעבן אים אין רעוואָלוציאָנאל אריין... און אלערליי אומצוכטן דאָרטן און קלאַוויס וועלן מיר דערציילן די מאַיסע...

דער אוילאָם האָט אויפגעדונערט מיט אויסגעשרייען, מיט געלעכטער און מיט אפּלאָדיסמענטן.

און בלויז איין סאַוושוק, אין א צעריסן העמד, האָט ווי אַן אָקס דעם אוילאָם צעשטופּט, מיט די הענט געפּאָכט און געפּילדערט ווי א דולער:

— שלאָגן דאַרף מען זיי, די געציישע נעשאָמעס!... אין יאם אריין זיי, הינטישע זין!... פאַרוואָס דרייט איר זיך, אויסוואורפן?... פאַרטראָגן קאָן איך זיי ניט!...

גליעב איז מיט די ברייטע בעטאָן-טרעפּ אַראָפּגעלאָפן אראָפּ און גלייך פאַרשטעקט געבליבן אין דער געדיכטעניש פון שטויביקע און שווייסיקע פּע-נימער, אין געטומל, אין געפּילדער.

— אָט איז ער, דער מאמזער!... אך, דו, הינטישער זון!... הא-הא, איצט וועט ער, דער קריגסמאַן, דעקן. ער וועט זיי אלע צום ווענטל שטעלן... הא-הא, דער טייוול האָט דיך געדאַרפט אוועקטראָגן אף אונזער קאָפּ אין א ניט גוטער שאָ!...

און צווישן דידאָזיקע פריידיקע אויסגעשרייען—אנדערע, מאָרעשכוירע-דיקע שטימען:

— ווי זשע איז עס אזוי, כאווער טשומאלאוו?... וואָס הייסט עס?... אויב אזוי ארבעטן, איז דאָך בעסער צום טייוול אין לאָך אריין... א ווער-טעלע, צי וואָס?... מיר וויסן, וועמעס שפּיצלעך דאָס איז... דידאָזיקע אלטע הויט-שינדער האלטן אין איין כאַלעמען וועגן דעם צארישן רעזשים... אף די באלעבאטים וואַרטן זיי, נעוויילעס... מע דאַרף זיי אלע מיטנעמען אף דער ביקס... קיין גוטס איז ניטאָ פון זיי וואָס צו וואַרטן...

עס האָט פון זיי א היץ געשלאָגן, עס האָט פון זיי געשמעקט מיט געררייכערטער מאכאָרקע, און פון דער ענגשאַפט און פון אָטעמען איז געווען דומ-

פיק. גליעב האָט מיט די פּלייצעס זיינע צעשטויסן דעם געדיכטן געזאַמל אַף רעכטס און אַף לינקס.

— כאווײרים, די ארבעט וועט גײן מיט פולן גאַנג. מאָרגן מיטן פריף נעמט זיך יעדערער פאַר זיין אַרבעט. דידאַזיקע אלע מאַכינאַציעס וועל איך פלינק פאַנאַנדערפלאָנטערן, און כ׳וועל שוין וויסן וועמען מיטן נאָגל א קוועטש טאָן. איך פאָר אין ראַטפּאָלקווירט. מיר וועלן פאָדערן, כאווײרים, אַן אומראַכמאָנעסדיקן פּסאַק פאַר דער קאָנטר-רעוואָלוציע. אין דער אינ-דוסטרביוראָ האָב איך אויסגעפירט אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט. געבראַכט מיט זיך הייצוואַרג. מירן שיקן מענטשן נאָך קלעפּקעס. אין דער ערשטער ריי לאָזן מיר די ברעקל-מאַשין און דאָס איבערמאָלן דעם קלינקער.

גליעב האָט זיך פּאָרויס א ריס געטאָן, צעשטופּט דעם אוילאָם אין פאַרשיידענע זייטן, אָבער ארויס פון דעם געדרענג ניט געקאָנט. מענטשן האָבן געשריען, געריסן זיך, זיך געשטויסן מיט אים אַפן בריקל, געפּאַכט מיט די הענט און געטאָפּטשעט מיט די שיך איבער בעטאָן.

— ה-ו-י-ב-ן... ר-ר-א-א!... הויבן טשומאַלאָוון!...

סאַווטשוק איז מיט אָנגעשטעלטע פויסטן אַף גליעבן געקראָכן און מעטורעפעוהייט געשריען דורך דער מוטנער פייכטקייט אין זיינע אויגן.

— געציִשע נעשאָמע דו!... גליעב!... גיב אַ לאָז מיטן גאַנצן קנאַק די באַנדארניע!... פאַרטראָגן קאָן איך עס ניט!... שלאָגן וועל איך די הינ-טישע זין!...

גליעב האָט א פּאָך געטאָן מיטן העלם איבער די קעפּ.

— גראַמאַדע!... וואו איז גראַמאַדע?... שטופּ אים אהער, כּוורע... אָט אַזוי!... מיר פאָרן, גראַמאַדע!...

צום ראַטפּאָלקווירט איז גליעב ניט דערפאָרן, נאָר ער איז פון דער ליגייקע אַראָפּ בא דער טיר פונם אויספירקאָם.

אַף די טרעפּ אַפן צווייטן שטאָק האָט ער געשלעפּט גראַמאַדען אונטערן אָרעם. און גראַמאַדע האָט געכריפּעט, געשטיקט זיך און אויסגעסלאָפּעט די אויגן פון אויסגעמאַטערטקייט.

— עך, א געפייגערט אָף ביסטו!... צו א געשלעג טויגסטו ווי א צע-ריסענער שטיוול... שטיי!... נו, נעם זיך אָן מיט מוט פאַר א שלאַכט.

— דו ווייסט דאָך, כאַווער טשומאַלאָוו, אז ווי איך בין ניט אין פאַר-שטיקטן צושטאַנד, וועל איך פונדעסטוועגן יעדן ספעץ א פּערציק אויגלעך פאָר געבן...

— אָ-וואַ, בערג וועלן מיר איבערקערן, צו אלדי שווארצע יאָר!... ריכטיק!... א געפייגערטער ביסטו, אָבער שיסן שיסטו ווי אַ קוילן-וואַרפער.

און ווי נאָר דער צעשויבערטער און באוואַקסענער כעווערמאַן האָט גליעבן דערזעען, האָט ער פונדערווייטנס נאָך די טיר געעפנט און אין א זייט זיך אָפּגערוקט צוזאַמען מיט זיין שטול.

באַדין איז געווען בא זיך אין קאבינעט ניט אליין: בא אים זיינען גע-זעסן שראַם, טשיבּיס און דאַשע.

זי האָט א קוק געטאָן אף אים און א בליק געטאָן מיט די אויגן פון פאַרוואונדערונג, און ווי א ברייטע כוואליע האָט זיך א שווענק געטאָן דאָרטן אומרו און פרייד. אָבער גליעב האָט אין אירע אויגן דערזועען ניט קיין פרייד, נאָר עפּעס אַנדערש, אזוינס, וואָס ער האָט פריער ניט געזועען, עפּעס טיפעס, ווי א זיפץ, און דאָסדאָזיקע איז דורך זיין האַרץ דורכגעגאנגען ווי א נודנער ברי.

באדין האָט צעשטרייט א קוק געטאָן אף אים פון אונטער די ברעמען אפער און ווידער אראָפּגעלאָזט די אויגן אַפן טיש, אף די פּאַפּירן, וואָס ער האָט געשאַרט מיט די האָריקע פינגער: ער האָט געהערט שראמען.

טשיבים איז געזעסן, ווי שטענדיק: צי ער האָט זיך געלאַנגווײַלט, אָפּ-רוענדיק, צי ער האָט געטראכט עפּעס אייגנס, וועגן אזוינס, וואָס ער וועט קיינמאָל קיינעם אין דער הויך ניט אַרויסזאָגן.

— וואָס טוט דאָ דאַשע? דאשע—בא באדינען. ניט שוין זשע איז עס טאקע עמעס—אירע רעטענישן און וויצן וועגן שלאָפן מיט באדינען אין איין בעט אין יענעם ישעוו? איז עס אזוי געווען אָדער ס'איז ניט געווען? פאַר-וואָס איז אין אירע אויגן כוישעך, און אין דעמדאָזיקן כוישעך—נייע, מאָדנע כוואליעס? די אויגן אירע זיינען טרוקן, קיילעכדיק, פון היץ פאַרברענטע, ווי אין פיבער. ווידער איז די נעשאָמע אירע א טיפער ברונעם, און ווי דאָס וואסער אין א טיפן ברונעם,—ניט צו דערלאַנגען. און צום ערשטן מאָל האָבן איבערן האַרץ א שווערן קלאַפּ געטאָן די קימאַט שוין פארגעסענע ווערטער מאטיעס: ס'וועט ניט זיין בא זיי קיין לעבן מיט איין נעשאָמע, ס'וועט ניט זיין באַ זיי קיין געמיינזאַמע נעסט און געמיינזאַמער ווארימער גע-לעגער.

ער איז צו איר ניט צוגעגאַנגען, און זי איז געבליבן זיצן אָן א זייט, ניט געקוקט מער אף אים און איז געווען, ווי א פרעמדע.

שראם איז אַן אומענטשלעך רואיקער געזעסן אנטקעגן באַדינען און גערעדט מיט א טויבער גראמאפאָן-שטימע:

—...און ניט מיין שולד איז עס, אויב עס זיינען געווען מיסברויכן אין ראיוואלד. איך האָב פּונקטועל אויסגעפילט די אינסטרוקציעס פון די אָנפירנ-דיקע אָרגאנען. פאַרוואָס האָט דאַמאָלסט די ארבעטער-פּויערשע אינספּעקציע קיין שום אומנאָרמאַלקייטן ניט באַמערקט, און איצט האָט זי אין די אַקטן אירע אָנגעוואָרפן גאַנצע בערג קרימינאַלן? דער אַפּאַראַט פון אונזער ראַט-פּאָלקווירט איז א מוסטערהאפטער, די ארבעט גייט דורך גלענצנד. און פּלוצ-לינג ווייזט זיך ארויס, אַז דאָס אלץ איז גאָר קיין ארבעט ניט און קימאַט א דורכויסיקער קרימינעלער פאַרברעכן. איך פאַרשטיי עס ניט און פאָדער, מע זאָל דורכפירן א גאַנץ גענויע רעוויזיע.

באדין האָט קאַלט, מיט דער גאַנצער שווערקייט פון זיינע אויגן, א קוק געטאָן אַף אים פון אונטער זיין מעכטיקן שטערן אפער.

— דו פאַרשטייסט ניט... ס'איז קלאָר, פאַרוואָס דו פאַרשטייסט ניט. דער אפּאַראַט פונם ראטפּאָלקווירט איז א מוסטערהאַפטער, די סכעמע איז

גלענצנד אויסגעפילט. און טאַקע דערפאַר, ווייל דערדאָזיקער אפאראט איז א מוסטערהאַפטער, האָט ער געדינט ווי א זעלטענעם צודעק פאַר פאַרברעכנס. דו האָסט די גאַנצע אַרבעט איבערגעגעבן אין די הענט פון א פרעמדן, פיינטלעכן צו אונז עלעמענט. איבער דיין מוסטערהאפטן אפאַראַט האָסטו ניט געקאָנט זען די אומויפהערלעכע רויבערייען אין ראיוואַלד, ניט געזען, אז די אַרבעטער זיינען אָן ברויט געבליבן, אָן קליידונג, אָן אינסטרומענטן, אַז די אַגענטן האָבן ספעקולירט אָפן כעשבן פון דער מעלוכע. דו פאַרשטייסט ניט, פאַרוואָס בא דיר אונטער דער נאָז ווערן אָפגעטאָן שווינדלערישע געשעפטלעך אף צו פאַרכאַפן דאָס פאָלק-אייגנטום, ווי, לאָמיר זאָגן, דאָס אַוועקגעבן מיט א שטיקל צייט צוריק דעם לעדער-זאַוואָד אין ארענדע צו זיין געוועזענעם אייגנטימער. דו פאַרשטייסט ניט, אז אין איינעם פון דיינע אָפטיילן איז פאנאנדערגעארבעט געוואָרן, לעמאָשל, א גאַנצער קאָנצעסיע-פלאַן וועגן דעם צעמענט-זאוואָד, קעדיי ארויסצורייסן אים פון די הענט פון דער מעלוכע און איבערגעבן אים צוריק די געוועזענע אקציאָנערן זיינע. דו פאַרשטייסט עס ניט, אָבער איך זע אין דעם איין דעם ערגסטן מין עקאָנאָמישע קאָנטר-רעוואָלוציע.

שראַם איז געבליבן זיצן אין זיין פריערדיקער אומענטשלעכער אָנגעשטרענגטקייט. די אויגן נאָר באַ אים זיינען מיט מוטנעקייט אָנגעגאָסן געוואָרן, און די שטים איז באַ אים געווען אַ הייזעריקע פון מידקייט.

— וואָס איז שאיעך דעם לעצטן פאַל, האָב איך בלויז געטיילט דעם שטאַנדפונקט פון פאַכלייט, וועלכע האָבן מיט ציפערן אין די הענט דערוויזן די אומעגלעכקייט צו עקספלואַטירן דעם זאַוואָד אין די נאָענטסטע צענדליקער יאָרן. אַלע מאַטעריאַלן וועגן דערדאָזיקער פראַגע זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אין צענטר. און שטעלן זי אַף דער עקאָנאָמבאַראַטונג האָב איך קיין רעכט ניט געהאט. די פראַגע, ווידער, וועגן דעם לעדער-זאַוואָד איז געלייזט געוואָרן פאָזיטיוו אין אויספירקאָם.

באַדין האָט אַ גלאַנץ געטאָן מיט די ברייטע ציין און זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ בליק מיט טשיביסן.

— איך ווייס, ווי אזוי זי איז געלייזט געוואָרן אין אויספירקאָם. פון דיין פאָרשלאַג איז ניט געווען צו זען די פאַלשע ציפערן און די אונטערגעשטעלטע פערזאָנען. וועגן דעם וועלן מיר זיך דורכשמועסן אַף דער היינטיקער זיצונג פונם פרעזידיום.

ער האָט גענומען אַ פאַפיר פון טיש און פלינק מיט די אויגן איבער אים דורכגעלאָפן.

— נעם, כאַווערטע טשומאַלאָווע, גיי גלייך צו אין דעם קאָמווירט: זאָל ער גלייך, היינט טאַקע אָפגעבן אַ פאַראָרדענונג וועגן פריי מאכן אַלע דריי הייזער און גרייט מאכן זיי צו עפענען דאָרטן יאַסלעס און דעם אָפטייל פון מוטערשאַפט און קינדהייט.

דאַשע איז צוגעלאָפן צום טיש און האָט ניט געקוקט ניט אַף באַדינען, ניט אַף גליעבן, אָבער גליעב האָט דערזען, ווי אין באַדינס אויגן האָט אַף

אַ קורצער ווײלע אויפגעפינקלט אַ שיקערער טראָפּן. גליעב האָט ביז ווײטיק מיט די צײן אַ קריץ געטאָן, און דערדאָזיקער קריץ האָט באַ אים אין די אויערן אָפּגעקלונגען.

— כאַווער באַדין!..

— אַהאַ, ענדלעך!.. וואו זשע ביסטו ביז איצט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, צו אַלדי שוואַרץ יאָר?.. נו, באַריכט, באַריכט, אדעראַבע... זע נאָר, ווי ער האָט זיך די צורע אָפּגעבאַקן: אַפּאָנים, מע האָט דיך פֿײן געבראָטן...

און פֿרײנטלעך געשמײכלט צו גליעבן.

און גליעב איז געשטאַנען זײט בא זײט מיט גראָמאַדען פֿאַר באַדינען און כמורנע, מיט אַ שטרענגער פֿאַרפֿרעמדקײט די ווערטער ווי אַ זאַלפּ ארויסגעשאָסן. און פּונקט ווי ער וואָלט ניט רײדן, נאָר ווי אַ פּאַפּיר לײענען.

— כאַווער באַדין, איך און דער מיטגליד פֿונם זאַווקאָם גראַמאַדע זײנען דרינגנד געקומען, קעדײ צו דערוויסן זיך: לויט וועמעס פֿאַראָרדענונג און אף וואָס פֿאַר אַ גרונט איז די אַרבעט אַפֿן זאַוואָד אָפּגעשטעלט געוואָרן? דאָרט הערשט א פֿולשטענדיקע דעזאָרגאַניזאַציע און פֿאַנאַנדערפֿאַל. אַזאַ כאַרפּע טאָר ניט דערלאָזט ווערן. איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס פֿאַר אַ קאַנאַליע האָט עס דאָ אויסגעהאָדעוועט דעמדאָזיקן סאַבאָטאַזש און קאָנטר-רעוואָלוציע. די ארבעטער זײנען אומרואיק. אזא נידערטרעכטיקע אומווירט-שאַפֿטלעכקײט איז ערגער פֿאַר אַ באַנדיטישן אָנפֿאַל. אָט איז דער כאַווער שראַם: זאָל ער ענטפֿערן, ווי אַזוי האָט עס געקענט דער ראַטפֿאָלקווירט אַזאַ מין קרימינאַל דערלאָזן?

באַדין האָט ווידער אַ גלאַנץ געטאָן מיט די צײן אין אַ פֿרײנטלעכן און מאָדנע פֿרײלעכן שמײכל.

— וועגן דעם ווײס איך. אין ראַטפֿאָלקווירט האָט זיך פֿון הויפּטצעמענט באַקומען אַ טעלעגראַם, אַז מע זאָל איבעררײסן די אַרבעט, ביז וואַנען מע וועט קלאָר מאַכן די פֿראַגע וועגן דער צוועקמעסיקײט צו לאָזן דעם זאַוואַד.

— איך ווײס, וועמעס אַרבעט דאָס איז, כאַווער באַדין. אָבער אין ראַטפֿאָלקווירט איז פֿון דער אינדוסטרביוראָ געשיקט געוואָרן אַ טעלעגראַם דעם פֿאָרזיצער פֿון ראַטפֿאָלקווירט, אַז ער זאָל אַלע מאָסמיטלען אָנעמען צו אָרגאַניזירן די ארבעט. דאָרט איז דידאָזיקע פֿראַגע באַטראַכט געוואָרן, און די דאָקומענטן געפֿינען זיך באַ מיר אף די הענט.

באַ שראַמען איז געווען די שטים אַ פֿרעמדע און אַ הײזעריקע.

— ס'עקזיסטירט אַן אינדוסטרביוראָ, אָבער ס'עקזיסטירט אויך אַ הויפּטצעמענט.

גליעב האָט אין צעיושעטקײט זיך געוואָרפֿן אַרום טיש. די באַק האָט זיך בא אים געצוקט אין אַן אומבאַזיגבאַרער קאָנוואולסיע.

— כאַווער אויספּירקאָם-פֿאָרזיצער, איך שטעל די פֿראַגע שאַרף: אַזוי אַרבעטן קאָן מען ניט. זאָל זײן, אַז דער כ' שראַם איז ווי א קאָמוניסט אַ

מאַידים, אָבער פּאַר אַזעלכע טועכצן דאַרף מען אים אנטיילן דעם עמעסן כיילעק. דאָס איז ניט קיין שפּאַס, כאַווײרים. וועגן דערדאָזיקער רויבעריי וועלן מיר זיך נאָך דורכשמועסן אין אַן אַנדער אָרט. אָבער דער כ׳ שראַם האָט צווישן אַרבעטער ניט וואָס צו טאָן. דאָס איז ווי צוויי מאָל צוויי... וועגן דעם וועט געמאָלדן ווערן דעם פּאַרטיי-קאָמיטעט. דאָ שטעקט, כאַווײ- רים, אַן אָפּענע דראָאונג אונזער גאַנצער ווירטשאַפטלעכער פּאָליטיק. דער כאַווער באַדין האָט ריכטיק אונטערגעשטראָכן: עקאָנאָמישע קאָנטער-רעוואָלוציע... אָט! מע דאַרף מאכן אַ סאָף צו דעם. דער ראַיוואָלד-איניען איז בלויז איין קליין געשווירל. דאָ איז אַביסל אן ערגערע מאַיסע. מע דאַרף קומען צו זיך, כאַווײרים, נעמען אַפּן שטריק, אָן ראַכמאָנעס אַ טרייסל און א רייניק טאָן. אומעטום, אין אַלע אַנשטאלטן דעם שטויב אויפקלאַפּן. געגוג זיך ארומצושלעפּן מיט דערדאָזיקער ווייסגוואַרדייאישער כאַוורוסע: צייט ווי ס׳דאַרף צו זיין א נעם טאָן זי פאַר די לעבערקעס. איך דאַרף אייך זאָגן, כאַווער באַדין, אַז אַלע רעזאָלוציעס פון דער עקאָנאָמבאַראַטונג זיינען באַפרידיקט, די אָר- דערס זיינען אין דער פולער מאָס דורכגעפירט געוואָרן. מאָרגן טרעטן די ארבעטער צו צו דער ארבעט, און דער זאווקאָם רייסט אלע שטעמפּלען אַראָפּ פון די לאַגערס און נעמט זיי אַפּן דיסקאָנט. און נאָך מעלדע איך, כאַווער באַדין: מיר פאַדערן, עס זאָל אָן שום טאַינעס זיין אַ נייע זאַוואָד-פאַרוואַל- טונג. מיר וועלן אויפהויבן אַ טומל ביז סאַמע מאָסקווע, וויבאלד ס׳איז שוין אַזוי ווייט פארגאנגען.

ער האָט די העקעלעך אַף דאָס העמדל אַ ריס געטאָן, ארויסגעשלעפּט אַ פּעקל פּאַפּירן, אַ וואָרף געטאָן עס אַפּן טיש.

— אָט האָט איר אלע דאָקומענטן. מע האָט אונז געשלאָגן מיט דער אינדוסטרביוראָ, איז שלאגן מיר אויך מיט דערזעלבער אינדוסטרביוראָ.

באַ שראַמען איז דאָס פּאָנים געווען טויט-בלייך, און די אויגן זיינען געווען טונקל און שמוציק, ווי באַ אַ מעס.

טשיבים האָט זיך פלינק אויפגעהויבן און איז ארויס מיט אַ דראַנג פון טראָט, אָן דער פריערדיקער שווערקייט אין די פיס.

באַדין האָט ווידער אַמאָל פון אונטער די ברעמען אַ קוק געטאָן אַף שראַמען און ווידער אַמאָל אַ שמייכל געטאָן מיט דער מאָדנער פריילעכער שפּילעוודיקייט אין די אויגן.

— נו, איז ווי, שראַם? ווייזט אויס, ס׳וועט אויסקומען אויך דעם ראַטפּאָלקווירט זיך אַנידערזעצן אַף איין בענקל מיטן ראַיוואָלד? דאָס בילד איז אַ פּיקאַנטעס, אַף וויפל דער איניען באַקומט אַזאַ שאַרפע ווענדונג.

אין קאָרידאָר האָט גליעב זיך געטראָפן מיט דאַשען. זי האָט, ווייזט אויס, געוואַרט אַף אים. זי האָט ווידער אַ קוק געטאָן אַף אים מיט אירע טיפע, פינקלדיקע אויגן, ווי קיין אויגן-הייטלעך וואָלט זי גאָר ניט פאַרמאָגט. נאָר בלויז איינע שוואַרצאַפּלען, און אין זיי, אין דידאָזיקע שוואַרצאַפּלען— אַ בראַנד-היץ און אַ ווייטיקדיקער געשריי. זי איז געבליבן שטיין נעבן אים

רואיק, ווי שטענדיק, און געזאָגט האָט זי שטיל און צעשטרייט, ווי זי וואָלט געטראכט וועגן עפּעס אַנדערש, וועגן וויכטיקערס:

— גליעב, ניורעלע איז געשטאָרבן... מע האָט זי שוין באהאַלטן, און דו האָסט פארשפּעטיקט...

אין דער ערשטער רעגע האָט גליעב דערפילט אַ שוידערלעכן קלאַפּ אין ברוסט, און דערנאָך איז שטיל געוואָרן. דאָס האַרץ בלויז האָט זיך אויפגעבלאָזן ווי אַ פּענכער, און עס איז איבלדיק געוואָרן אין די קישקעס, און די פיס זיינען באַ אים צערונען געוואָרן, ווי בעאייס מע פּאָלט פון דער הויך. ער האָט שטאַר, מיטן גאנצן פּאַרנעם פון זיינע אויגן אַף דאַשען געקוקט און לאנג ניט געקאָנט דעם אָטעם אָפּכאפּן.

— ווי ?.. ס'איז אומעגלעך !.. ווי ?.. ניורעלע ?..

דאַשע איז געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אין וואַנט, און גליעב האָט געזעען באַ איר אַנדערע, אויסגעפּייניקטע אויגן. זיי האָבן געצאַפּלט און אָנגעגאָסן זיך מיט טרערן.

ניט ווייט דערנעבן, אויף נעבן דער וואַנט, האָט גראמאדע געקראַמפּט און געדרייט זיך פון הייזעריקן היגטישן הוסט.

# XVI

# אָ פּ פּ אַ ל

## 1

## „זאָל דאָס האַרץ בּא אונז זיין א שטיינערנס!"

די רייניקונג פון דעם זאַוואָד-קעמערל איז באשטימט געווען לויטן געמעלדעטן קאלענדאַר-פּלאַן אף אין א וואָך ארום, אַפן 16-טן אָקטיאַבּר, און סערגיי האָט געוואָרט אף דעמדאָזיקן טאָג מיט זיין טראכטנדיקן שמייכל און האָט ניט געפילט ניט קיין אויפרעגונג, ניט קיין אומרו, ניט די געווײנלעכע פראַגן, וואָס האָבן אים געפייניקט אין די נעכט. ער האָט געפילט בלויז איינס: פארוואונדערונג פון זיך אליין, וואָס ער פארגעסט אפילע אף קיין רעגע ניט וועגן דעמדאָזיקן זעכצנטן אָקטיאַבּר (געדענקט וועגן אים אַפילע אין שלאָף), ער ווייסט, אז דערדאָזיקער טאָג,—דאָס איז א מין גרויזאַמע שיידליניע אין זיין לעבן און — פונדעסטוועגן איז די נעשאָמע באַ אים טויב און בּלינד צו דערדאָזיקער אריבער אים גייענדיקער געשעעניש. ס'איז א פראגע: וועט ער אויסגעשלאָסן ווערן אָדער בּלייבן אין דער פּאַרטיי? ס'פלעגט דורכגיין דורכן מארך א מאָדנע לייכטע כוואַליע און פאַרשוואונדן ווערן אַף יענער זייט באוואוסטזיין. דידאָזיקע כוואליע פלעגט ארומשווענקען די מאַרך-צעלן, און די צעלן פלעגן רואיק, רעגילעסדיק, אומבאַרירט אויספילן זייער געווײנלעכע זאכלעכע ארבעט און פלעגן אין די נעכט הילכן מיט די באַטאָגיקע בילדער און מיט מאָדנע אויפלאַמונגען פון אומדערוואַרטע ערינערונגען. דאָס זיינען געווען פאַרפלאָנטערטע ליכט-רעגעס — גרינס אין זון, קינדער אין זון, בערג און יאַם אין זון, און צי עס הערן זיך ווי קינדערשע געשרייען-רולאַדן אָדער עס קלינגען ווי גרילן גלעקעלעך...

ווי שטענדיק האָט געפלאַקערט ווי זון דער פליך זיינער אין די רעמעלעך פון שיטערע האָר, ווען ער פלעגט גיין אין פאַרטקאָם אָדער אף א מיטינג. ווי שטענדיק האָט ער מיט אן אָנגעפאַקטן לעכערדיקן פאָרטפעל געשפּאנט מיט עטוואָס א פוילן, פאַרטראכטן טראָט. שטענדיק איז ער געווען פאַרנומען,

שטענדיק פינקטלעך אויסגעפילט אלע טאָג-אויפגאַבן. און ס'איז קיין רעגע ניט געווען, ווען ער זאָל ניט געדענקען וועגן דעם זעכצנטן אָקטיאַבר.

בעשאַסן באריכט דעם פּרעזידיום פונם פּאַרטקאָם וועגן דער אַרבעט פון גובפּאָליט-אויפקלער האָט זשידקי א קוק געגעבן אף אים מיט א מילדן כויזעקל און אנידערגעלייגט זיין האַנט צו אים אף די פינגער.

— האָסט מוירע, סערייאָזשע? ריכטיק: מע וועט דיר געבן פעפער צו שמעקן — גרייט זיך...

— פאַר וואָס זשע? פאר ווען? איך פיל גאָרניט אַזוינס, וואָס זאָל זיין ענלעך אף מוירע. פונקט ווי דאָס וואָלט געווען — ערגעץ אויסער מיר און ווי צו מיר וואָלט עס קיין שאיכעס ניט געהאַט...

— נישקאָשע, ציטער ניט — מירן אָפּשרייען. דער טייוול איז גאָר ניט אזוי שרעקלעך, ווי מע מאָלט אים.

לוכאָווע, לויט זיין רעגילעס נאָך, א צונויפגעדרייטער אף זיין שטול, האָט א שפּריץ געטאָן מיט פונקען פון די אויגן און פון די האָר.

— דו לייגסט, זשידקי: דו ציטערסט אליין פאַר דערדאָזיקער רייניקונג. און איך ציטער אויך. פאר קיין זאַך האָב איך קיין מוירע ניט, אָבער פאר דעם ציטער איך. סערגיי וועט אויסגעשלאָסן ווערן. וואו ווערסטו נעמען קויעך דאָס ניט צו דערלאָזן? א געוועזענער מענשעוויק... און לעבינס רוף—ארויס-יאָגן די מענשעוויקעס...

זשידקי האָט מיטן פויסט א זעץ געטאָן איבערן טיש, און די נאָזלעכער האָבן זיך בא אים צעבלאָזן ווי פּענכערס.

— ער וועט ניט אויסגעשלאָסן ווערן. פאַרוואָס עפּעס — דו ניט, איך ניט, און ער יא? לויט וועלכע סימאָנים א מענשעוויק? א אינטעליגענט? דאָס איז א פּוסטע מאַיסע... דאָס איז קיין מאָטיוו ניט... מיר האָבן אלע מעגלעכ-קייטן צו פּראָטעסטירן, אויב אזעלכעס וואָלט געשעען. די ארבעט פון די קאָ-מיסיעס גייט אָן העסלעך: מע שליסט אויס צוליב נישטיקע צווייפלהאַפטע סיבעס, אָדער מע שלעפּט מאָטיוון פאַשעט פון קאָפּ ארויס. פאר דערדאָזיקער וואָך זיינען שוין אויסגעשלאָסן געוואָרן ביז פערציק פּראָצענט פאראנטוואָרט-לעכע טוער און קימאַט אזא פּראָצענט געוויינלעכע מיטגלידער. אָט, לעמאָשל, זשוק... אן ארבעטער... און דער מאָטיוו: א מאכלויקעס-מאַכער און א דעקלאַ-סירטער עלעמענט...

— זשוק?.. ער איז אויסגעשלאָסן?..

סערגיי האָט אין פאַרוואונדערונג צו זשידקין זיך אויסגעצויגן, אָבער דאָס האָט זיך געטאָן ווי פון זיך אליין, און זשידקיס ווערטער האָבן אים ניט גערירט, ווי עפּעס זייער ווייטעס און ווייניק באדייטנדיקס.

לוכאָווע האָט אים די רייד איבערגעשלאָגן און אומגעוויינלעך רואיק און אומגעוויינלעך שטייף געזאָגט מיט אָפיציעלן ביטל:

— די קאָמיסיע איז ניט מעכויעוו צו מעלדן דיר די פאַקטן, און דו האָסט קיין רעכט ניט ארייננצומישן זיך אין איר ארבעט און קריטיקירן אירע מעטאָדן. פאר די אויסגעשלאָסענע איז פאראן איין וועג — אַפּעלירן...

— זאָל זיין אזוי... אָבער איך וועל אלץ טאָן און וועל זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן. איך וועל אויפהויבן א טומל ביזן סאַמע צעקאַ. דער, וואָס דיייניקט, פאַרשטייט אַף קיין האָר ניט זיין אַרבעט. דאָס פירט נאָר צו דער רואינירונג פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבן אלע גרונטן צו פראָטעסטירן. איך וועל די זאַך אזוי ניט לאָזן.

ער האָט ווידער א זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש און געמאַכט אין דער מאַמען אריין.

און לוכאווע האָט מיטן קאָפּ א דריי געטאָן, א שמייכל געטאָן און באַהאַלטן די נאָז אין די קניען.

— פערד!.. פאר דעם וועט מען דיך אליין אויסשליסן אָדער אין בעסטן פאַל אריבערפירן אף ערשטשטאַפּלדיקע ארבעט.

— זאָל זיין: אלץ איינס — איך האָב פאַר קיין זאך קיין מוירע ניט...

און סערגיי האָט באמערקט, אז אי זשידקי, אי לוכאווע האָבן געקוקט אף אים און איינע אַף די אנדערע מיט פיבערנדיקע אויגן פון פאַנישן פאָרגעפיל.

און אין פרויען-אָפּטייל האָט פאָליע, אן אויסגעדאַרטע, מיט פיין אין די אויגן, ניט געקאָנט איינהאַלטן דעם פיבערדיקן צאַפּל אין די הענט און אין פּאָנים.

דאַשע, א שטייפביינערדיקע, איז געזעסן אביסל פונדערווייטנס באַם טיש און געשריבן מיט וויניק-איווורעדיקער אקשאָנעס עפּעס א פּאָרטראַג. זי האָט סערגייען ניט באמערקט, זי האָט די כאווערטע מעכאָווע ניט באמערקט— וואָס גייט עס איר אָן, וועגן וואָס זיי ריידן און רודערן זיך?

פאָליע האָט מיט א מאַך מיט דער האַנט סערגייען צוגערופן און אָנגעוויזן אים אף א שטול אנטקעגן זיך. זי האָט א קוק געטאָן אף אים, זי האָט א קוק געטאָן אף דאַשען, זי האָט א קוק געטאָן אין פענסטער און בעשום אויפן ניט געקאָנט אָפּשטעלן דעם נערוון-ציטער אין פּאָנים און אין די הענט.

— סערגיי, עפּשער וועסטו מיר העלפן פאַנאַנדערקלייבן זיך אין דעם אלעם, וואָס עס קומט איצט פאָר? איך בין אינגאַנצן דול געוואָרן. דאשע הערט אינגאַנצן אויף מיך צו פאַרשטיין: זי איז געוואָרן זייער גראָב און קאָן ניט ריידן מיט מיר, ווי פריער. איך פיל, אז איך וועל אויסגעשלאָסן ווערן פון דער פּאַרטיי, סערגיי...

דאַשע האָט געשוויגן — ניט געהערט, וואָס פאָליע האָט געזאָגט.

סערגיי האָט אויך געשוויגן; ער האָט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן איר אף אירע ווערטער. אים האָט זיך געוואָלט ווייך בארירן איר נעשאָמע, אָבער די נויטיקע, האַרציקע ווערטער האָט ער ניט געפונען. אויך וועגן זיך האָט ער געוואָלט זאָגן איר עפּעס פּראָסטס און וויכטיקס און אויך ניט געפונען די נויטיקע און באַדייטנדיקע ווערטער.

— איך וועל דאָרט ריידן דאָס, וואָס איך זע און פיל. פאַרשטייסט?.. און מע וועט מיך אויסשליסן... דאָס, וואָס עס קומט פאָר, וואָס עס געשעט... וואָס עס קרייצט מיך און די רעוואָלוציע... איך וועל ניט קאָנען לייגן...

דאַשע האָט מיט דער פען דעם פּאַפּיר צעאַקערט, אָנגעשטרענגט איבער־געדרוקט די רעכטע האַנט אפן טיש און אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אונטערן פּאַר־אַקשנטן בוילעטן שטערן, א פאַרצויגענעם מיט א רויט טיכל, האָבן די ברעמען אירע הויך אויפגעצאַפּלט.

— אָבער וואָס אזוינס איז געשען, כאַווערטע מעכאָווע? פון נאַריש־קייט מיינער, פיל איך עפּעס ניט... די אַרבעט אין דער פּרויען־אָרגאַניזאַציע איז אוועק בעסער, און מיר, ווייבער, האָבן זיך אויסגעלערנט אַרויסטרעטן און שטיין אפן אַלגעמיינעם פראָנט ניט ערגער פאַר די מענער. וואָס זשע פאַר א לאָך איז געוואָרן, כאַווערטע מעכאָווע?

פּאָליע האָט אויפגעציטערט פון דאַשעס שטים און איז פלינק אף די פיס אויפגעשפּרונגען.

— ווי אזוי דערוועגסטו זיך אזוינס צו זאָגן? דו ווייסט ניט, וואָס עס איז געשען, אזוי?.. דו ווייסט ניט, אז דאָס בלוט פון די אַרבעטער און די רויטאַרמייער... יאמען בלוט... דו הערסט, דאַשע?.. יאַמען בלוט זיינען פאַר־גאָסן געוואָרן בלויז דערויף, אז דידאָזיקע פלעצער מיטן ניט אויסגעטריקנטן בלוט זאָלן אוועקגעגעבן ווערן אף מאַרקן און קאַפע־שאַנטאַנען?.. אף צונויפ־מישן אַלץ אין איין שמוציקער קופּע?.. דו ווייסט עס ניט? יא?..

סערגיי האָט נאָך פּאָליען ניט געזען אין אזא דערשיטערונג. דאָס פּאָ־נים איז געוואָרן בא איר, ווי בא א כוילע־גויפּל: ס'איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט, און דער שוויס האָט ווי א קלעפּיקער טוי באַקלעפּט דעם שטערן און די אויבערשטע ליפּ, און די אויגן זיינען בא איר געוואָרן טרוקן און מוטנע אין די שוואַרצאַפּלען.

דאַשע האָט זיך ווידער איבערן פּאַפּיר אָנגעבויגן און א שמייכל געטאָן מיט א פאַרשטאַנדיקן און פאַרגיביקן שמייכל.

— און איך האָב געמיינט, אַז... איז ניט שוין זשע מיינסטו, כאַווערטע מעכאָווע, אַז אויסער דיר זיינען אַלע אַזעלכע נאַראַנים און טיפּשים?

— יאָ, יאָ!.. טיפּשים!.. פאַרעטער!.. פּאַכדאָנים!..

און דערנאָך איז זי מיטאַמאָל שטיל געוואָרן, מיט א נעבעכדיקער גרי־מאַסע א שמייכל געטאָן צו סערגייען, אויפגעהויבן די הענט צו די אויגן און צעוויינט זיך.

— פאַרוואָס בין איך דאַמאָלסט ניט געשטאָרבן... אין יענע טעג... אף די גאַסן פון מאָסקווע... אָדער אין דער אַרמיי?.. צו וואָס האָב איך געדאַרפט פאַרזוכן דידאָזיקע פיינלעכע, שענדלעכע טעג, טייערע כאַווירים?..

אין אַן אומבאַזיגבאַרן שמייכל האָט בא סערגייען דאָס פּאָנים אויפגע־צאַפּלט, און ער האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט אַרויסאָטעמען דאָס ביסל לופט פון די לונגען אַרויס. די ליפּן זיינען בא אים געשפּרונגען ווי פרעמדע, און אין די אויגן זיינען צערונען געוואָרן אי פּאָליע, אי דער פענסטער, אי די ווענט אין איין געמיש. אפּאָנים, אויסגעמאַטערט. ער קאָן, אַפּאָנים, קיין פרעמדע טרערן ניט פאַרטראָגן. אַפּאָנים, די לעצטע קויכעס האָט פּאָליע בא אים צוגענומען אין יענער נאַכט, ווען זי האָט זיך ארייינגעריסן צו אים, א

דערשלאָגענע פון שרעק, א צעבראָכענע פון כאַיעשן קויעך פונם אויספירקאָם־פּאָרזיצער.

דאשע איז נעבן מעכאוועו געשטאַנען, און מיט א פייכטן גלאַנץ אין די אויגן האָט זי איר אַקסל געדריקט.

— כאַוורעטע מעכאוועו, דאָס איז א כאַרפּע. מיט טרערן און מיט היס־טעריקע ווילסטו דיין קראַפט באַווייזן? דו ביסט דאָך ניט קיין פריילין, נאָר א קאָמוניסטקע. זאָל דאָס האַרץ באַ אונז זיין א שטיינערנס, כאַווערטע מע־כאווע... זאָל דאָס פּלאַצן, דאָס האַרץ, ווי א קיזלשטיין, נאָר מיר דאַרפן ניט קיין האַרץ אין אָנגעלאָדנס מיט טרערן... מיר דאַרפן ניט קיין האַרץ, וואָס איז ווי א נאַסע שמאַטע... דו ביסט פאַרמאַטערט, כאַווערטע מעכאוועו, גיי אהיים און באַרואיק זיך... דו קאָנסט זיך אַף מיר פאַרלאָזן: מיך וועט עס נאָך אַף לאַנג קלעקן...

און זי איז אַוועק אַף איר אָרט, א שטייפע אין אירע מוסקלען, און ווידער פעסט גענומען דאָס הענטל אין די פינגער אריין און צעגרילצט זיך מיט דער פען אין איר ווייניקאיוורעדיקער פאַראַקשנטקייט.

פּאַליע האָט פאַרלוירן און לאַנג געקוקט אַף דאַשען, דערנאָך אַף סער־גייען, און שטיל אָפּן שטול זיך אַנידערגעזעצט. אומגעוויינלעך רואיק און קאָלט מיט א שטרענג פעלדפעלע אָפּן שטערן האָט זי דורך די ציין אַדורכ־געזייט:

— איך וועל אין ערגעץ ניט גיין. איך בין געקומען אַרבעטן און וועל אַרבעטן ביזן סאָף.

— נו, יאָ... איך קען דאָך דיך, כאַווערטע מעכאוועו: מיר אַרבעטן דאָך מיט דיר צוזאַמען ניט דעם ערשטן טאָג...

דאשע האָט געשריבן, ניט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ און געשמייכלט.

2

## די רייניקונג.

מעכאוועו האָט זיך גערייניקט צוזאַמען מיט סערגייען אין דעם זאוואָד־קעמערל: סערגיי, ווי א צוגעפעסטיקטער צו דעמדאָזיקן קעמערל, און פּאָליע, ווייל זי האָט צוליב איר קראַנק זיין דורכגעלאָזט די רייניקונג אין איר קעמערל.

די פאַרזאמלונג פונם קעמערל האָט מען געעפנט אין צושויער־זאַל: ס'איז אַסאַך אוילאָם געווען—אומפּאַרטייאישע האָבן זיך אָנגעזאמלט. די קאָ־מוניסטן האָבן זיך אויסגעזעצט אין די ערשטע צוויי פאָדערשטע רייען, און די אומפּאַרטייאישע—פון הינטן, און ווייל די ווענט פון דעם זאַל זיינען גע־ווען באַהאנגען מיט שפּיגלען, האָבן אין די דיזיקע שפּיגלען די פאַרזאמלטע זיך אָפּגעשפּיגלט, און הינטער זיי—ווידער שפּיגלען און ווידער פאַרזאַמלטע, אַזוי אַז ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מענטשן האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן אין

די טויזנטער. און אינדערעמעסן איז אין זאַל געווען סאַכאַקל א מאַן הונ־דערט און פופציק.

גליעב איז געזעסן באַם טיש דער דריטער אין דער קאָמיסיע, פאַר דער סצענע, די לוסטרע האָט געפלאַמט מיט פופציק לעמפּעלעך און די הענגערלעך און קייטעלעך האָבן מיט פאַרשיידנקאָלירטע שטראַלן־פעדים געשאָסן.

די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זיינען פרעמדע געווען, ביידע אין זעלנערישע שינעלן און אין קאַסקעטן, אָבער פאַרשיידענע: איינער — מיט א ביינערדיק פּאָנים, א טונקעלער ביז שווארצקייט, און אי דער שטערן, אי די נאָז, אי דער קין—ווי בלאָע ביילן. ס'איז ניט צו פאַרשטיין: צי לאַכט ער אָדער ער איז אין קאַעס. דער צווייטער—א ביינערדיקער, מיט אַן אַשיקן פּאָ־נים, און די באָרד—ווי א בעזים. ער כאַפּט זיך קעסיידער מיט דריי פינגער און מעלקט זי. ווען ער האָט זיך באַם טיש אנידערגעזעצט, האָט ער געהאַלטן אין צונויפדריקן די פּלייצעס און ווען ער פלעגט די אויגן אויפ־הויבן, פלעגן זיך קיין אויגן ניט זעען,—זיי האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין צע־שוואומען געוואָרן מיט די אויגן־הייטלעך, און די גאַנצע צייט, ווען ער האָט גערעדט מיט א קאמוניסט, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן צום טיש, האָט ער געקוקט ניט אף אים, ווי ער וואָלט ריידן ניט מיט אים, נאָר מיט עמיצן אנ־דערש. און אַף די פּאַרטיי־בילעטן האָט ער אויך ניט געקוקט, ער האָט זיי בלויז געקנייטשט און געריבן צווישן זיינע דארע פינגער.

סערגיי האָט הינטער זיך א שושקען דערהערט:

— א הויטשינדער, טייוול... אויפרעסן וועט ער, ווי גאָט איז מיר ליב... ער וועט די הויזן אינגאנצן אראפּציען... און יענער דאָרט, יענער... געזעען?.. ברומט זיך אונטער דער נאָז, הינטיש געביין...

און ווען דער ביינערדיקער מענטש האָט אָנגערופן גראמאדעס פאמיליע, האָט סערגיי ניט פאַרשטאנען: צי האָט דאָס דערדאָזיקער ארויסגעקוועטשט פון זיך א קאָל אָדער יענער, דער צווייטער, וואָס זיצט דערנעבן. און ווידער האָט ער א שושקען הינטער זיך דערהערט:

— ע־עך, דער מאַמען דיינער!.. אָט א קעלכל אביסל!.. די פעל וועט ער אָראָפּשינדן... א ספּעץ!

דאָס שושקען זיך האָט זיך צעבויטעט און מיט אַ געלעכטערל פאַרכליגעט.

גראמאדע איז צום טיש צוגעשוואומען, און נעבן טיש איז ער ווי א הע־זעלע אונטערגעשפּרונגען און ווי א פויגל די נאָז זיינע אויסגעצויגן צום ביי־נערדיקן מענטשן.

און הינטער סערגייען האָט ווידער עמיצער אויסגעשאָסן א געלעכטערל און ניט געקאָנט זיך איינהאַלטן—זאָרגעוודיק א געשריי געטאָן:

— גראמאדע, שנייץ זיך אויס די נאָז, כאַווער... רייניק זיך אָפּ באַ־צייטנס...

צי ס'איז בא אים טאַקע געווען נאַס אונטער דער נאָז, אָדער ער האָט זיך בלויז דערשראָקן,—אבער ער האָט אָפּגעדרייט די נאָז אן א זייט און מיט א פייף אויסגעשנייצט זי.

דער זאַל האָט אַן אכקע געטאָן פון געלעכטער, און הינטער סערגייען האָט די לופט געציטערט פון קוויטשענדיקן געלעכטער.

גליעב האָט מיט א שמייכל די ליפּן פאַרביסן, און אַף די באַקן האָט די הארמאשקע זיך צעשפּילט. און בּאַ דעם ערשטן מיטגליד פון דער קאָמיסיע האָבן דיביילן אָפּן פּאָנים אין א שמייכל זיך צעשפּרונגען. גליעב האָט א טרייסל געטאָן מיטן גלעקל און א האַנט אויפגעהויבן.

— כאווײרים, צו אָרדענונג! אַלע זיינען מעכויעוו באַציען זיך צו דער אַרבּעט אויפמערקזאַם: דער איניען איז אַן ערנסטער, כאווײרים.

דער בּיינערדיקער מיטגליד פון דער קאָמיסיע איז ווי פריער געווען טויב און אומבאַוועגלעך און אַלץ געמאָלקן זיין בּערדל מיט די דריי פינגער.

— כאַווער גראמאדע... אייער אווטאָביאָגראַפיע?

— מיין אכטיביגראַפיע, כאַווער, איז אזאַ... ווי א פּראָלעטאַרישער אַר-בּעטער און פון קינדווייז אָן א שנעק. נאָר אַזוי ווי די קאַפּיטאַליסטן האָבן אונז גרויסארטיק עקספּלואטירט, איז ניטאָ דאָ וואָס צו דיסקוטירן... איר זעט אַליין גאַנץ גוט, ווי די סוכאטע שפּילט בּאַ מיר אין ברוסט א קריגס-מארש און אזוי און וויטער...

און פון הינטן—א געשושקעריי:

— ע-עך, דער מאַמען דיינער... אָט רייבט עס אביסל!.. מיט די ציין ריזעט ער, הינטיש געביין...

— ווען זייט איר אַריין אין דער פּאַרטיי?

— בּאַ דעם נייעם סאָוועטישן רעזשים, אַזוי אז לויט דיסקאָנט פון דער צייט קומט אויס—א יאָר.

— און פאַרוואָס זייט איר פריער ניט אריין?

— וואָס פאַר א לערנאינגל מעלדעט דאָס זיך אַלס מאַיסטער פאַר דער צייט?... איר, כאַווער, זייט אַף קיין זאַוואָד קיין לערנאינגל קיינמאָל ניט גע-ווען? א לערנאינגל דאַרף פריער זיך אויסוואלגערן אַף דריי שטאָקן און אזוי און וויטער... צו לערנט ער זיך אויס שמאיען...

— איך פרעג, פאַרוואָס זייט איר אזוי שפּעט אין דער פּאַרטיי אריין?

— אָטאָ דאָס האַק איך דאָך טאַקע: אין אַזאַ מין בירגערלעכער דרעש-מאַשין האָב איך זיך דאָך געדרייט מיט די פיסלעך קאפויר... אין יענער אי-פּאָכע זיינען דאָך אלע ווילדע ארומגעגאַנגען...

— ריכטיק, גראמאדע... דעק!.. אלע זיינען דאמאלסט געווען כאזיירים-טרייבער און גאַסן-פויקער...

— מיט די רויט-גרינע קיינמאָל ניט געווען?

— געווען ניט געווען, כאַווער, אָבער אַף די בערג דאָרטן און אזוי און וויטער... הינטער די בערג ניט געווען, אָבער אין די בּערג די כעוורע און די ווייסע מעכאַבּעד געווען... מיר זיינען מיט דאַשען אין איין קאָמפּאַניע געוועזן...

— הייסט עס מיט די רויט-גרינע ניט געווען? געהאלטן פאַר בעסער זיצן אין שטוב און וואַרטן אַף אַ גוט וועטער. אזוי?

גראַמאַדע האָט אין דידאָזיקע פראַגן פונם ביינערדיקן מענטשן אַ גע־פּאַר דערשפּירט. די פראַגן האָבן זיך געשטאָכן מיט זייער פּאַרביסנקייט און זיינען געווען ווי אַ מייז־פּאַסטקע. מיטן בלינדן און טונקעלן פאַרהער האָט זיך דערדאָזיקער פּאַרקילטער מענטש ארום אים געדרייט און אין יעדן וואָרט זיינעם איז אַ שלאַנג געלעגן באַהאַלטן און געביסן אים אומבאַמערקט און ווייטיקדיק. און אַז גראמאדע האָט עס דערפילט, איז ער ווי אַראָפּגעפאַלן באַ זיך, און אין די אויגן האָבן באַ אים טראָפּנס האָס אויפגעפינקלט. דער אויסגעדאַרטער האָט עס אַפּאָנים באמערקט, און עפּשער האָט עס אים פּאָשעט זיך דערעסן פּאָרקען מיט גראמאדען, האָט ער אָנגעקראַצט עפּעס מיטן בליישטיפט אַפן פּאַפּירעלע און זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט אים.

— איר קאָנט גיין... ווער וויל מאַכן אַ וואָסערע ניט איז מעלדונג וועגן דעם כאַווער גראמאדע?

— גראמאדע?.. האַ, גראמאַדע—דאָס איז אַ טרומף... גראמאדע וועט געבן יעדן איינעם אַ פערציק אויגלעך פּאָר...

— ווייטערדיקער... כאַווער סאָווטשוק!..

דער אויילאָם האָט זיך צעברומט, צעשושקעט זיך, אריינפאַלנדיק אין געלעכטער. סאָווטשוק אין אַ לאַנגן ליינענעם העמד אָן אַ גאַרטל, אַ צעשוי־בערטער, אין צעריסענע פּלודערן, האָט געשליאמפּערט מיט די באָרוועסע פיס, פאַרטשעפּעט זיך מיט די הענט און געריבן זיך מיט די זייטן אָן די מענטשן אין זאַל און אומגעוואָרפן זיי פון זייערע ערטער, און זיי האָבן פּאַרוואונדערט געקוקט אף אים און אַלץ געכאַפּט אים באַ דער העמד.

— און, מעטורעפער באנדער!.. גיי אביסל רואיקער!.. צעאקערט דאָס אַביסל, כאַפּט דיך דער וואַטנמאַכער!..

סאָווטשוק האָט זיך אנידערגעשטעלט נעבן טיש אַ פּארוגזעטער, מיט צעוואָרפענע פויסטן און צעשאָקלט זיך מיטן צעשויבערטן קאָפּ.

— וועגן לעבן פון מיין ביאָגראַפיע איז שוין בעסער באַאומרואיק מיך ניט, כאַווער פוצער...

— פּאַרוואָס? דאס איז נויטיק: אָף דעם באַזירט זיך דער גאַנצער טאָך פון דער ריייניקונג.

— מיין נידערטרעכטיק לעבן טשעפּע ניט. דו קאָנסט צו אים קיין אינ־טערעס ניט האָבן, וויבאלד איך האָב אליין דאָס פאַרשטעקט צום טייוול אין די ציין... שאַ און פּאַרטיק!.. איך בין אַ באָנדער און מאַך פעסלעך... און אָט איצט מאַך איך ניט קיין פעסלעך, וויבאַלד דער זאַוואָד און דער באָנדער־צעך איז דערווייל נאָך אַ מיסטקאַסטן... און אָט, ווען דערדאָזיקער גליעב... אַטאָ דער אָפּגאָט... ווען ער וועט אויפּרודערן ווי עס באַדאַרף צו זיין, און די זעגן וועלן ווידער אָנהויבן זינגען—נו, דאַמאָלסט וועט זיך געפינען אַ שטיקל אַרבעט פאַר נייע באָנדערס...

— איר שרייבט דאָ אין דערדאָזיקער מעלדונג, אַז פאַר דערדאָזיקער צייט האָט איר עמיצן איבער די קעפּ געקנאַקט און וועט נאָך קנאַקן, אַז אַ

ריך וועט גיין. וועמען האָט איר דאָס איבער די קעפּ געקנאַקט און וועגן וועלכע קעפּ רעדט איר דאָרטן?

סאַוואָטשוקס פּאָנים האָט זיך אָנגעבלאָזן, און די אָדערן אָפן שטערן און אָפן האַלז זיינען געשוואָלן געוואָרן און געקניפּט זיך, ווי שטריק. די פויסטן האָט ער אַלץ געהאַלטן פאַרויס ארויסגעוואָרפענע, און די אויגן זיינען באַ אים מיט געלעכטער און רישעס אָנגעגאָסן געוואָרן. אלע זיינען שטיל געבליבן—געוואַרט: אָט וועט סאַוואָטשוק אַ זעץ טאָן, אַרויסוואַרפן עפּעס אַ שטיק, ניט אויסרעכענענדיק דעם קלאַפּ, און ס'וועט זיין פריילעך און אַ געוואַלד. אַלע האָבן גוט געוואוסט, ווי סאַוואָטשוק אָקערט די נעשאָמע זיינע ביזן דעק און רייסט מיט ווערטער ווי מיט דינאַמיט—אָפּן, אָן הינטערגעדאַנק, ניט רעכענענדיק זיך מיט די פאָלגן. ער האָט אַ כריפּע געטאָן פון געלעכטער, אָבער דער געלעכטער האָט זיך ניט צעבליט אף זיין באַוואַקסענעם פּאָנים. בלוט-שטויסן האָבן נאָר דעם קאָפּ געצופּט באַ אים און געוואָרפן אים אין פאַרשיידענע זייטן.

— איך האָב זיי, די טייוולשע נעשאָמעס, געטרייבערט און וועל טריי-בערן, די אויסוואורפן... אַלע גייע פּריצים און בורזשויעס, אַלע פּלאַפּלער און ליידיק-גייער... אָטאָ דאָ, אַף די בענק, דאָ זיצן שלאָסערס—האָב איך זיי אויך געשלאָגן... זיי האָבן אויך פון מיר פאַרזוכט, צינדערלעך-מאַכער... ס'איז געוואָרן איין רואַך: וואָס געוועןן—אזוי פאַרבליבן... דאמאָלסט, בעשאַסן אלטן רעזשים פלעגן זיי אין די אַכטאַנאַבילן ארומשמאַיען, און אויך איצט — די זעלבע מאַיסע, און אפן זעלבן אויפן שטעלט מען אונז אלץ איינס די זעלבע באַנקעס.

— ווער שטעלט עס באַנקעס? די פּאַרטייאישע און סאָוועטישע כאַוויי-רים? רעדט קאָנקרעטער.

פון די הינטערשטע רייען האָט עמיצער אַ ברום געטאָן ווי אין אַ שלו-קערץ, ניט קאָנענדיק באהערשן די פרייד פון ווערטער:

— סאַוואָטשוק, היי סאַוואָטשוק!.. שטעל באנקעס ווי געהעריק, סאַוו-טשוק!.. דעק זיי, די סמארקאטשעס, די געשליפענע צינגלעך!.. מיר קאָנען זיי, דידאָזיקע שיסער, די שטענדיקע קנאקער...

און ווידער האָט דער גאַנצער זאַל אויפגעדונערט און דערנאָך גלייך דערשטיקט זיך מיט שטילקייט אין פאָרגעפיל פון אַ פאַרשטייענדיקן סקאַנדאַל.

און בלויז פון דאָרטן גופע, פון די הינטערשטע רייען, האָט אויפגע-ברומט, ווי אַ אָקס, אַן איינזאמער, פון הוסט צעריסענער קאָל:

— יאָגט אים אין קאַרק אריין, דעמדאָזיקן שמיגער!.. וואָס דרייט ער דאָרט אַ קאָפּ, די נעוויילע?..

דער זאַל האָט אויפגעציטערט.

— רעדט פינקטלעכער, כאַווער סאַוואָטשוק. קעפּ זיינען פאַרשיידענע פאַראַן: איבער אייניקע פון זיי דאַרף מען ווירקלעך קנאַקן, און אַנדערע דאַרף מען היטן מער ווי דעם אייגענעם. ווי קוקט איר, לעמאָשל, אַף אונזערע קעפּ,—זיינען זיי אַזעלכע, איבער וועלכע מע דאַרף קנאַקן?

— דער טייוול ווייסט זיי... אָט האָט איר צונויפגעפּאַקט אַן אוילאַם און פאַרבלענדעט די אויגן. און דאַרפן באַדאַרף מען אייך—צום טייוול... אַסאַך באַלעבאַטים געוואָרן, און מיט קאָמאַנדירן איז כאָטש ברוקיר די גאַס...

דער אויסגעדאַרטער איז געווען בלינד און טויב: ער האָט קיין איין מאָל אַף סאַווטשוקן ניט א קוק געטאָן, ווי ער וואָלט אים ניט געהערט און ניט באַמערקט.

גליעב איז אויפגעשטאַנען און די ציין צונויפגעדריקט.

— כאַווער סאַווטשוק, הער אויף כוליגאַנעווען. דו קאָנסט זיך ניט האַלטן ווי אַ מענטש?

סאַווטשוק האָט זיך מיטן בויך אָן טיש אָנגעשפּאַרט, צערודערט זיך מיט די היפּטן אונטער דער העמד און די אָדערן אַפן האַלז זיינען גרייט געווען צו פּלאַצן פון אָנגעשטרענגטקייט.

— אַנטשטום, טייוולשע צורע!.. איך בין דיר ניט עפּעס אַ דריידל, הינטיש געביין. וואָס דרייסטו מיר מיטן צינגעלע?..

און מיט זיין געבריל האָט ער דעם געפּילדער אין זאַל אויפגעדרודערט...

— פאַרמאַך ניט ס׳מויל, כאַווער טשומאַלאַוו... ריכטיק זאָגט ער, דער־דאָזיקער שמאָרער...

א פרוי האָט גאָרגלדיק זיך געריסן און ווי אַ קוואַטשקע געשפּרונגען אין דורכגאַנג.

— און דאָס דערציילט ער ניט, סאַווטשוק, ווי אַזוי ער האָט געזויפן און ווי אזוי ער האָט זיין ווייבל מאַטקען אַלע ווייַלע די ביינער געבראָכן... דאָס איז דאָך אַזאַ פאַסקודניאַק פון אַ מאַן, אַז איך וואָלט אים מיט די אייגענע הענט דערשטיקט...

— זיי זיינען, די מאַנספּאַרשוינען, די קלאָווים, אַזאַ מין מיעסע קראַפּט: אַ פרוי איז אי אַהין, אי אַהער, אי מיטן טעפּל, אי מיטן זעקל, אי פאַרן פּויסט, אי אַף אַן אונטערבעט, אי עסן גיב, אי שוויג, אי קינדער האָדעווע, און זיי—זיי ווילן דיר פּריצים זיין... אַלע זיינען זיי נידערטרעכטיקע אויס־וואורפן...

און די ווייבער האָבן זיך צעשריען, צעפּילדערט און מיט די הענט זיך צעפאָכט.

סאַווטשוק, אַ פאַרהעצטער, האָט זיך צום אוילאָם אויסגעדרייט און פון צווישן די צעשויבערטע האָר זיינע האָבן די אויגן באַ אים וועלפיש אויפגעפינקלט.

— בעהיימעס! צעשטונקען זיך, נאַסווײדלדיקע שליאַמפּערקעס... פּלאַפּ־לערינס!...

אַ געלעכטער, די ווענט האָבן געציטערט און די הענג-לייכטער, האָט זיך געדאַכט, האָבן זיך צעהוידעט און צעקלונגען מיט זייערע הענגערלעך.

מאַטיע איז אין דורכגאַנג אַרויסגעלאָפן, אין דער סאַמע געדיכטעניש פון

זאל. זי האָט זיך צעשריען ווי אַ פּיסקאטע ווייבל, און געדרייט זיך אַ בייזע און צעהיצטע אַפן אָרט.

— ניט עמעס... ניט עמעס און ניט עמעס!... אויב סאָוטשוק האָט מיך געשלאָגן, האָב איך דאָך אים אויך געשלאָגן... (אַ געלעכטער). איר זייט אַלע ניט ווערט סאָוטשוקס פּאַדמעטקע... אונז אַלעמען, פּלאַפּלעריגס, אַלע ביז איינער דאַרף מען די ביינער ברעכן... מיר האָבן אַלע, ווי מיעסע קוואַטש-קעס, די הינדעלעך אונזערע פאַרלוירן און די נעסטן צעשטערט... אַלע זיינען גאָרנישטן און אויסגעלאָסענע געוואָרן... איר זייט אַלע ניט ווערט סאָוטשוקס פּאַדמעטקע...

דער אוילאַם איז פאַרלאָרן און אין פאַרלעגנהייט אַנטשוויגן געוואָרן. באַ-טויבטע פון מאַטיעס גוואַלדן, האָבן אי די פרויען, אי די מאַנסבילן אַף איר אויסגעשטאַרצעט אויך אַזעלכע בייזע אויגן.

— וואו האָט דען סאָוטשוק פּאַדמעטקעס?... ער גייט דאָך באָרוועס...

און מאַטיע האָט אַלץ געפּילדערט:

— איר ווערט ניט וואַגן אָנרירן סאָוטשוקן... יאַ, יאַ!... ער, סאָוטשוק, איז בעסער פון אייך אַלעמען... לאָז זיך ניט, סאָוטשוק!...

פּאַליע האָט געציטערט אין פּיבער. זי איז געזעסן נעבן סערגייען און די אויגן פון טיש ניט געקאָנט אָפּרייסן. אַ באַ-צויבערטע האָט זי געקוקט אַפן ביינערדיקן מיטגליד פון דער קאָמיסיע און געשמייכלט מיט די ליפּן בלויז, און דאָס פּאָנים איז באַ איר געווען ווי באַ אַ כוילע, אין טונקעלע פלעקן.

און סערגיי האָט זיך געדעגט פון אומקלאָרער פרייד. איז דען ניט אַלץ איינס, צי עס האָט אין אים געפּלאַטערט דידאַזיקע פרייד, אָדער זי האָט אים געזעטיקט פון דעמדאָזיקן מיט ליכט באַגאָסענעם אוילאַם. ס'האָט די פרייד געזונגען און ווי אַ פּיצל קינד געלאַכט אין יעדער צעל פון זיין קערפּער, און אַלץ — אי דידאָזיקע פאַרשוויצטע מענטשן, אי די לאַכנדיקע שושקעריי הינטן, אי דער הענגלאָמפּ מיט צוויגן פייערדיקע ווייַנטרויבן באַהאַנגען, — דאָס אַלץ איז געווען אומגעווייינלעך ניי, פול מיט טיפן זינען און גרויסער באַדייטונג. אַלץ איז אַזוי פּרימיטיוו פּאָשעט, אַנטבלויזט, בוילעט ביז צו אַ פּאָשעטן רעפּ-לעקס. אי דער געלעכטער, אי דאָס שושקען זיך, אי די נייגיר, אי דערדאָ-זיקער מאָדנער געריכט באַם טיש, וואָס איז אַזוי ענלעך אַף אַ שפּיל אין כאַ-פּערלעך, — אַלץ איז אַזוי מענטשלעך פּראָסט, אַלץ באַשטייט אַזוי בלויז פון אַ ריי פּאָשעטע באַוועגונגען. עס ווערן אויפגעכאַפּט בלויז אָפּגעריסענע קלאַנ-גען און זשעסטן, אָדער בלויז איין כוואַליע פון אַלגעמיינעם זיפצן, און אַלץ איז אַזוי קלאָר און אַמוזירנד. דאָס זיינען — צעריסענע רעגעס, און זיי זיינען פול מיט כאַיעשער שפּיל...

— כאָווער סערגיי איוואַגין!...

ער האָט זיך אויפגעהויבן. אַ טראָט, צוויי טריט, דריי טריט... געבליבן שטיין. אזוי פּאָשעט און אומגעלומפּערט ציללאָז...

ס'האָט זיך עפּעס ווי פון זיך אַליין געדעדט. ער האָט געהערט די איי- גענע שטים, און געזועען די קרומע נאָז, אַ שטייפע ווי אַ שנאָבל.

— דאָס איז אייער ברודער, אָט דער פּאָלקאָוניק, וועלכער איז מיט אַ שטיקל צייט צוריק צעשאָסן געוואָרן? איר פלעגט זיך מיט אים אָפּט טרעפן פאַר זיין טויט?

— צוויי מאָל: איינמאָל באַ דער מוטערס טויטן-בעט, און דאָס צווייטע מאָל — ווען איך, צוזאַמען מיטן כאַווער טשומאלאַוו, האָבן אים געכאַפּט. ווי אַ סיגנאַליזירער.

— פאַרוואָס זשע האָט איר ניט געזועען העלפן ארעסטירן אים נאָך אייער ערשטער באַגעגעניש?

— ס'איז אַפאָנים ניט געווען קיין סיבע דערצו.

— פאַרוואָס זייט איר פון שטאָט ניט אוועק אין 18-טן יאָר צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי און געבליבן מיט די ווייסע? איר זייט דען גאראנ- טירט געווען פון דערשאָסן ווערן?

— ניין, וואָס פאַר אַ גאַראַנטיעס האָבן געקאָנט זיין? אינם אַנטלויפן האָב איך פּאָשעט קיין באַזונדערן זינען ניט איינגעזועען. דאָ האָט מען אויך געקאָנט ארבעטן.

— אַזוי. איר זייט דאך נאָך דעמאָלט קיין קאָמוניסט ניט געווען? נו, דאן איז עס פאַרשטענדלעך.

— וואָס איז פאַרשטענדלעך? וואָס פאַר אַ מיין שטעקט אין דעמדאָ- זיקן אייערן „פאַרשטענדלעך״?

— כאַווער, איך בין ניט מעכויעוו צו ענטפערן אף פראַגן. מיר פאַרפירן ניט קיין דיסקוסיע. איר זייט פריי.

סערגיי האָט זיך אף זיין אָרט צוריק ניט געזעצט. ער איז אַוועק צווישן די רייען אַרבעטער, אין דער טיף פונם זאַל, און צוזאַמען מיט אים, אין ביידע זייטן און אַנטקעגן אים, זיינען געגאַנגען נאָך עטלעכע סערגייס, גע- גאַנגען און געקוקט אַף אים שטאַר, מיט זייערע פּליכן, מיט פאַרטשאדעטע אַרויסגעקוילערטע אויגן אין די רויטע געשוואָלענע הייטלעך. און פונקט ווי ער וואָלט ניט אַפּן דיל געטראָטן, נאָר אף א שמאָלער, הוידעוודיקער ברעט— אַלץ אַראָפּ, אַראָפּ... און ער האָט בעשום אויפן זיינע פיס ניט געקאָנט איינ- האַלטן. און ניט ווי די פיס וואָלטן געטראָטן, נאָר ווי דידאָזיקע הוידעוודיקע ברעט וואָלט אונטער זיינע פיס געקראָכן און די פיס באַווייזן קוים צו שפּאַנען איבער די זיך וויגנדיקער סטענגעס. הונדערטער, אומענדלעכע שלאַלן פּענימער, צעשויבערטע קעפּ אין רויך און אין פייערדיקן נעפּל שווימען אַנטקעגן אים, שויבערן זיך איינע איבער די אנדערע אין געדיכטן געדראַנג.

און דערנאָך איז אַלץ מיטאמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן, ווי אַ זעאונג. ס'איז אויסגעלאָשן געוואָרן און צערונען געוואָרן אין כאָלעל פון דער אָפענער טיר. דאָרט האָבן זיך מירמל-טרעפּ מיט אַ מאסיוון געשניצטן באריער גע-

בלייכט, און צווײ דעמבענע אבעליסקן האָבן מאַט געלויכטן מיט די פּערלמו-טערנע לאמטערנעס אַף די שפּיצן זייערע. דאָ, אין קאָרידאָר, איז געווען פּוסט און ס׳האָט געזיפּצט די זינגעוודיקע שטילקייט. און בלויז ערגעץ ווייט, פון הינטער פּעסט פּאַרמאַכטע טירן, האָבן זיך הילכיק געהערט יוגנטלעכע שטימען. קאָמיוגיסטן.

...אַ רייניקונגס-קאָמיסיע. אַ ביינערדיקער מענטש, מיט אַ בלינדן פּאָ-נים, מיט בלינדע באַוועגונגען, אַ ניטדורכדרינגלעכער אין זיינע געדאַנקען, אָן אַ שמייכל, אָן ווייטיק (ער האָט, דאַכט זיך, ניט קיין קנייטשן אַפן פּאָנים). אין דער מאַכט פון דעמדאָזיקן מענטשן האָט זיך געפונען גראַמאַדע און סאווּ-טשוק, וועט זיך געפינען אויך פּאַליע, אויך גליעב, אויך דאשע, אַלע... זיי האָבן געקוקט אַף אים מיט פּאַרשטיקטן פּאַכעד. זיי אַלע זיינען באַהערשט געווען פון דער איבלדיקער נאָגעניש, דידאָזיקע נאָגעניש האָט אויך איצט גע-דרייט זיך ווי אַ וואָרים ארום זיין האַרץ...

דעקן דען פראַגן אויף ווען עס איז דעם אינגעווייט פון אַ מענטשן? און זיינען דען ענטפערן אַמאָל איבערצייגנד און ריכטיק? ניטאָ קיין ריכטיקע פראַגן, און ניטאָ קיין ריכטיקע ענטפערן. ריכטיק איז דאָס, וואָס עס קאָן ניט אַריינגעלייגט ווערן אין פראַגן, און וואָס עס שניידט איבער די ענטפערן אין גאָר אַנדערע פלאַכן.

ווי גלעקעלעך האָבן די שטימען הינטער דער טיר געקלונגען. ווי גראַ-גערלעך האָבן געהילכט די מאַרך-צעלן בא אים.

און ווי נאָר ער האָט די טיר געעפנט, האָבן אים פאַרבלענדט העלע פלעקן פון רויטע פאָנען און פלאַקאַטן: די ווענט האָבן געפלאַטערט, די אויפ-שריפטן זיינען ווי ווייסע פויגל געפלויגן. און אומעטום — אַף די פענסטער, אין די ווינקלען, — באַרג-בלומען, ווי פייערדיקע שפּריצן.

און קינדער איז אויך געווען פונקט אַזוי פיל, ווי בלומען — אַלע אין ספּאָרט-הויזעלעך, נאַקעטע פיס און הענט, אי באָכערים, אי מיידלעך. די מיידלעך האָט מען געקאָנט דערקענען בלויז אַן די רויטע טיכלעך און אַן די אויפגעשוואָלענע בריסטן.

רייען, פיגורן, ריטמישע באַוועגונגען...
— איינס — צוויי — דריי — פיר...

...סערגיי איז געבליבן שטיין נעבן טיר, אָנגעלענט זיך אָן ביישטידל — ווייטער ניט געקאָנט גיין: אַ טישל הינטער אַ הויפן קעפּ און אַקסלען, און די דריי קעפּ, אָנגעבויגענע איבער דעמדאָזיקן טישל, האָבן זיך אויסגעוויזן פּאַר ווייטע — ניט צו דערגרייכן, און די האָמוינים אין די שפּיגלען, און דער שלאַל אָפּגעשפּיגלטע לוסטרעס זיינען געווען אומדערטרעגלעך העל און שווינדערלעך.

פּאַליע איז געשטאַנען נעבן דעם טיש אַ קליינינקע, ווי אַ מיידעלע, אָן

דעם געווייגלעכן טיכל, מיט אָפּגעדעקטע גאָלדענע לאָקן, און די שטים אירע האָט זיך געשטיקט, געריסן, געציטערט און געשריען פון ווייטיק.

— ...און דאָס קאָן איך ניט איבערלעבן, ווייל איך קאָן עס ניט פאַרשטיין, ווייל איך קאָן ניט געפינען קיין בארעכטיקונג... מיר האָבן צעשטערט, געליטן... א יאַם בלוט און הונגער... און פּלוצלינג — מיטאַמאָל... האָט עס ווידער אויפגעלעבט און צעהוליעט זיך... און איך ווייס ניט, וואו איז דער קאשמאר: אין די יאָרן קאַמף, ליידן, בלוט, קאָרבאנעס, אָדער אין דעמדאָזיקן יאָנטעוו פון פעטע שוי-פענסטער און שיקערע קאווע-הייזער?... צו וואָס האָט מען דאָן באדאַרפט בערג מיט לייכעס? ניט דערויף דאָך, אז ס׳זאָלן ווערן נאָך שוידערלעכער די ארבעטער-לעכער, דער דאלעס, דאָס אויסשטארבן?... ניט דערויף דאָך, אז די קאנאליעס און וואמפּירן זאָלן ווידער געניסן פון אלע לעבנס-וואוילטאגן, זאָלן ווידער פרעסן, ראבעווען און פארטיוקען?... איך קען דאָס ניט אָנעמען און איך קאָן דערמיט ניט לעבן... מיר האָבן געקעמפט, געליטן, אויסגעגאַנגען דערויף בלויז, אז מיר זאָלן זיך אַליין קרייצן... צו וואָס?

— צי געפינט איר ניט, כאווערטע, אז דידאָזיקע לירישע אייערע איז זייער ענלעך אַף יענער לינקער קינדעריי, וועגן וועלכער עס האָט ניט לאַנג גערעדט דער כאווער לענין?

די שטים פון דעם ביינערדיקן מענטשן איז רואיק, שטרענג, אָן אינטאנאציעס, און דעריבער זיינען מעכאוועס אויסגעשרייען — ווי אַ געיאָמער. און דער אוילאם היקערדיקע פליוצעס און פארשטויבטע פאטילניצעס האָט גערעכצט, איז פאַרויס געקראָכן, געגרודערט זיך.

— איר זייט די פאַרוואַלטערין פון דעם פרויען-אָפּטייל, איר פירט אָן מיט דער פרויען-אָרגאניזאציע, און רעדט פאַר די ארבעטער און טאקע פאר די פרויען ניט פאַסיקע רייד. דאָס טויג ניט, כאווערטע.

פון דער ווייטנס האָט זיך געזען, ווי די ליפּן האָבן באַ פאָליען געציטערט, און די אויגן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן אינם כוישעך פון אונטער די ברעמען און האָבן געשטראַלט מיט טרערן.

און ווי נאָר זי איז מיט אַ שיקערן טראָט אַוועק איבער די רייען, אַוועק אָן אַ ציל און אָן אַ נויטווענדיקייט צו גיין, האָבן די מענטשן געקוקט אַף איר פאַרכמורעט און לאנג באגלייט זי, ניט אָפּרייסנדיק די פּענימער פון איר. אייניקע האָבן זיך געצויגן צו איר און פאַרשטיקט געשעפּטשעט:

— ...אָט טאַקע אַזוי, כאווערטע... דאָס סאמע עכטע... אַף וואָס די וועלט שטייט... דער ארבעטס-מאַן — אי דאָס, אי יענץ... און דעם אַרבעטסמאַן — בלויז אַ פייג... שלאָגן דאַרף מען זיי, די קאנאליעס, זעצן איבער די קעפּ...

— ווער האָט עפּעס וואָס צו מעלדן וועגן דער כאווערטע מעכאווע?

און דער גאַנצער אוילאם האָט מיטאַמאָל אַ קרעכץ געטאָן, פאַרשיידנשטימיק זיך צעפּילדערט, מיט די הענט זיך צעפּאכט, און זיך אַ צי געטאָן צום טיש, און איינע אף די אנדערע.

— וואָס פאַר אַ מאיסעס!... אף וואָס די וועלט שטייט... ס׳איז עמעס!...

— כאווײרים קאָמיסיע, אָט איך מיין, אז אזעלכע מינע כאווײרים דאַרף מען יאָגן אין קאַרק ארײַן... ווײַבאלד ס׳איז נויטיק — איז נויטיק... דאָס איז — וועגן דער נײַער פּאָליטיק... אָבער מע דאַרף אויך, אז די אַרבעטער זאָלן אויך אזוי פיל באקומען... דאָס דאַרף מען אומבאַדינגט פאַר־שרײַבן...

— שטי—ילער! אַ פערד-שטאל איז דאָ צי וואָס, כאַווײרים?

— כאווײרים!... דאָס איז ריכטיק... דאָסדאָזיקע ווײַבל האָט זיך גוט אַרויסגעזאָגט וועגן פאַרשיידענע קלעמענישן...

— און איך וואָלט אונטערגעשטראָכן, כאווער קאָמיסיע, אז דידאָזיקע נעקײַווע מיט די לעקעלעך איז ווי אַ מין זיבעלע... אַ ניט דערטראָגנס... ווײַלע מיר זײַנען נאָך צום קאָמוניזם ניט דערוואַקסן... און יאָגן פון דער פּאַרטיי דאַרף מען אַמערסטן פאַרשיידענע ווײַבלעך דאָרטן... און פרײַלינס אויך...

אָבער ווען די כוואַליע געשרײַען און געפילדער האָט אָפּגעפּלײַצט פון טיש, און די פּלײַצעס און פאטילניצעס האָבן זיך אײַנגעשטילט, האָט סערגיי דערזעען, ווי גליעב איז געשטאַנען באם טיש און מיט אַ פאַרטונקלטן בליק פון אַ פארטויבטער כאיע געקוקט אפן בײַנערדיקן מיטגליד פון דער קאָמיסיע. ער האָט זיך געבויגן איבער אים, אלץ געריסן זיך עפּעס זאָגן, געמאַכט מיט די ליפּן און מיט די קינבאקן, אָבער דער מיטגליד פון דער קאָמיסיע האָט דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבן און איז אומבאוועגלעך געווען, ווי אַ באַרמינען.

דאשע איז געשטאַנען פאָרויס, נעבן דעם טיש, און שטאַרק אָנגע־שטרענגט באגלײַט מעכאוועץ מיט דערשראָקענע, מארטירערשע אויגן.

סערגיי איז גלײַך נאָך פּאָליען אין קאָרידאָר אַרויס. זי איז פלינק, מיט וואקלדיקן טראט, אַוועק צו דער אַרויסגאנג-טיר, און דער קאָפּ אירער, אַף צוריק געוואָרפן, האָט זיך צעשרויפט געוואַקלט אף די אקסלען, ווי בא אַ בלינדער. ער האָט זי שטיל א רוף געטאָן, און זײַן שטים האָט טויב אַ הילך געטאָן אין דער נאַכטישער קאָרידאָר-פוסטקייט. זי האָט זיך ניט אומ־געקוקט, און אין גאנג, מיטן גאנצן קערפּער אירן אף דער שווערער טיר אַרויפגעפאלן.

ער האט זיך ווידער געשטעלט אין דער טיר, וואָס האָט געפירט אין זאַל ארײַן און צום ערשטן מאָל האט ער דערהערט אַ הויכן, יונגן אויסגע־שריי פונם בײַנערדיקן מענטשן.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך!.. אט דאָס איז אַ פארטיי-מיטגליד!.. אָט דאָס איז אן עכטע טוערין און פארטיי-מענטש... אונזער פארטיי קאָן נאָר שטאָלצירן מיט אַזעלכע כאווײרים. גייט, כאווערטע טשומאלאָווע... איך ווינש אײַך אַלראָס בעסטע...

און סערגיי האָט געזען, ווי דער בײַנערדיקער האָט זיך פון שטול אויפגעהויבן און דאשעס האנט געדריקט און געטרײַסלט.

# א נישטיקער עלעמענט פינם אלגעמיינעם.

אינם ראטן־הויז, אין זיין קליינעם צימערל, איז סערגיי ביז באַגינען געזעסן אונטערן שיין פונם לעמפעלע און געלייענט לענינס „מאטעריאַליזם און עמפיריאקריטיציזם". ער האָט פלייסיק אונטערגעשטראָכן מיט אַ שטיקל בליי־שטיפט גאנצע אבזאצן און געמאכט אף די ראַנדן אומלעזבאַרע באמערקונגען און קרומע שורעלעך. ער פלעגט זיך אויפהויבן, ארומשפאנען לויט א דיא־גאָנאל פונם טיש צום ווינקל, צום וואַשטיש, איבער א שטעגעלע מיט איינ־געטראטענעם שטויב, און אין טיפער פארטראַכטקייט געגלעט זיך מיט דער דלאָניע דעם גלאַנציקן פליך זיינעם. ער האָט געטראַכט און ניט געקענט אויספורעמען, וועגן וואָס ער האָט געטראכט. אינעווייניק, ערגעץ אין האַרצן, האָט זיך א מוטנער און פיינלעכער אומעט געקנוילט. אָבער דייטלעך און הויך האָט זיך גערעדט אין זיין שטילשוויגן אלץ איינס און דאָסזעלבע:

— דער פרינציפ פון ענערגעטיק ווידערשפרעכט לאַבלוטן ניט דעם די־אלעקטישן מאַטעריאַליזם, ווייל מאַטעריע און ענערגיע דאָס זיינען בלויז פאַרשיידענע פארמען פון איין און דעמזעלבן פראָצעס פון קאסמישן ווערן. די גאנצע זאַך באַשטייט אין דעם מעטאָד, אָבער ניט אין די ווערטער... דיאלעקטיק איז ענערגעטיש... די פאָרמען פון די קארעלאציעס פון די עלע־מענטן פון דער וועלט־מאטעריע זיינען געזעצמעסיק און אָנענדלעך... אין דער פאָרמולע: „מאטעריע און ענערגיע" רופן ארויס א שטרייט נאָר די דריי אויסיעס „און". זיי זיינען סטאטיש און פאָדערן דיאלעקטיש אוועקגעשטעלט צו ווערן. איבעריקנס, מע דאַרף א טראכט טאָן... מע דארף זיך פאנאנ־דערקלייבן...

ער האָט זיך ווידער געזעצט, גענומען זיך פארן בוך, ווידער אונטער־געשטראָכן אבזאצן און ווידער געצייכנט אומדייטלעכע באַמערקונגען אף די ראנדן.

אינם שכיינעסדיקן צימער, איבער אַ טיר, בא פאָליען, — איז שטיל. זי איז אינדערהיים: ווען ער איז געגאנגען איבערן קאָרידאָר, האָט די מאַטאָווע שויב אין טיר געפינקלט מיט עלעקטרישן שיין פון אינעווייניק. אַ רעגע האָט ער אף דער שויב געזען דעם צעשוואומענעם שאָטן פון איר געלאקטן קאָפּ. ער האָט געוואלט אַריין צו איר און האָט זיך שוין גענומען פאַרן הענטל פון דער טיר, אָבער דער שאָטן האָט זיך א וואַקל געטאָן, אָפּגעווישט זיך פון שויב און איז פאַרשוואונדן געוואָרן. האָט ער באשלאָסן: מע דאַרף ניט. אויב זי נויטיקט זיך אין אים, וועט זי אָנקלאַפּן צו אים אין טיר, וואָס פירט פון צימער צו צימער, אָדער זי וועט אליין אַריין צו אים, ווי זי פלעגט געוויינלעך אריינקומען.

אף די שפיץ פינגער, מיטן ביכל אין די הענט, איז ער אַלע ווייִלע צוגעגאנגען צו איר טיר און צוגעהערט זיך צו איר צימער. שטיל, מע הערט

ניט, ניט קיין טריט, ניט קיין שטובּיקן גערודער. ווייזט אויס, זי איז געלעגן אַפּן בעט פּונקט מיט אזעלכע אויגן, מיט וועלכע זי איז אוועק פון דעם זאוואָד-קעמערל, און עפּשער איז זי געשלאָפן אן איינגעמאטערטע פון די אגמאסנעפּעשן פון די איבערגעלעבטע טעג. אויב זי שלאָפט — איז גוט: מאָרגן וועט זי קאָנען ווידער פעסט אף די פיס זיך שטעלן. זי האָט זיך נאָר אביסל פאַרמאטערט (איצט איז פאַראַן אַזוי פיל פאַרמאטערטע מענטשן): זי דארף נאָר אפּרוען. זי איז געווען אף דער מילכאָמע, —איז זי געווען גליקלעך. דאָרט האָט זי זיך אויסגעלערנט הויך לאכן. זי איז געווען אף אָנגעשטרענג-טער ארבעט אין דעם פרויען-אָפּטייל, און—אויך געלאכט. אָבער אָט—אַ נייע צייט, א צוריקטראָט, און — זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן פון דעמדאָזיקן קלאפּ. זי דאַרף נאָר אָפּרוען און עטוואָס באנעמען. מע דאַרף ניט גיין שלאָפן: זי קאָן אים א רוף טאָן, ווען זי וועט אים נויטיק האָבן, אָדער זי קאָן אליין צו אים אריין, ווי ס'פּלעגט פריער זיין.

די רייניקונג... דאָס ביינערדיקע פּאָנים און די גראמאפאָן-שטים פון דעם קאָמיסיע-מיטגליד. דאָס אַלץ איז געווען זייער לאנג צוריק. דאָס אַלץ איז אַזוי נישטיק: קאָן דען א קליינינקער פאקט האָבן א וועלכע ס'ניט איז באַדייטונג אין דעם אַלגעמיינעם פּראָצעס פון געשעען? ניט ער, נאָר—אלע, און ער איז בלויז א נישטיקער עלעמענט פון דעם אלגעמיינעם.

דורכן אָפענעם פענסטער זיינען אריינגעפלויגן צו אים אין צימער גאָל-דענע און זילבערנע באבעלעך, זיי האָבן געפלאטערט אין געקלאפּט זיך אָן לעמפּל, געפלויגן אין דער טיף פונם צימער און געזשומעט ווי א שוואך אָנ-געצויגענע סטרונע און דערפון האָט דער צימער זיך געדוכט, ווי א ריזיקער, און געטראכט האָט זיך וועגן דעם, אַז ער איז איינער, און אף ווייטער שטייען פאָר אסאַך אומבאקאנטע ענדערונגען. ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער און אריינגעקוקט אין דעם כוישעך אַריין. ס'איז אָקטיאַבר — און דאָך — איז וואַרים, אָבער אין דערדאזיקער וואַרימער און פינסטערער נאכט זיינען שוין פאַראַן זיסע און מאָדנע גערוכן פון האַרבסטיקן פוילן: עס שמעקט מיט זומפּ און מיט אראָפּגעפאלענע בלעטער. און אין דערדאָזיקער שטאָטישער שטיינערנער פינסטערניש (עס זיינען נאָך קיין לאמטערנעס אף די גאסן ניט געווען) האָט אויך געהערשט א אינעווייניקסטע שטילקייט, בלויז ווייט, אפן וואקזאַל האָבן לאָקאָמאטיוון געפייפט און לאסט-וואַגאָנעס האָבן געהילכט. און דאָרט, אונטער די בערג, הינטערן יאם-אויסגוס, האָבן אין פארפלאָנטערטע קרענץ געשטראלט אין קאלירן עלעקטרישע שטערן. דאס האט דער זאַוואָד געהאלטן אין אויפלעבן. און ווייטער האָבן זעלטענע פייער-טראָפּנס געפינקלט אינם האפן, אף די שיף-דאמבעס, אף די דאמבערס, און פלאמען-שטראמען האָבן אויפגעפינקלט אין דער בוכטע פון דידאָזיקע שימי-רירנדיקע שטערן.

ס'איז געווען אַ רעגע, ווען סערגיי איז פאַרזונקען אין דרימל, און פאַר אים האָט זיך באוויזן זיין פאָטער מיט זיינע שלעפּעדיקע באָרוויסע פיס און צעריסענע הויזן און האָט זיך צעלאכט מיט אַ פריידיקן געלעכטער.

ער האָט זיך נעבן געטויטשעט מיט א שטול אין האנט און אומדייטלעך, איילנדיק און פאַרכלינענדיק זיך, געמורמלט עפּעס א שוידערלעך דער רואך ווייסט וואָס. און דערפון, וואָס ס׳איז אומעגלעך געווען צו דערגייַן עפּעס אין דער לאכנדיקער פּלוידעריי פונם פּאָטער, איז סערגייען געווען שרעקלעך. ער איז געזעסן אָן באוועגונג, געוואלט זיך אויפהויבן און—ניט געקאנט, גע- וואָלט דעם פּאָטער אַ קלאַפּ טאָן און — ניט געקאנט. דער פּאָטער האָט אים געדראָט מיט אַ פינגער, געצופּט די באָרד און פריידיק געלאכט.

ער איז איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט דאָס האַרץ בא אים געקלאַפּט מיט זעלטענע, אָבער טיפע קלעפּ. הינטער דער טיר, אין פּאָליעס צימער האָט אף א נידעריקן באַס דעם אויספירקאָם-פּאָרזיצערס האַלב- שטים געברומט. עס האָט געקנאַלט און געקוויטשעט די אייזערנע בעט. פּאָליעס שטים איז געווען ווי א פויגלדיקע, א געריסענע, און ס׳איז אומעגלעך געווען צו פאַרשטיין — לאַכט זי, אָדער זי וויינט.

און ווידער — שטיל.

דאָס האַרץ האָט געקלאפּט בא אים מיט טיפע, זעלטענע קלעפּ און גע- בריט זיך מיטן אייגענעם בלוט. א געהויקערטער, מיט אָנגעדראָלענע אָדערן אפן פּליך און אין די שלייפן איז ער צו דער טיר צוגעגאַנגען. איינגעהערט זיך. געשטאנען א מינוט מיט אן אויפגעהויבענעם פויסט, א גרייטן א קלאַפּ צו טאָן. אַ קאָנוואולסיע איז זיין פּאָנים אדורך, און דער פויסט זיינער האָט זיך לאַנגזאַם אראָפּגעלאָזט און ווייך זיך צענומען. ציטערנדיק פון קעלט, מיט א בלויען פּאָנים, מיט פריטשמעליעטע אויגן, איז ער מיט א פאַרמאַטערטן טריט צו דער בעט אוועק. א ווײַלע נעבן דער בעט געשטאַנען, ווידער צוגע- הערט זיך, אַנידערגעלייגט זיך. ווידער אויפגעשטאַנען און ווידער צוגעהערט זיך. דערנאָך האָט ער לאנגזאם און מיט האסמאָדע אָנגעהויבן אויסטאָן זיך. פאַרלאָשן דאָס לעמפּל, איבערגעדעקט זיך מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און אנטשוויגן געוואָרן.

4

## ש פ ע נ ד ל ע ך.

אינדערפרי, צו דער געוויינלעכער שאָ, האָט זיך סערגיי מיטאמאָל אויפגעכאַפּט און פונקט אזוי מיטאַמאָל אף די פיס זיך געשטעלט. ער איז גלייך צום וואשטיש צוגעגאַנגען און געוואַשן זיך ניט לאנג, אָבער גוט. מיטן האַנטוך אין די הענט איז ער נעבן פענסטער געבליבן שטיין (דער פענסטער איז א גאנצע נאכט אָפן געווען). ס׳איז קאַלט געווען אין צימער, און איבערן קערפּער האָט ארומגעטאנצט א פיבערדיקער ציטער, און דערפון האָט ער זיך דערפילט מונטער און שטייף.

דער הימל איז געווען א טיפער אין בלויקייט, ווי זומער, און די לופט א דורכזיכטיקע און א גאָלדענע אין ווייטן. די הייזער אונטן האָבן מיט זון

געפּלאַקערט, און די דעכער האָבן נאָס געגלאַנצט מיט נאַכטישן טוי און געבלויט זיך מיט אָפּגעשפּיגלטן הימל. איבערן זאַוואָד, אַף די שפּיץ בערג האָבן בלענדנדיק געפלאַמט געפלאָכטענע שניי-פלאַסטן. און זייער ווייט, אין דעם באַרג-טאָל, שניידנדיק די שטיינערנע אַפּוואַלגערן און די געוויקסן פונם יונגן וואַלד, וואָס איז פון די בערג געראָנען, איז באַרג-אַרויף אַ לאַסט-צוג געקראָכן. בוילעט האָבן זיך געשניצט די קליינינקע קוביקלעך מיט די שווארצע קוואַדראַטן פון די טירן, און עס האָבן געשפּילט די שטאַנגען פון די רעדער. רויך און דאַמף פונם קוימען איז ווי פייערדיקע קנוילן געפלויגן און זיך געוויקלט אין ראָזעווע וואָלקנס. הארבסט-געריך — זיסער, יוירנדיקער פון פוילן—אַ קאַלטער, מעטאַלישער, האָט ווי קערנדיקע כוואַליעס אין פענסטער זיך געריסן. ס'איז געווען מונטער, לייכט, דורכזיכטיק און זוניק.

...די רייניקונג. שפּיגלען, אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אָן אַ שיר מאָל אָפּ אַ שלאַל האַמויינים און לאָמפּן. זיינע צעטומלטע, נאַיווע ענטפערן. אַך, דאָס איז געווען אַזוי לאַנג צוריק און ס'איז אַזוי נישטיק! דער קערפּער איז אָנגעזעטיקט מיט בלוט און מיט געזונט, און עס ווילט זיך עפּעס אַ שווערע פיזישע אַרבעט פאַר די מוסקלען. און ער האָט דעריבער באַם פענסטער די הענט געוואָרפן אַרויף און אַראָפּ און אין די זייטן: איינס-צוויי-דריי-פיר...

...פּאָליע... אַ מוטנער ווייטיק איז ווי אַ שאָטן דורכגעלאָפן דורכן האַרצן.

זי איז ניט געקומען צו אים — זי האָט זיין פריינטשאַפט ניט געוואָלט. דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איר באַנאַכט, האָט זי דאָסמאָל געוואָלט פאַרהיטן נאָר אין זיך. זיין ווייטיק — איז בלויז זיין ווייטיק. און איר ווייטיק מאַכט נאָך זי נעענטער און ליבער. ער וועט איר ניט דערציילן פון זיין ווייטיק און זי וועט וועגן דעם קיינמאָל זיך ניט דערוויסן. זי איז — אַ שטאַרקע, זי קאָן לאַכן, און זי וועט אים היינט באַגעגענען און באַשענקען אים מיט אַ שמייכל, ווי אַ פריינט. ליבע, נאָענטע פּאָליע...

ער האָט גענומען דעם פּאָרטפעל און איז אַרויס אין קאָרידאָר. פּאָליעס צימער איז געווען פעסט פאַרמאַכט און דאָרט איז געווען שטיל. זי שלאָפט. זאָל זי שלאָפן: זי דאַרף זיך אויסרוען און באַרואיקן, קעדיי דער שמייכל אירער זאָל זיך אין אַ געלעכטער צעקלינגען.

אין פאַרטקאָם איז ער אַוועק אין צימער פון דער רייניקונג-קאָמיסיע.

כאָטש ס'איז נאָך אַ פריע שאָ, אָבער אין צימער איז שוין אָנגעדרויכערט, און דאָס טונקעלע צימערל מיט איין פענסטער אין גראַטן האָט געשטונקען מיט שימל און מאַכאָרקע. נעבן טיש זיינען עטלעכע מענטשן געשטאַנען, און די פּענימער באַ זיי האָבן אויסגעזען, ווי נאָך אַ שווערער קרענק. צוויי, — אָנגעשטעלטע פון פּאָלקבילד, — ניט באַמערקנדיק סערגייען, האָבן זיך מיט אים צעבוצקעט און, ווי בלינדע, אויסמיידנדיק אים, שווייגנדיק, מיט אַ שמייכל פון אויסגעפּאַטשטע, געהויקערטע, האָבן זיי זיך פאַרפלאָנטערט איינע מיט די אַנדערע אין דער טיר. און סערגיי האָט דערהערט נאָר זשוקס גאָרגלדיקע אויסגעשרייען:

— שלאָגן באדארף מען, שיסן, כאווײרים טײערע... מע דאַרף זײ אלײן יאָגן פון דער רעקאַפּע... גענערעלער זײנען זײ, אויסוואורפן!.. וואָס פארשטײט איר אין דעם ארבעטס-מאַן?.. דעם טרעלבוך אײערן, די אײגענע פעל נאָר כאָליעט איר, און אפן אַרבעטער-קלאַס שפײט איר... װי אזוי האָסטו מיך, טײוולשע מאָרדע אײנע, געדרײניקט, װיבאלד מײן פּאָנים איז פאַר דיר הינטער זיבן שלעסער פארינגלט?.. וואָס, דו האָסט מיט מיר פון אײן טעלער געגעסן. צי וואָס?.. וואָס שיטסטו מיר זאמד אין די אויגן, װיבאלד דו ביסט אלײן פאַר מיר סאַכאַקל — א צעריסענער שטיבלעט?..

און דער איסגעקוואַרטער איז געזעסן באַם טיש א טויבער און פאַר־שלאָסענער אין זיך, לײדנשאַפטלאָז איבערגעקליבן די אָנגעשריבענע פּאַפּירלעך אין דער גראָבער פּאַפּקע. און װי נאָר זשוק האָט ארויסגעשריען די לעצטע װערטער זײנע, האָט ער גלײך שטאַר אים אָנגעקוקט, אָנגעקוקט מיט די מוטנע אויגן אָן א געדאַנק, ניט קײן אויגן, נאָר בעלמעס.

— כאַװער, אויב איר האלט זיך פאַר א קאָמוניסט, פארוואָס זשע האָט איר ניט די נויטיקע אויסגעהאַלטנקײט? כ'האָב דאָך אײך שוין געזאָגט, אז...

זשוק האָט זיך א ריס געטאָן צו אים מיט א פאַרקרימטן פּאָנים און א זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש.

— אויב דו, געפײגערטער שעד, רײבסט מיר די צורע און שטעקסט זי אין קלאָזעט ארײן, דארף איך דיר דערפאַר נאָך א דאנק זאָגן? און עפּעס אַנדערש ווילסטו ניט?.. איך האָב זיך אײך גענוג אָנגעקוקט, קאַריערײסטן און העצקער... כ'וועל אײך אלע אָף דער ליכטיקער שײן ארויפברענגען... כ'וועל אײך באַווײזן, וואו פעפער וואַקסט...

דער מענטש איז געבליבן פונקט אזוי לײדנשאַפטלאָז און פארקווארט, װי פריער, פונקט װי דאָס אלץ, וואָס זשוק האָט ארויסגעשריען, איז אים אינ־גאַנצן ניט אָנגעגאַנגען. ער האָט בלויז פארדומפּן א זאָג געטאָן דעם כאַווער זײנעם, וואָס איז געזעסן באַם צווײטן עק טיש נעבן דער וואנט:

— כאַווער נאַטשקאַסאָוו, געפין זשוקס איניען און לײג אים אָפּ באזונ־דער אָף איבערקוקן אים אָף דער הײנטיקער זיצונג פון דער קאָמיסיע.

דערנאָך האָט ער ווידער מיט א מוטנעם בליק א קוק געטאָן אָף זשוקן און פאַרשמיסן אים מיט פרעמדע, אויסגעלאשענע ווערטער, װי די בעלמעס זײנע:

— איצט האָט איר זיך שוין אינגאנצן אָפּגעשניטן יעדע מעגלעכקײט צו־ריק ארײנצוטרעטן אין דער פּאַרטײ, כאווער זשוק. איר האָט אין א גענוגנדער מאָס דערוויזן, אַז איר זײט — א שעדלעכער און דעמאָראַליזירנדיקער עלע־מענט. איך שטעל די פראַגע וועגן אויסשליסן אײך אָף שטענדיק. און אויב איר וועט ווידער פילדערן, וועל איך ארויסרופן דעם דעזשורנעם פּאַרטײ-מאַן פון טשאָן*), און וועל געצוואונגען זײן ארויספירן אײך מיט גוואלט. פארלאָזט דעם צימער.

*) טשאָן — Части Особого Назначения — ЧОН — אָפּטײלן פאַר באזונדערע שליכעסן. איבערז.

און ווידער ליידנשאַפטלאָז די פּאַפּירן אָנגעהויבן פאַנאַנדערקלייבן.

א פאַרבלענדטער, מיט א צעקרימטן פּנים, האָט זשוק מיט די ציין א קריץ געטאָן. ער האָט באמערקט סערגייען, און, א דערשיטערטער, איז ער צו אים צוגעגאַנגען, ווי ער וואָלט בא אים שוץ געזוכט.

— אָט וואָס פאַר א מאיסים דאָ ווערן אָפּגעטאָן, סעריאָזשע, טייערער כאַווער. מירן שטיין א ווײַלע, א קוק טאָן, לערנען זיך, ווי אזוי אַן עמעסע אַרבעט ...ו פירן.

ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, א דערשלאָגענער, און איז אַוועק א זײַט אַוועק.

בא דער וואנט, אַנטקעגן טיש, איז צכעלאַדזע געשטאַנען. ער האָט אַרויסגעקוילערט די ריזיקע ווײַסלען זײַנע, געפלעקטע מיט בלוט און, ניט פינטלענדיק מיט די אויגן, האָט ער זיך אלץ אײַנגעקוקט אין איין פּונקט, — אָפּן הויפן אָנגעוואַלגערטע פּאַפּירן. ער האָט געהאַלטן אין איין קריצן מיט די ציין, און א געדיכטער מילכשוים האָט זיך אין שנירעלעך צונויפגעקליבן בא אים אין די ווינקלען פון זײַן פעסט פאַרמאַכטן מויל. סערגיי האָט אים שטענדיק געזען א שווייגנדיקן, און אף דער ארבעט האָט מען אים ניט ארויסגעזען, כאָטש ער איז אמאָל מיט צוויי יאָר צוריק געווען צווישן די גרינע, קאָמאנדירט מיט א באזונדערער גרופּע און איז דער ערשטער מיט שלאַכט אין שטאָט ארײַן.

ער האָט זיך אָנגעשטויסן מיט די ווײַסלען אף עפּעס שאַרפס, האָט אויפגעציטערט, א שפּאַן געטאָן צום בײַנערדיקן מענטשן. ער האָט צענויפגעזען די פינגער און געפירט מיט זיי אין דער לופט.

— כאַווער!.. צו וואָס שפּאסטו?.. גיב, לאָמיר א קוק טאָן מיט די אייגענע אויגן... צו וואָס ווערטער — גיב בעסער צו דער זאַך...

בא דעם קווארן מענטשן אין די אויגן האָט פאַרוואונדערונג אויפגעפלאַמט.

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, כאַווער: איר זייט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּארטיי פאר רייסערייען. כ׳האָב קיין צייט ניט צו שפּאַסן מיט אייך. באקלאָגט זיך.

צכעלאַדזע איז ווידער פאַרגליווערט געוואָרן אין דער פריערדיקער פּאָזע און ווידער אָנגעהויבן מיט די ציין רודערן.

— כע, אָט וואָס פאר א מאַיסים זיי טוען אָפּ, סעריאָזשע, טייערער כאַווער... זע — באַנעם...

סערגיי איז צו צום טיש צו און זיך נאָכגעפרעגט וועגן דער באַשטימונג פון דער קאָמיסיע. נעכטן נאָך האָט ער בעכוש געפילט, אז ער איז אויסגעשלאָסן. ער האָט ניט געוואוסט, פאר וואָס ער איז אויסגעשלאָסן, און ווען מע וואָלט געשטעלט די פראַגע וועגן די מאָטיוון פון זײַן אויסשליסן, וואָלט ער ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן אף איר, אָבער ער איז פעסט געווען זיכער, אז ער איז אויסגעשלאָסן. ער האָט עס געוואוסט און געוואַרט, וואָס וועט אים זאָגן דערדאָזיקער כאווער.

— יאָ, איר זייט אויסגעשלאָסן.

— וועלכע מאָטיוון?

— איך קאָן אייך איצט ניט לייענען דעם פּראָטאָקאָל. איר וועט צו דער צייט באַקומען אן אויסצוג און וועט זיך דערוויסן. אויב איר זייט אומצופרידן, קאָנט איר זיך באַקלאָגן.

און קיין איין מאָל אַף סערגייען ניט א קוק געטאָן.

און ווי נאָר סערגיי האָט דערהערט דעמדאָזיקן ענטפער, האָט דאָס האַרץ בא אים זיך אויפגעריסן נעבן דעם סאַמע גאָרגל און איז אין איבלדיקער ניט-רואיקייט אראָפּגערונען אינעווייניק. און ניט ער, נאָר עמיצער אַנדערש אין אים האָט מיט א הייזעריקן שלוקערץ ארויסגעשטאַמלט:

— אָבער דאָס איז דאָך פּאַר מיר א פּאָליטישער טויט. האָט איר זיך עס קלאָר געמאַכט, כאַוועך?

— יאָ, איך האָב עס זיך קלאָר געמאַכט. דאָס איז פּאָליטישער טויט.

— אָבער פאַר וואָס זשע?

— הייסט עס, אז עס זיינען געווען דערצו ערנסטע מאָטיוון.

סערגיי האָט געוואָלט אוועק, אָבער ער האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט רירן זיך פון אָרט: די פיס האָבן ניט געפאָלגט, און זיי זיינען געווען אין עטלעכע מאָל שווערער ווי ער אליין. ווי אזוי ער איז אוועק פון טיש — האָט ער ניט באַמערקט, און וואו ער איז געשטאַנען—האָט ער ניט געדענקט.

זשוק האָט זיין האַנט געדריקט און געלאַכט מיט א ווייטיקדיקן גע-לעכטער.

— אָט איז עס, סעריאָזשע, אַזאַ מין אויסגעצייכנטע אַרבעט!.. און דעם אויספירקאָם-פּאָרזיצער האָט מען איבערגעלאָזט, און שראמען האָט מען אי-בערגעלאָזט, און כאפּקאָ האָט מען איבערגעלאָזט, און אלערליי אייגענע שי-קורים-קאָמפּאַניעס—אויך איבערגעלאָזט... הוליע, ביוראָקראַטיע!.. אָבער סאַוו-טשוקן האָט מען פון קעמערל ארויסגעשטופּט, מעכאווען—ארויסגעשטופּט, דיך—אַרויסגעשטופּט... איצט וועט פאַר זיי זיין א מעכאַיע: די אַרבעט וועט גיין כאַדאָראָם, בערג וועלן זיי איבערקערן... נו, איך וועל זיי דאָך באַווייזן, וואו פיש צו כאַפּן... איך וועל, ברודער, א טרייסל טאָן די נעשאָמע זייערע...

צכעלאדזע האָט זיך ווידער אן עפּעס אנגעשטאָכן און, אויפצאַפּלענדיק, ווידער צעשפּרייט די פינגער, ווי א פּאָכער.

— כאַוועך!.. צו וואָס שפּאַסטו?.. צו וואָס, זאָג מיר נאָר, רעדסטן פּוסטע רייד?.. גיב, לאָמיר אליין א קוק טאָן, וואָס שרייבסטו דאָרט...

און ווידער האָבן באַם אויסגעטריקנטן מענטשן די אויגן אין פּאַרוואונ-דערונג אויפגעפלאַמט. ער האָט זיך קורצזיכטיק איבער די פּאַפּירן אריבער-געבויגן און פּאַרמאַטערט, צווישן די ציין ארויסגערעדט:

— כאַוועך נאטשקאסאוו, באַווייזט צכעלאדזען די באַשטימונג.

צכעלאדזע האָט זיך מיט די באָטן צעקנאַקט צום צווייטן טיש, און דער גראָבפּנימדיקער קאָמיסיע-מיטגליד האָט אים דערלאנגט א פאַרשריבענעם בויגן פּאַפּיר.

— אָט, לייען, רוסיש קענסטו?
און א שטעק געטאָן מיט א פינגער אין מיטן בויגן.
— טראָג דיך אָפּ, קאנאליע, היגטישער זון!..
א מעטורעפער, מיט מעשוגענעם גלי אין די אויגן, האָט ער זיך אָנגעשטארט אין די בלויע ביילן פונם כאָווער נאטשקאָסאוו, און די ציין האָבן זיך בא אים צעקנאקט אין אנויפהערלעכן סקריפּענדיקן שרויט.
ער האָט אָפן פּאַפּיר ניט אַ קוק געטאָן. ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך א זעץ געטאָן מיטן פויסט נעבן אויער. ער האָט, קוויטשעדיק און דורכדרינגענדיק, אויסגעשריען פון ווייטיק און שרעק:
— דו האָסט מיך געריייניקט... איר האָט מיך געריייניקט... איך האָב אייך אויך געריייניקט... נ-נא!..
און דער צימער האָט זיך אויפגעריסן מיט געדונער און רויך.
צכעלאדזע איז געלעגן אפן דיל. פונם צעשפּאָלטענעם שארבן איז בלוטיקע קאַשע גערונען.
דער ביינערדיקער מיטגליד פון דער קאָמיסיע איז באַם טיש געזעסן מיט שטויב אפן פּאָנים. די אויגן זיינען בא אים בלינדע געווען, ארויסשטארצנדיקע, מיט בעלמעס.
סערגיי האט ניט געדענקט, ווי אזוי ער איז פון צימער ארויס. און ווען ער איז צו זיך געקומען, האָט ער דערזעען זשידקין נעבן זיך. יענער האָט אים געשטופּט אין די ציין אריין א גלאָז וואַסער, געשריען און געשעפּט די לופט מיט די נאָזלעכער.
— טרינק, כאַפּ דיך דער טייוול!.. רעווע ניט, ווי א פרוי... פארשטייסט: ניט דאָ וועלן באַשטימט די איניאָנים. פאַראַן דאָך מענטשן העכער אויך. דער פּאַרטקאָם וועט עס אזוי ניט לאָזן... זאָל מען מיך ארויסוואַרפן פון דער פּאַרטיי, אָבער דידאָזיקע אומגעלומפּערטקייטן וועל איך אזוי ניט לאָזן...
סערגיי איז געזעסן אפן דיוואַן און געשטיקט זיך אין געיאָמער.

XVII

# א שטויס אין דער צוקונפט

1

## „מיר וועלן ווייטער דעקן"...

לאָזן דעם זאַוואָד איז באַשטימט געוואָרן אפן טאָג פון דעם אָקטיאַבער-יאָנטעוו. די פייערלעכע זיצונג פון דעם שטאָט-ראַט איז באַשטימט געוואָרן איינצואָרדענען אין קלוב „קאָמינטערן", קעדיי צונויפבינדן זי מיטן יאָנטעוו פון דעם ערשטן גרויסן ניצאָכן אפן ארבעטס-פראָנט.

די פאַרטיי-רייניקונג האָט זיך שוין פאַרענדיקט, אָבער די קאָרידאָרן פונם אַרבעטס-פּאַלאַץ האָבן זיך נאָך געשטיקט פון פאַרשוויצטע, צעקלאַפּטע מענטשן, פון פייכטן ברוינעם רויך, פון פאַרטשאַדעטער פאַרלוירנקייט, פון מאַדנע אָנגעשפּיזטער און האכנאַעדיקער דערוואַרטונג. מענטשן האָבן זיך אין קופּקעלעך געזאַמלט, מיט נאַסע פּאַטלעס אף די שטערנס, געזשומעט מיט פאַרשטיקטע שטימען, אָבער זיי אלע זיינען איינזאַמע געווען און ענלעך אף קראַנקע.

אין דעם ראַטפאָלקווירט און דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג האָט די אַרבעטער-פויערשע אינספּעקציע שוין עטלעכע טעג אומגעזעענערהייט און רואיק געפירט א רעוויזיע.

שראם איז ווי פריער געזעסן אין זיין קאַבינעט הינטער שטייף פאַרמאַכטע טירן און אויפגענומען פון עלף ביז צוויי. און דאָרט, הינטער די טירן, איז געווען שטיל און שטרענג. דער אַפּאַראַט האָט געאַרבעט פונקט אזוי קאָמפּליצירט, מעכטיק און רואיק, ווי אין די פריערדיקע טעג. בלויז די פיין-געקליירעטע ספּעצן זיינען עטוואָס בלייך געווען, מוטנע מיט אומרואיקע שטאַרע אויגן. אָבער אין דעם טומלדיקן אוילאם אָנגעשטעלטע, געבויגענע איבער ביכער און פּאַפּירן, האָט זיך ניט געלאָזט מערקן ניט קיין אומרו, ניט קיין שרעק, פונקט ווי די אַרבעטער-פויערשע אינספּעקציע וואָלט דאָ אינגאנצן ניט געווען און פונקט ווי קיינער וואָלט ניט געוואוסט, וואָס איז עס

אַזוינס — אַרבעטער-פּויערשע אינספּעקציע און וואָס איז עס אַזוינס אַ רע-וויזיע.

גליעב האָט זיך געריסן צווישן דעם זאַוואָד און דער זאַוואָד-פאַרוואַל-טונג. ער האָט זיך געטראָגן פון קאָרפּוס צו קאָרפּוס, פון צעך צו צעך, פלעגט פאַרשוואונדן ווערן אין שטויב, אין אָנגעוואַלגערטע מאַטעריאַלן, אין געדונער פון דער אַרבעט און האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט אויסהאַלטן אַף זיך ניט כאַפּן פאַרן געצייג און האַמערן צו גלייך מיט אַלע. אין שלאָסער-צעך האָט ער זיך אָנגעריסן אַף אַ סקאַנדאַל מיטן שלאָסער סאַוועליעוו. דער שלאָסער סאַוועליעוו—איינער פון די אַלטע אַרבעטער—איז אַ מאַרעשכוירעדיקער אָקס, אַ מיזאַנטראָפּ, אַ שווייגער. ער פלעגט זיך אָפּט אָפּרייסן פון דער אַרבעט, פאַרגיין זיך אין הוסטן, וואָס פלעגט אים אויסקערן די געדערים און האָט געשפּיגן מיט אַ שוואַרצער געדיכטער לייכע. אין אַזאַ רעגע האָט גליעב אַרויסגעריסן בײַ אים דאָס געצייג און מיט דער פּלייצע אָפּגעשטויסן אים פונם ווערקשטעל.

— וואָס גריבלסטו זיך דאָ, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ווי אַ סאַליטער אין מיסט? אַף אַ פרעמדן האָרעוועסטו, צו וואָס?

סאַוועליעוו, אַ באַטויבטער, האָט אויסגעגלאָצט אַף אים די מיט בלוט אָנגעלאָפענע אויגן און געשטיקט זיך פון הוסט.

— ניט שפּייען באַדאַרפסטו, ניט פינטלען מיט די אויגן און ניט שנייצן זיך די נאָז, נאָר פּלאַצן... יעדע מינוט—איז אונז טייערער, ווי דאָס לעבן...

ער האָט זיך געריסן, געדונערט מיט מעטאַל, נעשפּילט מיטן שרויפ-שטאָק און געוואָרפן זיך ווי אין פיבער.

סאַוועליעוו האָט אַף אים געשפּאַרט מיט דער פּלייצע, צעשאָקלט זיך מיט דער באָרד און אַ שפּיי געטאָן אין היפּן.

— וואָס טראַכסטו וועגן זיך, געגאָלטער נישט? וויפל יאָר אַרבעט איך שוין בײַם ווערקשטעל—אי אַ טאָקער, אי אַ שלאָסער, אי דער טייוול ווייסט וואָס דאָרטן, און דו ביסט נאָך אַ וואַנץ, אַ פּריץ, דו האָסט נאָך דער מאַמעס ציצקעס ניט געזויגן, ווען איך האָב שוין אין ברוסט בערג מיט זע-געכץ געטראָגן. און דאָ איז ער מיר געוואָרן — אַ קאָמאַנדיר און אַ פּלאָקנ-שיסער...

— שפּייען האָב איך געוואָלט אַף דיין באָרד! אַסאַך אַזעלכע ליידיקגייער וועלן זיך געפינען אַף ציען די נעשאָמע און טייטלען אַף זייער אַרבעט-סטאַזש, דו קאָנסט נאָר קלערן וועגן דיין אייגענער פעל, אָבער די אַלגעמיינע אַרבעטער-זאַך און די פּראָדוקציע—דאָס איז פאַר דיר אַ שטריק פאַר הינט...

און סאַוועליעוו האָט זיך געריסן מיט פּויסטן, און ענלעך איז ער גע-ווען, אַ האַריקער און אומציכטיקער, אַף אַן אַלטן הונט אַף דער קייט.

— אַ פּלאַפּלער ביסטו, אין דער מאַמען דיינער... אויסוואָרף!.. מע-נוּוול!..

די אַרבעטער, ניט אָפּרייסנדיק זיך פון דער אַרבעט, האָבן די ציין גע-שטשירעט און געוואויעט אין אַנטציקונג.

— דערלאַנג אים, טשומאַלאָוון, אין די ציין אריין, באָרד... שלאָג!..

— גיב אים א שמיר איבערן פּיסק, טשומאלאוו!... גיב דעם אלטינקן די וועלט צו זעען!

גליעב איז צו זיך געקומען, א שליידער געטאָן דאָס געצייג אַפן וואַרשטאַט און צעלאַכט זיך אַפן גאַנצן צעך.

— אָט צום טייוול, סאַראַ מין שטיק פערד איך בין! זיי ניט אין קאַעס, פריינט... די הענט בייסן באַ מיר, און איך בין צעיושעט, ווי א הונט.

און אַנטלאָפן אין אַנדערע אָפּטיילונגען.

דער רעמאָנט פון דעם אויוון און פון צערייב-מאַשין האָט שוין באַם סאָף געהאַלטן. דער ברעמסבערג האָט שוין געאַרבעט, און צו עטלעכע מאָל האָט יעדן טאָג אַף דער עלעקטריע-טראַנסלאַציע פריילעך די רעדער מיט די שטאַנגען געפּאַכט אין פאַרשיידענע אָנבויגונגען און איבערקרייצונגען, און די ראָלן אַף די וועגן האָבן זיך איבער די בערג איבערגעקלונגען, ווי ווייטע שמידן-האַמערן. בלויז די לופט-באַן צום פירס האָט ווי פריער געשוויגן מיט פאַרגליווערטע וואַגאָנעטקעס אין געפלי, און טונקל האָט געפינקלט מיט זשאַווער די שוץ-נעץ. דער טורעם-זייגער מיטן ווייסן קלאַפּטערדיקן ציפערבלאַט, דער זייגער, וואָס האָט דריי יאָר ניט געאַרבעט, האָט ווידער אָנגעהויבן באַוועגן זיינע ווייזערס, און באַנאַכט, באַלויכטענע דורך העלע בויגן-לאָמפּן, האָבן זיי בוילעט געשניצט די צייט אַף א ווערסט די ווייט.

אין באַנדער-צעך האָט מען זיך אויך געגרייט צו דער אַרבעט. מע האָט רעמאָנטירט די ווערקשטעלן, אַראָפּגערייניקט דעם שמוץ און דעם מיסט, געפירט קלעפּקעס פון לאַגער. סאַווטשוק, אינגאַנצן אין שווייס און אין שטויב, האָט ווי א טייוול געפילדערט און געזידלט זיך און צוזאַמען מיט דער גאַנצער באָנדער-קאָמפּאַניע געגריבלט זיך אין בערג מיסט און צעפוילטע זעגשפּענדלעך, אין קופּעס קליעפּקעס און רייפן.

יעדן טאָג פלעגט גליעב אַריינלויפן אין דער מאַשין-אָפּטיילונג און דאָ מיטאַמאָל ווערן אינגאַנצן אַן אַנדערער. א געדיכט הימליש ליכט, בלישטשענדיקע ריינקייט פון די שויבן, פון דיל-קאַכלעס און פונם שוואַרצן גלאַנץ פון די באַגאַלדעטע און באַזילבערטע דיזעלן. צאַרטער, זינגעוודיקער געקלאַנג פון די הויבערס, קעמערלעך און גלעזעלעך. דידאָזיקע שטרענגע און יונגע מוזיק פון מעטאַל און די באַרוטע און שטילע שיין אין וואַרימען גערוך פון אייל און נאַפט האָט ווייך און צאַרט דאָס געמיט געשטילט. פּונקט ווי אין האַרצן וואָלטן אויך געהילכט און געקלונגען דידאָזיקע מעטאַלישע געזאַנגען, און אַלץ, וואָס ס'איז געבליבן דרויסן, אויסער דידאָזיקע ווענט, איז געווען נישטיק און ניט וויכטיק, פּונקט ווי מיסט, וואָס מע דאַרף אויפראַמען. און דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וואָס האָט א גרויסן זין, איז געווען נאָר דאָ, אין דעמדאָזיקן בלישטשענדיקן הימלישן געקלאַנג, אין די זיפּצן פון די שוואַרצע מיזבייכעס, פעסט צעשטעלטע אין די ענגע קוואַרטאַלן. לאַנג האָט גליעב געקוקט פון הינטער דער מעשענער פּאַרצוימונג אפער אַף די ריזיקע יאָגרעדער, פליִנקע אין געפלי, אַף די געלע ברייטע שקיוון, וואָס האָבן פליגלדיק געשטראַמט

און געצאַפּלט זיך נאָך די יאַגרעדער, ווי לעבעדיקע. און דאָ, נעבן די יאַגרעדער, וואָס עס איז ניט צו כאַפּן זיי אין זייער באַוועגונג, איז אומרואיק געווען פון זייער שטומקייט, בלויז פּייכטע הייסע כוואַליעס האָבן געשמיסן אין פּאָנים, אויף די הענט, אין דער ברוסט, און האָבן דערשיטערט גליעבן מיט זייער פֿאַרטיפטן אָטעם. א באַצויבערטער, פלעגט ער ווי דעם באַוואוסטזיין פֿאַרלירן, אויפגעלייזט ווערן אין דעמדראָזיקן טשוגונענעם געפלי, אין די הייסע לופטיקע כוואַליעס און שטיין, אויסער צייט, אויסער געדאַנק, אויסער אָרט.

און שטענדיק פלעגט אים צום לעבן אויפוועקן ברינזע. ער פלעגט אים נעמען אונטערן אָרעם און שווייגנדיק אוועקפירן צו דער פאַרגלאַזטער וואַנט, וואו עס האָט זיך ענדלאָז געבלויט אין די הויכן פון די ווייטע באַרגרוקנס דער יאַם און די לופטיקע ראַכוועס.

עס איז שוין ווידער געווען ניט דער ברינזע, וואָס האָט אים אין פּרילינג באַגעגנט. ער האָט געטראָגן דיזעלבע פֿאַרשמאָלצעוועטע קעפּקע, ווי א קרעפּל איבער דער נאָז, און ער האָט געהאַט נאָך אַלץ דיזעלבע נאָז, וואָס איז ענלעך געווען אַף דער קעפּקע, דיזעלבע שמוציקע שאַרפע באַקביינער און קין, און דיזעלבע ברוינע ווענצעלעך ווי נאַסע שמאַטקעלעך. אבער די אויגן זיינען שוין באַ אים געווען קאַלטע, ניט קיין פינטלדיקע, מיט זילבער און גאָלד אין בליק, ווי די דיזעלן. ער האָט שוין מער ניט געשריען און ניט געריסן זיך, נאָר וואַכזאַם צוגעהערט זיך צום געקלאַנג און פליסטער פון די מאַשינעס.

און דער געשפּרעך פלעגט זיך שטענדיק אָנהויבן אזוי:

— נו, קאַמאַנדאַרם?

— נו, ליבער פריינט?

— נו, און ווייטער וואָס?

— מיר דעקן ווייטער, ברינזע!..

— און ריק און לענד וועלן מיר ניט ברעכן?

— וואָס רעדסטו? ביסט פון זינען צי וואָס? אין דער פּאַרטיי וואָלט מען דיך באַדאַרפט, אזא מין מענוואָל: דאָס וואָלט דיך פעסט פֿאַרקאָרקעוועט.

— נו, קאַמאַנדאַרם, גיי קאַפּקאַל מיט דער פּאַרטיי דיינער צוזאַמען. וואָס מיר—פּאַרטיי, ווילבאַלד פאַר מיר עקזיסטירן בלויז מאַשינעס? פּאַראַן א פּאַרטיי, פּאַראַן אויך מאַשינעס. איך ווייס ניט, וואָס איז עס אַזוינס—א פּאַרטיי, אָבער איך ווייס, ווי אַזוי מאַשינעס לעבן. קוים עקזיסטירן מאַשינעס, מוזן זיי אומפאַרמיידלעך אַרבעטן. איך האָב פיינט פּלאַפּלער. גיי זיך אין דיין וועג, קאַמאַנדאַרם.

ער האָט אַרונטערגעריסן דעם געשפּרעך און מיט א גלייכן, שטייפן טראָט, אביסל א געהויקערטער, ניט אומקוקנדיק זיך, פֿאַרשוואונדן געוואָרן אין די טונקעלע ליקעלעך, צווישן די דיזעלן און צוריק ניט געקומען.

איינמאָל באַם באַקוקן די רעמאָנט-אַרבעטן אינעווייניק אין די קאָרפּוסן, גרויע פון צעמענט-שטויב, אונטער דעם געקנאַל, געטומל און געשרייען פון

די ארבעטער, האָט זיך גליעב באַגעגנט מיטן אינזשענער קלייסט. דער אומ-געוויינלעך שטאַרקער בליק זיינער האָט שוין ניט איינמאָל גליעבן געוואונ-דערט. דידאָזיקע אויגן האָבן עפּעס פאַרמאַטערט געברענט מיט אויפרעגונג און אומרואיקער פראַגע. דער אינזשענער קלייסט האָט אים ווייך גענומען אונטערן אָרעם, און זיי זיינען שווייגנדיקע אַפּן וויאַדוק ארויס. אַקסל צו אַקסל זיינען זיי אַפּן בריקל ארויף, צו יענעם דורכזיכטיקן טורעם, וואו זיי האָבן זיך אין יענעם פאַרגעדענקטן אָוונט באַגעגנט. רעכטס, אין דער נידער, האָבן דיזעלן געברומט, און ערגעץ אין די געדערים פון די קאָרפּוסן האָבן ווי אַף נידעריקע סטרונעס דינאַמאָ-מאַשינען געזונגען. אַף די דעכער פון די קאָרפּוסן האָבן ווי ליאַלקעלעך ארומגעפויזעט צונויפגעדרייטע פיגורן פון ארבעטער. די בלעך-בויגנס אַף די דעכער האָבן ווי יאַם-פויגל געשריען, און די האַמערס האָבן געקלאַפּט, ווי פויקן. און די פענסטער פון די געביידעס האָבן זיך שוין ניט געשוואַרצט מיט פאַרכוישעכטע לעכער פון ארויסגעריסענע ראַמען און צעבראָכענע שויבן: זיי האָבן פעט געבלאַנקט מיט הימל-בלוי, מיט טונקעלע פייער-פלעמעלעך, און מיט שאַרפע שפּיגל-שטראַלן געשאָסן.

די לופט איז האַרבסטיק דורכזיכטיק און הילכיק געווען און זומערדיק געפלאַקערט מיט זון און מיט גרינס, און איבערן יאַם-ארויסגוס האָבן אין בלענדנ-דיקע פונקען מאַכנעס מעוועס זיך געטראָגן. און אומעטום—אין דער לופטן, אונטער די פיס, אינם געשטיין—האָט ווי א ווייטער וואַלשלאַג געציטערט אַן אומדייטלעכער גערויש. און דאָ דערנעבן, זייער נאָענט, האָט ערגעץ-וואו שאַרף געראַצט א פאַרזשאווערטער בלאָך.

גליעב האָט א רודער געטאָן דעם אינזשענער קלייסט איבער דער פּלייצע און זיך צעלאַכט.

— נו, איז ווי, כאַוועך טעכנישער אָנפירער? ס׳קומט אויס אזוי: קוים האָט דער נאַר געזאָגט: איך בין א קראַפט, ווערט ער שוין אויס נאַר, נאָר א האלבער נאַר, און קוים הויבט ער אָן דעקן אַף וואָס די וועלט שטייט, ווערט ער שוין דאַן א קלוגער נאַר. מיר, קאָמוניסטן, מיר טרוימען, קען זיין, ווי נאַ-ראָנים, אָבער גאָרניט שלעכט, כאַוועך טעכנישער אָנפירער... צום אָקטיאַבר-יאָרטאָג וועלן מיר מיט אייך פלינק א לאָז טאָן דידאָזיקע גאַנצע טייוולשע שפּיל פון פייער און רויך.

דער אינזשענער קלייסט האָט איבערגוואַלט א שמייכל געטאָן דורך א קאָנוואולסיע אַפּן פּאַנים און, ניט פאַרלירנדיק די כשיוועס אין זיין פיגור, גליעבן פעסט די האַנט געדריקט.

— איך בעט אייך, טשומאַלאָוו, פאַרגעסט מיין שווערן פאַרברעכן קעגן אייך און אנדערע אַרבעטער. דער באַוואוסטזיין, אז איך האָב אַמאָל געשיקט מענטשן אַף פיין און טויט, לאָזט מיך ניט צו רו...

דער אינזשענער קלייסט האָט מיט שוידער און האָפענונג געקוקט גליעבן אין פּאָנים אריין און ניט געקאָנט איינהאַלטן דעם ציטער אין די הענט און דעם קאָפּ שטייף אַף זיין אָרט אַנידערשטעלן.

גליעב האָט א בליק געטאָן מיט די אויגן אַפן אינזשענער קלייסט, און אין זיי האָבן פונקען אויפגעצאַפּלט און צעשאָטן זיך. דאָס פּאָנים איז אים איינגעפאַלן ביז טויט־פאַרגליווערטקייט און עס איז געוואָרן פאַראַקשנט און שרעקלעך ווי באַ א מעס. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז איין רעגע און איז גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן.

— כאוועך טעכנישער אָנפירער, וואָס געווען—איז געווען. דאמאָלסט האָבן מענטשן איינע די אנדערע פאַרן גאָרגל געהאַלטן. אָבער איר דערמאָנט זיך עפּעס אנדערש: ווען איר וואָלט מיין ווייבל ניט געראַטעוועט, וואָלט שוין איצט פון איר אפילע קיין געדעכעניש ניט געבליבן. אָבער איצט זייט איר—אונזערער א טוער, א גרויסער קאָפּ און גאָלדענע הענט. אָן אייך וואָלטן מיר דאָ גאָרנישט אויפגעטאָן... זעט, סאַראַ אַרבעט מיר האָבן אָפּגעטאָן אונ־טער אייער אָנפירונג...

— טייערער טשומאלאָוו, איך וועל אָפּגעבן אלע מיינע קענטענישן, מיין גאַנצע דערפאַרונג, מיין גאַנץ לעבן אונזער לאַנד. פאַר מיר איז שוין ניט פאַראַן קיין אנדער לעבן, אויסער מיט אייך, און ס'איז שוין ניטאָ פאַר מיר קיין אנדער שאַפונג אויסער דער קאַמף פאַר שאַפן א נייע קולטור.

און צום ערשטן מאָל האָט גליעב דערזעען, ווי דעם אינזשענער קלייסטס אויגן האָבן זיך פאַרגאָסן מיט טרערן, און הינטער די טרערן, אין דער טיפע־ניש פון די אויגן האָבן זיך א וויג געטאָן פריער אומגעזעענע כוואליעס. זיי זיינען געווען גרעסער, ווי די אויגן, גרעסער, ווי ער אַליין...

גליעב האָט זיין האַנט געדריקט און געלאַכט.

— מיילע, הערמאַן הערמאַנאָוויטש, לאָמיר זיין פריינט...

— יאָ, לאָמיר זיין פריינט, טשומאלאָוו...

און ער איז אוועק מיט א פעסטן טראָט, אָנשפּאַרנדיק זיך אַפן שטעקן.

2

## א באַרג אש.

גלייך נאָך דער רייניקונג, פון די ערשטע טעג אָן, האָט דאשע אינ־דערהיים מער ניט געגעכטיקט. זי האָט זיך אריבערגעקליבן צו מעכאוועץ. און אריבערגעקליבן צו מעכאוועץ האָט זי זיך דערפאַר, ווייל זי האָט באַקומען פון איר אזא מין צעטעלע:

„איך פיל, דאשע, אז איך בין זייער קראַנק, כאָטש איך גיי ארום, עס, רייד—ביכלאַל אויסערלעך איז מיט מיר גאָרניט ניט פאָרגעקומען. אָבער איך זע גאָרניט, און פיל גאָרניט. באַטאָג בין איך ווי א געיאָגטע כאַיע, און די נעכט—דורכויס מיט קאָשמאַרן. ס'וועט אדורך נאָך א מעסלעס, און איך וועל, דאכט זיך, ניט אויסהאַלטן. אָן סאָפעק, איך בין קראַנק. בלויז דו קענסט מיך אביסל אונטערהאַלטן און פאַריכטן. איך בעט דיך, ווי א פריינט: זיי מיט מיר—העלף מיר צונויפקלייבן די שטיקלעך און אף די פיס זיך שטעלן. איך זיך איצט באַ סערגייען (האלבע נאַכט)—אלע נאַכט זיץ איך בא אים. ער איז

זייער פאַרמאַסערס, אָבער ווי פריער—אַ מונטערער, אַ ווייכער, אַ ליבלעכער און גייט אַרום מיר ווי אַרום אַ קינד. ער איז גרייט גאַנצע נעכט ניט צו שלאָפן איבער מיר. און ווען איך גיי אַרויס, באַגלייט ער מיך ניט דורכן קאָרידאָר, נאָר דורך דער טיר, וואָס פירט פון זיינעם אין מיין צימער אַריין. איך האָב מוירע, אַז ער וועט פון די קויכעס פאַלן. אין דער נעשאָמע באַ מיר צייטיקט עפּעס אַ ענדערונג, וואָס פאַר אַ ענדערונג—ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר איינס, אַז עס איז גענוג, אַז דו זאָלסט פאַרבלייבן מיט מיר עטלעכע טעג, און אַלץ וועט ווידער גוט זיין. אַלץ וועט ווידער זיין אַף זיין אָרט".

און דאַשע איז טאַקע אין דעמזעלבן אָוונט מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם אוועק אין שטאָט פּונקט מיט יענעם איילנדיקן טראָט, ווי זי פּלעגט גיין וועגן די איניאַנים פון דעם פּרויען-אָפּטייל. אהיים איז זי געקומען נאָר נאָך איר ביסל בעטגעוואַנט, און זי האָט אַפילע דעם אָוונט-טיי מיט גליעבן ניט געוואָלט טרינקען.

— נו, דו, גליעב, באַלעבאַטעווע און האָב האַנאָע אַליין, און איך נעם צו מיינע בעבעכעס און אַן שיעס—אוועק.

גליעב האָט פאַרוואונדערט די אויגן אויסגעשטעלט און פון בענקל זיך אויפגעהויבן.

— ווידער אַ מאַיסע!... אָבער וואַרט נאָר אַ ווײַלע: דו האָסט דאָך מיר גאָרנישט ניט דערציילט: וואוהין, נאָך וואָס אוועק?...

— ווּעסטו האָבן אַ פרייע מינוט, כאַפּ זיך אַריין צו דער כאַווערטע מעכאַווע. מיר וועלן מיט איר צוזאַמען לעבן. באַ דער כאַווערטע מעכאַווע זיינען זיך די שרייפלעך צעפאַרן: מע דאַרף איר פאַריכטן און אויסשמירן.

— אָבער וויפל צייט ווּעסטו דאָס די כאַווערטע מעכאַווע רעמאָנטירן?

— איך ווייס ניט. וועט די שקאַפקע אין שפאַן אוועק, הייסט עס, אַז מיר וועלן ווידער מיט איר אַ פּאָר זיין. מע דאַרף מאַכן אַזוי, אַז די כאַווערטע מעכאַווע זאָל פון די פּאַרטיי-רייען ניט אַרויסגעשמיסן ווערן.

— יאַ, דאָס איז ריכטיק. מיט דערדאָזיקער רייניקונג האָט מען אַסאַך אָנגעפּערעאָדעמט...

— נו, איך בין אַוועק! פונדעסטוועגן, גליעב, זאָלסטו אַף מיר אַזוי גיך ניט וואַרטן: איך ווייס נאָך ניט, ווי ס'וועט מיר דאָרט אויסקומען.

זיי האָבן זיך געזעגנט פאַר די הענט און אין פאַרלעגנהייט אַנטשוויגן געוואָרן, און אין די שמייכלען זייערע האָבן זיך געצאַפּלט ניטדערזאָגטע ווערטער, און אויגן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון אויגן, פאַרנעפּלטע פון ניט-פאַרבאָרגענע פראַגן. זיי האָבן געשוויגן, געשמייכלט, האַנט אין האַנט געהאַלטן, געוואָלט זאָגן איינע די אַנדערע די ווערטער, וואָס זיינען פאַרשטעקט געווען אין די הערצער זייערע און—ניט געקאָנט.

— נו, גיי איך...

— נו, מיילע... יאָג, אויב מע דאַרף...

ער האָט זי באַגלייט ביז צו דער פאָרטקע, און אין גאַס האָט ער ווידער

איר האָט גענומען. זיי האָבן ווידער געשמייכלט און ווידער געשוויגן. גליעב האָט געפילט, אַז דאשע גייט אוועק ניט גלאט אזוי, ניט ווי זי גייט אַלעמאָל אַוועק, אַף דער ארבעט, אין אַ קאָמאַנדירונג: דאשע גייט איצט אַוועק, צונעמענדיק מיט זיך אַלע צוזאַמען פאַרבראַכטע יאָרן. מעגלעך, אַז דאשע וועט זיך שוין מער קיינמאָל ניט צוריקקערן, מעגלעך, אַז אָט איצט, נעבן דערדאָזיקער פאָרטקע, אין דעמדאָזיקן לעצטן בליק אירן ליגט פאַרבאָרגן איר שטילער זיפץ איבער דאָס פארשוואונדענע, און אַ פרייד פון אַ נייעם וועג. ער קאָן שוין ניט זאָגן צו איר מיטן מאַכטפולן וואָרט:

— דאשע, איך וועל דיר ניט דערלויבן אַוועק: דו ביסט מיר נויטיקער, איידער דער כאווערטע מעכאווע. אָן דיר איז ניטאָ קיין געמיטלעכע היים, און די בעט וועט זיין אָן דיר אַ קאַלטע און שמוציקע.

ער האָט שוין מער קיין מאַכט ניט צו זאָגן איר אַזעלכע ווערטער, ווייל דידאָזיקע מאַכט האָט זי, דאשע, אָפּגענומען בּאַ אים און צעריבן עס אַף שטויב. און ניט פּראָסט עפּעס אַ ווייבּל איז איצט געשטאַנען אַנטקעגן אים, נאָר אַ מענטש, וואָס איז גלייך צו אים אין קראַפט, אַ מענטש, וואָס האָט אַף זיינע פּלייצעס גענומען די שווערע מאַסע פון די איבערגעלעבטע יאָרן. און ניט גלאט אַ ווייב איז דאשע געווען, נאָר אַ פרוי מיט אַ מענערישן גענגל, אָן דעם פריערדיקן היימישן בליק, אָן דער פריערדיקער צוגעבונדנקייט צום מאַן און צו איר נאַרע. אָט וועט זי איצט אַוועק, און וועט, עפּשער, קיינמאָל מער ניט צוריקקערן זיך, און וועט זיין פאַר אים אַזוי ווייט און פרעמד, ווי אַלע אנדערע פרויען. מיילע, פאַרפאַלן! ביז איצט האָבן זיי טאַקע געלעבט אין איין צימער, געשלאָפן פריער באזונדער, דערנאָך—צוזאַמען, אין איין בעט. אָבּער אַף קיין איין רעגע האָט גליעב ניט געקאָנט פאַרגעסן דאָס וויכטיקסטע—ניטאָ מער די פריערדיקע דאשע: עס איז דאָ אַן אַנדערע, אַ נייע, אַזאַ, וועלכע קען מאָרגן אַוועק און קיינמאָל זיך ניט צוריקקערן.

עס האָט זיך איבערגעריסן דאָס לעצטע פעדימל פון זייער מאַן-און ווייב-לעבן—געשטאָרבן דאָס סעכטערל, ניורעלע, און עס זיינען געווען טעג, ווען דערדאָזיקער אַלגעמיינער אומגליק זייערער האָט צונויפגעגאָסן זייערע נעשאָמעס און צונויפגעקלעפּט זיי דורך טרערן און ווייטיק אין איינס, און דידאָזיקע טעג זיינען ענלעך געווען אַף זייערע פריערדיקע ליבע-טעג. דערנאָך איז געווען די רייניקונג, און עס זיינען געקומען טעג פון גרויס זאָרגן: בּאַ אים—אין זאַוואָד, בּאַ איר—אין פרויען-אָפּטייל, און ווען זיי פלעגן זיך טרעפן באנאכט אין זייער צימערל, האָבן זיי געפילט, אַז ניורעלעס טויט איז געווען די לעצטע אויפטרייסלונג אין זייער צוזאַמענדיקן לעבן. עס איז איצט נויטיק געווען איבערצובּויען דאָס אייגענע לעבן אַף אַן אַנדער אויפן: עס איז שוין איצט קיין צייט ניט געווען צו טרוימען וועגן פערזענלעכן גליק. דאָס האָט שוין איצט אויסגעוויזן צו זיין נישטיק, מיעס, שעדלעך פאַר דער זאַך. נאָך דער רייניקונג איז מעכאווע קראַנק געוואָרן, און אַף דאשען האָט מען אַרויפגעוואָרפן דאָס צייטווייליקע פאַרוואַלטן מיטן פרויען-אָפּטייל. און אין פאַרטיי-קאָמיטעט, ווען מענטשן פלעגן זיך טרעפן מיט איר, פלעגן זיי איר זאָגן:

— נו, איז אָט... דאשע איז איצט אף איר אָרט... ווי דאשע וואָלט שטענדיק געוועז די פאַרוואַלטערין מיטן פרויען־אָפּטייל...

און פאַר איר און פאַר אַלע איבעריקע איז געוועז קלאָר, אז זי וועט זייער גיך פאַרוואַנדלט ווערן פון אַ שטעלפאַרטרעטערין אין אַ שטענדיקע פאַרוואלטערין.

און אָט איצט האָט גליעב זיך געשיידט מיט איר און געוואָלט זאָגן איר עפּעס אַ גרויס וואָרט פון האַרצן און — ניט געקאָנט: ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן, און זאָגן איז אומבאַדינגט נויטיק געווען גראד איצט. וועט איצט דאָס וואָרט ניט אַרויסגעזאָגט ווערן — וועט עס שוין קיינמאָל ניט געזאָגט ווערן. און ער האָט מוירע געהאט דאָסדאָזיקע וואָרט צו זאָגן: דאשע האָט פאַר־שטאַנען צו הערן זיינע ווערטער — זי איז צו זיי אויפמערקזאַם און פילבאַר געווען, אָבער אף זיינע ווערטער פלעגט זי שטענדיק ענטפערן מיט אירע אייגענע ווערטער, און דידאָזיקע ווערטער זיינען געווען ניט אַזעלכע, וועלכע גליעב וואָלט געוואָלט פון איר הערן — פון דידאָזיקע ווערטער האָט אים צו שטאַרק וויי געטאָן...

— נו, יאָג, דאשענקע... אין אונזער פאַמיליע-לעבן הויב איך גאָרנישט ניט אָן צו פאַרשטיין... עפּעס איז עס ניט גלאַט בא אונז... כאָטש הויב אָן פון אָנהויב...

דאשע האָט איר האַנט פון גליעבס האַנט אַרויסגעריסן, אַ קוק געטאָן אַף אים אויספאָרשנד און דעם שטערן געקנייטשט.

— און וואָס איז דען דאָ פאַראַן צו פאַרשטיין, גליעב? אזא ווי איך בין געווען אַמאָל, וועל איך שוין איצט מער ניט זיין. פאַר אַ ווייב אין בעט אריין טויג איך ניט. אויב דו ווילסט, קאָנסטו זיך איינאָרדענען ווי דיר איז נויטיק: קאָנסט זיך נעמען אַ ווייב לויט דיין געשמאַק און לויט דיין ווילן נאָך... ס'איז נאָך דאָ בעהיימעס אף דער וועלט...

— אָט האָסטו דיר צום טייוול!... זאָג פראָסט: דו ליבסט מער ניט, און — פאַרטיק...

דאשע האָט דעם שטערן געקנייטשט, און די אויגן האָבן זיך בא איר געגעפּלט פון אומרו.

— נו, און אויב איך וועל דיר זאָגן, אז דאָס איז אַן עמעס, גליעב, כ'וועל זאָגן — איך ליב דיך ניט מער?...

גליעב האָט פאַרלוירן אַ שמייכל געטאָן, און די ליפּן זיך אָפּגעבריט מיטן טרוקענעם צונג.

— וועל איך דעמאָלט זאָגן: אַן עק — ביזן ראַנד דערגאַנגגען. דאָ קאָן מען שוין מיט קיין זאַך ניט העלפן, ניט מיט גוואַלד, ניט מיט צערטלעריי. וועל איך ליידן איינער אליין. אָבער אז דו האָסט מיך ניט ליב, דאָס איז אַ ליגן...

— איך ווייס ניט, גליעב, מעגלעך, אז איך האָב קיינעם ניט ליב, מאַנסבילן מיין איך... און עפּשער האָב איך ליב... דיך האָב איך ליב, גליעב: דאָס איז עמעס... און עפּשער האָב איך ליב אנדערע אויך... איך ווייס ניט,

גליעב... אלץ האָט זיך צעריסן, אַלץ האָט זיך פאַרפּלאָנטערט... עפּעס אַף אַ נייעם אויפן דאַרף מען ליבע פירן... נו, גליעב, איך בין אַוועק...

דאָס סלונע אין מויל האָט געטריקנט, און דאָס האַרץ האָט אָן אנגסט געפּרעסט. פון הינטן איז געבליבן—אַ פוסטער לאַך מיט שפּינוועבס באַהאנגען, פון פאָרנט—אַ וועג, מיט וועלכן דאשע גייט אוועק.

— נו, דאשקע, גיי שוין, אַניט וועל איך אַ סקאַנדאַל מאַכן...

דאשע האָט ניט באוויזן עטלעכע טריט צו שטעלן, ווי אנטקעגן האָט זיך מאָטיע באַוויזן. זי איז געגאַנגען מיט איר ענטל-טראָט, מיט אַ ריזיקן בויך און פול אָנגעגאָסענע בריסטן. דאָס פּאָנים איז בא איר געווען באדעקט מיט ברוינע פלעקן, און אונטער די אויגן,—האַכנאָעדיקע, אין זיך אריין צעעפּנטע, פאַרמאטערט שטרענגע,—זיינען געווען בלויע רייפן. זי האָט פונדערווייטנס אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט און אויסגעשטשירעט די ציין אין אַ שמייכל.

— נו-נו... צעפּאָרן זיך אַביסל מיט די פיס, — באַכערטע, א מאן אַן אנטיק, און זי וויל אפילע קיין קאלע פאַר אים ניט זיין... אוי, וואָלט איך דיר עס אַביסל אין קאָלנער אַריינגעלייגט!... אַ ווייבל דאַרף קינדער האָבן, און זי שפּאַצירט זיך אַזוי ארום... זי מאכט גאָר די פלייטע פון איר מאן מיט אירע בעבעכעס... איך וואָלט אלע דיינע נעקייוועס מיט אַ שטריק צום מאַנס בעט צוגעבונדן און באַפוילן: קינדער האָב, היגטישע טאָכטער דו איינע!... מער באדארפסטו גאָרניט—איינס געדענק: שלאָף מיטן מאַן און האָב קינדער... ועסטו אַ רייכע מאמע זיין... אָט איז ער, דער בויך מיינער, זעסטו! איצט וועל איך אלע יאָר טראָגן, דו מעגסט עס וויסן... און איך וועל זיין — אַן עמעס ווייבל, און איר זייט טרוקענע שפּענער.

דאשע איז צו איר צוגעגאַנגען, אַרומגענומען זי און צעלאַכט זיך.

— אוף, מאטיע, ביסטו עס אַביסל אַ שטיקל קוואָטשקע!... גיסט אַ קוק אַף דיר, כאפּט דיך אָן אַ קינע: ניט קיין ווייבל—בלויז אַ בויך...

און אַ פּאַטש געטאָן זי מיט דער האַנט איבערן בויך.

— אַהאַ, אָט דאָס איז דאָך עס!... איך וועל קומען צו דיר אין סאמע פאַרשאָלטענעם פרויען-אָפּטייל דיינעם, איך וועל פאַרייסן דאָרט דאָס קליידל, אַנידערשטעלן זיך אין דער סאמע מיט און וועל שרייען: אַנו, ווייבער, קומט נאָר צו אַהער, בוקט זיך, קושט גלייך אין פּופּיק אַריין: איך בין — גאָטס מאמע!...

ביידע האָבן געלאַכט, און גליעב האָט אויך געלאַכט.

דאשע איז געגאַנגען צו דעם דורכבראָך אין דער וואנט, געגאַנגען אי-בערן שטעגעלע, וואָס איז מיט ווילד-גראָז באוואקסן געווען, מיט דעם ביסל בעבעכעס אונטערן ארעם. און גליעב האָט געוואַרט: אָט וועט דאשע זיך אומקוקן און וועט צו אים מיט דער האַנט אַ מאַך טאָן. זי האָט זיך ניט אומ-געקוקט. דאָס רויטע טיכל האָט אַ צוויי-דריי מאָל אַ פינקל געטאָן אינם כאָלאָל פונם דורכבראָך אין דער וואנט און אויסגעלאָשן זיך הינטערן בעטאָן. דאשע איז אוועק מיטן בעטגעוואנט אונטערן ארעם, אוועק—ניט אומ-געקוקט זיך אַף אים, און פאַרן אַוועקגיין געריעדט מיט אים אַף אַ מאָדנער,

פרעמדער שפראַך. דאָשע איז אוועק און וועט שוין עפשער קיינמאָל מער ניט צוריקומען. ניטאָ מער דאָשע, און ער איז געבליבן — איינער אליין.

מאטיע האָט פון דער זייט אויף אים געקוקט, געקוקט מיט אַ היגערשן בליק, און אין די אויגן אירע, אָנגעלאָדענע מיט מוטערשאַפט, אָנגעגאָסענע מיט אינערלעכער פרייד, האָבן ווי פונקען טרערן געבלאַנקט.

— אוי, גליעב!.. ווי שווער עס איז מיר פון אייך, ליבע מיינע!.. וואָס פאַר אַ ביטער מאַזל!.. דאָשע איז פאַר דער שטוב פאַרפאַלן געוואָרן... ניטאָ זי מער, גליעב... אייער טעכטערל, ניורעלע, איז אומגעקומען... און דו ביסט — ווי אַ בוהאַי... אָן אַ פאַמיליע, אָן אַ וואָרים ווינקל... אָבער דו קאָנסט זיך איצט ניט קלאָגן, גליעב... זייט איר אַוועק אין פייער — האָט איר דאָך אליין דאָס פייער צעטראָגן... און ניורעלע האָט אויפגעפלאַמט צווישן אייך ווי אַ טרוקן שפענדעלע, און ניט געוואָרן... אוי, גליעב, סאַראַ ווייטיק עס איז מיר צו קוקן אויף אייך!..

ער האָט זיך פון מאטיען אָפּגעדרייט און אָנגעהויבן אין דער פּיפּקע אריין טאַבאַק שטאָפּן.

— נישקאָשע, מאטיע... פייער איז גאָרניט אַזאַ שלעכטער ועג... אויב דו ווייסט נאָר, וואוהין די פיס טרעטן, וואוהין די אויגן קוקן, קאָן מען דען מוירע האָבן פאַר אָפּבריען זיך אביסל? מיר בויען זיך, מאטיע, אַ נייַ לעבן אין קאַמף. אַלץ איז גוט, מאטיע, וויין ניט.

— אוי, גליעב! אוי, גליעב!.. אָנגעאַרבעט זיך אָן אומגליק אין דער אייגענער היים...

— ווייס איך וואָס... וועלן מיר אַ נייַע היים אויסבויען, מאטיע!.. אין וואָס גייט עס דאָ? ווייזט אויס, די אַלטע היים האָט געטויגט אויף קאַפּאָרעס... ניט מער... נו, ווי האַלט עס? ווען זשע וועסטו געלעגן?

זי האָט זיך בלויז מיט די אויגן צעלאַכט, און אין איר פּאָנים האָט ווי בלוט גליק אויפגעצאַפּלט.

— נו, יאָ!.. אין אַ כוידעש ארום... גליעב, דו וועסט דאָך זיין בא מיר קוואטער? זאָלסט עס וויסן...

— נאָך אַ מין! אָבער — א באַדינג אַזאַ: ווי נאָר איך וועל דערזעען באַ דיר דעם גאַלעך, וועל איך אים אין אַ וואַגאָנעטקע אַריינזעצן און אַראָפּשמייסן אים מיטן ברעמסבערג אין האָלץ-לאַגער אַריין. נו, וועל איך עס דיר איינאָרדענען א לעקאך און בראָנפן!.. און דאָס נייַע מענטשעלע, וואָס דו וועסט האָבן, וועלן מיר פאַר אַן ערן-אַרבעטער מאכן.

מאטיע האָט גליקלעך געלאַכט, און גליעב איז אַוועק ניט אַהיים, נאָר אַראָפּ, מיטן געסעלע, אַראָפּ צו די זאַוואָד-קאָרפּוסן.

3

## דער נאָרד-אָסט.

אויף סאָף אָקטיאַבר זיינען אויסגעפאַלן געשעעניש.

באַנאכט, דעם אכט און צוואנציקסטן איז שראַם ארעסטירט געוואָרן און גלייך אוועקגעשיקט געוואָרן אין קאָנט-צענטר. אין דערזעלבער נאכט זיינען

געמאכט געוואָרן אַרעסטן צווישן די ספּעצן פון דעם ראַטפּאָלקווירט און דער זאַוואָד-פאַרוואַלטונג. און דעם דרייסיקסטן האָבן זיך די פּאַרטיי-לייט אויפ- גערודערט. זשידקי איז אָפּגערופן געוואָרן אין רעשוס פון דער קאַנט-ביוראָ פון צעקא, באַדין איז באַשטימט געוואָרן אלס פאָרזיצער פון דעם קאַנטישן ראַטפּאָלקווירט. דער פאָרזיצער פון טשעקאַ טשיביס איז ערגעץ ווייט קיין סיביר אַריבערגעוואָרפן געוואָרן.

אף דידאָזיקע געשעענישן האָט מען זיך געריכט שוין לאַנג: וועגן דעם האָט מען גערעדט אין שטילע געשפּרעכן, איבערגעגעבן איינע די אנדערע פאַרשיידענע טויבע קלאַנגען, גערודערט זיך... מע האָט געוואוסט, אז עס דאַרף געשעען, און יעדער טאָג איז געווען אָנגעזעטיקט מיט אומקלאָרער דערוואַר- טונג. אָבער דידאָזיקע אַלע געשעענישן האָבן דערשיטערט מיט זייער פּלו- צימדיקייט און אויך דערמיט, וואָס זיי זיינען דאָך געשעען.

יעדן פרימאָרגן, אין דער געהעריקער שאָ, פלעגט סערגיי גיין אין פּאַרטיי-קאָמיטעט מיטן צעריבענעם פּאָרטפעל, מיטן נאָקעטן פליך, — ער פלעגט גיין מיט זיין אָנגעשטרענגטן טראָט, אָן איינגעהויקערטער, מיט אַ שטענדיק לויכטנדיקער פראגע אין די אויגן. יעדן טאָג האָט ער פּינקטלעך אויסגעפילט אַלע פּאַרטיי-אויפגאַבן, געאַרבעט אין אַגיטפּראָפּ, געארבעט אין פּאָליט-אויפקלער, ניט דורכגעלאָזט קיין איין זיצונג, אַפילו אזאַ, וואו זיין אנוועזנהייט איז ניט געווען אומבאַדינגט נויטיק, און פאַר דערדאָזיקער צייט האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט וועגן זיין שיקזאַל, וועגן דער רייניקונג, וועגן דעם, וואָס מע האט אים אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, וועגן די לויפּע- נישן, וואָס ער האָט אף צוריק אויפצושטעלן זיך אַלס פאַרטיי-מיטגליד,— פונקט ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען איינגאַנצן ניט וויכטיק, פונקט ווי וויכטיק און דרינגענד איז געווען נאָר די אַרבעט, וואָס ער האָט געדאַרפט אויספילן לויט זיין אָנגעמערקטן פּלאַן. און פון יענער רעגע אָן, זינט ער איז געווען אין דער רייניקונגס-קאָמיסיע, האָט ער קיין איינמאָל מער ניט אַריינגעקוקט אַהין, ניט געוועגדעט זיך צו קיינעם פון די פּאַראנטוואָרטלעכע כאַווירים נאָך הילף, ניט באַאומרואיקט זיך און ניט באַקלאָגט זיך. בלויז דער קאָפּ זיינער מיטן רויטן פליך און די לאַנגע לאקן אַרום פליך זיינען באַ אים ווי לענגער און שווערער געוואָרן, און אין די אויגן באַ אים, אונטער דער גע- לער פליסיקייט, האָט פיבערדיק געברענט דער פיין.

ער האָט באַקומען אַ קורצינקן אויסצוג פונם פּראָטאָקאָל פון דער קאָמיסיע און האָט איבערגעלייענט דעמדאָזיקן אויסצוג פונקט אַזוי אויפ- מערקזאַם, ווי ער האָט אלע איבעריקע פּאַפּירן געלייענט.

ג ע ה ע ר ט:

איוואגין, סערגיי איוואַנאָוויטש, אַ מיטגליד פון דער ר. ק. פּ. (ב) פון 1920 י., פּאַרטיי-בילעט נומער... אַ געוועזענער מענשעוויק, אַן אינ- טעליגענט.

ב אַ ש ט י מ ט:

אויסשליסן, ווי אַ טיפּישן אינטע- ליגענט און מענשעוויק, וועלכער ווירקט דעמאָראַליזירנד אף דער פּאַרטיי-אָר- גאַניזאַציע.

דעם אויסצוג האָט אים דאַשע געבראכט. ער איז געזעסן אין אַגיט-פּראָפּ באם טיש און האָט פלייסיק געאַרבעט איבער די טעזיסן פאַר פאָרטראגן אין די קעמערלעך איבער דער פראַגע פון דער אַרבעטער-קאָאָפּעראציע. דאַשע האָט שטאר און פארשנד געקוקט אף אים, און די ברעמען האָבן באַ איר געציטערט: זי האָט צום ערשטן מאל זיך פארוואונדערט איבער סערגייען—פאַרוואָס איז ער אַזוי רואיק און זאָרגלאז? פאַרוואָס שווייגט ער און טראַכט וועגן עפּעס אנדערש?

— כאוועד איוואגין, מע דאַרף גלייך אפּעלירן. דידאָזיקע טאַקטיק פון אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דארף מען אוועקווארפן. מע דאַרף שפּאַרן ביז דער העכסטער אינסטאַנץ.

ער האָט מיט פייכטע אויגן צו איר אַ שמייכל געטאן און פון פּאָרטפעל אַרויסגענומען אַ געדיכט פארשריבן פערטל פּאַפּיר.

— איך האָב שוין אָנגעקלאָגט, כאוועדטע טשומאַלאווע. אָט איז אַ קאָפּיע. איך האָב עס זשידקין איבערגעגעבן. דער פּאַרטקאָם, ווידער, איז זיך מישטאַדל פון זיין זייט.

— האָסט עפּשער נויטיק אן אטעסטאַציע, וועל איך עס דיר אין איין מינוט אנשרייבן, כאַוועד איוואגין. דאָס איז פּראָים: דיך און די כאוועדטע מעכאווע טאָר מען ניט אויסשליסן.

— אויב דו האַלסט, כאַוועדטע טשומאַלאָווע, אז דאָס איז נויטיק, שרייב אָן און גיב עס איבער זשידקין.

ער האָט זיך פון שטול אויפגעהויבן און מיט אַ פאַרשעמטן שמייכל דאַשען אַ האַנט אויסגעצויגן.

— אָבער איך פאַרגעס ניט אף קיין איין מינוט ניט, אז איך בין— אַ קאָמוניסט, א פּאַרטיי-מיטגליד, וועלכער דאַרף אויספילן זיין אַרבעט אָן איבעררייסן.

— טאַקע גוט, כאוועד איוואגין, אָבער דו דאַרפסט שרייען, טרייבערן און ניט זיצן רואיק אַפן שטול.

— דערווייל איז עס ניט נויטיק. אויב אבער עס וועט זיך פאָדערן — וועל איך אויפשטיין פון שטול און וועל גיין, וואוהין מע דאַרף.

דאַשע האָט ווידער שטאר א קוק געטאָן אף אים, און ווידער האָבן באַ איר די ברעמען אַ ציטער געטאָן פון פאַרוואונדערונג. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און פלינק פון צימער אַרויס.

אנומלטן האָט מען פּאָליען אין סאַנאַטאָריע אָפּגעשיקט. פון דעם מאָמענט, זינט דאַשע האָט זיך באַזעצט באַ איר אין צימער, איז סערגיי מער צו איר ניט אריינגעקומען. זי האָט אים ניט גערופן און ניט געעפנט די טיר, וואָס האָט געפירט פון איר צימער אין זיין צימער אריין. זי האָט פאַרגעסן אן אים, און זיינע שלאָפלאָזע נעכט זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן פון איר זיקאָרן. ער האָט דורכן ווענטל אָפט געהערט איר פריערדיקן הילכיקן געלעכטער, איר שטים, און דידאָזיקע שטים אירע האָט זיך געפלאָכטן מיט דאַשעס שטים. ער האָט איינזאַם ארומגעשמאדערט מיט די שווערע שיך זיינע, און עס

איז אים אומעטיק געווען צו פאַרבלייבן אליין מיט זיין האַרץ, אָבער אין דעם-זעלבן האַרץ האָט א פרייד זיך געצאַפּלט דערפון, וואָס אין פּאָליעס צימער האָבן ווידער די גלעקעלעך זיך צעקלונגען.

הייסט עס, ס'איז נויטיק איינס: די פּאַרטיי און די ארבעט פאַר דער פּאַרטיי, קיין פּערזענלעכס איז ניטאָ. וואָס פאַר א ווערט האָט זיין ליבע, א באַהאלטענע און פאַרשטעקטע אין אומזיכטבאַרער טיף? וואָס פאַר א ווערט האָבן זיינע פראַגן און געדאַנקען, וואָס נאגן אים דעם מאַרך? דאָס אַלץ — ס'איז אן אָפּשלוקערץ פון דער פאַרשאָלטענער פאַרגאַנגענהייט. דאָס אַלץ — שטאַמט פון דעם פאָטער זיינעם, פון דער יוגנט, פון דער אינטעליגענטישער ראָמאַנטיק. דאָס אַלץ דאַרף אויסגעבערענט ווערן מיט די וואָרצלען. דידאָזיקע אַלע קראַנקע מאַרך-צעלן דאַרפן געטויט ווערן. עס איז דאָ נאָר איינס: די פּאַרטיי, און אַלץ, ביזן לעצטן נאָגל, דאַרף אוועקגעגעבן ווערן דער פּאַרטיי. ווען ער צוריק אויפגעשטעלט ווערן אין דער פּאַרטיי אָדער ניט — דאָס בייט ניט די לאַגע: ער, סערגיי איוואגין, ווי אן אָפּגעזונדערטע פּערזענלעכקייט, עקזיסטירט ניט מער. עס עקזיסטירט נאָר די פּאַרטיי, און ער איז בלויז א נישטיק טיילעכל אין איר ריזיקן אָרגאַניזם.

אין דעמדאָזיקן טאָג איז אים אויסגעקומען ווידער איבערצוקלעבן די געוועזענע ווייטיקן.

באַ זשידקין אין צימער איז געווען אויסערגעוויינלעך שטיל און דומפּיק, און געזעסן זיינען דאָרט: באדין, גליעב, דאַשע, לוכאווע און טשיביס. און ווייל זיי האָבן זיך אַלע צונויפגעהויפט אין איין קאָמפּאַניע, פּלייצע צו פּלייצע, זיינען באַ סערגייען די פיס שווער געוואָרן פון אומרו און פאַרגעפיל, אַז עס וועט געשעען אן אומפּרייס. אַלע זיינען געווען זאַכלעך-ערנסט און קאַלט, און אלע פראַגן זיינען געלייזט געוואָרן אָן דעבאַטן. איינגעהאַלטן האָט געברומט בלויז זשידקיס שטים:

— קעגן דעם פּלאַן זיינען קיין דערווידערונגען ניטאָ? אָנגענומען. אַלזא, דער פייערונגס-פּלאַן איז אין זיין ענדגילטיקער פאָרם אַזאַ: אינדערפרי קלייבן זיך די מאַניפעסטאַנטן צונויף אין די ראַיאָנען...

לוכאווע האָט אויסגעצויגן א האַנט און גראָב זשידקין איבערגעריסן:

— מע דאַרף ניט. דאָס אַלץ ווייסן מיר שוין אף אויסווייניק. ווייטער.

גליעב האָט זיך פון שטול אויפגעהויבן און אויך א האַנט צו זשידקין אויסגעצויגן.

— לאָז אָפּ, טשומאליטש: די פראַגע איז געלייזט. ניטאָ מער וועגן וואָס צו ריידן. אן עק.

— וואָס הייסט עס — אן עק? איך פּראָטעסטיר דאָך קעגן דעם פּונקט: באַערן די אַרבעטס-העלדן. דאָס דאַרף מען ארויסוואַרפן. וואָס פאַר אן אַרבעטס-העלדן? וואָס פאַר אַזעלכע מינע העלדן-טאַטן איז מען דאָס באַגאַנגען, אַז מע זאָל איצטער ריידן וועגן אַרבעטס-העלדן? ניטאָ וואָס טאַראַראַמעווען, כאַווײַרים טייערע... איך רייד ניט נאָר וועגן זיך... איך בעט פיקסירן מיין באַזונדערע מיינונג...

— טשומאַליטש, דאָ קענען ניט זיין קיינע שום באַזונדערע מיינונגען... וואָס דרייסטו א ספּאָדעק?.. בעהיימע וואָס דו ביסט!..

טשיבים איז געזעסן, ווי שטענדיק: צי ער האָט געדרימלט, צי ער האָט געטרוט, אין טרוימערייען, אָדער גאָר עפּשער געטראַכט וועגן עפּעס אזוינס, אייגנס, וועגן וואָס ער וועט קיינמאָל קיינעם ניט דערציילן.

באַדין האָט זיך מיט זיין ברוסט אָנגעשפּאַרט אָן דעם ראַנד פון טיש און האָט געשוויגן, א טויבער און שווער: מיט קיין שטויס ניט אָפּצושטופּן, א קלאַפּ—וועט ער ניט דערפילן. און דאַשע האָט מיט כויזעק געשמייכלט, און איר פּאָנים האָט געהאַלטן אין אויפבליצן מיט גערויטלטקייט, ווי זי וואָלט זיך עפּעס רייסן אויסצושרייען, ווי זי וואָלט ציטערן פון דערוואַרטונג: אָט־אָט וועט ארויסגעזאָגט ווערן יענץ וואָרט, וואָס וועט א קנאַק טאָן מיט א סקאַנדאַל.

באַדין האָט זיך א דריי געטאָן אויף זיין שטול מיט א סקריפּ פון זיין לעדערנעם רעקל, א קערעווע געטאָן זיין שטיינערנעם קאָפּ, און מיט שווארצער מוטנעקייט אין די אויגן האָט ער אויף גליעבן א קוק געטאָן. ער האָט זיך אפּן ווענטל פון שטול א וואָרף געטאָן, און די דלאָניע אויף גליעבס ברוסט אנידערגעלייגט.

— וואָס איז עס אזוינס בא דיר אָט דאָס אָ?

און ער האָט א קנאַק געטאָן מיט זיינע פינגער איבערן אָרדען פון דער רויטער פאָן.

— דאָס איז סאַמע יענץ, וואָס...

— נו, איז זיי אזוי גוט און שטעל דיך ניט ארויס פאַר אזא מין שטרענגן ספּאַרטאַנער... ווען דו וואָלסט געווען, לאָמיר זאָגן, אזא מין ווי סערגיי איוואַגין, א שעמעוודיקער אינטעליגענט, וואָלט עס געווען פאַרשטענדלעך און ענלעך אויף עמעס. אָבער דיר קליידט עס אינגאַנצן ניט.

בא גליעבן האָט זיך דאָס פּאָנים מיט בלוט אָנגעגאָסן, און די אויגן זיינען פייכט געוואָרן. ער האָט א קנאַל געטאָן מיט די באַטן און פון באַדינען אָפּגעטראָטן.

— איך בעט אייך, כאַווער אויספּירקאָם־פּאַרזיצער, מיר ניט מאַכן קיין אָנווייזונגען. איך וויל אונטערשטרייכן: אָט די ראַנגען־ליבע אייערע דאַרף מען אויסברענען מיט געגליטן אייזן. אויב מיר וועלן בויען אַף אַ קינדערשן קלאַפּערגעצייג און האַקן פּוסטע רייד, וועלן מיר אַסאַך אָנבויען, צו אלדי שוואַרצע יאָר! איך האָב דערווידערט און וועל דערווידערן קעגן דעם פאַרשלאַג פון דעם כאַווער באַדין און כאַווער לוכאַווע. אויב דער כאַווער באַדין האָט עס אַזוי שטאַרק נויטיק, איז שפּילעט אים צו צום פּאַרטיי־בילעט אויך דעם טיטל אַרבעטס־העלד: זאָל ער זיך פאָרן ווייטער קאָמאַנדעווען מיט דעמדאָזיקן פרישן בענדל...

זשידקי האָט געפּויקט מיטן בליישטיפט אין טיש און האָט די נאָזלעכער פּאַנאַנדערגעבלאָזן, ווי ער וואָלט איינגעהאַלטן דעם געלעכטער, וואָס האָט אים געריסן די לונגען.

— א סאָף, א סאָף, כאַווערים!.. צו דער אָרדענונג!..

לוכאווע האָט שאַרף, מיט א פייער אין די אויגן, אף גליעבן און אף באדינען געקוקט, און פריילעך, אינגלש, מיט א קוויטש, געלאַכט.

און צום ערשטן מאָל האָט גליעב אין באדינס מוטנע אויגן דערזעען טשוהונעגע סינע. דאַמאָלסט, אין פרילינג, האָט אין זיינע אויגן אויך אויפגעפלייצט אזא מין מוטנע פייכטע כוואַליע, אָבער דאמאָלסט איז דאָרט געווען עפעס אַנדערש: דאמאָלסט איז דאָרט געווען א מין אנגעשפיצטקייט און א סינע צו זיין קראַפט. דאַמאָלסט איז באַ באדינען אין די אויגן געווען נייגיר און נאָך עפעס אַזוינס, וואָס ער האָט ניט געקאָנט באַנעמען — עפעס שווערס, אומענטשלעכעס, אַזוינס, וואָס לעבט אין בלוט. און אויך איצט, פונקט ווי אין פרילינג, ווען ער האָט אים צום ערשטן מאָל דערזעען, האָט גליעב דערפילט א דערשיטערנדיקן קלאַפּ, א קלאַפּ ביז פאַרטויבן די אויערן.

— גליעב!.. קום צו זיך!.. דו האָסט זיך דאָך ניט פון אַ קייט אָפּגעריסן ?..

דאַשע האָט געקוקט אף אים שטרענג, מיט אַ ציטער אין די אויגןלעפּלעך, מיט אַ געשריי אין די שוואַרצאַפּלען. און אַז גליעב האָט דערזעען דידאָזיקע אויגן אירע און דעם בלייך געוואָרענעם פּאָנים אירן, האָט דאָס האַרץ זיך באַ אים אָפּגעבריט מיט דעם אַלטן ווייטיק און צעיושעטקייט. דאַשע... באַדין... דאַשע, זיין וווייב... זי איז געווען דאַמאָלסט מיט אים, אינם ישעוו אין יענעם... די באַנדיטן אין דעם באַרג-שפּאַלט... אַ נאַכט פארבראַכט מיט אים אין איין צימער און אף איין בעט... יענע ווערטער דאַשעס זיינען געווען ניט קיין וויך... דאשע און באַדין... און ער, אַן אָנמעכטיקער אין זיין גאַנצער קראַפט...

זשידקי האָט ווידער א קנאַק געטאָן מיטן בליישטיפט אָן טיש און די ציין אויסגעשטשירעט.

— אָבער צו דער אָרדענונג, דער טייוול זאָל אייך נעמען!.. באַרואיק זיך, טשומאַליטש! אלץ איז געלייזט און פאַרענדיקט.

טשיביס האָט זיך געשטשורעט און מיט אַ פאַרשטויבט שמייכעלע, שווייגנדיק, געקוקט דורך די וויעס.

— זעץ זיך, טשומאַליטש! אַן אויסגעהאַלטענער פאַרטיי-מיטגליד — און מאַכסט זיך נאַריש. זיץ!

באַדין האט ווי פריער מוטנע געקוקט אף גליעבן און איז געזעסן אומבאוועגלעך, ווי ער וואָלט פון מעטאַל געווען אויסגעגאָסן.

— אין וואָס האַנדלט זיך עס, כאַווער טשומאַלאָוו?

גליעבן האָט אָטעם פאַרפעלט און ער האָט די פויסטן אין די קעשענעס פאַרשטעקט. ער האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט בייקומען דאָס האַרץ זיינס: דאָס האַרץ האָט אים די גאַנצע ברוסט זיינע אָנגעפילט, אָנגעבלאָזן זיך און געפלאַצט, פאַרגאנגען זיך און געבריט זיך מיט הייס בלוט, און פון אומבאזיגבאַרן ציטער האָבן באַ אים די פיס און הענט געגליווערט. אין פענסטער האָט זיך געזען, ווי דער יאַם פלאַקערט מיט זיינע פייערדיקע זייפנבלאָזן, ווי די לופט ברענט, ווי דער הימל ברענט, ווי די וואָלקנס — אויך ברענענ-

דיקע. מע דאַרף, אַז אַלץ זאָל אין דער נעשאָמע אויפגעריסן ווערן, אַז אַלץ זאָל צעפּלאַצט ווערן און צעריבן ווערן אַף שטויב. און ווייל גליעב האָט שוין ניט געהאַט קיין מאַכט איבער זיך, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן פויסט און מיט דער גאַנצער ברוסט זיינער האָט ער אַ ברום געטאָן און פאַרכליניעט זיך פון טאַיגע:

— נויעף!.. קעלעוו! הינטישער זון!..

דאַשע האָט זיך אים אין די פּלייצעס איינגעקלאַמערט, און די אויגן זיינען באַ איר גרין געוואָרן, ווי באַ אַ סאָווע.

— גליעב!.. ביסט פון זינען אַראָפּ, גליעב... ס'איז אַ כאַרפּע און אַ שאַנד, גליעב!..

אַלע זיינען מיטאַמאָל געוואָרן קלייניקע, פאַרלוירענע און באַטויבטע. בלויז טשיביס איז ווי פריער געזעסן, אַ פאַרשטשורעטער, מיט אַ באַהאַל-טענעם שמייכל אין די וויעס, אַ דרימלענדיקער און זיך לאַנגווייליקער.

באַדין האָט מיט אַ פּוילער שווערקייט ווידער אַפּן טיש זיך אַרויפגע-וואַלגערט און רויִק און קאַלט, ווי באַ זיך אין קאַבינעט, אַרויסגערעדט:

— אַ-אַ, דאָס איינגאַנצן? אומזיסט האָסטו קיין נאָכשפּירעניש נאָך מיר ניט איינגעאָרדנט, ווי דער פאַרשטאָרבענער צכעלאַדזע: דו וואָלסט זיך אַסאַך מער דערוואוסט. אַפילע סערגיי איוואַגין ווייס מער פון דיר... ער איז דאָ, סערגיי איוואַגין: ער קאָן אינטערעסאַנטע זאַכן דערציילן... אָבער ער איז אַ שעמעוודיקער, איוואַגין, און וועט דעריבער קיין סקאַנדאַלן ניט מאַכן. ווי דו זעסט, איז די אייפערזוכט שטענדיק קורצזיכטיק.

דאַשע, אַנגעגאָסענע מיט צאָרן, האָט זיך צווישן גליעבן און באַדינען אַנידערגעשטעלט, און אין די אויגן באַ איר איז שוין מער ניט געווען ניט קיין אומרו, ניט קיין ציטער.

— גליעב וואַגט ניט אַזוי צו פּלאַפּלען. דער כאַווער באַדין איז זייער אַ מערקווירדיקער און זעלטענער טוער. גליעב האָט זיך אַביסל פאַרמאַטערט אַף דער אַרבעט. לאָזן גיין אַזאַ מין שעד, ווי אונזער זאַוואָד, איז אַזאַ שטיקל אַרבעט, וואָס דערלויבט אים אַביסל זיך צעהיצן... פאַרשאָלטענע מאַנסבילן, זיי זיינען גרייט זיך רייסן איבער אַ פּוסטע מאַיסע, אָבער אין דער אַרבעט וועסטו זיי באַ קיין איין שרויף ניט אָפּשרויפן.

זשידקי איז פון שטול אויפגעשטאַנען און שווייגנדיק אַלעמען באַקוקט מיט פאַרגליווערטע בלינדע אויגן. ניט אָפּרייסנדיק די אויגן פון זשידקין, איז סערגיי אים אַנטקעגן געגאַנגען אַ דערשיטערטער און דערשלאָגענער, גע-וואָלט אים עפּעס זאָגן, אָבער ניט געקענט אַרויסברענגען קיין ווערטער, און אָנשטאָט אויסצושרייען זשידקין דאָס, וואָס עס האָט זיך געריסן באַ אים פון דער נעשאָמע, האָט ער זיך איינגעהויקערט, אָפּגעטרייסלט זיך און איז אַרויס פון צימער.

עס איז געווען קאַלט. פון די בערג האָט געבלאָזן דער נאָרד-אָסט, און די לופט צווישן יאַם און די בערג איז געווען אַן אומגעוויינלעך דורכ-זיכטיקע, אינגאַנצן אַן אָנגעזעטיקטע מיט הימל-בלוי און מיט זון. סערגיי

איז, ווי שטענדיק, געגאַנגען אָפּן ברוק פונם ברעג מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ, און די לאָקן זיינע האָבן געפלאַטערט און געשמיסן די באַקן און דעם פּליך. דער ווינט האָט מיט רויש און געקוויטש (ווי אַ רויש פון אַ טויזנטקעפּיקן האַמוין) געטראָגן אים צו דער שטאָט, און סערגיי איז געגאַנגען לייכט, אָן אָנשטרענגונג, אָן שווערקייט אין די פיס. אנטקעגן זיינען אים געגאַנגען איינזאַמע מענטשן, געבויגענע אונטער דער לאַסט פונם ווינט, און ער האָט קיין פּנימער ניט געזען,—בלויז צעריבענע פלעצלעך פון די היטלען זייערע און ווייבערשע קעפּ, שטייף פאַרוויקלטע אין וואַרימע טיכלעך.

באַ די שטיינערנע ווענט פון די קאַבאַטאַזשן האָבן זיך געהוידעט אָף די וואַסערן טערקישע פעלוקעס און פישער-שיפלעך און געצייכנט די לופט מיט די שפּינדלעך פון די מאַסטבוימער.

זשידקי האָט געוואָרט אָף זיינע ווערטער, און ער האָט גאָרניט ניט געזאָגט. צו וואָס איז ער געקומען אין פּאַרטקאָם, ווען ער האָט גאָר גע-דאַרפט גיין אין פּאָליטאויפקלער אָף אַ זיצונג פון דער ביבליאָטעק-קאָמיסיע? יא, ער האָט זיך דערמאָנט... דער פאָטער איז שוין אין ביבליאָטעק ניטאָ, און וואו ער וואוינט איצטער—ווייסט ער ניט. ווערעלע האָט ניט לאַנג צוריק אים אָפּגעזוכט און געפונען אים, סערגייען, און ווען זי האָט גערעדט מיט אים, האָט זי געציטערט און ניט אַראָפּגענומען פון אים אירע שיינענדיקע אויגן מיט טרערן.

— סערגיי איוואַניטש... איוואַן אַרסעניטש... אים איז אַזוי גוט... ער איז—אַזאַ וואונדערלעכער... נאָר ער האָט באַפוילן... ער איז קראַנק, סערגיי איוואַניטש... און האָט געזאָגט, אַז אייך דאַרף מען ניט...

זי האָט פון אים אירע קינדערשע אויגן ניט אַראָפּגענומען, און סערגיי האָט אַלץ ניט געוואוסט—צי זי וויינט אָדער זי שמייכלט.

— סערגיי איוואַניטש... ווען איר וואָלט נאָר וויסן... ער וועט שטאַרבן, סערגיי איוואַניטש...

און שמייכלענדיק דורך טרערן, איז זי אַוועק, און ווען ער האָט זי צו-ריק גערופן, האָט זי זיך ניט אומגעקוקט.

איז דען ניט אַלציינס, וואָס עס וועט מיט זיין פאָטער געשען? דאָס לעבן מאַכט אַן אומגעגרייזטן אָפּקלייב, און דעם פּראָצעס פון דעמדאָזיקן אָפּ-קלייב איז ניט אָפּצואווענדן. וואו איז זיין אָרט אין דערדאָזיקער גרויסער אַרבעט פון דער געשיכטע? מעגלעך, אַז ער וועט צעריבן ווערן, און עפּשער—וועט זיין נעשאָמע זיך אויך אַזוי אָנשטאָלן, ווי באַם אויספּירקאָם-פּאַרזיצער באַדינען. די קלעפּ פון דידאָזיקע יאָרן זיינען אַזוי שטאַרק, און די טעג זיינען אַזוי אומראַכמאָנעסדיק גרויזאַם, אַז די אַלטע וואונדן טריפן מיט בלוט, און יעדע נייע שאָ ברענגט מיט זיך פרישע שראַמען. איז דען ניט אַלציינס, וואָס וועט זיין מיט אים, ווייבאַלד יעדע ווילע פאָדערט פאַר זיך אים אינגאַנצן, מיט לייב און לעבן? אַרבעטן, בלויז אַרבעטן. זאָל זיין—ס'איז גראָער אינ-דערוואָכן, אָבער אינדערוואָכן דאָס איז דאָך אַ טרוים, איבערגעזעצט אָף מי-פּליכט.

צי וועט אים די פּאַרטיי צוריק אויפשטעלן אָדער ניט — דאָס איז ניט וויכטיק: דאָס וועט זיין שיקזאַל ניט ענדערן. ער דאַרף אַרבעטן, און נאָר אַרבעטן. אויב ער וועט פון דער פּאַרטיי אַרויסגעשמיסן ווערן, ווי מיסט — הייסט עס, אַז אזוי איז נויטיק פאַר דער צוקונפט: סאַי ווי סאַי איז ער גע־צייכנט פאַר דער געשיכטע נאָר ווי אַ קראַפט, ווי אַן עלעמענט פון אַ גרויסן פּראָצעס. ער איז געבונדן מיט אומצערייסבאַרע פעדים מיט דער גאַנצער וועלט, מיט דער גאַנצער מענטשהייט.

זאָל זיין, ער וועט ניט האָבן די מעגלעכקייט צו זיין מיט זשידקין, טשיביסן, באַדינען... זאָל זיין, עס וועט אויך ניט זיין לוכאַווע און דאַשע. גליעב וועט אַוועקשפּאַנען מיט זיין שטיינערנעם טראָט איבער דער רעפּובליק און וועט שלעפּן אויף זיך די שווערע מאַסע פון גרויסן טאָט. קיין זאַך אָבער וועט שוין ניט בייטן זיין באַשטימונג: ער, סערגיי, — ער איז — קראַפט, ער איז — אַ קאָרבן, ער איז—אַ נויטווענדיקער רינג אין דער קייט פון די גרויסע פּאַסירונגען...

אונטן, אונטער דער גלייך אַראָפּפליענדיקער וואַנט פון די מאַסיוון, האָבן זיך געכליופּעט און געשווענקט די כוואַליעס און הויך זיינען זיי געפלויגן אַרויף אין ריזיקע גרינע דונערנדיקע פאָנטאַנען. צופוסנס דער וואַנט איז געווען אַ ברייט בריקל, וואוהין עס פלעגן צושטיין די דאַמפּערס, און די כוואַליעס האָבן געשווענקט און געשליפן דעם בעטאָן. און אַפן דאָזיקן בריקל, נעבן דער סאַמע וואַנט, זיינען געלעגן הויפנס וואַסער־געוויקסן, מיסט, מויער־קעפּלעך און מעדוזן. הינטער דער עסטאָקאַדע, דאָרט, וואו דער ווינט האָט געדרייט און געווירבלט דעם שטיין, האָט סערגיי אונטן אַראָפּגעקוקט און גע־בליבן שטיין.

נעבן דער סאַמע וואַנט, אַפן בריקל, אַ צוגעשמיסענער צום מיסט און וואַסער־געוויקסן איז געלעגן אַ טויט קערפּערל פון אַ זויג־קינד. דאָס קעפּל באַם קינד איז געווען אין אַ רויט טיכל אָנגעטאָן, די פיסלעך — אין זעקעלעך, און קיין הענטלעך האָבן זיך ניט געזען: זיי זיינען זאָרגזאַם פאַרוויקלט גע־ווען אין אַ ווייס ליילעכל. דאָס קערפּערל איז געווען פריש, און דאָס מילכ־ווייסע פּעניִמל—רואיק, קימאַט אינגאַנצן לעבעדיק, ווי אין שלאָף. דאָ, צווישן די קאַבאָטאַזשן,—דאָ איז שטיל געווען, און די כוואַליעס האָבן זיך געשווענקט איינע אַנטקעגן די אַנדערע. פאַרוואָס איז דאָס טויטע קערפּערל פון דעם זויג־קינד אזוי זאָרגזאַם אנידערגעלייגט אַף די וואַסער־געוויקסן. וועמעס איז דאָס־דאָזיקע זויג־קינד מיט דער וועקסענער צאַרטקייט אַפן פּעניִמל? דאָסדאָזיקע קערפּערל האָט נאָך געהויכט מיט דער וואַרימקייט פון אַ מוטערס האַנט, די־דאָזיקע וואַרימקייט האָט זיך געפילט אין טיכל אַפן קעפּל, אין די פאַרוויקלטע הענטלעך און אין די פּיצינקע זעקעלעך שטייף אָנגעצויגענע אַף די פולע פיס־לעך... סערגיי האָט געקוקט אַף אים, ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אים די אויגן און אים האָט זיך אַלץ געדאַכט: אָט־אָט וועט דאָס קינד אויפעפענען די אויג־לעך, וועט אַ קוק טאָן אַף אים אויפמערקזאַם און אַ שמייכל טאָן. פון וואַנען האָט עס זיך גענומען, דאָסדאָזיקע קינד, וואָס רופט אַרויס אַזאַ שאַרף ווייטיק־

דיקן ראַכמאָנעס? פון אַ אומגעקומענע שיף? אָדער אַ וואנזיניקע מוטער האָט עס אין יאם אַריינגעווארפן?...

סערגיי איז געשטאנען איבערן קערפערל פון טויטן קינד און בעשום אויפן זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אים. פאַרבייגייער זיינען מיט נייגיר צו אים צוגעגאַנגען, געקוקט אַפן קערפערל פונם קינד און גלייך ניט געוואָרן. זיי האָבן געברומט עפּעס, געפרעגט עפּעס סערגייען, אָבער ער האָט ניט געהערט און ניט געזעען, ווער ס'איז צוגעגאַנגען צו אים. ער איז געשטאנען און האָט געקוקט מיט ווייטיק, מיט פאַרוואונדערונג און אומעט אין די אויגן האָט ער געקוקט און געפילט, ווי אינעווייניק באַ אים וויקלט זיך אַרום הארץ אן אומפאַרשטענדלעכע נאָגנדיקע בענקשאפט. ער האָט זיינע אייגענע ווערטער ניט געהערט, זיינע ווערטער, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן ווי פון זיך אַליין, אָן דעם אָנטייל פון זיין באוואוסטזיין:

— נו, יא... אזוי דאַרף עס טאקע זיין... דאָס איז עס טאָקע...

4

## כוואליעס.

אַפן דורכזיכטיקן טורעם זיינען צוזאַמען מיט גליעבן געשטאנען: זשידקי און באדין, די מיטגלידער פון זאַווקאָם און דער אינזשענער קלייסט. אָבער גליעב איז געווען אליין, ווייל דידאָזיקע אַלע אָנצאָליקע מאַסן האָבן זיך געכוואליעט, געווירבלט, געבליט ווי בלומען פון זון-קערלעך, — דאָרט, אין דער ווייט, ביז דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט כאפּן. זיי זיינען געווען—דאָרטן, און ער איז געווען—דאָ.

דאָ, צופוסנס פון דעם טורעם, אי רעכטס אי אף לינקס, האָבן ווישייטערן געברענט לאַנגע פאַסן רויטע פאָנען. אויך דער טורעם אליין האָט געפלאטערט אין רויטע ליילעכער אַ פאַרוויקלטער: די פאָן פון דאָס קעמערל פליסט און שטראָמט פון דער באליוסטראדע אראָפּ, גלייך נעבן גליעבן, פליסט און טריפט געדיכט מיט אירע שנורן און פרענזן אף אנדערע פאָנען, אין דער מאַסע אריין, און פון דער צווייטער זייט, דאָרט, וואו באדין און זשידקי שטייען, — אַ צווייטע פאָן, אַ פאָן פון דעם פראָפּאריין פון די בוי-אַרבעטער. און אונטערן פאראפּעט פליסט מיט אַ פעטן שטראָם אַ רויטער ליילעך און ריזיקע ווייסע אויסיעס פלאַקערן דאָרט ווי פרילינגדיקע בלומען:

מיר האָבן געזיגט אַפן פראָנט פון דעם בירגער-קריג.

מיר וועלן זיגן אויך אַפן ווירטשאפטלעכן פראָנט.

די קעפּ און די אַקסלען וויגן זיך, רודערן זיך, פינקלען אויף מיט רויטע טיכלעך, מיט טונקעלע און בלאָע פענימער, מיט היטלען און קעפּקעס, און אומעטום ווי פליגלען—רויטע פלאקאטן. הינטער זיי איז ניט צו זעען די האָמוינים, אָבער איבער זיי, ווייטער, — ווידער מאַסן אין געוויג און באוועגונג.

איבער דעם סאמע באַרג-ראַנד, אָפּן פעלז,—ווידער אַזעלכע ריזיקע מאַסן, און ווידער—פּאָנען און פלאקאטן. זיי פלאטערן און וויגן זיך אין געווירבל אַף די ריפּן און שיפּואים פונם באַרג—העכער, העכער, און דאָרט—ווידער פּאָנען און ווידער פלאקאטן, ווי מיט רויטן מאָן באַזייט. און עס איז צו זען, ווי פון אונטן, פון באַרג-שפּאַלט, שטראָמען און שטראָמען אומענדלעכע מאַסן. דאָרטן, ווייט, שפּילט די מוזיק אַ מאַרש, און דאָ, נאָענט, דערנעבן—שטייט אַ אינע-ווייניקסטער גערויש, און די דיזעלן קנאַלן און גראַגערן מיט מעטאַל. דעם גערויש און געבריל פון די מאַסן איז אומעגלעך אָפּצוטיילן פון דעם געקנאַל פון די מאַשינעס. ברינזע איז גערעכט: מאַשינעס און מענטשן—דאָס זיינען איינס. מאַסן קאָנען ניט שווייגן. מאַסן לעבן מיט זייערן אַן אַנדער לעבן ווי איינצלנע מענטשן; זיי זיינען אין שטענדיקער אָנגעשטרענגטער באַוועגונג און זיינען שטענדיק גרייט אויפצורייסן.

דער טאָג איז אַ דורכזיכטיקער געווען, א האַרבסטיק פרישער און בור-שטיינענער, האַרבסטיק לויטער, אַ האַרבסטיק דערנעענטערנדיקער די ווייטן, אַ האַרבסטיק יאָדערדיקער און שימערירנדיקער. גליעב האָט אַף די בערג און אָפּן הימל געקוקט: דאָרט האָט געזשומעט און געזונגען מיט זיין מאָטאָר אַן אומ-זיכטבאַרער עראָפּלאַן, און זיידענע שפּינוועבס-פעדים זיינען געשוואומען אין דער בלוי און האָבן זיך געררויכערט ווי פעלדיקער שטויב.

גליעב האָט ביז ווייטיק אין די געלענקען צונויפגעדריקט די אייזערנע שטאַנגען פון די פּאַרענטשעס און ניט געקאָנט איינהאַלטן דעם אויסמאַטערנ-דיקן ציטער אין די פיס. דאָס האַרץ האָט זיך בא אים מיט בלוט אָנגעבלאָזן און די גאַנצע ברוסט פאַרנומען, ביז צום דערשטיקט ווערן. פון וואַנען שפּאַרט עס אַזא מין ריזיקער אוילאַם? דאָ אַליין איז שוין געוויס פאַראַן אַ מאַן צוואַנציק טויזנט, און די קאָלאָנעס האַלטן אַלץ אין איין צוקומען. אָן, דאָרטן, ווייט, ניט ווייניקער פאַר אַ ווערסט, אָפּן באַרג, דאָרט צעגיסן זיי זיך איבערן ברוינעם באַרג-שיפּוי, איבער די שטיינער און קוסטן, ווערן צונויפגעגאָסן מיט דער אַלגעמיינער מאַסע און קריכן אַלץ העכער און העכער, אַזוי קאָן מען מיט אַ מענטשלעכן מאַסיוו פאַרשיטן דעם באַרג ביזן סאַמע שפּיץ...

אָן, ניט ווייט, רעכטס, הינטערן טורעם, שטייט אַ פּאָלק רויטאַרמייער. אָט אַזוי איז ער אויך אַמאָל געשטאַנען. איז עס לאַנג געווען? און איצט איז ער דאָ: ווידער אַ זאַוואָד-אַרבעטער און דערצו נאָך אינם אויבנאָן פון דער פּאַרטיי-כעוורע. דער זאַוואָד! וויפל קויכעס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן, וואָס פאַר אַ קאַמף איז עס אויסגעקומען דורכצומאַכן. אָט איז דער זאַוואָד,—אַ ריז און אַ פאַרשוין. געווען ניט לאַנג אַ באַרמינען, אַ טייוולשע מיסטגרוב, אַ רואינע, אַ מויזן-לאָך. און איצט קנאַלן די דיזעלן, קלינגען די דראָטן, אָנ-געזעטיקטע מיט עלעקטריע, עס ברומען די ראָלן פון די ברעמסבערגן און די וואַגאָנעטקעס הודזשען. און מאָרגן וועט זיך צעברומען און זיך אַוועקדרייען אַף אירע אַקסן די ערשטע ריזיקע ציסטערנע פון דעם זיך דרייענדיקן אויוון, און אָט פון יענעם מוירעדיקן קוימען וועלן זיך אָנהויבן קנוילן גרויע וואָלקנס רויך, שטויב און דאַמף.

פאַרדינט דען דאָס אלץ ניט, אז דידאָזיקע אומצאָליקע מאַסן זאָלן קומען אַהער און צוזאַמען זיך פרייען מיטן אַלגעמיינעם ניצאָכן? ער... וואָס איז ער, גליעב, אין דעמדאָזיקן מענטשלעכן יאַם? ניט קיין יאַם, א לעבעדיק באַרג—שטיינער, אין וועמען מענטשן האָבן אַ לעבעדיקע נעשאָמע אַריינגעבלאָזן... אוך, סאַרא קראַפט!... דאָס זיינען די, וועלכע האָבן מיט די לאַפּאַטעס, מיט די קירקעס און האמערס די בערג דורכגעלעכערט און אַ ברעמסבערג דאָרט דורכגעצויגן. דאָס איז געווען אום פרילינג, אין פונקט אַזאַ דורכזיכטיקן און זוניקן טאָג. דעמאָלט איז דאָס ערשטע ביסל בלוט פאַרגאָסן געוואָרן. איצט איז די שטאָט מיט האָלץ באַזאָרגט, און דאָ איז אַלץ גרייט, אז דער זאַוואָד זאָל אָנהויבן אַרבעטן. וויפל בלוט עס פאַרמאָגט דידאָזיקע ריזיקע ארבעטער-ארמיי! דאָסדאָזיקע בלוט וועט אף לאנג קלעקן. דער טראַנספּאָרט אַרבעט שוין. וועט „שיף-שטאָל” אויך ארבעטן. וועלן די דאַמף-מילן אויך אויפלעבן. און איז דען ווייניק באַרג-טייכלעך דאָ פאַראַן אף אַנידערשטעלן טורבינעס?

געווען אַמאָל נעכט אין טויט-געפאַר און טעג אין געשלעגן, און געווען איז דעמאָלט: געציטערט האָט ער דאַן פאַר זיין לעבן און וועגן דאַשען געטראַכט. ווי לאנג צוריק איז דאָס אלץ געווען, ווי ווייט און נישטיק! דאשע... זי איז ניטאָ: זי איז דערטרונקען געוואָרן אין די מאַסן און עס איז ניט צו געפינען זי איצטער. איז דען ניט אַלציינס? געווען דאשע אַמאָל, און איצט—איז זי ניטאָ. דאָס אלץ איז ווייט און ניט נויטיק. ער איז—אויך ניטאָ, עס איז דאָ בלויז—אַ אומדערטרעגלעכע אַנטציקונג, און אַ האַרץ, וואָס קאָן פּלאַצן פון בלוט. דער אַרבעטער-קלאַס. די רעפּובליק. דאָס גרויסע בויאינג פון לעבן. מיר קענען, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, ליידן, מיר קענען אָבער אויך דערשפּירן קראַפט און פרייען זיך!

אין דער טיפעניש פון די מאַסן שטייט א געקנאַל פון מאַשינעס און אַ ווייטער געבריל פונם ווינט אין די בערג: דאָס טופּעט דער האַמוין, און לידער, אן ווערטער, אן מעלאדיעס, פלעכטן זיך איינע אין די אנדערע.

— טשומאלאוו!...

דער אינזשענער קלייסט איז געשטאַנען נעבן גליעבן, אַ בלאסער, אַ שטרענגער, אַ זקייניש גראָער, מיט טרוקענע אויגן, וואָס זיינען טיף אַריין אין די לעכער.

— טשומאלאוו, איך האָב קיינמאָל אַזוינס אין מיין לעבן ניט איבערגעלעבט. מע דאַרף האָבן זייער אַסאַך קויעך אַף איבערצוטראָגן אַזוינס.

גליעב האָט אים גענומען אונטערן ארעם און האָט ניט געוואוסט, ווער ציטערט עס: ער צי דער אינזשענער קלייסט.

— הערמאַן הערמאַנאָוויטש, אונז קאָן מען ניט באַזיגן... זעט... דאָס קאָן מען קיינמאָל ניט פאַרגעסן... באַלד וועלן מיר אייך ערן, ווי אַן אַרבעטסהעלד...

דער אינזשענער האָט זיך אָפּגעקערט און איז פון אים אוועק אַפן צווייטן עק פונם בריקל.

די האָמוינים האָבן אנגעצויגן געראָדערט זיך און האָבן געפלאָסן אין זיג-זאַגאַרטיקע שטראָמען, זיך צונויפגיסנדיק אין שטייפע קופעס, געפלאַטערט און אויפגעצאַפּלט האָבן די פּאָנעס און די פּלאַקאַטן. געלעכטער-אויפרייסן האָבן די לופט דערשיטערט מיט אַ כאַיעשן געבריל, און אונטער גליעבס פיס האָט דאָס ברע-טער-בריקל געציטערט.

לאַשאַק און גראַמאַדע זיינען דאָ אויך אָפּן טורעם געשטאַנען. לאַשאַק איז אינגאַנצן געווען ווי פון אנטראַציט: אי דער הויקער, אי דאָס פּאָנים, אי די פון יאָרן פאַרשמאַלצעוועטע קעפּקע. דאָס פּאָנים איז דאָ בײַ אים געווען פּונקט אַזאַ, ווי אין זאַוואָקאָם,—אַ פאַרכמורעטער, אַ טעמפּער, ווי פון בראָכ-וואַרג, בלויז די ווייסלעך בלאָזן זיך אָן, ווי פּענכערס. און גראַמאַדע האָט זיך צונויפגעדרייט, ווי אין אַ קאַדאַכעס, און די ריפּן קנאַקן בײַ אים אונטערן רעקל ווי שפּענדלעך. דאָס פּאָנים איז בײַ אים אַ געלס, אַ פּיבערדיקס, מיט שאַרפע באַקביינער. די פּלייצע און די אַקסלען הויבן זיך בײַ אים ביז די אויערן און ער ציטערט און פאַרגייט זיך אין זיין הוסט. טייוולשער גראַ-מאַדע, ווי אַזוי האַלט זיך עס אין אים די נעשאָמע, אַז אַפילע ער, גליעב, איז דאָ ווי אַ גרעזעלע אַ פאַרלוירנס צווישן דידאַזיקע ריזיקע מאַסן? און לאַשאַקן נעמט ניט קיין שום טייוול: ער האַלט אין איין אַרומרודערן מיט זיינע הויקערס,—פון פאָרנט און פון הינטן.

— נו? איז ווי, כעוורע?... מיר קנאַקן, טייוולשע יאַטן!...

לאַשאַק האָט אויסגעשטעלט אַף גליעבן די אָקסענע ווייסלען און אַראָפּ-גערוקט די קעפּקע איבער די אויגן.

— מיר קנאַקן... דאָס איז עמעס!... מיר האָבן אנידערגעשטעלט דעם איניען אַף אַן עמעס... אָט אַזוי דאַרף מען זיך אַרויסזאָגן, גאַרנישטן...

און גראַמאַדע האָט זיך מיט די הענט צעמאַכט, און אַלע ביינדעלעך האָבן זיך בײַ אים געלאָזט כאַדאַראַם.

— אָט טאַקע אַזוי, כאַוויירים... דאָ איז ניטאָ וואָס צו דיסקוסטירן... אָט אַזוי האָבן מיר געגעבן אַן אויסגעצייכנטע דערגרייכונג, נאָר איך קען פּאַשעט אַף די פיס ניט איינשטיין. ווי אַזוי דידאָזיקע אַרבעטער-מאַסן בײַ-ווייזן דאָ זייער פּראָלעטאַרישע באַוואוסטזיניקייט און אַזוי און ווייטער... כאַ-ווער טשומאַלאָוו... ווען נאָר... עך!... כאַוויירים!... דאָ איז אַלץ, און אַז-מעטום... און אַזוי און ווייטער...

גליעב האָט מער ניט געקענט איינשטיין: עס האָט זיך געוואָלט שפּרינ-גען פון דערדאָזיקער הויך אין יאַם קעפּ אַריין, עס האָט זיך געוואָלט שרייען מיטן גאַנצן קויעך פונם גאָרגל, שרייען ביז איינרייסן זיך... סאַי ווי סאַי: קאָן מען דען אַזוינס אַריבערטראָגן? אט איז דאָס, מיט וואָס ער האָט געלעבט די לעצטע כאַדאָשים... עס איז דאָ, עס איז איצט צונויפגעקליבן אין איין איינ-הייטלעכע קראַפט...

ער האָט אַ שפּאַן געטאָן צו באַדינען און זשידקין מיט אַ קאָנוואולסיע פון אנטציקונג אין פּאָנים.

באַדין האָט אַף אים אַ בליק געטאָן מיט די קאַלטע אויגן. עס האָט זיך

ווי אַ כוואַליע אַ שוואַרצער שאָטן אַ שווענק געטאָן בא אים אין די שווארצ-אפלען און איז ווי אַ הייטל אַדורך.

— צייט אָנצוהייבן, כאווער טשומאלאוו. איך וועל אַביסל שטייפער אָנ-דרייען אַף אַ פערטל שאָ וועגן דעם לויפנדיקן מאָמענט, און דערנאָך זאָלסטו געבן עפעס אַ רעכטן טראך איבערן סאַמע האַרץ. און טאקע באַלד גיב דעם סיגנאַל. די באגריסונגען וועלן מיר לאָזן נאָך די פייפן.

זשידקי האָט גליעבן פאַר די פלייצעס אָנגעכאפט און אַ טרייסל געטאָן אים אין שיקערער אַנטציקונג.

— עך, טשומאליטש!... אָפגעריסענער נאַר דו איינער!... אַ שאָד צו שיידן זיך מיט דיר...

באַדין האָט פארשלאָסן און קאלט אָפגעקערט זיך פון זיי און איז אַוועק צום פאראפעט, און גליעב האָט ווידער מיט ווייטיק דערפילט אין באדינס שטיינערנעם געשטעל, אינם מעטאַלישן גלאַנץ פונם לעדער אַ שווערע פאַר-פרעמדקייט, און אין גלעזערנעם גלאַנץ פון די אויגן — טונקעלע סינע. און ווידער האָט דאָס האַרץ בא אים אויפגעצאפלט פון אַ טויבן קלאפּ.

גליעב איז אָפּגעטראָטן אַף הינטער. אונטן, אָפּן שאָסיי האָבן זיך נאָך אַלץ געצויגן געדיכטע קאַלאָנעס מיט פאָנען, און הינטער זיי, אין גראָען בעטאָן-שטויב האָבן געדונערט און די לופט געטרייסלט אָרקעסטרען, טופּעריי און לידער.

...אָט איז אַ מענטש, מיט וועלכן ער קען ניט טרעטן אַף איין ערד. באדין שטייט איינער אליין, זיך אָנשפּארנדיק מיט די הענט אן די פאַרענטשעס, און די אַקסלען זיינע הויבן זיך אויף העכער פאַרן קאַרק. ער קוקט אַראָפּ, אַף די מאסן, אָפּן באַרג, וועלכער איז ווי אַ לעבעדיקער פון מענטשלעכע מאסן, און אין די עלאסטישע באוועגונגען פון זיינע מוסקלען, מיט געזונט אָנגעזעטיקטע, אין די שארפע באוועגונגען פון זיין קאָפּ, אין דער ביטלדיקער אָפּגעזונדערטקייט זיינער האָט זיך געפילט באוואוסטזיין פון קראַפט, כשיוועס און שטאָלץ פון אַ פירער.

— קאַריעריסט!...

גליעב האָט ביז ווייטיק די ציין צונויפגעקריצט.

ביז איצט האָט נאָך באַ אים דאָס אינגעווייט געצאפּלט פון דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין ראַטן-הויז.

אין קורצן נאָכרעם, ווי דאשע איז אוועק פון אים, איז ער פאַרבייגיי-ענדיק אַריינגעלאָפן אַ קוק צו טאָן, ווי לעבט זיך עס איר צוזאַמען מיט פאָ-ליען. אין קאָרידאר איז געשטאנען אַ זינגעוודיקע פוסטקייט און א פאַר-דרימלטער האלב-טונקל (אף די טרעפּ, איבער דער טיר, האָט דער זייגער גע-שלאָגן עלף). פאַרדומפּט און הייזיש האָבן שטימען געברומט אין די צימערן. ערגעץ וואו זייער ווייט האָט טיי-געזעס געקלונגען און פרימוסן האָבן געהוד-זשעט. אין עק קארידאר האָט מוטנע געלויכטן אַ העלער קוואדראט אַף דער וואַנט. דאָס איז די טיר פון טשיביסעס צימער געוועזן אָפן.

אין פאָליעס צימער איז הינטער דער טיר אַ שטילקייט געלעגן. גליעב

האָט ניט באַוויזן אָנצוקלאַפּן: איילנדיקע, דערשראָקענע טריט האָבן צו דער טיר זיך געשאַרט (ווייזט אויס, פֿאָליע איז אַ באָרוועסע געווען) און אַ שטילער אונטערגעדריקטער אויסגעשריי:

— ווער איז? נו?

די טיר האָט זיך מיטאַמאָל ברייט אָן עפֿן געטאָן און האָט אַ שטאַרקן זעץ געטאָן גליעבן אין פּלייצע.

—פֿו, ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערן!... אַזוי אָ קאָן מען דאָך אַ מענטשן צעמאַזיקן. דער סאַמע שעדלעכער עלעמענט דאָס זיינען—ווייבער...

אין צימער האָט מען ניט געקענט אַריין. מעכאַוועע איז אָפֿן שוועל געשטאַנען א בלייכע, אַ בלינדע פֿון שרעק, מיט אַ פֿאַרהאַקטן געשריי אינם צעעפֿנטן מויל.

— גליעב!...

— וואָס איז מיט דיר, מויד?... וואָס, איך בין אַ באַנדיט, צי וואָס?... אָט אַ צנוע... נו, וואָס מאַכסטו עפּעס? לאַנג דיך שוין ניט געזעען... וואו זשע איז דאַשקע?..

ער האָט אַ שפּאַן געטאָן צו איר און אַ האַנט אויפגעהויבן, געוואָלט מיט אַ מילדן אַרומנעמען זי פֿון שוועל אָפּשטופּן. זי איז מיטאַמאָל שלאַבעריק געוואָרן, אַן ביישטידל זיך אָנגעלענט און נעבעכדיק געשמייכלט.

— אַך, גליעב... ווי איך האָב זיך דערשראָקן!.. דאַשע קומט גלייך אַריין... נאָך דעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, גליעב, האָב איך עפּעס ווי... פֿאַרלאָרן זיך... עס וואָלט בעסער געווען, ווען דו קומסט אינגאַנצן ניט... פֿאַרוואָס האָסטו מיר פֿריער ניט אַרויסגעהאָלפֿן?.. איך בין קראַנק, גליעב... קום ניט מער אַהער: דאָס איז פּיינלעך פֿאַר מיר... פּונקט ווי עפּעס וואָלט זיך אומוואַלגערן, און איך וואָלט פֿונם בראָכוואַרג צעריבן ווערן.

גליעב האָט אין פֿאַרלעגנהייט געקוקט אף איר און ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. ער האָט צו איר מער ניט געפֿילט ניט די געוועזענע צאַרטקייט, ניט קיין מיטגעפֿיל: צו נעבעכדיק און אומבאַהאָלפֿן איז זי איצט געווען. ניט געווען אין איר מער די פֿריערדיקע לעבנס-לוסטיקע געקרייזלטע פֿרוי. אַמאָל האָט זיך אין האַרץ געהאַט א פֿלייץ געטאָן א ברויזיקע כוואַליע, אָבער זי איז פֿאַרבייגעלאָפֿן און אַוועקגעטראָגן פֿאָליען מיט זיך.

— איך דאַרף אַוועקפֿאָרן, גליעב,—אויסרוען זיך און צו די קויכעס קומען. אין די מענער שטעקט פֿיל שרעקלעכעס, גליעב. איצט דאַכט זיך מיר, אַז אין יעדן פֿון אייך זיצט א באַדין... קוק ניט אַזוי אף מיר: ניט דו ביסט אין דעם שולדיק, נאָר באַדין... גיי, איך בעט דיך, גליעב... ניט איצט, אַן אַנדערש מאָל... אין אַנדערע אומשטענדן... פֿאַרוואָס האָסטו מיר דעמאָלט ניט געגעבן דאָס, וואָס איך האָב פֿאַרלאַנגט פֿון דיר?.. מעגלעך, אַז דאָס וואָלט זיך דאַן מיט מיר ניט געטראָפֿן...

זי האָט זיך צעלאַכט מיט א פֿריילעכן גלעקלדיקן געלעכטער. און אין דעמדאָזיקן געלעכטער האָט גליעב דערשפּירט טרערנדיקע געבראָכנקייט און א צאַרטע פֿרייד, ווי באַ א געריכטער.

— אָט איז דאַשע!.. אָט איז זי!.. נעם אים, זיי אזוי גוט, דאַשע, און פיר אים אוועק וואָס ווייטער... זאָג אים, ער זאָל מער אהער די נאָז ניט באַווייזן...

דאַשע האָט אים פאַר די אַקסלען אָנגענומען און פון טיר אפגעשטויסן, און די טיר פאַרזיכערט און שטייף פאַרמאַכט הינטער פּאָליען.

— אנו, קריגס-מאַן... טראָג זיך אָפּ אהיים — דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן...

כאָטש זי האָט זיך צעלאַכט אין איר פרויען-שפּיל, אָבער די האַנט אירע איז געווען ניט קיין מילדע און א פרעמדע. די נעשאָמע האָט זיך דערפילט באַאוולט, פוסט און שטויביק איז דאָרט געווען, ווי אין זיין זאַוואָד-צימערל.

— נו, איך זע: מע קאָן מיט אייך גאָרנישט ניט מאַכן... איז ווי? אַפּאָנים, אַז דו האָסט זיך באַזעצט גאַנץ פעסט?.. מיינע געשעפטן זיינען הייסט עס... אָף צאָרעס? גוט פאַרקאָכט, דאַשינקע... נו, אָבער אַהיים ווען?

זי האָט אינעווייניק אויפגעצאַפּלט — עס האָט זיך באַ איר אָפּן פּאָנים און אין די אויגן אָפּגעשפּיגלט — און פיינלעך דעם שטערן פאַרקנייטשט. ניט גלייך האָט זי אים געענטפערט, און אין דערדאָזיקער קורצער ווײַלע פון איר שווייגן האָט גליעב דערזעען, אַז אין דער נעשאָמע באַ איר האָבן צוויי קויכעס זיך געראַנגלט.

זי האָט דעם קאָפּ ארויפגעוואָרפן, און דאָס פּאָנים האָט זיך באַ איר מיט א בלייך הייטל באַדעקט. דאָס טיכל איז באַ איר אָף דער פּאַטילניצע אַראָפּ, און די אויגן האָבן זיך באַ איר אָנגעשטאלט, און ווען אַפילע זי וואָלט ניט געענטפערט, — סאַיוויסאַי וואָלט גליעב געוואוסט, וואָס זי וועט זאָגן.

— יאָ, גליעב, איך האָב זיך באַזעצט... מע דאַרף אַזוי... אזוי איז בעסער אי פאַר דיר, אי פאַר מיר... מירן שוין מער צוזאַמען ניט לעבן, גליעב... אַנדערש דאַרפן מיר שוין איצטער אונזער גוירל בויען...

דאָס האַרץ האָט זיך באַ אים מיט בלוט אָפּגעבריט, און ער איז זיך פאַרגאַנגען אין ווילדער בייזקייט.

— אזוי. איצט וועלן מיר שוין וויסן ענדגילטיק... איך האָב עס פריער שוין געשפּירט. מיר האָבן נאָר אביסל געשלעפּט און זיך נאַריש געמאַכט. אָבער באדין איז אַן אויסוואורף און א באַנדיט. איך וועל אים פונדעסטוועגן פּאַרטיק מאַכן, עס וועט קומען אַזאַ שאָ... ער האָט געפּאַטערט אי דיך, אי מעכאווע... מיר קאָנען מיט אים גלייכצייטיק ניט לעבן... דאָס איז קלאָר...

— גליעב, דו ביסט א נאַרישער און מעשוגענער אָקס... דו ווייסט אליין ניט, וואָס דו פּלוידערסט... גיי אהיים און קום צו זיך... דו טראַכט מיטן מאַרך, און ניט מיטן בויך... דער כאווער באדין איז פונקט אזוי שולדיק, ווי דו... דאָס מעגסטו וויסן... איר זייט ביידע דאָ גאָט די נעשאָמע שולדיק, אי דו אי באדין...

ער האָט זיך שווער א דריי געטאָן אָף די אָפּצאַסן און איז איבערן קאָרידאָר אוועק. א פּאָר טריט געשטעלט און דערמאָנט זיך: דאָס סאַמע וויכטיקסטע האָט ער ניט געזאָגט.

— דו באַנעם נאָר: איך בין איצט א היימלאָזער הונט. די גאַנצע נע־שאָמע מיינע האָב איך דעם זאַוואָד אוועקגעגעבן, און דער זאַוואָד, און דו,— איר האָט מיין בלוט אויסגעטרונקען... מיר אלע לעבן... אָבער מיר לעבן בלויז אף א העלפט... איך פאָר אוועק אין דער ארמיי...

דאשע איז צו אים צוגעגאַנגען, אן אויפגערודערטע, מיט א צערטלעכן שמייכל, און אין די אויגן האָבן בא איר א גלאַנץ געטאָן די פריערדיקע מיידלשע טרערן. זי האָט פארשעמט א גלעט געטאָן אים איבער דער פלייצע און אָפגעזיפצט.

— אָבער, גליעב, עס איז דאָך ניט אונזער שולד דערין... דאָס פריער־דיקע איז אף אייביק אומגעקומען... נו, וועלן מיר א ניי לעבן בויען... עס וועט קומען א צייט, און מיר וועלן זיך נייע נעסטן אויסבויען... ליבע בלייבט ליבע, גליעב, זי פאָדערט איצט נאָר אן אנדער פארבינדונג... עס וועט אלץ איבערברענען, עס וועט זיך איינשטילן, מיר וועלן עס דורכטראכטן און זעען, ווי אזוי צו באגיין זיך, ווי אזוי נייע קנופן צו פארקניפן...

מיט פייערדיקע קרייזן אין די אויגן, מיט א נאָגנדיקן ווייטיק אין דער ברוסט האָט ער זיך ווידער אף די אפצאסן אומגעדרייט און ווידער איבערן קאָרידאָר אוועקגעשפּאַנט, אָבער ער איז פארגליווערט געוואָרן אפן ערשטן טראָט: אויג אין אויג האָט ער זיך מיט באַדינען באַגעגנט. באַדין איז גע־שטאנען אין דער טיר פון זיין צימער און געקוקט אף גליעבן מיט א כמור־נעם כויזעק־שמייכעלע. ער איז געשטאַנען גלייך, גלאַנצנדיק מיטן לעדער פון זיין רעקל, מיט הענט, טיף פאַרוקט אין די טאַשן.

— קום אַריין. ביסט נאָך בא מיר קיין איין מאָל ניט געוועזן. מיר ווילט זיך מיט דיר זיך אַדורכשמועסן פון הארצן.

גליעב איז א פּאַראַליזירטער געשטאַנען אנטקעגן אים און האָט די אויגן פון זיין פּאָנים ניט געקאָנט אָפּרייסן. אן אייז־קאלט שטראָמעלע האָט זיך געצאַפּלט ערגעץ וואו טיף בא אים אין בויך און פאַנאַנדערגעגאסן זיך אין די הענט און אין די פיס אַריין. און אויסער זיין ווילן האָבן די פינגער אליין פיבערדיק געגראבלט איבערן גאַרטל, איבער די לענדן, איבערן רע־וואָלווער־שיידל און בעשום אויפן ניט געקאָנט זיך באַרואיקן.

— ניט דאַרט, וואו מע דאַרף, זוכסטו. דער רעוואָלווער ליגט בא דיר אף זיין אָרט, האָסט זיך ניט וואָס באַאומרואיקן: די שייד איז גוט פאַר־שפּיליעט.

און אין לעצטן בליק זיינעם, הינטערן טונקל פון די שוואַרצאפּלען, האָט גליעב דערזעען א קויל פון סיגע צו זיך ניט אויסצוזעשן. באַדין האָט לאַנגזאם, פאַרפרעמדט זיך אומגעדרייט צו אים מיט דער פלייצע און מיט א שווערן טראָט אוועק אין דער טיף פונם צימער, און אונטער דעם גלאַט־געגאָלטן קארק זיינעם האָבן בא יעדן טראָט שטייף זיך באוועגט די דיקע מוסקלען.

דאַשע האָט ווייך גליעבן אונטערן אָרעם גענומען און אוועקגעפירט אים איבערן קאָרידאָר.

— נו גיי, גיי, ליבער גליעב... איך וועל קומען צו דיר... אומבאַדינגט קומען... וואָס זשע דען, דו מיינסט, אָט אַזוי גיך איז שוין די פראַגע גע־לייזט? ניין, גליעב, מיר וועלן נאָך פון דאס ניי זיך פאַרבינדן... אָבער מיט אַנדערע קנופּן, גליעב...

ער האָט דאַשען אָפּגעשטויסן און פלינק מיט די טרעפּ אַראָפּ.

אט אויך איצט איז גלאט דער געגאלטער קארק אונטער דער פלאכער קובאנקע-היטל, אַ בלויער, אין ביילן, אין שראמען, קוקט אַרויסרופנד אף גליעבן. דערדאָזיקער קאָרק בעט זיך, מע זאָל אין אים אויסשיסן, צום טייוול...

... זשידקי איז אנטקעגן גליעבן געשטאנען און די נאָזלעכער פאַנאנדער־געבלאָזן פון א פאַרשטיקטן געלעכטער.

— וואָס איז מיט דיר? דו ביסט טויב געוואָרן, צי וואָס?..

און האָט אים אָוועקגעשלעפט צום פאראפעט.

לאַנג האָט געדויערט ביז די מאַסן האָבן זיך איינגעשטילט, לאַנג האָט געדויערט, ביז דער געטומל און געפילדער האָט זיך איינגעלייגט, ביז די לידער און אָרקעסטרען זיינען אנטשוויגן געוואָרן, און אָט דידאָזיקע אנצאָליקע מאסן האָבן פון די ווייטע באַרג-שיפּועים מיט די קעפּ און מיט די פאָנען צום פאראפעט זיך אראָפּגעלאָזט.

עס האָט גערעדט באַדין — ער האָט גערעדט לאַנג, מיט די גאַנצע לונגען, מיטן גאַנצן קערפער. מע קאָן דען איבערגעבן, וואָס באַדין האָט געזאָגט? ער האָט געזאָגט אלץ, וואָס מע דאַרף זאָגן אין א יאָנטעוו-טאָג. אין דער רעדע זיינער איז געווען אלץ, וואָס מע דאַרף: אי ראַטנמאכט, אי די נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק, אי די ווירטשאַפטלעכע בויאונג, אי דער כאַוועך לענין, אי די רוסלענדישע קאָמוניסטישע פאַרטיי, אי דער אַרבעטער־קלאס... נאָר אָט, ווען ער איז געקומען צום סאַמע הויפּט-פּונקט — האָט זיך עס פארגעדענקט אַזוי:

— ... און אָט איז איינער פון אונזערע ניצכוינעס אָפּן ווירטשאַפטלעכן פראָנט — אַ ניצאָכן אַ ריזיקער, אַן איבערמענטשלעכער, — דאָס איז דאָס לאָזן גיין אונזער זאַוואָד, דעמדאָזיקן גיגאַנט פון אונזער רעפובליק. איר ווייסט, כאַווירים, פון וואָס דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן. אום פרילינג האָבן מיר מיט אָרגאַניזירטע קויכעס צום ערשטן מאָל אַ האַק געטאָן איבער דידאָזיקע באַרג-פלאַסטן מיט די העק און האַמערס. און דער ערשטער קלאַפּ אונזערער האָט אונז געגעבן א ברעמסבערג און הייצוואַרג. די אַרבעטער פון פראָפבוי האָבן די האַמערס פון זייערע הענט ניט אַרויסגעלאָזט און מיט אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ געשמידט לעבן אין די מאַשינעס, אין דער גאַנצער קאָמפּליצירטער סיסטעם פון דערדאָזיקער ריזיקער געביידע. דער זאַוואָד איז אין גאַנג. דער זאַוואָד איז גרייט צו אַרבעטן אין פולן פאַרנעם. פון דעמדאָזיקן טאָג אָן, פון דעם פערטן יאָרטאָג פון אָקטיאַבער, פייערן מיר אַ נייעם ניצאָכן אַפּן פראָנט

פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. אין קאַמף רוקט דער אַרבעטער-קלאַס אַרויס זיינע אָרגאַניזאַטאָרן און העלדן. קאָנען דען די אַרבעטער-מאַסן פאַר-געסן דעם נאָמען פונם קעמפער, פונם רויטן סאָלדאַט, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן אוועקגעגעבן דער גרויסער זאַך פון דער רעוואָלוציע, — קאָנען זיי דען פאַרגעסן דעם נאָמען פון דעם כאוואר טשומאלאָוו?.. און אויך דאָ, אַפן אַרבעטס-פראָנט, איז ער פונקט אַזא מעסיראַסנעפּעשדיקער העלד, ווי ער איז געווען אף די שלאַכט-פעלדער...

ווייטער האָט מען גאָרנישט ניט געקאָנט הערן, פונקט ווי אַ באַרג וואָלט זיך פון אָרט גערירט און מיט אַ שרעקלעכן געקנאַל אַרויפגעפאַלן אף גליעבן, אַפן טורעם, אף די זאַוואָד-קאָרפּוסן. א געבריל, א גערויש, אן ערד-ציטערניש... דער טורעם האָט זיך געצאַפּלט און געהוידעט זיך, ווי א דראָ-טענער. אַ רעגע וועט פאַרביי — און דערדראָזיקער טורעם וועט ווי אַ שפּילצייג אומפאַלן, אויפרייסן זיך און אוועקשפּרינגען איבערן יאַם קעפּ, איבער די פאָנען, אוועקטראָגן זיך איבער די כוואַליעס פון מענטשן=שטורעם. ערגעץ אונטן און נאָך ערגעץ וואו און נאָך און נאָך טיפער און ווייטער האָבן מיט מעש די אָרקעסטרען געדונערט.

גליעב, אַ בלאַסער, א באַרוישטער, האָט מאָדנע ווערטער געמורמלט, פאַר אים אליין אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, זיך געשטיקט, מיט די הענט געמאַכט, און אָן אָפּהאַלט געלאַכט, אָבער בלויז מיט א קאַנוואולסיע אַפן פּאָנים.

— רייד... דיין וואָרט... שנייד...

צו וואָס ריידן, ווען אַלץ איז קלאָר אָן ווערטער? וואָס האָט ער צו זאָגן? וואָס איז דען זיין לעבן, וויבאַלד דאָס איז ניט מער ווי אַ שטויבעלע אין דעמדאָזיקן אָקעאַן פון מענטשלעכע לעבנס? צו וואָס ריידן, וויבאַלד דער צונג און די שטים איז דאָ ניט נויטיק, נאַריש און נישטיק? ער פאַר-מאָגט ניט קיין ווערטער און פאַרמאָגט ניט קיין לעבן, וואָס זאָל זיין אָפּ-געטיילט פון דידאָזיקע דונערנדיקע מאַסן...

עס האָבן בא אים די קינבאַקן געציטערט און די ציין האָבן געקנאַקט ווי שרויט. די אויגן זיינען באַ אים בלינד געוואָרן, און די מאַסן האָבן זיך אָנגעצונדן, ווי פייערדיקע שטורעם-ווינטן.

— נו, רייד דאָך... האַק אָן מאַיסעס!..

און ער האָט ניט געדענקט, וואָס ער האָט גערעדט, און ווי ער וואָלט גאָרניט האָבן גערעדט, ער האָט בלויז געמורמלט עפּעס אן אומזיניקע, נע-בעכדיקע פּוסטע מאַיסע. אָבער זיין שטים האָבן געהערט אַפילע די ווייטע מאַסן אַפן באַרג-שפּיץ.

— ... און ניט שיטן מיט ווערטער, כאַוויירים... ניט לופּטערן די צינ-גער... פּעסט האַלטן דעם קאָפּ אף די פּלייצעס, און מיט די הענט האַלטן די זאַך פאַרן ריפּ. אָט ווי אַזוי מע דאַרף שטעלן די פראַגע... דאָס איז גאָר-ניט אַזא מין פאַרדינסט, ווען מיר מאַטערן זיך צו באַשאַפן אונזער פּראָ-לעטאַרישע ווירטשאַפט... מיר — אלע... מיט איין נעשאָמע... אויב איך בין אַ

העלד, זיינען דאָך אַלע פונקט אזעלכע העלדן... און אויב מיר אַלע וועלן ניט מאַטערן די קישקעס אונזערע ביז העלדישקייט, דאַרף מען דאָך אַלעמען אונז, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, פאַר די קעלנערס אָנעמען און אַראָפּשליידערן קאַפּאַקאַל. אָבער איינס נאָר וועל איך זאָגן, כאַווײרים: מיר וועלן אַלץ אָפּטאָן, אַלץ באַשאַפן און געבן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, אַ פּערציק אויגלעך פאָר, ווען מע דאַרף... נאָר אָט, ווען מיר פאַרמאָגן אַביסל מער אַזעלכע טעכנישע אָנפירער, ווי אונזער אינזשענער קלייסט, און נאָך עפּעס וואָס דאָרט אַ טראָפּעלע, וואָלטן מיר איינס און צוויי גאַנץ אייראָפּע די עמעסע נאָז אַרויסגעשטעלט... דאָס וועט קומען, כאַווײרים, דאָס מוז אַזוי זיין!..
איצט פאַרהאַרטעוועטע אין פייער, שטעלן מיר אין קאָן אף אַרבעט... מיר בויען סאָציאַליזם, כאַווײרים, און אונזער אייגענע, פּראָלעטאַרישע קולטור... צום זיג, כאַווײרים!..

און ווידער האָט דער באַרג אין גערונער זיך צעפּלאַצט און אויפגע-ריסן געוואָרן מיט געפילדער און מעשענעם געהילך פון די אָרקעסטרען.

ווי דורכן שלאָף האָט גליעב געדענקט, ווי ער האָט אַ רויטע פאָן געכאַפּט און דריי מאָל מיט איר איבער דעם האַמוין אַ פאָך געטאָן. און באַלד האָבן די בערג אַ קרעכץ געטאָן, און די לופט האָט זיך ווי אַ וויכער צעקנוילט אין מעטאַלישן געבריל... עס האָבן געברומט די פייפלעך—איינס, צוויי, דריי...—צוזאַמען, פאַרשיידנשטימיק, האָבן זיי געריסן די פּויק-הייטלעך און פּונקט ווי ניט זאַוואָד-פייפלעך וואָלטן עס געפייפט, נאָר בערג, פעלזן, האַמוינים, קאָרפּוסן און קוימענס. און צוזאַמען מיט די זאַוואָד-פייפלעך האָבן אויך גערונערט און געריווועט אָנצאָליקע מאַסן. זיי האָבן געטאַנצט דאָ אונ-טערן טורעם, דאָרט אף די פעלזן, אף די באַרג-שיפּועים, ווי פייערדיקע פליגל האָבן די פאָנען געפלאַטערט, און ווי ריזיקע גלעקער האָבן די אָר-קעסטרען געקלונגען.

---

# אינהאַלט.

## I. דער פאַרוויסטער זאוואָד.



## II. דאָס רויטע טיכל.



## III. דער פאַרטקאָם.



## IV. אַרבעטער־קלוב „קאָמינטערן״.



## V. דער אונטערערדישער עמיגראנט.



## VI. פאָרזיצערס.

## VII. דאָס פּאָטער־הויז.



## VIII. הייסע טעג.



## IX. דער ברעמסבערג.



## X. אינערלעכע שיכטונגען.



## XI. פארקלעמעניש.



## XII. סיגנאל־פייערן.



## XIII. לאנגזאמער טראָט.



## XIV. באלעטשואווער קומען.



## XV. שוים.

## XVI. אפּפּאל.



## XVII. א שטויס אין ד'ער צוקונפט.



---

# פארלאג „שול און בוך“, מאָסקווע.

## עס געפינט זיך אין פאַרקויף:

| | | ר. | ק. |
|---|---|---|---|
| 1. | ש. גאָדינער — טאָג אַנטקעגן (דערציילונגען) | 1 | 25 |
| 2. | ב. ארשאנסקי — אף כוואַליעס (ראָמאַן) | — | 75 |
| 3. | ל. סייפולינא — ערד-זאַפט (דערציילונגען) | 1 | 20 |
| 4. | ל. סייפולינא — ווירינייאַ (ראָמאַן) | 1 | — |
| 5. | א. נעוויעראָוו — טאַשקענט—די ברויט-שטאָט (דערציילונג) | 1 | 10 |
| 6. | וס. איוואנאָוו — פאַנצער-צוג 69—14 (דערציילונג) | — | 90 |
| 7. | א. סינקלער — קעניג קויל (ראָמאַן) | 2 | — |
| 8. | י. ליבעדינסקי — די וואָך (דערציילונג) | — | 85 |
| 9. | י. ל. פערעץ — געקליבענע ווערק | 2 | 75 |
| 10. | ב. גלאַזמאַן — שטיינוועבס (דערציילונגען) | 2 | 75 |
| 11. | ה. לייוויק — שניי אַראָפּגעפאַלענער (לידער) | 2 | — |
| 12. | שאָלעם-אלייכעם — מאַיסעס פאַר קינדער | — | 80 |
| 13. | „ „ — טעוויע דער מילכיקער | — | 70 |
| 14. | „ „ — מענאַכעם מענדל | — | 80 |
| 15. | „ „ — פונם יאַריד, I בוך | 1 | — |
| 16. | „ „ — פונם יאַריד II בוך | 1 | — |
| 17. | א. כאריק — אף דער ערד (לידער) | 1 | 40 |
| 18. | מ. טייטש — אַ הויז אף טשעבאטארסקע | — | 75 |
| 19. | מ. ווינטשעווסקי — קאַמף-לידער | — | 20 |
| 20. | מ. ליטוואַקאָוו — 5 יאָר מעלוכישער אידישער קאַמער-טעאַטער | 2 | — |
| 21. | מ. ליטוואַקאָוו — אין אומרו, II ב. | 1 | 80 |
| 22. | א. ליובאמירסקי — דער רעוואָלוציאָנערער טעאטער | — | 70 |
| 23. | מ. ווינטשעווסקי — ערינערונגען | 1 | 75 |
| 24. | אידישע פאָגראָמען 18—21 (רוסיש) | 5 | — |
| 25. | מ. כאשטשעוואצקי — האַרטע וואָר (לידער) | — | 35 |
| 26. | אָקטיאבר № 1 (זאַמלבוך) | 1 | 20 |
| 27. | נייערד № 1 (זאַמלבוך) | 1 | 40 |
| 28. | „שטערן“ (זשורנאל) פרייז פון יעדן נומער | — | 60 |